ראָמען ראָלאַן

# זשאַן קריסטאָף

## בונט

פערטער באַנד

פון פראַנצויזיש
אהרן מאַרק

קאָאָפּעראַטיוו „ביכער" וואַרשע 1929

פרײ! ער האָט זיך געפילט פרײ!... פרײ פון אַנדערע און פרײ פון זיך אַלײן! די נעץ פון לײדנשאַפטן, אין װעלכער ער איז זינט אַ יאָר געפאַנגען געװען, איז פלוצלינג צעריסן געװאָרן. װי אַזױ? ער האָט עס נישט געװוסט. די קניפּלעך האָבן זיך אױפגעלאָזן אונטער דער משא פון זײן נשמה. ס'איז געװען אײנער פון די בליונגס-קריזיסן, װען די שטאַרקע נאַטורן צערײסן האַסטיק דעם טױטן שלײער פונם פאַרגאַנגענעם יאָר און די אַלטע נשמה, װאָס האָט זײ נעשטיקט.

קריסטאָף האָט געאָטעמט מיט אַ פולער ברוסט, הגם ער האָט נישט פאַרשטאַנען, װאָס אַזױנס איז דאָ פאָרגעקומען. װען ער איז, נאָכן באַגלײטן גאָטפרידן, געגאַנגען צוריק אַהײם, האָט זיך אַן אײז-קאַלטער װירבל-װינט צעהוליעט פאַרן גרױסן טױער פון דער שטאָט. די מענטשן האָבן געבױגן די קעפ פאַרן שטורעם. די מײדלעך, װאָס זענען געגאַנגען צו זײער אַרבעט, האָבן זיך מיט פאַרצװײפלונג געראַנגלט קעגן װינט, װאָס האָט געבלאָזן אין זײערע קלײדער; זײ זענען אַלע װײלע, מיט אַ רױטער נאָז און באַקן, מיט אַ בײזער מינע, געבליבן שטײן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, זײ האָבן חשק געהאַט צו װײנען. קריסטאָף האָט געלאַכט פון פרײד. ער האָט נישט געטראַכט װעגן שטורעם. ער האָט געטראַכט װעגן אַן אַנדערן שטורעם, פון װעלכן ער איז געקומען. ער האָט באַטראַכט דעם װינטערדיקן הימל, די שטאָט, װאָס איז אײנגעהילט אין שנײ, די מענטשן, װאָס גײען פאַרבײ און ראַנגלען זיך מיטן װינט; ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך, אין זיך גופא: קײן זאַך האָט אים מער נישט געבונדן. ער איז געװען אַלײן... אַלײן! ס'אַראַ גליק עס איז צו זײן אַלײן, צו געהערן צו זיך! ס'אַראַ גליק צו באַפרײען זיך פון די קײטן, פון די זכרונות-ענױים, פון די

דמיונות פון געליבטע און געהאַסטע פּנימער! ס׳אַראַ גליק עס איז ענדלעך צו לעבן און נישט צו זיין קיין רויב פאַרן לעבן, נאָר צו ווערן דער האַר איבער זיך!...

ער איז געגאַנגען צוריק אַהיים, ווייס פון שניי. ער האָט זיך פרייד לעך אָפּגעטרייסלט, ווי אַ הונט. פאַרבייגייענדיק נעבן זיין מוטער, וואָס האָט פאַרקערט דעם קאָרידאָר, האָט ער זי אויפגעהויבן פון דר׳ערד און געשריען צו איר ווערטער אָן שום זין, ווי מ׳רעדט צו קליינע קינדער. די אַלטע לואיזע האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר זונס אָרעמס, ער איז נאַס געווען פון צעגייענדיקן שניי, זי האָט אים גע־רופן: „שוטה!״ לאַכנדיק מיט אַ קינדערשן געלעכטער.

ער איז אַרויף צו זיך אין צימער אויף אַלע פיר. ער האָט זיך קוים געזען אין קליינעם שפּיגל, אַזוי טונקל איז געווען דער טאָג. נאָר זיין האַרץ האָט געיובלט. זיין ענג, נידעריק צימער, ווו מ׳האָט זיך קוים געקאָנט אַ ריר טון, האָט ביי אים אויסגעזען, ווי אַ גאַנצע מלוכה. ער האָט פאַרמאַכט די טיר אויפן שליסל און געלאַכט פון הנאה. ער האָט זיך לסוף ווידער געפונען! ווי לאַנג שוין, ווי ער האָט זיך פאַרלוירן! ער האָט זיך געאיילט צו פאַרזונקען אין זיינע מחשבות. דער געדאַנק האָט איצט אויסגעזען אין זיינע אויגן, ווי אַ גרויסער טייך, וואָס ווערט פאַרשווונדן ווייט, אינם גאָלדענעם נעפּל. נאָך אַ נאַכט פון פיבער און שטיקענדיקער וואַרעמקייט, האָט ער זיך געפונען ביים ראַנד פון ברעג, זיינע פיס האָבן זיך געטובלט אין פרישן וואַ־סער, אַ ווינטל פון אַ זומערדיקן מאָרגן האָט געגלעט זיין קערפּער. ער האָט זיך געוואָרפן אין טייך אַריין צו שווימען; ער האָט נישט גע־ווּסט, וווהין עס טראָגט אים, און ס׳האָט אים נישט געאַרט: ס׳איז געווען די פרייד פון שווימען אָן אַ ציל, ווו די אויגן טראָגן. ער האָט געשוויגן, בשעת־מעשה געלאַכט און צוגעהערט זיך צו די טויזנ־טער גערוישן פון זיין נשמה: זי האָט געווימלט פון פאַרשידענע בריאים. ער האָט זיך נישט געקאָנט פונאַנדערקלויבן אין זיי, דער קאָפּ האָט אים געשווינדלט; ער האָט געפילט נאָר אַ פאַרבלענדנדיק גליק. פול מיט נחת האָט ער געפילט אין זיך די אומבאַקאַנטע כוחות; און פויל אָפּגעלעגט אויף שפּעטער די שעה פון אמתע נסיונות, האָט ער זיך איבערגעגעבן דער גאווהדיקער שיכרות פון יענער אינערלעכער בליונג, וואָס פאַרהאַלט זיך חדשים־לאַנג — און שפּראָצט אַרויס שפּע־טער אומגעריכט, ווי אַ פרילינג.

די מאַמע האָט אים גערופן צו פרישטיק. ער איז אַראָפּגעגאַנגען; ס׳האָט אים געמישט אין קאָפּ, ווי ער וואָלט אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט אין דרויסן; פון אים האָט געשטראַלט אַזאַ פרייד, אַז לואיזע האָט אים געפרעגט, וואָס איז געשען. ער האָט נישט געענטפערט, נאָר זי אָנגעכאַפּט ביי דער טאַליע און געצווונגען זי צו טאַנצן אַרום טיש, ווו ס׳איז מיט אַ פאַרע געשטאַנען די זופּ. לואיזע האָט שווער געאָטעמט און געשריען, אַז ער איז חסר־דעה; שפּעטער האָט זי אַ פּאַטש געטון מיט די הענט:

— גאָט מייגער! — האָט זי אומרויק געזאָגט — איך קאָן, דאַכט זיך, שווערן, אַז ער איז ווידער פאַרליבט!

קריסטאָף האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער. ער האָט געפּאָכעט מיט דעם סערוועטל אין דער לופטן.

— פאַרליבט! — האָט ער געשריען — אוי, גאָט!... ניין, ניין! גענוג! קאָנסט זיין רויק. אַ סוף, אַ סוף, אויף מיין גאַנץ לעבן!... אוף!

ער האָט אויסגעטרונקען אַ גרויס גלאָז וואַסער.

באַרויקט האָט אים לואיזע אָנגעקוקט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשמייכלט:

— ס׳איז אַ נדר פון אַ שיכור! — האָט זי געזאָגט — ס׳וועט אָנהאַלטן ביזן אָוונט.

— איז עס אויך כדאי — האָט ער פריילעך געענטפערט.

— אוודאי! — האָט זי געזאָגט — נו, איז וואָס־זשע האָט דיך אַזוי פריילעך געמאַכט?

— כ׳בין צופרידן, דאָס איז עס!

ער האָט זיך געזעצט קעגנאיבער איר, אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אָן טיש און געוואָלט איר פאַרציילן, וואָס ער האָט בדעה ווייטער צו טון. זי האָט אים אויסגעהערט מיט ליבשאַפט און צווייפל און באַמערקט אים מילד, אַז די זופּ ווערט קאַלט. ער האָט געוווסט, אַז זי הערט נישט, וואָס ער רעדט; נאָר ס׳האָט אים נישט געאַרט: ער האָט גערעדט פאַר זיך אַליין.

זיי האָבן זיך, שמייכלענדיק, איבערגעקוקט: ער, בעת ער האָט גערעדט; זי, נישט הערנדיק קיין וואָרט. הגם זי איז געווען שטאָלץ מיט איר זון, האָט זי פונדעסטוועגן נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק זיינע קינסטלערישע פּלענער; זי האָט געטראַכט: „ער איז גליקלעך — דאָס איז דער עיקר". — אינגאַנצן פאַרשיכורט פון זיין דערציילן, האָט

ער געקוקט אויף דאָס טייערע פנים פון זיין מאַמען, מיטן שוואַרצן טיכל, וואָס איז זאָרגעוודיק פאַרבונדן אַרום איר קאָפּ; אויף אירע ווייסע האָר, יונגע אויגן, וואָס האָבן אים דורכגענומען מיט ליבע, אויף איר שלוה, וואָס איז געווען פול מיט פאַרגעבונג און חן. ער האָט אַרויסגעלייענט אירע אַלע געדאַנקען. ער האָט איר געזאָגט אין שפּאַס:

— דיר איז דאָך אַלצאיינס, האַ? אַלץ, וואָס איך פאַרצייל דיר?

זי האָט שוואַך געלייקנט:

— אָבער ניין, אָבער ניין!

ער האָט איר געגעבן אַ קוש.

— אָבער יאָ, יאָ! גיי שוין, גיי, פאַרטיידיק זיך נישט. ביסט גערעכט. זאָלסט מיך נאָר ליב האָבן. איך נויטיק זיך נישט, מ'זאָל מיך פאַרשטיין, — נישט דו, נישט עמעץ-אַנדערש. איך נויטיק זיך איצט נישט אין קיין שום מענטשן נישט און אין קיין זאַך נישט. כ'האָב אַלץ אין זיך...

אָט האָסטו דיר, — האָט זיך אָנגערופן לואיזע — איצט האָט דיך אָנגעכאַפּט אַן אַנדער משוגעת!... מילא, אויב אָן דעם קאָן עס נישט זיין, וויל איך שוין בעסער אָט דעם שגעון, איידער אַ צווייטן.

ס'אַרא תענוגלעך גליק צו לאָזן זיך שוועבן איבערן טייך פון געדאַנק!... אויסגעצויגן טיף אינם שיפל, בעת דער גוף באָדט זיך אין זון, דאָס פנים גלעט אַ פריש ווינטל, וואָס שוועבט איבער דער אויבערפלאַך פון וואַסער, דרימלט ער איין, הענגענדיק איבערן הימל. אונטער זיין אויסגעצויגענעם גוף, אונטער דעם צעוויגטן שיפל פילט ער די טיפע כוואַליע; זיין האַנט זינקט אַראָפּ רויק. ער הויבט זיך אויף, און מיטן קין אָנגעשפּאַרט אין דעם שיפל-ראַנד, ווי אין די קינדער-יאָרן, קוקט ער, ווי דאָס וואַסער שווימט פאַרביי. ער זעט די קרומע שפּיגלען, די משונהדיקע ברואים, וואָס גייען פאַרביי, ווי בליצן... נאָך און נאָך... זיי זענען קיינמאָל נישט די זעלבע. ער לאַכט צו דער פאַנטאַסטישער פאָרשטעלונג, וואָס קומט אין אים פאָר; ער לאַכט צו זיין אייגענעם געדאַנק; ער נויטיקט זיך נישט צונויפצונעמען דעם געדאַנק

אין איין אָרט. פונאַנדערצוקלייבן זיך, — צו וואָס פונאַנדער־קלייבן זיך אין די טויזנטער חלומות? ער האָט צייט!... שפּעטער!...
אַז ער וועט וועלן, איז גענוג צו פאַרוואַרפן די נעץ און אַרויסצוציען משונהדיקע בריות, וואָסווימלען אין וואַסער. ער לאָזט זיי פאַרביי־גיין... שפּעטער!...
דאָס שיפל שוועבט, באַוועגט פונם וואַרעמען ווינט און פאַר־באָרגענעם שטראָם. זיסקייט, זון און שטילקייט...

לסוף פאַרוואַרפט ער פויל די נעץ. געבויגן איבערן פליעסקענ־דיקן וואַסער, קוקט ער זי נאָך, ביז זי פאַרשווינדט. נאָך עטלעכע מי־נוט פון פאַרגליוערונג, ציט ער זי נישט געאיילט אַרויס; וואָס־מער ער שלעפּט זי, אַלץ שווערער ווערט די נעץ: בעת ער נעמט זי אַרויס, בלייבט ער שטיין, צו כאַפּן דעם אָטעם. ער ווייסט, אַז אָט האַלט ער אין האַנט זיין געפאַנג, ער ווייסט נאָר נישט, וואָס פאַר אַ פאַנג דאָס איז; ער פאַרהאַלט די הנאה פון וואַרטן.
לסוף פועלט ער ביי זיך: די פיש אין פילפאַרביקע שופּן טויכן אַרויס פון וואַסער; זיי דאָפּלען זיך, ווי די שלאַנגען. ער קוקט זיי בייגיריק אָן, רירט זיי אָן מיט אַ פינגער און וויל אויף אַ רגע כאַפּן אין האַנט די שענסטע פון זיי; אָבער קוים גייען זיי אַרויס פון וואַ־סער, ווערן זייערע פאַרבן בלייך און זיי צעגייען אין זיינע פינגער. ער וואַרפט זיי צוריק אַריין אין וואַסער און הויבט אָן אַרויסצושלעפּן אַנדערע. ער איז מער נייגיריק צו זען אַלע חלומות, וואָס קומען אין אים פאָר, איינעם נאָכן צווייטן, איידער אָפּצוהיטן איינעם פון זיי, עס דאַכט זיך אים, אַז זיי זענען שענער, בעת זיי שווימען פריי אַרום אין דער דורכזיכטיקער אָזערע...
ער פאַנגט אַרויס פון אַלע מינים, איינע משונהדיקער פאַר דער אַנדערער. זינט לאַנגע חדשים האָבן זיך די געדאַנקען געזאַמלט אין אים, ער האָט זיי נישט אַרויסגעלאָזט — און איצט ווערט ער אָנגע־שוואָלן פון דער שפע און רייכקייט. אָבער דאָרט הערשט אַ מיש־מאַש, זיין געדאַנק איז אַ קאַמער פון אַלטוואַרג, אַ קאַסטן פון אַ יידישן הענדלער, ווו ס'זענען צונויפגעמישט אַנטיקן, טייערע שטאָפן, שטיק־

לעך אַלטע אייזנס און שמאַטעס. ער האָט נישט געקאָנט אונטערשיידן, וואָס ס'האָט אַ גרעסערן ווערט: אַלץ האָט אים אין אַ גלייכער מאָס געוויילט. דאָרט האָבן גערוישט אַקאָרדן, דאָרט זענען געווען פֿאַרבן, וואָס האָבן געקלונגען, ווי גלעקלעך, האַרמאָניעס, וואָס האָבן געזשומעט, ווי בינען, ניגונים לאַכנדיקע, ווי פֿאַרליבטע ליפּן. דאָרט זענען געווען וויזיעס פֿון לאַנדשאַפֿטן, פּנימער, ליידנשאַפֿטן, נשמות, כאַראַקטערן, ליטעראַרישע אידעען, מעטאַפֿיזישע באַגריפֿן. דאָס זענען געווען גרויסע פּלענער, ריזיקע און אוממעגלעכע, טעטראַלאָגיעס, דעקאַלאָגיעס, וואָס האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אַלץ איינצופּאַסן אין מוזיק און אַרומצונעמען די גאַנצע וועלט. דאָס זענען געווען ס'רוב טונקעלע, בליצנדיקע עמפּפֿינדונגען, וואָס זענען אַרויסגערופֿן אומגעריכט דורך אַ גאָרנישט, — דורך אַ קלאַנג פֿון אַ שטים, דורך אַ מענטש, וואָס גייט פֿאַרביי אין גאַס, דורך דעם טריפֿן פֿון רעגן, דורך אַן אינערלעכן ריטם. — פֿיל פֿון די דאָזיקע פּלענער האָבן פֿאַרמאָגט נאָר זייער טיטל; פֿיל האָבן זיך איינגעקאָרטשעט ביז איינעם אָדער צוויי שטריכן, נישט מער: ס'איז געווען גענוג. ווי אַלע יונגע מענטשן, האָט ער געגלויבט, אַז דאָס, וואָס ער האָט געטרוימט צו שאַפֿן, האָט ער באמת געשאַפֿן.

ער האָט אָבער פֿאַרמאָגט צופֿיל לעבן, ער זאָל זיך קאָנען אַ לאַנגע צייט באַגניגענען מיט די דאָזיקע פֿאַרנעפּלטע בילדער. ער איז מיד געוואָרן פֿון זיין אילוזיאָנערישען אייגנטום, ער האָט געוואָלט באַהערשן זיינע חלומות. — פֿון וועלכן זאָל ער אָנהויבן? יעדערער האָט ביי אים אויסגעזען פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי די איבעריקע. ער האָט זיי געדרייט אַהער און אַהין; ער האָט זיי אָפּגעוואָרפֿן און ווידער אויפֿגענומען... ניין, ער האָט זיי ווידער נישט אויפֿגענומען: זיי זענען שוין מער נישט געווען די זעלבע, זיי האָבן זיך נישט געלאָזט אָנכאַפּן אַ צווייט מאָל; זיי האָבן זיך אָן אויפֿהער געענדערט; זיי האָבן זיך געטוישט אין זיינע הענט, אונטער זיין בליק, בעת ער האָט געקוקט אויף זיי. מ'האָט זיך געדאַרפֿט צואיילן, און ער האָט עס נישט געקאָנט: ער איז געווען צעטומלט, וואָס די אַרבעט גייט ביי אים אַזוי

פּאַמעלעך. ער האָט חשק געהאַט צו מאַכן עס אין משך פון איין טאָג, אָבער ס׳האָט זיך אים קוים מיט צרות איינגעגעבן אויסצופירן די מינדסטע אַרבעט. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס די זאַך איז אים נמאס געוואָרן, בעת ער האָט נאָך געהאַלטן ביים סאַמע אָנהויב. זיינע טרוימען זענען פאַרבייגעגאַנגען, און ער אַליין איז אויך אַוועק; בעת ער האָט געטון איין זאַך, האָט ער שוין חרטה געהאַט, פאַרוואָס ער טוט נישט קיין צווייטע. דאַכט זיך, ס׳איז גענוג געווען, ער זאָל אויסקלייבן איינע פון די שיינע זאַכן, כדי אָט די שיינע זאַך זאָל אים תיכף אויפהערן צו אינטערעסירן. אָט אַזוי האָט זיין גאַנץ רייכטום נישט געבראַכט קיין שום נוצן. זיינע געדאַנקען האָבן געלעבט, כל־זמן ער האָט זיך צו זיי נישט צוגערירט: אַליץ, וואָס ער האָט נאָר געפּרווט אָנרירן, איז שוין געווען טויט. דאָס זענען געווען טאַנטאַלס יסורים: די פרוכטן, וואָס זענען געהאָנגען נאָענט ביי זיין האַנט, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטיינער, ווי נאָר ער האָט זיי אָנגערירט; דאָס פרישע וואַסער פאַר זיינע ליפּן איז אַוועקגעלאָפן, ווי נאָר ער האָט זיך צו דעם געבויגן.

כדי צו שטילן זיין דורשט, האָט ער זיך געוואָלט קוויקן מיט די שוין אַנטדעקטע קוואַלן, מיט די אַלטע ווערק זיינע... ס׳אַראַ עקלדיקער געטראַנק! ביים ערשטן שלונג, האָט ער עס, שעלטנדיק, אויסגעשפּיגן צוריק. וואָס! אָט דאָס לעבלעכע וואַסער, אָט די נאַרישע מוזיק, איז עס טאַקע זיין מוזיק? — ער האָט נאָכאַמאָל דורכגעלייענט איייניקע פון זיינע קאָמפּאָזיציעס. דאָס לייענען האָט אים אויפגעבראַכט: ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען; ער האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי האָט ער עס געקאָנט אָנשרייבן. ער איז רויט געוואָרן. ס׳איז געקומען דערצו, אַז איינמאָל, נאָכן איבערלייענען אַ זייער־נאַריש זייטל, האָט ער זיך אומגעקוקט, צי איז נישטאָ עמעצער אין צימער, און ער איז געגאַנגען באַהאַלטן זיין פּנים אין אַ קישן, ווי אַ קינד, וואָס שעמט זיך. אַן אַנדערש מאָל האָבן אים די ווערק אויסגעזען אַזוי לעכערלעך, אַז ער האָט פאַרגעסן, ווער ס׳איז זייער מחבר...

— אַך, אידיאָט איינער! — האָט ער געשריען און געקייקלט זיך פון געלעכטער.

נאָר קיין זאַך האָט אים נישט אויפגעבראַכט אַזוי שטאַרק, ווי די קאָמפּאָזיציעס, אין וועלכע ער האָט זיך פאַרמאָסטן אויסצודריקן ליידנשאַפטלעכע געפילן: טרויער אָדער פרייד פון ליבע. ער איז

אויפגעשפרונגען פון אָרט, גלייך ווי אַ פליג וואָלט אים אַ ביס געטון; ער האָט געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש, געהאַקט זיך אין קאָפּ און געשריען פון צאָרן; ער האָט גערעדט צו זיך גראָבע רייד, גע- רופן זיך: חזיר, נבלה, בהמה, שמאַטע. ס'האָט געדויערט אַ היפּשע צייט, ביז ער האָט אויסגעשאָטן זיינע זידל-ווערטער. לסוף האָט ער זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל, אינגאַנצן רויט פון שרייען; ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער גאָמבע און געזאָגט:

— קוק, קוק, בהמה, ס'אַרא אייזל-פּנים דו האָסט! איך וועל דיך לערנען זאָגן ליגנס, אויסוואורף! צום וואַסער, האַרעלע, צום וואַסער!

ער האָט איינגעטונקט דאָס פּנים אין אַ שיסל וואַסער און גע- האַלטן עס דאָרט אַזוי לאַנג, ביז ס'האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ווען ער האָט אַרויסגענומען זיין פּנים, רויט ווי אַ צוויק, מיט אויגן, וואָס זענען אַרויס פון קאָפּ, און אָטעמענדיק, ווי- אַ וואַסער-הונט, — איז ער גיך צוגעגאַנגען צום טיש, נישט אָפּגעווישט אפילו דאָס וואַסער, וואָס האָט פון אים געררונען, אָנגעכאַפּט די פאַרשאָלטענע קאָמפּאָזיציעס און מיט כעס צעריסן זיי, ברומענדיק:

— אָט האָסטו דיר, מנוול איינער... אָט האָסטו, אָט האָסטו, אָט האָסטו דיר!...

דעמאָלט איז אים לייכטער געוואָרן.

דאָס, וואָס האָט אים דער עיקר אויפגערעגט אין זיינע ווערק, איז געווען זייער ליגן. קיין שום דורכגעפילטע שטימונג. אויף אויסנווי- ניק-אויסגעלערנטע פראַזעאָלאָגיע, רעטאָריק פון אַ שילער: ער האָט גערעדט וועגן ליבע, ווי אַ בלינדער וועגן קאָלירן; ער האָט עס נאָכ- גערעדט, וואָס ער האָט געהערט, ער האָט איבערגעחזרט שטותערייען, וואָס זענען אומגעגאַנגען צווישן מענטשן. און נישט נאָר ליבע אַליין, נאָר אויך אַלע אַנדערעליידנשאַפטן האָבן אים געדינט, ווי טעמעס צו זיינע דעקלאַמאַציעס. — דאָך האָט ער זיך שטענדיק באַמיט צו זיין אויפריכטיק. — ס'איז אָבער נישט געגנוג צו ווען זיין אויפריכטיק: מ'דאַרף עס קאָנען זיין; און ווי איז עס מעגלעך געווען, ווען ער האָט נאָך לחלוטין נישט געקענט דאָס לעבן? דאָס, וואָס עס האָט אים אויפגעדעקט די פאַלשקייט פון אָט די ווערק; וואָס עס האָט פּלוצ- לינג אויסגעגראָבן אַ תהום צווישן אים און זיין פאַרגאַנגענהייט, — איז געווען די דערפאַרונג פון די לעצטע זעקס חדשים. ער איז אַרויס פון דער דמיונות-וועלט; ער האָט איצט פאַרמאָגט אין זיך אַ רעיעלע מאָס, מיט

וועלכער ער האָט געקאָנט מעסטן אַלע זיינע מחשבות און אורטיילן!
וועגן דער מדרגה פון אמת אָדער ליגן.

דער עקל, וואָס זיינע אַלטע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע זענען גע-שריבן אָן קיין שום שטימונג, האָבן אין אים דערוועקט, האָט געבראַכט דערצו, אַז ער האָט באַשלאָסן — אַ דאַנק זיין שטענדיקער גוזמאדי-קייט — מער נישט צו שרייבן, סיידן ער וועט זיין געצווונגען צו שרייבן דורך אַ ליידנשאַפטלעכער נויטווענדיקייט; ער האָט זיך אויפ-געהערט נאָכצויאָגן נאָך אידעען און ער האָט געשווירן, אויף אייביק זיך אָפּצוזאָגן פון דער מוזיק, ביז די שאַפונג וועט זיך נישט באַווייזן אַליין דורך דונערן און בליצן.

אָט אַזוי האָט ער גערעדט, ווייל ער האָט געוווסט, אַז עס קומט אָן דער שטורעם.

דער דונער ברעכט אויס, ווו ער וויל און ווען ער וויל. אָבער עס זענען פאַראַן באַרג-שפּיצן, וואָס ציען אים צו. באַשטימטע ערטער— באַשטימטע נשמות—זענען דונער-נעסטן: זיי באַשאַפן אָדער זיי שלינגען איין די דונערן פון אַלע פונקטן אויפן האָריזאָנט; און פונקט ווי באַ-שטימטע חדשים פון יאָר, אַזוי אויך זענען באַשטימטע תקופות פון לעבן אַזוי שטאַרק אָנגעלאָדן מיט עלעקטריציטעט, אַז זיי ציען צו דעם בליץ— אויב נישט ווען זיי ווילן — איז לפּחות אין אַ שעת-הכושר.

דאָס גאַנצע וועזן לעבט דאַן אין שפּאַנונג. אָפטמאָל גרייט זיך דער שטורעם לאַנגע טעג. גליענדיקע וואַטע-וואָלקנס באַדעקן דעם ווייסן הימל. מ׳פילט נישט קיין אָטעם. די אומבאַוועגלעכע לופט זידט, עס דאַכט זיך, אַז זי קאָכט. דערשלאָגן און באַטויבט שוויגט די ערד. דער מוח רוישט אין פיבער; די גאַנצע נאַטור וואַרט אויפן אויסברוך פון דער אָנגעזאַמלטער קראַפט, אויפן קלאַפּ פונם האַמער, וואָס הויבט זיך שווער אויף, כדי מיטאַמאָל אַראָפּצופאַלן אויף דער קאָוואַדלע פון וואָלקנס. פאַרביי ציען זיך גרויסע, טונקעלע, וואַרעמע שאָטנס, אַ פייער-ווינט הויבט זיך אויף; אינם גאַנצן גוף שוידערן די נערוון, ווי בלעטער... דערנאָך פאַלט צו די שטילקייט. אין הימל קלייבן זיך בליצן.

ס'איז פאַראַן אין דער דאָזיקער דערוואַרטונג אַ תענוגלעכע אַנגסט. הגם עס דריקט אַן אוממאַכט, פילט מען דאָך, ווי ס'פליסט אין די אָדערן דאָס פייער, וואָס האָט צעגליט דעם וועלטאַל. די נשמה בריזט, ווי דער ווײַן אין פאַס. עס ראַנגלען זיך אין איר טויזנט קערנער פון לעבן און פון טויט. וואָס וועט פון איר אַרויס? די נשמה ווייסט עס נישט. ווי די שוואַנגער-פרוי שווייגט זי, דעם בליק פאַרלוירן אין זיך, זי הערט, פול מיט צער, ווי ס'צאַפלט עפעס אין איר אינגעווייד, און זי טראַכט: „וואָס וועט געבוירן ווערן"?...

טיילמאָל וואַרט מען אומזיסט. דער שטורעם צעגייט זיך, נישט אויסברעכנדיק; און מ'כאַפט זיך אויף, מיט אַ שווערן קאָפּ, אַנטוישט, אויפגערעגט, פאַרמיאוסט. נאָר ס'איז נאָך נישט אויפגעגעבן: ער וועט אויסברעכן ווען-עס-איז; אויב נישט היינט, איז מאָרגן; וואָס שפעטער, אַלץ ווילדער וועט ער זײַן...

אָט איז ער!... פון אַלע ווינקלען פון דער נשמה קומען אָן וואָלקנס, מעכטיקע, בלוי-שוואַרצע מאַסן, וואָס זענען דורכגעשניטן דורך שאַרפע בליצן, זיי קומען אָן אין אַ שווערן, שווינדלענדיקן פלי, רינגלען אַרום דעם האָריזאָנט פון דער נשמה און צעשלאָגן פלוצלינג זייערע ביידע פליגל אויפן דערשטיקטן הימל און זיי פאַרלעשן דאָס ליכט!... די צערייצטע עלעמענטן באַפרייען זיך פון די קייטן, וואָס די געזעצן האָבן זיי געשמידט, די געזעצן, וואָס שיצן דעם גלייכגעוויכט פונם גייסט און פונם קיום און הערשן פאָרמלאָז און מעכטיק אין דער נאַכט פונם באַוווסטזיין. מ'פילט, אַז מ'גוססט. מ'וויל שוין מער נישט לעבן. מ'וויל נאָר דערנענטערן דעם סוף, דעם טויט דעם באַפרייער...

און פלוצלינג — דער בליץ!

קריסטאָף האָט געשריען פון תענוג.

פרייד, שגעון פון פרייד! אָ זון, וואָס באַשיינט אַלץ, וואָס איז און וואָס וועט זײַן, געטלעכער תענוג פון שאַפן! נישטאָ קיין אַנדער תענוג, ווי דער תענוג פון שאַפן. נישטאָ קיין אַנדערע באַשעפענישן, ווי די, וואָס שאַפן. אַלע אַנדערע זענען שאָטנס, וואָס שוועבן איבער

דער ערד, זיי זענען פֿאַרמײַד דעם לעבן, אַלע תּענוגים פֿון לעבן זעגען תּענוגים פֿון שאַפֿן: ליבע, גאונות, האַנדלונג, — שטורקאַצן פֿון מאַלט, אָנגעצונדן פֿון דעם זעלבן פֿלאַם. די זעלבע, וואָס קאָנען נישט געפֿינען קיין אָרט אַרום דעם גרויסן פֿײַער, — מענטשן אַמביציעזע, עגאָיסטן און פּרוכטלאָזע ווילדע יונגען — באַמיען זיך צו וואַרעמען זייערע לײַבער בײַ זייערע אָפּגעבלײַכטע רעפֿלעקסן.

שאַפֿן אינעם חומר, צי שאַפֿן אין גייסט, הייסט: אַרויסגיין פֿון דער תּפֿיסה פֿון גוף; הייסט: אַרויסרײַסן זיך צום שטורעם פֿון לעבן; הייסט: זײַן ד ע ר, וואָס א י ז. שאַפֿן הייסט: באַזיגן דעם טויט.

וויי צו דער פּרוכטלאָזער נשמה, וואָס בלײַבט אַליין און פֿאַרלוירן אויף דער ערד און באַטראַכט איר אײַנגעטריקנט לײַב און די נאַכט, וואָס הערשט אין איר, וווּ קיין לעבנס-פֿלאַם וועט שוין קיינמאָל נישט אויפֿשטראַלן! וויי צום מענטשן, וואָס פֿילט זיך נישט פּרוכטבאַר, וואָס איז באַשווערט מיט לעבן און ליבע, ווי אַ בוים מיט זײַן בליונג אין פֿרילינג! די וועלט מעג אים באַשיטן מיט כּבוד און גליק: זי קרוינט אַ בר-מינן.

ווען קריסטאָף האָט אַ שלאָג געטון דאָס ליכט, איז אים אַן עלעקטרישער שטראָם דורכגעלאָפֿן איבערן קערפּער; ער האָט געציטערט פֿון דערשיטערונג. ס'איז געווען, ווי ער וואָלט פּלוצלינג אינמיטן ים, אין אַ פֿולשטענדיקער נאַכט, דערזען יבשה. אָדער פּונקט ווי גייענדיק דורך אַ המון מענטשן, דערפֿילט מען דעם שטאָך פֿון אַ פּאָר טיפֿע אויגן. אָפֿט פֿלעגט עס טרעפֿן נאָך שעהן פֿון מידקייט, ווען פֿאַרצווייפֿלט האָט זיך זײַן גייסט געוויגט אינעם חלל. אָבער נאָך אָפֿטער — אין מאָמענטן, ווען ער האָט געטראַכט פֿון עפּעס אַנדערש, גערעדט מיט זײַן מאַמען אָדער שפּאַצירט אין גאַס. ווען דאָס פֿלעגט טרעפֿן אין גאַס, האָט אים דער מענטשלעכער דרך-ארץ אָפּגעהאַלטן אַרויסצווײַזן צו טומלדיק זײַן פֿרייד. אין שטוב אָבער האָט אים קיין זאַך נישט געשטערט. ער האָט געטופּעט מיט די פֿיס פֿון טריומפֿירנדיקער פֿרייד. די מאַמע האָט עס גוט געקענט און זי האָט זיך לסוף

דערוווּסט, וואָס דאָס באַדייט. זי פלעגט זאָגן צו קריסטאָפן, אַז ער איז ווי אַ הון, וואָס גייט לעגן אַן איי.

ער איז געווען דורכגענומען מיט זיין מוזיקאַלישער אידעע דורך און דורך. טײַלמאָל האָט זי געהאַט די פאָרם פון אַ באַזונדערן, פולן זאַץ; אָפטער — פון אַ גרויסן נעפל־כאַאָס, וואָס האָט אַרומגעהילט דאָס גאַנצע ווערק; דעם בוי פון די שטיק, זיינע הויפט־ליניעס האָט מען געקאָנט באַמערקן דורך אַ שלייער, וואָס איז ערטערווייז געווען אי־בערגעריסן דורך פאַרבלענדנדיקע זאַצן און אַרויסגעריסן פונם חושך מיט אַ בילדלעכער קלאָרקייט. ס׳איז געווען ווי אַ בליץ; טײַלמאָל פלעגן קומען אויך אַנדערע, אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ: יעדערער האָט באַ־לויכטן אַן אַנדער ווינקל פון דער נאַכט. אָבער שטענדיק פלעגט די קאַפּריזע קראַפט, נאָכדעם ווי זי האָט זיך איינמאָל אומגעריכט אַנט־פּלעקט, פאַרשווינדן ווערן אויף לאַנגע טעג אין אירע מיסטעריעזע באַהעלטענישן און לאָזן נאָך זיך אַ לויכטנדיקן ליכט־שפּור.

אָט דער תענוג פון באַגייסטערונג איז געווען אַזוי לעבעדיק, אַז קריסטאָף האָט געפילט אַן עקל צו אַלדאָס איבעריקע. דער דערפאַ־רענער קינסטלער ווייסט גוט, אַז די באַגייסטערונג קומט זעלטן, און אַז דער שכל וועבט ווייטער דאָס ווערק פון דער אינטויציע; ער לעגט זיינע אידעען אונטער אַ פּרעס, וואָס דריקט עס אויס ביזן לעצטן טראָפּן פון דעם געטלעכן זאַפט; — (ער האַלט זיך נישט אָפּ ביי אַ געלעגנהייט צוצומישן ריין וואַסער) — קריסטאָף איז געווען צו יונג און צו זיכער אין זיך, ער זאָל נישט פילן קיין פאַראַכטונג צו די דאָזיקע נעבעכדיקע מיטלען. ער האָט געטרוימט וועגן אַן אוממעג־לעכע זאַך: צו שאַפן נאָר דאָס, וואָס איז פולשטענדיק ספּאָנטאַניש. ווען ער זאָל נישט זיין בלינד פון הנאה, וואָלט ער לייכט דערקענט דעם אומזין פון זיין פאַרלאַנג. ער איז, בלי־ספק, געווען דעמאָלט אין אַ פּעריאָד פון אַן אינערלעכער שפע, ווען ס׳איז נישט געווען נישט קיין צייט, נישט קיין רוים, דורך וואַנען דאָס ריכטיקע זאָל זיך קאָ־נען דורכגליטשן. אַלץ איז ביי אים געווען אַ סיבה צו דער דאָזיקער אומדערשעפּלעכער פרוכטבאַרקייט: אַלץ, וואָס זיינע אויגן האָבן גע־זען, אַלץ, וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט, אַלץ, וואָס האָט אָנגע־רירט זיין וועזן אינם טאָג־טעגלעכן לעבן; יעדער בליק, יעדעס וואָרט האָט אַרויסגערופן אין זיין נשמה זיילן חלומות. אינם אומענדלעכן הימל פון זיין געדאַנק האָבן געשוועבט מיליאָנען מילך־שטערן, שטראָמען

לעבעדיקע ליכטער. — און דאָך האָבן געטראָפן מינוטן, ווען צו ליץ איז מיטאַמאָל אויסגעגאַנגען. און הגם די נאַכט האָט לאַנג נישט געדויערט, הגם ער האָט כמעט נישט געהאַט קיין צייט צו ליידן פון דער לאַנגער נשמה־שטילקייט, האָט ער דאָך געפילט אַ פאַרבאָרגענעם פחד פאַר דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער קראַפט, וואָס פלעגט אים באַזוכן, פאַרלאָזן, ווידער קומען און פאַרשווינדן... אויף ווי לאַנג, דאָס מאָל? צי וועט זי קיינמאָל נישט קומען צוריק? — זיין שטאָלץ האָט אָפגעשטויסן דעם דאָזיקן געדאַנק און ער האָט געזאָגט: „אָט די קראַפט — דאָס בין איך. יענעם טאָג, ווען זי וועט שוין מער נישט זיין, וועל איך אויך נישט זיין מער: איך וועל באַגיין זעלבסטמאָרד.” — ער האָט נישט אויפגעהערט צו ציטערן; אָבער אויך אַ תענוג איז עס געווען.

אויב ס'איז דערווייל נישט געווען קיין שום געפאַר, אַז דער קוואַל זאָל אויסטריקענען, האָט קריסטאָף דאָך שוין געקאָנט זיך אָפגעבן אַ דין וחשבון, אַז יענע קראַפט וועט נישט קלעקן פולשטענדיק צו שפּייזן אַ גאַנץ ווערק. די אידעען פלעגן זיך אַנטפּלעקן כמעט שטענדיק אין אַ רויען צושטאַנד: מ'האָט געדאַרפט מיט מי רייניקן זיי. דערצו האָבן זיי זיך שטענדיק באַוויזן אָן אַ המשך, שפּרינגענדיק און שטויסנדיק זיך; כדי זיי צונויפצובינדן, האָט מען געדאַרפט צומישן אַן עלעמענט פון אויסגערעכנטן שכל און קאַלטן ווילן, וואָס וואָלטן זיך צונויפגעשמאָלצן מיט די אידעען אין אַ ניי וועזן. קריסטאָף איז געווען צופיל קינסטלער, ער זאָל עס נישט טון; אָבער ער האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן דערמיט; ער האָט זיך ביי־זווייליק גענומען איינרעדן, אַז ער באַגרענעצט זיך נאָר דערמיט, וואָס ער דריקט אויס זיין אינערלעכע פאָרשטעלונג, בעת ער איז שטענדיק געווען געצווונגען צו געשטאַלטיקן זי מער אָדער ווייניקער, זי זאָל ווערן פאַרשטענדלעך. — נאָך מער: ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט לחלוטין געפעלשט דעם זין. ווי שטאַרק די מוזיקאַלישע אידעע זאָל אים נישט פאַרכאַפּן, איז אים דאָך אָפטמאָל אוממעגלעך געווען צו זאָגן, וואָס זי באַטייט. זי פלעגט זיך אַרויסרייסן פון די אונטערערדישע שיכטן פון דעם הווה, טיף אויסער די גרענעצן פונם באַוווּסטזיין; און אין דער דאָזיקער דורכויס־ריינער קראַפט, וואָס איז געווען אויסער יעדער שיתּפותדיקן מאַסשטאַב, איז דעם שכל געווען אוממעגלעך ווידער אויפצונעמען די האַנדלונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען, אָדער

די מענטשלעכע געפילן, וואָס זי האָט באַציילנט אָדער פעסטגעשטעלט פרייד, ליידן — זיי זענען אַלע געווען צונויפגעמישט אין איין איינציקער ליידנשאַפט, וואָס איז געבליבן אומפאַרשטענדלעך, ווייל זי איז געווען איבערן שׂכל. נאָר צי האָט ער זי תּופס געווען אָדער נישט, — דער שׂכל האָט זיך געגנויטיקט אין אַ נאָמען פאַר אָט דער קראַפט, ער האָט זי געוואָלט אָנבינדן אָן איינער פון די לאָגישע קאָנסטרוקציעס, וואָס דער מענטש שאַפט אָן מידקייט אין דעם בינשטאָק פון זיין מוח.

אָט אַזוי האָט זיך קריסטאָף איינגערעדט — ער האָט ז'ך געוואָלט איינרעדן — אַז די טונקעלע קראַפט, וואָס רעדט אים אָן, האָט אַ באַזונדערן זין, און אַז דער דאָזיקער זין איז אין הסכּם מיט זיין ווילן. דער פרייער אינסטינקט, וואָס האָט אויפגעשפּרודלט פון דער טיפער אומבאַוווּסטקייט, איז געצוווּנגען געווען מיט גוטן אָדער מיט בייזן צוזאַמענצושפּאַנען זיך, אונטערן יאָך פונם שׂכל, מיט די קלאָרע אידעען, וואָס האָבן נישט געהאַט צו אים קיין שום שייכות. אַזאַ ווערק איז געוואָרן בלויז אַ ליגנערישע פאַרקריפּלונג פון איינעם פון די גרויסע פּלענער, וואָס קריסטאָפס גייסט האָט געשאַפן, און פון די ווילדע כּוחות, וואָס האָבן געהאַט לחלוטין אַן אַנדערן, פאַר אים אַליין אומבאַקאַנטן, זין.

ער איז געגאַנגען פאַרויס, טאַפּנדיק אין דער פינסטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיטגעריסן פון די סתירותדיקע כּוחות, וואָס האָבן זיך געראַנגלט אין אים. ער האָט אַריינגעוואָרפן בלינד אין זיינע נישט-פעסט צוזאַמענגעבונדענע ווערק אַ ברויזנדיק, מעכטיק לעבן, וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט דערקלערן, וועלכעס אָבער ער האָט געפילט מיט אַ שטאָלצער פרייד.

דאָס באַוווּסטזיין פון אָט דער פרישער קראַפט האָט דערוועקט אין אים דעם מוט צו קוקן צום ערשטן מאָל גלייך אין פּנים אַריין אַלץ, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, אַלץ, וואָס מ'האָט אים געלערנט צו אַכטן, אָן אַ שום וויכּוח; — און באַלד האָט ער עס גע-

משפּט מיט אַ פֿאַרשייטער פֿרייהייט. דער שלייער איז צעריסן געוואָרן: ער האָט דערזען דעם דייטשישן ליגן.

יעדע ראַסע, יעדע קונסט פֿאַרמאָגט איר אייגענע צביעות. די וועלט שפּייזט זיך מיט אַ ביסל אמת און מיט אַ סך שקר. דער מענטשלעכער גייסט איז שוואַך; ער געוויינט זיך שווער איין מיט דעם גאָר-ריינעם אמת: ס'איז נויטיק, אַז זיין גלויבן, זיין מאָראַל, זיינע מלוכה-מענער, זיינע דיכטער, זיינע קינסטלער זאָלן אים פֿאַרשטעלן דעם אמת, איינגעהילט אין ליגנס. אָט די שקרים פּאַסן זיך צו צום גייסט פֿון יעטוועדער ראַסע; זיי זענען ביי יעדער ראַסע אַנדערש: זיי מאַכן שווער די פֿעלקער צו פֿאַרשטענדיקן זיך און זיי מאַכן זיי לייכט צו פֿאַראַכטן זיך קעגנזייטיק. דער אמת איז ביי אַלעמען דער זעלבער; נאָר יעדעס פֿאָלק פֿאַרמאָגט זיין אייגענעם ליגן, וועלכן ער רופֿט זיין אידעאַליזם; יעדער מענטש אָטעמט אים איין, פֿון דער וויג ביזן טויט: עס ווערט פֿאַר אים אַ נויטווענדיקייט אין זיין קיום; עס טרעפֿן נאָר איינצלנע גאונים, וואָס קאָנען זיך פֿון אים באַפֿרייען נאָך העלדישע קאַמפֿן, אין וועלכע זיי געפֿינען זיך איינזאַם אינם פֿרייען וועלטאַל פֿון זייער דענקען.

אַן אומבאַדייטנדיק געשעעניש האָט פּלוצלינג אויפֿגעדעקט פֿאַר קריסטאָפֿן דעם שקר פֿון דער דייטשער קונסט. אויב ער האָט עס ביז דאַן נישט געזען, איז עס נישט דערפֿאַר, ווייל ער האָט זי געהאַט שטענדיק פֿאַר די אויגן; ער איז געווען צו איר צו נאָענט, ס'האָט געפֿעלט דיסטאַנץ. איצט האָט זיך דער באַרג אים אַנטפּלעקט, ווייל ער האָט זיך פֿון אים דערווייטערט.

ער איז געווען אויף אַ קאָנצערט פֿון דער שטאָטישער מוזיק-געזעלשאַפֿט. דער קאָנצערט איז פֿאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל אָנגעשטעלט מיט אַ צען אָדער צוועלף שורות קאַווע-טישלעך — אומגעפֿער אַ צוויי-דריי הונדערט. הינטן — די בינע, וווּ ס'איז געווען דער אָרקעסטער. אַרום קריסטאָפֿן זענען געווען אָפֿיצירן, באַפּוצט אין זייערע לאַנגע, טונקעלע רעקלעך, — מיט ברייטע, ראַזירטע פּנימער, רויטע, ערנסטע און קליינבירגערלעכע; דאַמען, וואָס האָבן טומלדיק גערעדט

און געלאַכט מיט אַן איבערגעטריבענער לעבעדיקייט; קליינע ווילדע מיידלעך, וואָס האָבן געשמייכלט אַזוי, אַז מ׳האָט אַרויסגעזען אַלע זייערע ציין; און דיקע הערן, פאַרזונקען אין זייערע בערד און ברילן, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי גוטע שפּיצן מיט רונדע אויגן. זיי זענען אויפגעשטאַנען ביי יעדן גלעזל, צו טרינקען פאַר עמעצנס געזונט; זיי האָבן זיך באַצויגן צום דאָזיקן אַקט מיט רעליגיעזן רעספּעקט; זייער געזיכט און טאָן האָבן זיך אין דער רגע געענדערט: ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי דאַוונען איצט די מעסע-תּפילה, אַז זיי זענען מקריב דעם טראַנק-אָפּפער, טרינקען פון געהייליקטן בעכער מיט אַ געמיש פון פייערלעכקייט און קאָמיזם. די מוזיק האָט זיך לחלוטין פאַרלוירן צווישן די שמועסן און קלאַפּעריי פון דעם געשיר. דערביי האָבן זיך אַלע אָנגעשטרענגט צו רעדן, וואָס שטילער. דער „הער קאָנצערט-מייסטער״, אַ הויכער, געבויגענער אַלטיטשקער, מיט אַ ווייסער באָרד, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער גאָמבע, ווי אַ ווידל, און מיט אַ לאַנגער, געבויגענער נאָז, באַזאָטלט מיט ברילן, — האָט אויסגעזען ווי אַ פילאָלאָג. — אָט די אַלע טיפּן זענען געווען קריסטאָפן פון לאַנג גוט באַקאַנט און היימיש. נאָר יענעם טאָג האָט ער געהאַט אַ נייגונג (ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַרוואָס), צו זען זיי אין קאַריקאַטורן. עס טרעפן אַזעלכע טעג, ווען די לעכערלעכקייט פון מענטשן און זאַכן, וועלכע גייען דורך פאַרביי אונז אין טאָג-טעגלעכן לעבן אומבאַמערקט, — הויבט אונז אָן, אָן אַ שום אויסערלעכער סיבה, צו רייסן ממש די אויגן.

דאָס פּראָגראַם פונם אָרקעסטער האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אוווערטור פון „עגמאָנט״, אַ וואַלס פון וואַלד-טייוול, שפּעטער „טאַנהויזערס אויפגאַנג קיין רוים״, די אוווענטור פון ניקאָלייס „לוסטיקע ווייבער״, דער רעליגיעזער מאַרש פון „אַטאַליע״ און אַ פאַנטאַזיע איבערן „צפון-שטערן״. דער אָרקעסטער האָט קאָרעקט אויסגעפירט בעטהאָווענס אוווערטור און מיט ווילדן שווונג דעם וואַלס. בעת „טאַנהויזערס אויפגאַנג״ האָט מען געהערט, ווי מ׳קאָרקעוועט-אויף פלעשלעך. אַ דיקער מענטש, וואָס איז געזעסן ביי אַ טישל בשכנות מיט קריסטאָפן, האָט צוגעקלאַפּט צום טאַקט צו די „לוסטיקע ווייבער״, נאָכמאַכנדיק פאַלסטאַפן. אַ באַיאָרטע, לייביקע דאַמע, אין אַ הימל-בלוי קלייד, מיט אַ ווייסן גאַרטל, מיט גילדערנע ברילן אויף איר איינגעדריקטער נאָז, מיט רויטע אָרעמס און אומגעהויערער טאַליע, האָט מיט אַ

מעכטיקער שטים געזינגען שומאַנס און בראַהמס „לידער". זי האָט געהויבן די ברעמען, פאַרפירעריש געווונקען מיט די אויגן, אַראָפגעלאָזן די וויעס, געדרייט מיטן קאָפ אויף רעכטס און אויף לינקס, געשמייכלט מיט אַ ברייטן שמייכל, וואָס איז פאַרגליווערט געלעגן אויף איר לבנה-פנים און געמאַכט אָן אַ שיר איבערגעטריבענע מימיק, — מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז אַ זינגערין פון אַ קאַפע-קאָנצערט, ווען נישט די מאַיעסטעטישע צניעות, וואָס האָט פון איר געשטראַלט; אָט די פאַמיליען-מוטער האָט געשפילט אַ יונג-צעלאָזן מיידל, די יוגנט, די ליידנשאַפט; און שומאַנס פאָעזיע האָט אַזוי-אַרום באַקומען דעם נאָך-ריח פון אַן אַם-צימער. דער עולם האָט געכאַפט התפעלות. — נאָר די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט איז ערשט געוואָרן פייערלעך, ווען ס'האָט זיך באַוויזן דער כאָר פון דער „מוזיק-חברה פון דרום-דייטשע מענער" (Süddeutschen Manner-Liedertafel), וואָס האָט, ברומענדיק און שטאַמלענדיק, אויסגעפירט מוזיקאַלישע ווערק, פול מיט סענטימענטאַלקייט. זיי זענען געווען אַ פערציק מאַן, נאָר געזונגען ווי פיר מענטשן; מ'וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז זיי באַמיען זיך בכיוון אויסצומעקן פון זייער געזאַנג יעדן שפור פון ריין-כאָראַלישן סטיל: ס'איז געווען אַ יאָגעניש נאָך ביליקע מעלאָדישע עפעקטן, נאָך קליינלעכע נעבעכדיקע ניואַנסן, נאָך גוססדיקע „פיאַניסימאָס", דורכגעמישט מיט האַסטיקע, דונערנדיקע אויסברוכן, ווי מ'וואָלט געקלאַפט אין די פויקן; אַ מאַנגל אין רחבות און גלייכגעוויכט, אַ לאַקרעץ-זיסער סטיל,—מ'האָט זיך דערמאָנט אין באָטאָמס ווערטער:

„לאָזט מיך שפילן דעם לייב. איך וועל ברילן פונקט אַזוי זיס, ווי אַ טויב. איך וועל אַזוי ברומען, אַז איר וועט גלויבן: דאָס איז אַ נאַכטיגאַל".

קריסטאָף האָט זיך פון אָנהויב אָן צוגעהערט מיט אַ שטייגנדיקער דערשטוינונג. קיין שום זאַך פון דעם, וואָס ער האָט דאָ געהערט, איז אים נישט געווען פרעמד. ער האָט געקענט אָט די קאָנצערטן, דעם אָרקעסטער, דעם עולם. נאָר אַלץ האָט זיך אים פלוצלינג אויסגעוויזן פאַלש. אַלץ: אפילו דאָס, וואָס ער האָט צום שטאַרקסטן ליב געהאַט. אָט די אוווערטור פון „עגמאָנט", וואָס איר אָנגעבלאָזענע אומאָרדנונג און קאָרעקטע אויפרעגונג האָט אים אין דער רגע פשוט וויי געטון, ווי אַ מאַנגל אין אָפנהאַרציקייט. געוויס, ער האָט מער נישט געהערט בעטהאָווען און שומאַן, נאָר זיי-

ערע לעכערלעכע אויספירער, דעם מעלה-גרהדיקן עולם, וואָס זיין נאַר רישקייט האָט זיך געוויקלט אַרום זייערע ווערק, ווי אַ געדיכלטער נעפל. — נישט וויכטיק; ס'איז אָבער געווען אין די ווערק, אפילו אין די שענסטע, עפּעס אַזוינס, וואָס האָט קריסטאָפן באַאומרויקט און וואָס ער האָט פריער קיינמאָל נישט געפילט... וואָס אַזוינס? ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו צעגלידערן עס, ער האָט געהאַלטן פאַר אַ פאַר-שוועכונג צו טראַכטן אַזוי וועגן זיינע באַליבטע מייסטער. ער האָט אַפילו געוואָלט נישט זען: ער האָט אָבער דאָך יאָ געזען. און קעגן זיין ווילן האָט ער נישט אויפגעהערט צו זען; ווי די ווערגאָניאָזאַ פון פּיזע האָט ער געקוקט צווישן די פינגער.

ער האָט געזען די דייטשע קונסט אינגאַנצן נאַקעט. אַלע — די גרויסע און די נאַרישע — האָבן אַנטבלויזט זייערע נשמות מיט סענ-טימענטאַלער הנאה. די געפילן האָבן פאַרפלייצט זייערע אייגענע ברעגעס, די מאָראַלישע איידלקייט האָט געשטראָמט, דאָס האַרץ איז צעגאַנגען אין פיל אויסגוסן; עס האָבן זיך געעפנט די טירן פאַר דער מעכטיקער דייטשער סענטימענטאַלקייט; זי האָט חרוב געמאַכט די ענערגיע פון די שטאַרקע; זי האָט פאַרטרונקען די שוואַכע אין אירע גרויע וואַסערן, — ס'איז געווען ממש אַ פאַרפלייצונג: אויפן גרונט האָט געדרימלט דער דייטשער געדאַנק. און וואָס פאַר אַ גע-דאַנק, ביי אַ מענדעלסאָן, ביי אַ בראַהמס אָדער אַ שומאַן און — נאָך זיי — ביי אַ גאַנצער מחנה קליינע מחברים פון אָנגעבלאָזענע, קלאָגנ-דיקע „לידער"! אַלץ איז זאַמד. קיין איינציקער פעלז. אַ פייכט, פאָרמ-לאָז טייג. — אַלץ איז געווען אַזוי נאַריש, אַזוי אָפט קינדיש, אַז קריסטאָף האָט נישט געקאָנט גלויבן, דער עולם זאָל עס נישט פילן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. אָבער געזען נאָר בהמהשע פּנימער. שוין לכתחילה זיכער אין דער שיינקייט פון דער מוזיק און אין דער הנאה, וואָס זיי דאַרפן האָבן דערביי, — ווי-זשע האָבן זיי זיך געקאָנט דערלויבן צו האָבן אַן אייגענע מיינונג? זיי האָבן געפילט אַן אמתן יראת-הכבוד פאַר די פאַרהייליקטע נעמען. און צו וואָס פאַר אַ זאַך האָבן זיי נישט געפילט קיין יראת-הכבוד? זיי האָבן דרך-ארץ געהאַט פאַר זייער פּראָגראַם, פאַר זייער ווייןגלאָז, פאַר זיך אַליין. מ'האָט געפילט, אַז אין האַרצן גיבן זיי אָפּ עקצעלענץ-כבוד אַלץ און אַלעמען, וואָס האָט מער אָדער ווייניקער מיט זיי אַ שייכות.

קריסטאָף האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט דעם עולם און די מוזיקאַלי־שע ווערק: די מוזיק האָט אָפּגעשפּיגלט דעם עולם, דער עולם האָט אָפּגעשפּיגלט די מוזיק, ווי אַ גאָרטן־קויל. קריסטאָף האָט דערפילט, אַז עס שטיקט אים אַ געלעכטער, ער האָט געמאַכט האַוואַיעס, דאָך האָט ער זיך איינגעהאַלטן. נאָר ווען די „דרום־לייט" זענען אויפגע־טרעטן און גענומען פייערלעך זינגען די פאַרשעמטע „ליבע־דערקלע־רונג" פון אַ יונג פאַרליבט מיידל, האָט זיך קריסטאָף מער נישט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. ס'האָט זיך דערהערט אַ בייזער „שאַ" פונם עולם. זיינע שכנים האָבן אים אָנגעקוקט צעטומלט; זייערע גוטמוטיקע, פאַרציטערטע פּנימער האָבן אים געוויילט: ער האָט זיך שטאַרקער צעלאַכט, ער האָט געוויינט שמש פון געלעכטער. פּלוצלינג איז דער עולם בייז געוואָרן. מ'האָט גענומען שרייען: „אַרויס פון דאַנען!" ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרויסגעגאַנגען, הויבנדיק מיט די אַקסלען. זיין רוקן האָט זיך געטרייסלט פונם שטאַרקן געלעכטער. זיין אַרויסגיין האָט געמאַכט אַ סקאַנדאַל. ס'איז געווען דער אָנהויב פון דער שנאה צווישן קרי־סטאָפן מיט זיין היים־שטאָט.

ווען קריסטאָף איז נאָך דעם געשעעניש געקומען אַהיים, איז אים איינגעפאַלן איבערצולייענען די ווערק פון די „פאַרהייליקטע" מוזיקער. ער איז צעטומלט געוואָרן, בעת ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז אייניקע פון זיינע באַליבטסטע מייסטער האָבן גע ז אָ גט ל י ג ן. ער האָט זיך תחילת אָנגעטון אַ געוואַלדיקן כוח צו צווייפלען אין דעם, ער האָט געוואָלט גלויבן, אַז ער איז זיך טועה. — אָבער ניין, דאָס איז נישט געווען קיין אויסוועג... ער איז שטאַרק איבערראַשט געווען פון דער מיטלמעסיקייט און פאַלשקייט, וואָס איז אַ גרויסער באַשטאַנד־טייל אינם קונסט־אוצר פון דעם גרויסן פאָלק. ווי וויניק זייטן עס זענען פאַרבליבן נאָך דער גרינטלעכער אונטערזוכונג.

זינט יענער צייט האָט ער מיט האַרץ־קלאַפּעניש גענומען לייענען אַנדערע ווערק, וואָס זענען אים געווען טייער... אָ, ווי מ'וואָלט אים אַ כישוף אָפּגעטאָן: אומעטום האָט ער געטראָפן די

זעלבע אַנטוישונג. אייניקע פון זיי האָבן אים ממש צעריסן דאָס האַרץ: ס'איז געווען, ווי ער וואָלט פאַרלוירן אַ טייערן פריינד; ווער וואָלט זיך אַרומגעזען, אַז אָט דער פריינד, וועמען ער האָט זיין גאַנץ לעבן געטרויט, נאַרט אים אָפּ שוין יאָרנלאַנג. ער האָט געוויינט. ביינאַכט האָט ער קיין אויג נישט צוגעמאַכט, און זיך געפּייניקט. ער האָט זיך אַליין באַשולדיקט: קאָן ער שוין מער נישט אורטיילן, וואָס מוזיק איז? איז ער געוואָרן אַ פולשטענדיקער אידיאָט!.. ניין, ניין, מער ווי ווען־עס־איז האָט ער איצט אָפּן געזען די שטראַלנדיקע שיינקייט פונם טאָג, ער האָט איצט מיט מער פרישקייט און ליבע געפילט די פאַר־שווענדערישע שפע פונם לעבן: זיין האַרץ האָט אים נישט גענאַרט...

אַ לאַנגע צייט האָט ער נישט געהאַט קיין מוט אָנצורירן יענע מייסטער, וואָס זענען געווען פאַר אים די בעסטע, די ריינסטע, די הייליקסטע פון די הייליקע. ער האָט מורא געהאַט אונטערצוגראָבן זיין גלויבן אין זיי. נאָר ווי אַזוי קאָן מען זיך אַנטקעגנשטעלן דעם אכזריותדיקן אינסטינקט פון אַן ערלעכער נשמה, וואָס וויל דערגיין ביזן סוף און זען אַלץ אַזוי ווי עס איז, אפילו אויב זי דאַרף דער־ביי ליידן יסורים? — ער האָט דעריבער אויפגעעפנט די פאַרהייליק־טע ווערק און זיך גענומען צו די לעצטע באַשיצער, צו דער קייזער־לעכער שוץ... פונם ערשטן בליק האָט ער געזען, אַז זיי זענען פונקט אַזוי באַפלעקט, ווי די אַנדערע. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו גיין ווייטער. ער איז פון צייט צו צייט געבליבן שטיין און פאַרמאַכט דאָס בוך. ווי נחס זון האָט ער פאַרדעקט מיט אַ מאַנטל דעם פאָ־טערס שאַנד...

דערנאָך איז ער אַ דערשלאָגענער געבליבן זיצן צווישן די חורבות. בעסער וואָלט ער פאַרלוירן אַ האַנט, איידער אָנרירן זיינע הייליקע אילוזיעס. אַ טרויער האָט זיך פאַרקליבן אין זיין האַרץ. ס'איז אָבער געווען אין אים אַזאַ קראַפט, אַזאַ לעבנס־שפע, אַז זיין גלויבן אין קונסט איז נישט חרוב געוואָרן. מיט דער תמימותדיקער גאווה פון אַ יונגן מענטשן האָט ער אָנגעהויבן דאָס לעבן פון דאָס ניי, פונקט ווי קיינער פאַר אים וואָלט עס נישט דורכגעלעבט. אין זיין באַנייטער קראַפט־באַרוישונג האָט ער געפילט — אפשר מיט רעכט — אַז חוץ עטלעכע אויסנאַמען, איז כמעט נישטאָ קיין שייכות צווישן די אמתע ליידנשאַפטן און דעם אויסדרוק, וואָס ס'גיט זיי די קונסט. ער האָט זיך אָבער גענאַרט, ווען ער האָט געמיינט, אַז אים

אַליין גיט זיך עס איין בעסער און אמתדיקער אויסצודריקן. אַוו־תּי
ער איז געווען פול מיט ליידנשאַפטן, איז אים נישט שווער געווען
צו זען זיי אין זײַנע ווערק; אָבער קיין אַנדערער מענטש וואָלט
זיי נישט דערקענט דורכן אומפאָלקאָמענעם ווערטער־בוך, מיט וועלכן
ער האָט זיי באַצייכנט. דער זעלבער פאַל האָט געטראָפן מיט
פיל קינסטלער, וועלכע ער האָט שווער געמשפט. זיי האָבן איבער־
געלעבט און אויסגעדריקט טיפע געפילן; אָבער דער סוד פון זיין
שפראַך האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך אין קבר אַריין.

קריסטאָף איז נישט געווען קיין פסיכאָלאָג, ער האָט זיך נישט
פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט די אַלע סיבות: דאָס טויטע איז פאַר אים
שטענדיק געווען טויט. ער האָט קאָנטראָלירט זיינע מיינונגען וועגן
דער פאַרגאַנגענהייט מיט דער זעלבסט־זיכערער אומגערעכטיקייט
און אכזריות פון דער יוגנט. ער האָט אַנטבלויזט די לעכערלעכע
זייטן פון די איידלסטע נשמות און קיין שום רחמנות. ער האָט נישט
געשוינט די צעגאָסענע מעלאַנכאָליע, די הערלעכע פאַנטאַזיע און
די פיין־דענקענדיקע נישטיקייט פון מענדעלסאָן, די געשיר־קלינגעריי
און געפילדער פון וועבער, די טרוקנקייט פון זיין האַרצן, זיין
שכלדיקע געריכטקייט; נישט ליסטן, דעם איידעלן פּאָטער און צירק־
רייטער, דעם נעאָ־קלאַסיקער און גאַסן־מענטש, וואָס איז געווען אין
גלייכע דאָזעס אַ געמיש פון אמתער מיט פאַלשער איידלקייט, פון
ערנסטן אידעאַליזם מיט אָפּשטויסנדיקער ווירטואָזיטעט; נישט שור־
בערטן, וואָס האָט זיך ממש געטרונקען אין זיין סענטימענטאַלקייט,
ווי אונטער אַ קילאָמעטער דורכזיכטיק, געשמאַקלאָז וואַסער; נישט
די אַלטע פון די העראָאישע צייטן, נישט די האַלב־געטער, די נביאים,
די קירך־פּאָטערס. אפילו דער גרויסער סעבאַסטיאַן, דער צווי אָדער
דרייהונדערט־יעריקער מאַן, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די פאַרגאַנ־
גענהייט און צוקונפט, — באַך — איז נישט געווען ריין פון ליגן,
פון דער מאָדע־שטותעריי, פון חדר־טומל. דער דאָזיקער מענטש,
וואָס האָט געזען גאָט, דער מענטש, וואָס האָט געלעבט אין גאָט, —
האָט אָפטמאָל אויסגעזען אין קריסטאָפס אויגן, ווי אַ נאַרישער, צוקער־
זיסער גלויבן, יעזואיטיש, אין ראָקאָקאָ־סטיל. אין זיינע קאַנטאַטן האָבן
זיך געהערט ניגונים פון פאַרליבטער, פרומער פאַרשמאַכטקייט —
(דיאַלאָגן פון דער נשמה, וואָס קאָקעטירט מיט יעזוסן). — קריסטאָפן
איז עס געווען דערווידער: ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט

כרובים מיט פולע בעקלעך, רונדע פיסלעך און פלאַטערנדיקע שלייערן. דערנאָך האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז דער געניאַלער מוזיקער שרייבט אייביק אין אַ פאַרשפּאַרט צימער: ס׳האָט געפעלט לופט; ס׳האָט געפעלט אין זיין מוזיק די שטאַרקע דרויסנדיקע לופט, וואָס אָטעמט ביי פיל אַנדערע, אפשר קלענערע מוזיקער, נאָר גרעסערע מענטשן, — מענלעכערע, — ווי ביי בעטהאָווען און הענדעל. אויך ביי די קלאַסיקער האָט אים ווייַ געטון דער מאַנגל אין פרייהייט: כמעט אַלץ אין זייערע ווערק איז געווען „קאָנסטרוירט״. דאָ איז אַ געפיל צעצויגן געוואָרן מיט אַלע פאַראַלגעמיינע מיטלען פון מוזיקאַלישער מליצה; דאָ ווידער איז אַ פּשוטער ריטם, אַן אָרנאַמענט-בילד געוואָרן איבער-געחזרט אויף אַ מעכאַנישן אופן, געדרייט אויף אַלע זייטן און קאָמ-בינירט אויף פאַרשידענע אופנים. אָט די סימעטרישע און צעצויגענע קאָנסטרוקציעס — סאָנאַטן און סימפאָניעס — האָבן אַרויסגעבראַכט פון די כלים קריסטאָפן, וועלכער איז אין דער רגע געווען גאַנץ ווייניק עמפינדלעך אויף דער שיינקייט פון אָרדנונג, אויף ברייטע, גוט דורכגעטראַכטע פּלענער. זיי האָבן אויסגעזען אין זיינע אויגן גיכער ווי די אַרבעט פון אַ מויער־אַרבעטער, איידער פון אַ מוזיקער. אויך צו די ראָמאַנטיקער איז ער געווען נישט ווייניקער שטרענג. מערקווירדיק: גראָד די מוזיקער, וואָס האָבן געשטרעבט צו זיין — און זענען באמת געווען — די פרייסטע, די נאַטירלעכסטע, די נישט־קאָנסטרוירנדיקע, די, וואָס האָבן, ווי שובערט, אין יעדער רגע טראָפּנווייז איבערגעגאָסן זייער גאַנץ לעבן אין אומצייליקע, קליינע ווערק, — דווקא זיי (קריסטאָף איז אַליין געווען דערפון איבערראַשט) האָבן אים אויפגעבראַכט מער, ווי אַנדערע. זיין פאַרדרוס קעגן זיי איז געווען נאָך שטאַרקער דערפאַר, ווייל אין זיי האָט ער דערקענט זיין אייגענע יוגנט־נשמה און אַלע זיינע שוואַכקייטן, וואָס ער האָט בעשוווירן פון זיך אויסצוואָרצלען. אוודאי האָט דער אויפריכטיקער שומאַן נישט געקאָנט באַשולדיקט ווערן אין פאַלשקייט: ער האָט כמעט קיינמאָל נישט אויסגעדריקט דאָס, וואָס ער האָט נישט דורכ־געלעבט. אָבער גראָד דאָס האָט קריסטאָפן אויפגעקלערט, אַז די גרע־סטע פאַלשקייט פון דער דייטשער קונסט ליגט נישט אין דעם, וואָס די קינסטלער ווילן אויסדריקן נישט־דורכגעלעבטע געפילן, נאָר אין דעם, וואָס זיי ווילן אויסדריקן געפילן יאָ דורכגעלעבטע. — וואָס זיי זענען פאַלש. די מוזיק איז אַ בולטע, געטריע אָפּשפּיג־

לונג פון לעבן. וואָס נאַיווער און ערלעכער דער דייטשער מוזיקער
איז, אַלץ מער ווייזט ער ארויס די שוואַכקייטן פון דער דייטשער
נשמה, איר אומזיכערן באָדן, אירווייכן סענטימענטאַליזם, איר פאַלש-
קייט, איר אידעאַליזם, וואָס איז געמישט מיט צביעות, איר אומפעיקייט
צו זען זיך אַליין, צו קוקן זיך גלייך אין די אויגן אַריין. דער פאַל-
שער אידעאַליזם איז געווען די שוואַכע זייט אפילו ביי די גרעסטע—
ביי וואַגנערן. בעת ער הָט געלייענט וואַגנערס ווערק, האָט ער גע-
קריצט מיט די ציין. „ל העגגרין" האָט ביי אים אויסגעזען, ווי אַ
שרייענדיקער ליגן. ער האָט פיינט געהאַט די קרעמערשע ריטערלעכ-
קייט, די היפּאָקריטישע אָאַרמאַסקירונג, דעם שטאָלצן העלד, אָן אַ
האַרץ, — די פאַרקערפּערונג פון אַן עגאָיסטישער, קאַלטער צניעות,
וואָס כאַפּט פון זיך אַליין התפעלות און גיט זיך אַליין אָפּ דרך-ארץ
מיט אַ באַזונדערער זעלבסטצופרידנהייט. ער האָט גוט געקענט דעם
טיפּ פונם דייטשן צבועק: ער האָט באַשיינפערלעך געזען אָט דעם
פּוסטן בעל-גאווהניק, דעם צניעותדיקן און קריגערישן מאַן, וואָס בוקט
זיך פאַר זיין אייגענער געשטאַלט, — דעם אָפּגאָט, וואָס פאַר אים איז
קיין שום קרבן נישט שווער צו ברענגען. „דער פליענדיקער האָלענ-
דער" האָט אים פשוט געדריקט מיט זיין שווערער סענטימענטאַלקייט
און טרויעריקער לאַנגווייליקייט. די ליבעס פון די געפאַלענע באַרבאַרן
אין דער „טעטראַלאָגיע" זענען געווען אָפּגעלעבט און עקלדיק. זיגמונד,
בעת ער פירט מיט געוואַלט אַוועק זיין שוועסטער, זינגט אַ סאַלאָנמע-
סיק טענאָר-ליד. זיגפריד און ברונהילדע אין דעם „געטער-דעמערונג"
ווייזן איינער דעם אַנדערן, און באַזונדערס דעם עולם, זייער פייערלעך,
פלוידערנדיק פאַמיליען-לעבן, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמת דייטש פאָר-
פאָלק. אַלע מינים ליגנס האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין דעם ווערק:
דער פאַלשער אידעאַליזם, דאָס פאַלשע קריסטנטום, דער פאַלשער גאָ-
טיזם, די פאַלשע לעגענדאַרישקייט, די פאַלשע געטלעכקייט, די פאַלשע
מענטשלעכקייט. זעלטן-ווען קאָן מען טרעפן אַזאַ משונהדיקע
האַרמאָניע פון אַלערליי קאָנוועגאַנסן, ווי אין דעם דאָזיקן טעאַטער,
וואָס האָט געוואָלט אַלע קאָנווענאַנסן חרוב מאַכן. די אויגן, דער גייסט,
דאָס האַרץ האָבן נישט געקאָנט זיך לאָזן נאַרן אויף קיין איין רגע
נישט, סיידן זיי האָבן עס בכיוון געוואָלט. — און זיי האָבן עס טאַקע
געוואָלט. דייטשלאַנד איז אנטציקט געווען פון אָט דער זקנישער און

גלייכצייטיק קינדערשער קונסט—אַ קונסט פון צעבושעוועטע חיות און מיסטיש-פלאַפלענדיקע מיידלעך.

נאָך אומזיסט האָט זיך קריסטאָף געווערט: בעת ער האָט גע-הערט מוזיק, פלעגט ער ווערן מיטגעריסן פונקט ווי אַנדערע, נאָך מער אפילו, ווי אַנדערע, מיטן שטראָם פונם מענטשנס טייוולשן ווילן, וואָס האָט עס אַלץ באַשאַפן. ער פלעגט לאַכן, ציטערן, אויפפלאַמען און פילן, ווי רייטנדיקע מחנות וואָלטן פאַר אים דורכגעלאָפן; און ער פלעגט בשעת-מעשה טראַכטן, אַז די, וואָס טראָגן אַזעלכע שטורעמס אין זיך, מעגן אַלץ. ס'אַראַ פרייד-געשרייען עס פלעגן זיך אַרויסרייסן פון זיין ברוסט ביי דער באַרירונג פון די הייליקע ווערק, וואָס ער האָט מיט אַ ציטער דורכגעבלעטערט! אין דעם מאָמענט פלעגט ער דורכלעבן די אַמאָליקע הייסע געפילן; ער פלעגט ווידער געפינען די אומבאַפלעקטע ריינקייט פון אַלץ, וואָס ער האָט פריער ליב געהאַט! ער האָט אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט טייערע שפליטערס פון דער אונטערגייענדיקער שיף. ס'אַראַ גליק! ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער ראַטעוועט אַ טייל פון זיך אַליין. איז עס דען נישט געווען ער אַליין? זענען דען די גרויסע דייטשן, וואָס ער האָט באַקעמפט, נישט געווען בלוט פון זיין בלוט, זיין לייב, זיין נשמה? ער איז געווען אַזוי שטרענג צו זיי, ווייל ער איז געווען שטרענג צו זיך. ווער האָט זיי מער ליב געהאַט, ווי ער? ווער האָט שטאַרקער, ווי ער, געפילט שו-בערטס גוטסקייט, היידענס תמימות, מאָצאַרטס צאַרטקייט, בעטהאָווענס גרויס, העלדמוטיק האַרץ? ווער האָט מער פון אים געזוכט שוץ אין וועבערס וואַלד-גערויש, אין יאָהאַן סעבאַסטיאַנס קאַטעדראַלע שאָטנס, וואָס הויבן זיך איבער די דייטשע טאָלן צום גרויען צפון-הימל, מיט זייערע שטיינער ווי פעלזן און ריזיקע טורעמס מיט באַגילדעטע שפיצן? — ער האָט אָבער געליטן פון זייער גענאַרעריי, ער האָט עס נישט געקאָנט פאַרגעסן. דעם ליגן האָט ער פאַררעכנט אויפן חשבון פון זייער פאָלק, און די גרויסקייט אויף זייער אייגענעם חשבון. ער האָט זיך טועה געווען. גרויסקייט און שוואַכקייט זענען ביידע גלייכע אייגנשאַפטן פון דעם פאָלק, וואָס זיינע מעכטיקע און דערביי אומקלאָ-רע אידעען פליסן ווי אַ גרויסער שטראָם פון מוזיק און דיכטער, אַ שטראָם, צו וועלכן גאַנץ אייראָפּע קומט שטילן איר דורשט. — און וואָס פאַר אַן אַנדער פאָלק וואָלט אים געגעבן די תמימותדיקע ריינ-

קייט, וואָס האָט אים איצט דערלויבט אַזוי שטרענג צו באַשולדיקן עס?

ער האָט דערפון נישט געטראַכט. מיט דער אומדאַנקבאַרקייט פון אַ געפּיעשטשעטע קינד האָט ער אויפגעהויבן קעגן דער מאַמען דאָס זעלבע געווער, וואָס זי האָט אים אַליין געגעבן אין האַנט. שפּעטער, שפּעטער וועט ער ערשט דערפילן, וואָס ער איז איר שולדיק און ווי טייער זי איז אים געווען...

ער האָט אָבער דורכגעלעבט אַ תקופה פון בלינדן אויפשטאַנד קעגן אַלע אָפּגעטער פון זיין קינדהייט. ער איז געווען אויפגעבראַכט אויף זיי און אויף זיך אַליין, ווייל ער האָט פריער געגלויבט אין זיי מיט ליידנשאַפטלעכן מסירת-נפש. — און אַזוי האָט עס געדאַרפט זיין. ס'איז פאַראַן אַ צייט אין לעבן, ווען מ'דאַרף האָבן מוט אומגערעכט צו זיין, ווען מ'דאַרף האָבן מוט אָפּצוורוימען יעדן יראת-הכבוד און יע־דע התפעלות און אַלץ אָפּצולייקענען — ליגן אָדער אמת — אַלץ, וואָס מ'האָט נאָך אַליין נישט אָנערקענט פאַר אמת. דורך דער גאַנצער דערציונג און דורך אַלץ, וואָס דאָס קינד זעט און הערט אַרום זיך, זאַפּט עס אין זיך איין, צוזאַמען מיט די עיקרדיקע לעבנס-אמתן, אַזוי פיל ליגן און נאַרישקייטן, אַז דער ערשטער חוב פון אַ יונגן מענטשן, וואָס וויל זיין אַ געזונטער מאַן, איז — אַלץ חרוב צו מאַכן.

קריסטאָף האָט אַדורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס פון עקל. זיין אינסטינקט האָט אים געטריבן אָפּצוואַרפן פון זיך אַלע אומפאַרציילע־כע עלעמענטן, וואָס האָבן אים שווער געדריקט.

קודם-כל די מיאוסע סענטימענטאַלקייט, וואָס טריפט פון דער דייטשער נשמה, ווי פון אַ נאַסן קעלער, וואָס שמעקט מיט פייכטקייט. ליכט! ליכט! אַ שטאַרקע, טרוקענע לופט, וואָס זאָל אויסרוימען די מיאוסע זומפּ-ריחות, דעם שלעכטן ריח פון די „לידער״, „לידכעןס״ און „לידליינס״, וואָס זענען אומציילוק ווי רעגן-טראָפּנס, און פאַלן אָן אויפהער אויפן דייטשן געמיט: די אומציליקע בענקשאַפט, היים־ווי, אויפשוונג, פראַגן, פאַרוואָסן, צו דער לבנה, צו

די שטערן, צום נאַכטיגאַל, צום פרילינג, צו דער זון-שיין; די פרילינגס-לידער, פרילינגס-לוסט, פרילינגס-גרוס, פרילינגס-רייזע, פרילינגס-נאַכט, פרילינגס-בשורה; די שטים פון ליבע, די שפּראַך פון ליבע, דער טרויער פון ליבע, דער גייסט פון ליבע, די שפע פון ליבע; די בלומען-לידער, דער בלומען-בריוו, דער בלומען-גרוס; די האַרץ-יסורים, מיין האַרץ איז שווער, מיין האַרץ איז באַטריבט, מיין אויג איז טריב; די נאַיווע, נאַרישע דיאַלאָגן מיט דעם „רעזליין" (רויזעלע), מיטן טייכל, מיטן טייבעלע, מיט דער יאַסקאָלקע; די משונהדיקע פראַגן: — „צי דאַרף דער דאָרן-קוסט זיין אָן שטעכלקעס" — „צי האָט די יאַסקאָלקע געבויט איר נעסט מיטן אַלטן געליבטן, אָדער זי האָט זיך ווידער פאַרליבט"; — אָט דער גאַנצער מבול פון אָפּגעניצעוועטער צערטלעכקייט, אָפּגעניצעוועט געפיל, געשמאַקלאָזער מעלאַנכאָליע און פּאָעזיע אָן אַ טעם... וויפל שיינע זאַכן ווערן דאָ פאַרשוועכט, וויפל זעלטענע זאַכן ווערן דאָ באַנוצט אויף אַבי-וואָס און גלאַט אין דער וועלט אַריין אויף גאָרנישט! ערגער פון אַלץ איז, וואָס עס ברענגט קיין נוצן נישט: ס'איז בלויז אַ רגילות אויפצופּעפּענען פאַר אַלעמען דאָס האַרץ; אַ ליבלעכע און נאַרישע נייגונג פון די גוטמוטיקע דייטשן צו פאַרטרויען זיך איינער פאַרן אַנדערן אויפן קול. גאָרנישט זאָגן און שטענדיק רעדן! וועט ווען-עס-איז נעמען אַ סוף צו דער פלוידעריי? — האַ! שווייגט שוין! איר זשאַבעס אין זומפּ!

באַזונדערס שטאַרק האָט קריסטאָף געפילט דעם ליגן אין די ליבע-אויסדרוקן: ווייל דאָס האָט ער געקאָנט פאַרגלייכן מיטן אמת. דער גאַנצער שטייגער פון די קלאָגנדיקע, קאָרעקטע ליבע-לידער האָט קיין שייכות נישט געהאַט מיטן באַגער פונם מאַן נאָך דער פרויס האַרץ. און די מענטשן, וואָס האָבן זיי געשריבן, האָבן דאָך כאָטש איינמאָל אין לעבן געמוזט ווען-עס-איז ליב האָבן! איז עס טאַקע מעגלעך, אַז אָט אַזוי האָבן זיי ליב געהאַט? ניין, ניין, זיי האָבן געלייגט! ליגן געזאָגט, ווי שטענדיק, אַנדערע און זיך אַליין; זיי האָבן זיך געוואָלט אידעאַליזירן... אידעאַליזירן! דאָס הייסט: מורא האָבן צו קוקן דעם לעבן אין פנים אַריין, נישט מסוגל זיין צו זען די זאַכן, ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט.—אומעטום די זעלבע שוואַכקייט

דער זעלבער מאַנגל אין מענלעכער אויפריכטיקייט. אומעטום דער זעלבער געמאַכטער ענטוזיאַזם, די ליגנערישע, פייערלעכע אָנגעבלאָזנקייט, סיי אינם פאַטריאָטיזם, סיי אינם טרינקען, סיי אין דער רעליגיע. די „טרינק-לידער" זענען געווען געזאַנגען צום ווייַן אָדער צום בעכער: „דו, הערלעכער כוס..." דער גלויבן — וואָס דאַרף זיין ספּאַניש, אַרויסשטראָמען פון דער נשמה אומגעריכט, ווי אַ פּאַרבאָרגענער קוואַל — איז אַ פאַבריק-אַרטיקל, אַ גאַנגבאַרע סחורה. די פאַטריאָטישע לידער זענען געמאַכט, ווי פאַר סטאַדעס הכנעהדיקע שעפּעלעך, וואָס מעקען צום טאַקט... — נו, שרייט הילכיק!... וואָס? צי ווערט איר נישט אויפהערן ליגן זאָגן — „אידעאַליזירן" — אפילו אין שיכרות, אפילו אין רציחה, אפילו אין משוגעת!...

ס'איז געקומען דערצו, אַז קריסטאָף האָט פיינט געקריגן יעדן אידעאַליזם. ער האָט שוין ליבער געוואָלט די אויפריכטיקע אכזריות, איידער דעם ליגן, — אין האַרצן איז ער געווען מער אידעאַליסט, ווי די אַנדערע, און ער האָט נישט געהאַט — נישט געדאַרפט האָבן — קיין ערגערע שונאים, ווי די ברוטאַלע רעאַליסטן, וואָס ער האָט דאַך פון זיי געהאַלטן.

זיין ליידנשאַפט האָט אים בלינד געמאַכט. ער האָט זיך געפילט פאַרגליווערט אינם נעפל, אינם בלוט-אָרעמען ליגן, „די דמיונות אָן זון". מיט אַלע כוחות פון זיין וועזן האָט ער געלעכצט צו דער זון. אין זיין יוגנטלעכער פאַראַכטונג צו צביעות, אָדער דאָס, וואָס ער האָט גערופן אַזוי, האָט ער נישט געזען די גרויסע פּראַקטישע חכמה פון זיין ראַסע, וואָס האָט בהדרגה אויפגעבויט דעם גרויסאַרטיקן אידעאַליזם, כדי צו צוימען אירע ווילדע אינסטינקטן אָדער כדי זיי אויסצונוצן. נישט די באַשטימטע געזעצן, נישט די מאָראַלישע און רעליגיעזע כללים, נישט די געזעצגעבער און מלוכה-מענער, און נישט די פריסטער און דענקער ענדערן די נשמות פון די פעלקער און גיבן זיי אַ נייע נאַטור: ס'איז דאָס ווערק פון הונדערטער-יאָריקע אומגליקן און נסיונות, וועלכע שמידן צום לעבן די פעלקער, — וואָס ווילן לעבן.

דאָך האָט קריסטאָף ווייטער געשאַפן, און אין זיינע קאָמפּאָזי־ציעס האָבן גראָד נישט געפעלט די פעלערן, וואָס ער האָט פאַרגע־וואָרפן אַנדערע. די שאַפונג איז ביי אים געווען אַ באַדערפעניש, וואָס האָט נישט פאַרטראָגן קיין שום ווידערשטאַנד און אונטערגעוואָרפן זיך די כּללים, וואָס זיין שכל האָט געשאַפן. נישט דער פאַרשטאַנד טרייבט צו שאַפן, נאָר די נויטווענדיקע באַדערפעניש. — עס איז ווייניק צו אָנערקענען דעם ליגן און קינסטלעכקייט פון ס׳רוב געפילן, כּדי אין זיי נישט אַריינצופאַלן: עס פאָדערט זיך דערצו לאַנגע, שווערע אָנ־שטרענגונג. די פאַרגאַנגענע דורות האָבן אָנגעוואָרפן אויף אונז אַ הויפן טעמפּע, שווערע רגילותן, און די שווערסטע זאַך אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט איז צו זיין אויפריכטיק און אמתדיק. דער עיקר איז עס שווער פאַר מענשטן און פעלקער, וואָס באַזיצן די נאַרישע מאַניע צו לאָזן — אייגנטלעך, צו צווינגען — זייערע הערצער אָן אויפהער צו רעדן, בעת עס וואָלט גלייכער געווען צו שווייגן.

אין דעם זין האָט קריסטאָף פאַרמאָגט אַן אמת דייטשיש האַרץ: ער האָט זיך נאָך נישט געהאַט אויסגעלערנט די מעלה פון שווייגן, דערצו איז ער נאָך געווען צו יונג. פון זיין פאָטער האָט ער גע־ירשנט דעם פאַרלאַנג צו רעדן, רעדן טומלדיק. ער האָט עס געוווּסט און אפילו עס באַקעמפט; אָבער דער קאַמף האָט געפאָדערט אַ סך כּוחות. — נאָך אַ קאַמף האָט ער געפירט מיט דער שווערקייט זיך קלאָר אויסצודריקן, — אַ פעלער, וואָס איז אים געקומען בירושה פון זיין זיידן. — דערצו איז ער געווען דער זון פון אַ ווירטואָז. ער האָט געפילט, ווי געפערלעך עס ציט אים די ווירטואָזיטעט: דער פיזישער פאַרגעניגן פון דער געשיקטקייט, פלינקייט, ריטמישער מוסקולן־באַוועגונג, פונם פאַרלאַנג צו זיגן, צו איבעררעשן; אַ פאַרגעניגן, וואָס נעמט זיך פונם אונטערוואַרפן אַ טויזנט־קעפּיקן עולם אונטער זיך; כּמעט אַ נאַיוּוער פאַרגעניגן, וואָס מ׳קאָן אַ יונגן מענטשן מוחל זיין, — וואָס איז אָבער געפערלעך פאַר דער קונסט און פאַר דער נשמה. — קרי־סטאָף האָט געקענט די דאָזיקע הנאה: זי איז געווען אין זיין בלוט; ער האָט זי געהאַסט און דאָך פלעגט ער פון איר מיטגעריסן ווערן.

אָט אַזוי, געשליידערט צווישן די סתירותדיקע אינסטינקטן פון זיין ראַסע און זשעני, געדריקט אונטער דער משא פון אַ פּאַראַזיטי־שער פאַרגאַנגנהייט, וואָס האָט זיך אויף אים מיט כּוח אָנגעוואָרפן, און וואָס ער האָט נישט געקאָנט פון איר פּטור ווערן, איז ער ווייטער

געגאַנגען מיט וואַקלענדיקע טריט: ס׳וואָלט אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז אַזוי שטאַרק נאָענט צו דעם אַלעם, וואָס ער האָט פון זיך אָפּגעשטויסן. אַלע זיינע קאָמפּאָזיציעס זענען געווען אַ געמיש פון אמת און אויפגעבלאָזנקייט, פון באַוווסטזיניקער קראַפט און שטאַמלערישער שטות. נאָר גאָר זעלטן פלעגט זיך אים איינגעבן דורכצוברעכן און אַראָפּצוואַרפן פון זיך דאָס טויטע, וואָס האָט געפּענטעט און געשטערט זיינע באַוועגונגען.

ער איז געווען אַליין. ער האָט נישט געהאַט קיין וועג־ווייזער, וואָס זאָל אים העלפן אַרויסצוקריגן זיך פונם זומפּ. ווען ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז שוין בשלום אַרויס, איז ער ערשט טיפער אַראָפּגעזונקען. ער איז געגאַנגען און געטאַפּט אין דער פינסטער, פאַרשווענדט זיין צייט און כוחות אויף נישט־געלונגענע אָנשטרענגונגען. ער האָט אַלץ איבערגעלעבט און דורכגעמאַכט. אין זיין געשטערטער שאַפונגס־שטרעבונג האָט ער זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן דאָס גוטע און שלעכטע אין זיין שאַפן. ער פלעגט אומבאַהאָלפן בלייבן שטיין ביי די נאַרישסטע פלענער צו שאַפן סימפאָנישע פּאָעמעס, — פילאָזאָפיש־פּרעטענציעזע און אומגעהויער־גרויסע. אָבער זיין גייסט איז געווען צו אויפריכטיק, אַז אָט דער צושטאַנד זאָל אַזוי לאַנג דויערן; און ער פלעגט מיט עקל אָפּוואַרפן די פלענער, איידער ער האָט באַוויזן צו פאַרענדיקן איין טייל. אָפטמאָל האָט זיך אים געוואָלט איבערגעבן אין אָוווערטורן די שווערסטע פּאָעטישע ווערק. דעמאָלט פלעגט ער פאַרבלאָנדזען אין אַ לאַנד, וואָס איז אים להלוטין פרעמד געווען. ווען ער פלעגט אויפבויען פאַר זיך די ליטעראַרישע סקיצע— ווייל ס׳האָט אים קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט — איז עס געווען פּשוטע שטותעריי; און ווען ער פלעגט זיך נעמען צו די גרויסע ווערק פון געטהע, קלייסט, העבעל אָדער שעקספּיר, פלעגט ער זיי אויפפאַסן גראָד קאַפּויער. נישט פאַרשטאַנד האָט אים געפעלט, נאָר קריטישער גייסט. ער איז נאָך נישט געווען ביכולת צו פאַרשטיין אַ צווייטן: צו שטאַרק איז ער געווען פאַרנומען מיט זיך אַליין. זיך גופא האָט ער אומעטום געפונען — זיך אין זיין נאַיווער, פּאַטעטישער נשמה.

צוזאַמען מיט אָט די פאַרזעענישן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין זכות־הקיום, האָט ער אָבער געשריבן פיל קליינע ווערק, וואָס זענען געווען דער דירעקטער אויסדרוק פון פאַרבייגייענדיקע געפילן, — און דאָך אייביקערע, ווי אַלדאָס איבעריקע: מוזיקאַלישע געדאַנקען.

לידער. פונקט ווי אין אַלע אַנדערע שאַפונגען, האָט ער אויך אין זיי זיך געראַנגלט מיט די אָנגענומענע פאָרמען. ער האָט געוואָלט אין מוזיק אויסגיסן די באַרימטסטע פּאָעמען, — פּאָעמען, וואָס זענען באַאַרבעט געוואָרן אַ לאַנגע צייט פאַר אים. ער האָט געהאַט דעם מוט צו וועלן זיי איבערגעבן אויף אַן אַנדערן, מער אמתערן אופן, ווי אַ שומאַן אָדער שובערט, טיילמאָל האָט זיך אים מוזיקאַליש געוואָלט פאָרשטעלן געטהעס פּאָעטישע געשטאַלטן (מיניאָן און האַרף־שפּילער פון „ווילהעלם טעל") מיט זייער דייטלעכן, ניואַנסירטן כאַראַקטער; אַמאָל ווידער האָט ער זיך גענומען צו באַשטימטע ליבע־לידער, וואָס זענען פריער נאַריש סענטימענטאַליזירט געוואָרן אין אַ געהיימען אָפּמאַך צווישן דער שוואַכקייט פון די מוזיקער און דער געשמאַקלאָזיקייט פונם עולם. ער האָט זיי ווידער באַלעבט: צוריקגעגעבן זיי די פּשוטע נאַטירלעכקייט און זייער תאוותדיקע שטאַרקייט. ער האָט געוואָלט באַפרייען די ליידנשאַפטן און די מענטשן, געבן זיי אַ זעלבסטשטענדיקן קיום — נישט אַלס שפּילצייג פאַר דייטשע משפחות, וואָס זיצן זיך זונטיק אין אַ ביר־גערטל און ווילן הערן סענטימענטאַלע מוזיק, נאָר צוליב זיך אַליין.

אין פלוג זענען אָבער אַלע דיכטער, אפילו די גרעסטע, געווען אין זיינע אויגן צו ליטעראַריש, און ער האָט גענומען זוכן גאָר אייפאַכע טעקסטן, — טעקסטן פון אַלטע לידער, פון אַלטע לוסטיקע געזאַנגען, וואָס ער האָט געפונען אין אַ בוך פון רעליגיעזער פאָלקסמוזיק: ער האָט זיך געהיט, די לידער זאָלן נישט בלייבן ביי זייער כאָראַלישן כאַראַקטער. — ער האָט זיי באַהאַנדלט דרייסט, איינפאַך, פריי און לעבעדיק. אָדער דאָס זענען גאָר געווען פּסוקים פון עוואַנגעליום, אָדער משלים, טיילמאָל אפילו ווערטלעך, וואָס ער האָט צופעליק געהערט, פאָלקסטימלעכע שטיקלעך פון אַ שמועס, קינדערשע געדאַנקען: — אָפּטמאָל אומגעשליפענע, פּראָזאַאישע ווערטער, ווי ס'האָט געלעבט אַ קלאָר געפיל. דאָ איז ער געווען, ווי ביי זיך אין דער היים, און ער איז דערגאַנגען צו אַ טיפקייט, צו וועלכער ער האָט נישט דערגרייכט אין זיינע איבעריקע קאָמפּאָזיציעס. און אויף וועלכער ער האָט זיך נישט גערייכט.

די גוטע שאַפונגען אָדער די שלעכטע, — אָפּטער שלעכטע, איידער גוטע, — אַלע האָבן זיי געשפּרודלט מיט לעבן, נישט אַלץ, אין זיי איז געווען ניי, ס'איז געווען ווייט דערפון. אָפּטמאָל איז קריסטאָף

געווען באַנאַל, אין זיין אויפריכֿטיקייט אפילו; ס׳איז אים אויסגעקומען צו באַנוצן אַלטע, שוין־באַנוצטע פאָרמען, אויב זיי האָבן איבערגעגעבן גענוי זיין געדאַנק, אויב ער האָט געטראַכֿט אַזוי און נישט אַנדערש. ער האָט זיך בשום אופן נישט געיאָגט נאָך אָריגינעלקייט: ס׳איז ביי אים אויסגעקומען, אַז נאָר אַ מיטלמעסיקער קינסטלער פאַרדרייט זיך דעם קאָפּ מיט אַזעלכֿע מיני דאגות. ער האָט געשטרעבט צו זיין ער און אויסצודריקן דאָס, וואָס ער פילט, אָן שום זאָרג, צי עמעצער האָט עס שוין אויסגעדריקט פאַר אים אָדער נישט. ער האָט געהאַט דעם מוט צו גלויבן, אַז דאָס איז דאָס בעסטע מיטל צו זיין אָריגינעל, און אַז זשאַן־קריסטאָף איז געווען און וועט זיין נאָר איין איינציק מאָל.

אין דער גרויסמוטיקער חוצפה פון דער יוגנט, האָט זיך אים געדאַכֿט, אַז ביז אים איז נאָך קיין זאַך אויף דער וועלט נישט געטון געוואָרן,— און אַז אַלץ דאַרף מען ערשט מאַכֿן פונדאָסניי אָדער איבערמאַכֿן. דאָס געפיל פונם אינערלעכֿן שפע, פון אַן אומבאַגרענעצט לעבן, וואָס ער האָט פאַר זיך, האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ צושטאַנד פון שפּרודלדיקן גליק, וואָס איז, אגב, געווען אַ ביסל אומבאַשיידן. דער יובל פון יעדער רגע; עס האָט זיך נישט גענויטיקט דווקא אין פרייד, עס האָט געשעפּט אויך פונם טרויער: דער קוואַל איז געווען פול מיט לעבן, מיט שפע, וואָס איז די מוטער פון יעדן גליק און יעדער צניעות. לעבן, נאָך מער לעבן!... ווער עס פילט נישט אין זיך אָט די ש׳כּ׳ות פון דער קראַפט, אָט דעם יובל פון לעבן, — מעג עס זיין אי׳פן דעק פונם אומגליק, — דער איז נישט קיין קינסטלער. דאָס איז דער פּרוווּ־שטיין. די אמתע גרויסקייט לאָזט זיך דערקענען אין דער שטאַרקייט פונם יובלדיקן לעבן, סיי אין פרייד, סיי אין ליידן. אַזאַ מענדעלסאָן אָדער אַ בראַהמס, די געטער פון אָקטאָבער־נעפּלען און רעגנס, האָבן קיינמאָל נישט פאַרמאָגט אָט דעם געטלעכֿן כּוח.

קריסטאָף האָט עס געפילט אין זיך, און מיט דער תמימותדיקער אומבאַרעכֿנטקייט פלעגט ער אַרויסווייזן זיין פרייד. ער האָט נישט געזען אין דעם קיין בייז, ער האָט נאָר געוואָלט טיילן זיך מיט אַנדערע. ער האָט נישט באַמערקט, אַז אָט די פרייד איז אַ באַליידיקונג פאַר ס׳רוב מענטשן, וואָס האָבן זי קיינמאָל נישט געקאָנט און וואָס וועלן אים אייביק מקנא זיין. אגב, האָט ער זיך נישט באַמיט געפעלן צו ווערן אָדער נישט געפעלן צו ווערן; ער איז געווען זיכֿער אין זיך, און ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן זייער פשוט, אַרויסצוזאָגן פאַר

אַנדערע זיין מיינונג און — צו זיגן. אינסטינקטיוו האָט ער פאַרגלייכט זיין רייכטום מיט דעם אַלגעמיינעם דלות פון נאָטן־פאַבריקאַנטן, און ער האָט געטראַכט, אַז ס׳וועט אים אָנקומען לייכט צו באַווייזן זיי זיין העכערקייט. אפילו גאָר לייכט. ער דאַרף זיך נאָר באַווייזן.

און ער האָט זיך באַוויזן.

מ׳האָט אויף אים געוואַרט.

קריסטאָף האָט נישט פאַרבאַהאַלטן זיינע געפילן. זינט ער האָט דערקענט די דייטשע צביעות, וואָס וויל נישט זען די וועלט אַזוי ווי זי איז, האָט ער זיך געמאַכט פאַר אַ געזעץ, זיין לחלוטין אויפריכטיק— שטענדיק, אָן שום פשרות, אין באַציונג צו אַלץ, אָן שום פניה פאַר וועלכן עס איז ווערק אָדער מענטשן. און אַזוי ווי ער האָט בטבע געמוזט יעדע זאַך דערפירן ביז עקסטרעמקייט, איז ער דערגאַנגען ביז אַ משונהדיקער גוזמא; ער האָט גענומען רעדן גראָב און אויפגעבראַכט צו אַזעלכע מענטשן, וואָס זענען געווען טויזנט מאָל ווייניקער נאַיוו, ווי ער. ער האָט פאַרמאָגט אַן אומגעוויינלעכע תמימות. ער פלעגט פאַרטרויען דעם ערשטן בעסטן מענטשן זיינע געדאַנקען וועגן דער דייטשער קונסט, מיט דער הנאה פון איינעם, וואָס וויל נישט באַהאַלטן פאַר זיך זיינע טייערע אַנטדעקונגען. ער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז מ׳קאָן עס נעמען פאַר אומגוט. ווען ס׳איז אים קלאָר געוואָרן די שטותעריי פון אַ פאַרהייליקט ווערק, פלעגט ער ווערן פול מיט התפעלות פאַר זיין אַנטדעקונג און זיך געאיילט צו דערציילן עס די אָרקעסטער־מוזיקאַנטן אָדער סתם באַקאַנטע מוזיק־ליבהאָבער, וואָס ער פלעגט טרעפן. די משונהדיקסטע מיינונגען האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ שטראַלנדיק געזיכט. תחילת האָט מען עס נישט אָנגענומען ערנסט; מ׳האָט געלאַכט פון זיינע המצאות. נאָר באַלד האָט מען זיך געכאַפט, אַז זיי חזרן זיך איבער צו אָפט און מיט אַ נישט־העפלעכער עקשנות. ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז קריסטאָף גלויבט אין זיינע פאַראַדאָקסן, — און מ׳האָט אויפגעהערט אויפצונעמען עס ווי אַ שפאַס. ער האָט אָנגעהויבן צו קאָמפּראָמיטירן; בעת די קאָנצערטן פלעגט ער אַרויסווייזן זיין איראָניע מיט גרויס טומל אָדער ער פלעגט זיך אויסדריקן מיט שפאָט וועגן די באַרימטע מייסטער אין יעדן אָרט, וווּ נאָר ס׳האָט זיך געמאַכט.

אין שטעטל פלעגט מען אַלץ נאָכדערציילן: קיין איין וואָרט

איז נישט פֿאַרלוירן געגאַנגען. מ'האָט מיט כּעס זיך דערמאָנט זיין אויפֿפֿירונג אין דעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר. מ'האָט נישט פֿאַרגעסן, אויף וואָס פֿאַר אַ מיאוסן שטייגער ער פֿלעגט אומעטום זיך אַרומשלעפּן מיט אַדאַן און דעם גאַנצן סקאַנדאַל. ער אַליין האָט שוין דאָס אַלץ געהאַט פֿאַרגעסן. די צייט האָט עס אָפּגעמעקט פֿון זיין זכּרון: ער איז שוין מער נישט געווען דער זעלבער, וואָס מיט צוויי חדשים צוריק. אַנדערע האָבן עס אָבער גוט געדענקט: די אַלע, וואָס האָבן אַ דאגה — אין די קליינע שטעטלעך — צו פֿאַרצייכענען יעדן פֿעלער, יעדן שאַנד-פֿלעק, יעדע פֿאַרדריסלעכע, טרויעריקע, מיאוסע געשעעניש, וואָס פּאַסירט מיט זייערע שכנים, כּדי קיין זאַך זאָל נישט פֿאַרגעסן ווערן — אָט די אַלע האָבן עס גוט געדענקט. קריסטאָפֿס נייע, נישט-אויסגערעכנטע אויפֿפֿירונג איז, נאַטירלעך, פֿאַרשריבן געוואָרן אינם זעלבן ספֿר-הזכרונות, ווו עס זענען פֿאַרשריבן געווען זיינע אַמאָליקע חטאים. דער איצטיקער פֿעלער האָט בעסער דערקלערט די פֿריערדיקע. צו דער אַמאָליקער מאָראַל-פֿאַרשוועכונג איז איצט צוגעקומען זיין אומגעלומפּערטע שטעלונג צו דער מוזיק. בעסערע מענטשן פֿלעגן זאָגן:

— ער וויל זיך אַרויסטייקן פֿונם כּלל.

ס'רוב אָבער פֿלעגט מען טענהן:

— ער איז לחלוטין משוגע.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן אַ שטרענגערער און געפֿערלעכערער קלאַנג, — אַ קלאַנג, וואָס איז געקומען פֿון די גאָר הויכע פֿענסטער, און דערפֿאַר טאַקע זייער אַ וויכטיקער: — מ'האָט דערציילט, אַז אין שלאָס, ווו קריסטאָף פֿלעגט נאָך אַלץ קומען רעגלמעסיק צוליב זיין אָפֿיציעלער שטעלע, איז ער אין אַ שמועס מיטן גרויספֿירשט אַליין געווען גענוג אומגעלומפּערט זיך אויסצודריקן אויף אַ מוראדיק-נישט-אָנשטענדיקן אופֿן וועגן די פֿאַרערטע מייסטער: מ'האָט געזאָגט בכּן, אַז ער האָט מענדעלסאָנס „אליהו” אָנגערופֿן „פּאַטער-נאָסטער פֿון אַ גלח אַ צבועק” און געוויסע לידער שומאַנס — „באַק-פֿיש-מוזיק”: — און דערצו נאָך האָט ער עס געזאָגט גראָד דאַן, ווען די דערהויבענע פֿירשטן האָבן גערעדט וועגן זייער באַזונדערער ליידנשאַפֿט צו אָט די ווערק! דער גרויספֿירשט האָט אַ סוף געמאַכט צו זיינע חוצפּהדיקע רייד און קאַלט צו אים געזאָגט:

— לויט ווי איר רעדט, ווילט זיך קוים גלויבן, אַז איר זענט אַ דייטש.

דאָס נקמהדיק וואָרט, וואָס איז געקומען פֿון די סאַמע העכסטע פֿענסטער, איז אַראָפּ ביזן נידעריקסטן געמויזעכץ; און אַלע, וואָס האָבן געהאַט אויף אים פֿאַרדרוס, הן צוליב זיין ערפֿאָלג, הן צוליב פֿערזעלעכע און אָנגעווייטיקטע סיבות, האָבן נישט פֿאַרפֿעלט אַריינצוואַרפֿן אַ וואָרט, אַז ער איז טאַקע נישט קיין עכטער דייטש. מ׳האָט זיך דערמאָנט, אַז זיין פֿאָטערס משפחה שטאַמט פֿון בעלגיען. — און דערפֿאַר איז קיין וווּנדער נישט, וואָס ער מאַכט צו אַש און בלאָטע די נאַציאָנאַלע באַרימטקייטן. דאָס איז שוין געווען אַ תּירוץ אויף אַלץ; די דייטשע אייגנליבע האָט אין דעם געפֿונען נאָך מער סיבות צו אַכטן זיך אַליין און צו פֿילן אַ פֿאַראַכטונג צום שונא.

קריסטאָף אַליין האָט בידים נאָך מער צעבלאָזן אָט די פּלאָנטאָנישע נקמה און צוגעגעבן שטאַרקערן ברען־שטאָף זיין קריטיק. ס׳איז געווען זייער נישט פּראַקטיש צו קריטיקירן אַנדערע, בעת מ׳רופֿט אַליין אַרויס קריטיק צו זיך. געשיקטע און נישט־איבעריק איפּריכטיקע קינסטלער ווייזן אַרויס באַשיידנקייט, יראת־הכבוד צו זייערע פֿאָרגייער. — קריסטאָף אָבער האָט ניט תּופֿס געווען, אַז ער דאַרף פֿאַרבאָרגן זיין פֿאַראַכטונג צו זייער מיטלמעסיקייט און פֿאַרבאַהאַלטן דאָס גליק, וואָס זיינע אייגענע כּוחות האָבן אים געבראַכט. ער האָט אַרויסגעוויזן דאָס גליק, הגם ער האָט פֿון קינדווייז אָן נישט געהאַט פֿאַר וועמען זיך צו פֿאַרטרויען, און געהאַלטן עס פֿאַרבאָרגן אין זיך. לעצטנס האָט ער געפֿילט אַ פֿאַרלאַנג פֿאַנאַנדערצוּוויקלען זיינע מעגלעכקייטן, ס׳איז פֿאַר אים אַליין געווען אַ צו גרויסע פֿרייד. זיין ברוסט איז צו קליין געווען דערצו. ער וואָלט פּשוט געפּלאַצט, ווען ער זאָל זיין אינערלעכע פֿרייד נישט טיילן מיט אַנדערע. אַזוי־ווי ער האָט נישט געהאַט קיין פֿריינד, האָט ער זיך פֿאַרטרויט זיין קאָלעגע פֿון אָרקעסטער, דעם צווייטן קאַפּעלמייסטער, אַ געוויסן זיגמונד אָקס, אַ יונגערמאַן פֿון ווירטעמבורג, אַ ווילער, כיטרער בחור, וואָס האָט אַרויסגעוויזן קריסטאָפֿן גרויס דרך־ארץ. קריסטאָף האָט נישט געצווייפֿלט אין זיין אויפֿריכטיקייט; און ווען אפֿילו ער זאָל יאָ צווייפֿלען, וואָלט אים גאָר נישט איינגעפֿאַלן, אַז מ׳טאָר זיך נישט פֿאַרטרויען יעדן איינעם — אפֿילו אַ שונא. צי דאַרפֿן זיי אים נישט דאַנקבאַר זיין? צי אַרבעט ער נישט פֿאַר זיי אויך? ער ברענגט דאָך גליק אַלעמען — פֿריינד און פֿיינט. — ער האָט נישט תּופֿס געווען, אַז דאָס שווערסטע פֿאַרן מענטשן איז אָנצונעמען אַ ניי גליק; אַז עס ווילט זיך בעסער האַלטן

דאָס אַלטע אומגליק; אַז זיי ווילן בעסער מעלה-גרה זיין דאָס, וואָס יאָרהונדערטער קייען שוין. מענטשן קאָנען באַזונדערס נישט סובל זיין דעם געדאַנק, אַז אַן אַנדערער ברענגט זיי דאָס גליק. זיי קאָנען מוחל זיין די באַליידיקונג נאָר דעמאָלט, ווען ס'איז שוין קיין אַנדער ברירה נישטאָ; נאָר אפילו דאַן באַצאָלט דער, וואָס ברענגט זיי דאָס גליק, גאַנץ טייער.

עס זענען געווען דעריבער טויזנט סיבות, צוליב וועלכע נישט יעדער איינער וואָלט מיט פריינדלעכקייט און ליבשאַפט אָנגענומען קריסטאָפס צוטרוי. אָבער טויזנט און איין סיבה האָבן מחייב געווען, אַז זיגמונד אָקס זאָל עס נישט אָנגעמען פריינדלעך. דער ערשטער קאַפעל-מייסטער, טאָביאַס פייפער, האָט שוין באַלד געדאַרפט פאַרלאָזן זיין שטעלע, און קריסטאָף, הגם ער איז נאָך געווען יונג, האָט געהאַט מער אויסזיכטן אים צו פאַרטרעטן ווי ווער-עס-איז אַ צווייטער. דער גוטער דייטש אָקס האָט מודה געווען, אַז די שטעלע קומט קריסטאָפן, בפרט ווען אין שלאָס, ביים גרויספירשט, האָבן אים אַלע געשטיצט. ער האָט אָבער וועגן זיך גופא געהאַט אַ צו גוטע מיינונג, נישט צו גלויבן, אַז באמת קומט די שטעלע גיכער אים, פייפערן, נאָר מ'קען אים אין שלאָס צו ווייניק. און ער פלעגט אויפנעמען קריסטאָפן מיט אַ מאָדנעם שמייכל, בעת דער יונגער קינסטלער פלעגט קומען אינ-דערפרי אין טעאַטער מיט אַן ערנסט און דאָך שטראַלנדיק פנים.

— נו, — פלעגט אים אָקס, פאַרבייגייענדיק, כיטרע אַ פרעג טון, — עפּעס אַ ניי מייסטער-ווערק?

קריסטאָף נעמט אים פאַרן אָרעם:

— אָך, מיין פריינד! דאָס שטייגט שוין אַריבער אַלץ!... ווען דו זאָלסט עס הערן!.. צום טייוול, ס'איז צו שיין!.. אַזוינס האָט מען נאָך נישט געשאַפן. גאָט וועט זיין מיט זיי, מיט די מענטשן, וואָס וועלן עס הערן! זייערע נשמות וועלן דעמאָלט בענקען נאָר נאָך איין זאַך: צו שטאַרבן.

אָט די ווערטער זענען נישט געפאַלן אויף קיין טויבן אויער. אָנשטאָט צו שמייכלען אָדער פריינדלעך אָפּצולאַכן פון דער קינדער-שער התפעלות, — וואָס וואָלט געעפנט קריסטאָפן די אויגן, ער זאָל זיך אַליין צעלאַכן און זיך פאַרשעמען, — פלעגט אים אָקס לויבן מיט אַן איראָנישער באַגייסטערונג און ברענגען דערצו, ער זאָל דערציילן נאָך גוזמאות; און נאָכדעם, ווי זיי זענען זיך צעגאַנגען, פלעגט אָקס

איילן איבערצודערציילן קריסטאָפס רייד מיט נאָך מער גוזמא. אין דעם קליינעם מוזיקער-קרייז פלעגט מען זיך שטיקן פון געלעכטער און אומגעדולדיק ווארטן צו הערן קריסטאָפס אומגליקלעכע ווערק. די מיינונג איז שוין פון פריער אָן געווען אַ פּאַרטיקע.

לסוף זענען די ווערק דערשינען.

פון אַ גאַנצן הויפן ווערק האָט קריסטאָף אויסגעקליבן אַן אָוּווערטור צו העבעלס „יהודית", וואָס איז אים געפעלן געוואָרן מיט איר ווילדן אימפּעט, — דער היפּוך פון דער דייטשער מוזיק, וואָס האָט געליטן אויף אַ מאַנגל פון שפּאַנונגס-קראַפט; (די זאַך האָט אים שוין, אגב, גענומען נמאס ווערן, ווייל ער האָט אינסטינקטיוו שוין געפילט, אַז ס'איז ביי העבעלן נאַריש און אומנאַטירלעך צו וועלן זיך אַרויסווייזן אומעטום און פאַר יעדן פּרייז — פאַר אַ גאון). צו דער אָווערטור האָט ער צוגעגעבן אַ סימפאָניע, וואָס האָט געטראָגן דעם פּרעטענציעזן נאָמען פונם באַזעלער מאָלער, בעקלין: „דער חלום פון לעבן" און דעם מאָטאָ: Vita somnium breve (דאָס-לעבן איז אַ קורצער חלום). אַ רייִ „לידער" האָט פאַרפולקאָמט דעם פּראָגראַם, צוזאַמען מיט אַ פּאָר קלאַסישע קאָמפּאָזיציעס און אַ „פעסט-מאַרש" פון אָקסן, וואָס קריסטאָף האָט חבריש אַריינגעשטעלט, כאָטש דער מאַרש האָט קיין שום ווערט נישט געהאַט.

די רעפּעטיציעס האָבן גאָרנישט אויפגעקלערט. כאָטש די אָרקעסטער-שפּילער האָבן די קאָמפּאָזיציעס לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, און יעדערער פאַר זיך איז אַ ביסל צעטומלט געוואָרן פון דער פרעמדער, מאָדנער מוזיק, — האָבן זיי דאָך קיין צייט נישט געהאַט צו שאַפן זיך איבער דעם אַ מיינונג — דער עיקר, ווייל דאָס איז געווען פאַר זיי אומעגלעך, איידער דער עולם האָט אַרויסגעזאָגט זיין באַשטימטן פּסק, אַ חוץ דעם האָט קריסטאָפס זיכערקייט זיי אימפּאָנירט, ווי עס אימפּאָנירט יעדן פאָלגעוודיקן, דיסציפּלינירטן דייטשן אָרקעסטער. נאָר די זינגערין האָט אים געמאַכט שוועריקייטן. דאָס איז געווען די דאַמע אין דעם בלויען קלייד, וואָס האָט געזונגען אין מוזיק-זאַל. זי איז געווען אַ באַרימטע זינגערין אין דייטשלאַנד: אָט די „פאַמיליען-מוטער" האָט געזונגען ברונהילדע און קונדרי אין דרעזדען און איןביירויט, מיט טאָפּלט-פעסטע לונגען. אויב זי האָט אין דער וואַגנערישער שולע זיך אויסגעלערנט די קונסט (אויף וועלכע וואַגנעריאַנער זענען שטאָלץ און מיט רעכט) דייטלעך צו רעדן, וואַרפּנ-

דיק די קאָנסאָנאַנטן אין דער לופטן און אַראָפּלאָזנדיק די וואָקאַלן, ווי קלעצער, אויפן פאַרגאַפטן עולם, האָט זי זיך אָבער נישט אויסגעלערנט — צוליב אַ באַשטימטער סיבה — צו זיין נאַטירלעך. אַלע ווערטער זענען ביי איר גלייך אַרויסגעקומען: זי האָט יעדעס וואָרט באַטאָנט; די זילבן האָבן זיך געשלעפט, ווי בליי־זוילן, און אין יעדער פראַזע האָט זי אַריינגעלעגט אַ טראַגעדיע. קריסטאָף האָט זי געבעטן, זי זאָל אַ ביסל אָפּשוואַכן איר דראַמאַטישע קראַפט. תּחילת האָט זי עס געטון מיט גוטן ווילן; נאָר איר נאַטירלעכע שווערקייט און דער פאַרלאַנג צו געבן איר פולע שטים האָבן זי מיטגעריסן. קריסטאָף איז געוואָרן נערוועיש. ער האָט געגעבן דער בכּבודיקער דאַמע צו פאַרשטיין, אַז ער וויל, עס זאָלן רעדן אינם ליד מענטשן און נישט די שלאַנג פאַפנער מיט איר טרומייט. זי האָט אָנגענומען — ווי מ׳האָט פאַרשטאַנען — די באַמערקונג פאַר אַ באַליידיקונג. זי האָט געזאָגט, אַז זי ווייס, דאַנקען גאָט, וואָס געזאַנג הייסט, אַז זי האָט געהאַט דעם כּבוד צו זינגען די „לידער" פונם מייסטער בראַהמס אין דער קעגנוואַרט פונם גרויסן מאַן און אַז ער איז גאָר נישט מיד געוואָרן זי צו הערן.

— נו, איז נאָך ערגער! איז נאָך ערגער! — האָט קריסטאָף געשריען.

זי האָט אים מיט אַ שטאָלצן שמייכל געבעטן, ער זאָל אַזוי גוט זיין און געבן איר צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט מיט זיין פאַרשטעלטן אויסרוף. ער האָט געענטפערט, אַז אַזוי־ווי בראַהמס האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, וואָס ס׳איז נאַטירלעך, דעריבער איז זיין לויב די ערגסטע באַליידיקונג, און אַז כאָטש ער — קריסטאָף — איז, ווי זי זעט אַליין, נישט זייער העפלעך, וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט דערלויבט זי אַזוי צו באַליידיקן.

אין דעם טאָן איז דער וויכּוח געפירט געוואָרן ווייטער, און די דאַמע האָט זיך איינגעעקשנט צו זינגען דווקא אויף איר גרילצנדיק־פאַטעטישן, עפעקטפול־מעלאָדראַמאַטישן שטייגער, — ביז קריסטאָף האָט איר איינמאָל דערקלערט, אַז היות ווי ער זעט, אַז איר נאַטור איז שוין אַזאַ און מ׳קאָן זי שוין נישט איבערמאַכן, און אַזוי ווי די „לידער" קאָנען נישט געזונגען ווערן ווי עס דאַרף צו זיין, וועט מען זיי דעריבער אינגאַנצן נישט זינגען: ער נעמט זיי אַראָפּ פון פּראָגראַם. — ס׳איז געווען ערב דעם קאָנצערט, מ׳האָט גערעכנט פריער,

אַז די „לידער“ וועלן גיין: זי אַליין האָט גערעדט דערפֿון, — זי איז בעת׳ן געניג מוזיקאַליש אָפּצושאַצן געזונטע מעלות זייערע; קריסטאָף האָט זי באַליידיקט; נאָר אַזוי ווי זי איז נישט געווען זיכער, צי וועט אַמאָל דאָר מאָרגעדיקער קאָנצערט נישט באַרימט מאַכן דעם יונגן קינסטלער, האָט זי זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיטן אויפֿגייענדיקן שטערן. זי האָט נאָכגעגעבן, און בעת דער לעצטער רעפּעטיציע האָט זי זיך הכנעהדיק אונטערגעוואָרפֿן קריסטאָפֿס פֿאַרלאַנגען. נאָר זי האָט באַשלאָסן פֿעסט ביי זיך צו זינגען — אויפֿן קאָנצערט — ווי איר געפֿעלט.

דער טאָג פֿונם קאָנצערט איז געקומען. קריסטאָף איז געווען גאַנץ רויק. ער האָט נישט געקאָנט אָפּשאַצן דעם ווערט פֿון זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס, ווייל צו שטאַרק האָבן זיי אין אים געלעבט. ער האָט, אמת, געוווסט, אַז אייניקע שטעלן קיינגען לעכערלעך: אָבער וואָס קאָן עס אים אַרן? מ׳קאָן נישט שרייבן קיין גרויסע ווערק, און נישט צו באַרירן דאָס לעכערלעכע. ווען מ׳וויל דערגרייכן דעם לעבנס-אמת, דאַרף מען נישט מורא האָבן פֿאַרן מענטשלעכן דרך-א״ץ, פֿאַר דער העפֿלעכקייט, פֿאַר דער עניוות; מ׳דאַרף נישט נעמען צום האַרצן די געזעלשאַפֿטלעכע שקרים, וואָס אונטער זיי ליגט פֿאַרשטיקט דאָס האַרץ. אויב מ׳וויל קיינעם נישט אָנגרייפֿן, קיינעם נישט אָנשרעקן און דאָך האָבן ערפֿאָלג, מוז מען אָננעמען פֿאַר ליב דאָס לעבן, ווי אַזוי עס איז, מוז מען בלייבן אין די שמאָלע, שוין-אָנגענומענע ראַמען און געבן דער וועלט אַ פֿלאַכן, מיטלמעסיקן, אָפּגעשוואַכטן אמת, וואָס זי קאָן פֿאַרדייען: מען מוז בלייבן געבונדן מיטן לעבן. גרויס זיין קאָן מען נאָר דעמאָלט, ווען מ׳צעטרעט דעם געפֿיל פֿון מורא. קריסטאָף האָט עס טאַקע געטראָטן מיט די פֿיס. זאָל מען אים אפֿילו אויספֿייפֿן: ער איז אָבער זיכער, אַז גלייכגילטיק וועט מען נישט בלייבן. ס׳האָט אים געווייזט דער געדאַנק, וואָסערע האַוואַיעס די באַקאַנטע וועלן מאַכן, בעת זיי וועלן הערן די דרייסטע שטעלן דאָ און דאָרט אין זיין מוזיק. ער האָט געוואַרט אויף אַ ביטערער קריטיק און באַצייטנס דערפֿון געשמייכלט. לכל הדעות וואָלט מען געדאַרפֿט זיין בלינד

דער טויב אָפּצולייקענען, אַז ס'איז פאַראַן אין דעם אַ קראַפט — די תענוגלעכע; אָדער ניין, וואָס איז די נפקא־מינה? — תענוגלעך!... תענוגלעך!... אַ קראַפט! דאָס איז גענוג. זאָל די קראַפט גיין איר וועג און אַליין מיטרייסן, ווי דער ווהיין...

ער האָט באַלד געהאַט די ערשטע אַנטוישונג. דער גרויספירשט איז נישט געקומען. די לאָזשע איז געווען פאַרנומען פון עטלעכע הויף־לייט און הויף־דאַמען. קריסטאָף האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט זיך געטראַכט: „דער אַלטער שוטה איז אָנגעבלאָזן. ער האָט נישט קיין זיכערע מיינונג וועגן מיינע ווערק און האָט מורא זיך צו קאָמפּראָמיטירן". ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען און געמאַכט זיך, ווי עס גייט אים גאָר נישט אָן. אַנדערע האָבן עס אָבער בעסער באַמערקט: ס'איז געווען פאַר אים די ערשטע ביטערע אָנצוהערעניש און אַ התראה אויף שפּעטער — אויף להבא.

דער עולם איז אויך נישט געווען קיין סך נייגעריקער, ווי דער פירשט: אַ דריטל זאַל איז געווען ליידיק. נישט־ווילנדיק האָט קריסטאָף מיט פאַרביטערונג אַ טראַכט געטון וועגן זיינע קינדער־יאָרן און וועגן די פול־געפּאַקטע זאַלן אויף זיינע אַמאָליקע קאָנצערטן. וואָלט ער געהאַט מער דערפאַרונג, וואָלט עס אים נישט איבערראַשט: ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, ס'זאָל קומען אַ קלענערער עולם הערן זיין גוטע מוזיק, איידער זיין שלעכטע: ווייל נישט די מוזיק אינטערעסירט דאָס רוב מענטשן, נאָר דער מוזיקער, און ס'איז אַ פּשוטע זאַך, אַז אַ מוזיקער, וואָס איז אַן איינפאַכער בשר־ודם, ווי אַלע מענטשן, רופט אַרויס אַ סך אַ קלענערן אינטערעס, ווי אַ מוזיק אין קורצע הייזלעך אָדער אין אַ קינדער־העמדל, וואָס קיצלט די סענטימענטאַלקייט און די נאַרישע נייגעריקייט.

קריסטאָף האָט אומזיסט געוואַרט, דער זאַל זאָל זיך אָנפילן, לסוף האָט ער באַשלאָסן אָנצוהויבן. ער האָט געפּרוווט זיך איינרעדן, אַז אַזוי איז בעסער: „ווייניק פריינד, אָבער אמתע". — זיין אָפּטימיזם האָט נישט לאַנג געדויערט.

אַ שטילקייט האָט געהערשט, בעת מ'האָט אָנגעהויבן שפּילן — פאַראַן אַ שטילקייט, ווען ביים עולם פילט זיך אַ טיפע ליבשאַפט, וואָס איז פול איבער די ברעגעס. אין דער איצטיקער שטילקייט איז אָבער נישט געווען גאָרנישט. גאָרנישט — חוץ שלעפערדיקייט און פּוסטקייט. מ'האָט געפילט, אַז יעדער קלאַנג פאַלט אַריין אין אַ תהום

פֿון גלײַכגילטיקייט. אויסגעדרייט צום עולם מיטן רוקן, ער האָט די-
ריזשירט מיטן אָרקעסטער, האָט קריסטאָף דאָך געפֿילט, וואָס אין זאַל
קומט פֿאָר, — ער האָט עס געפֿילט מיט יענעם אינערלעכן חוש, מיט
וועלכן ס'איז באַשאָנקען יעדער אמתער קינסטלער, — וואָס גיט צו
פֿילן, צי דערוועקט דאָס שפּילן אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פֿון די
אַרומיקע מענטשן אָדער נישט, ער האָט ווייטער דיריזשירט און זיך
פֿאַרנומען מיט די מוזיקאַנטן; ער איז דערפֿרוירן געוואָרן פֿון דער
לאַנגווײַליקייט, וואָס האָט זיך געצויגן פֿון פּאַרטער און פֿון די לאָ-
זשעס הינטער אים; ער האָט ווייטער געקלאַפּט צום טאַקט און זיך
אַליין אויפֿגעהייטערט.

לסוף האָט זיך געענדיקט די אוווערטור. מ'האָט אַפּלאָדירט. אַפּ-
לאָדירט העפֿלעך, קאַלט און מ'איז שטיל געבליבן. קריסטאָפֿן האָט זיך
בעסער געוואָלט, מ'זאָל אים אויספֿייפֿן... איין פֿייף! איין איינציקער
פֿייף! ס'וואָלט אַרויסגעוויזן לפּחות אַ סימן פֿון לעבן, פֿון אַ קעגן-
געפֿיל צו זײַן ווערק... — גאָרנישט. — ער האָט געקוקט אויפֿן עולם.
די צוהערער האָבן געקוקט איינער אויפֿן אַנדערן און געזוכט אַ מיי-
נונג אין די אויגן. זיי האָבן דאָרט גאָרנישט ניט געזען און זיי זענען
פֿאַרבליבן גלײַכגילטיק.

מ'האָט געשפּילט ווייטער: דאָסמאָל די סימפֿאָניע. קריסטאָף איז
קוים מיט צרות דערגאַנגען ביזן סוף. אייניקע מאָל האָט ער חשק
געהאַט אַוועקצוואַרפֿן דאָס שטעקעלע און אַנטלויפֿן. אַ פּוסט געפֿיל
האָט אים אַרומגענומען, ער האָט שוין אַליין נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס
ער דיריזשירט. ער האָט נישט געקאָנט אָטעמען; ער האָט געהאַט
דעם אײַנדרוק, אַז ער פֿאַלט אַרײַן אין אַ טיפֿן תּהום פֿון אַפּאַטיע.
מ'האָט שוין אפֿילו נישט געהערט די איראָנישע שושקערייַ, אויף וועל-
כער ער האָט זיך געריכט בײַ געוויסע שטעלן: דער עולם איז פּשוט
פֿאַרטיפֿט געווען אין לייענען דעם פּראָגראַם. קריסטאָף האָט געהערט,
ווי אַלע מישן איבער מיטאַמאָל די זײַטלעך מיט אַ טרוקענעם שאָרך: —
און ווידער אַ שטילקייט ביזן לעצטן אַקאָרד, ווען די זעלבע העפֿלע-
כע אַפּלאָדיסמענטן האָבן עדות געזאָגט, אַז דער עולם האָט פֿאַרשטאַ-
נען, אַז דאָס שטיק איז געענדיקט, — דאָך האָבן דרײַ אָדער פֿיר, אָפּ-
געזונדערט פֿונם עולם, ווייטער אַפּלאָדירט, בעת די אַנדערע האָבן
שוין געהאַט אויפֿגעהערט; זיי האָבן נישט אַרויסגערופֿן קיין אָפּקלאַנג
און זענען אַנטשוויגן געוואָרן. די פּוסטקייט האָט זיך געלאָזט נאָך

שטאַרקער פּילן, און דער קלײנער צופאַל האָט דעם עולם נאָך מער קלאָר געמאַכט, ס׳אַרא לאַנגװײליקײט מען לעבט דאָ איבער.

קריסטאָף איז געזעסן אינמיטן אָרקעסטער און נישט געהאַט קײן מוט אַ קוק צו טון אויף רעכטס אָדער אויף לינקס. ער האָט חשק געהאַט צו װײנען, און אין דער זעלבער צײט האָט ער געצי־טערט פון כעס. ס׳האָט זיך אים געװאָלט אויפשטײן און אויסשרײען צו אַלעמען: „איר לאַנגװײליקט מיך! אוי, װי איר לאַנגװײליקט מיך! איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן!.. גײט אײך! גײט... אַלע!״

דער עולם האָט זיך אַ ביסל אויפגעמונטערט: מ׳האָט געװאַרט אויף דער זינגערין. מ׳איז געװען צוגעװײנט איר צו אַפּלאָדירן. אין דעם ים פון נײער מוזיק, װו דער עולם האָט געבלאָנדזעט אָן אַ קאָמפּאַס, איז זי געװען אַ זיכער, באַװוסט לאַנד, װו מ׳האָט זיך נ׳שט געקאָנט פאַרלירן. קריסטאָף האָט גוט פאַרשטאַנען זײער דערװאַרטונג. די זינגערין האָט עס אויך געװוסט: קריסטאָף האָט עס דערקענט אין איר אָנגעצװיגענער קעניגלעכער מינע, בעת ער איז געקומען איר זאָגן, אַז זי דאַרף אויפטרעטן. זײ האָבן זיך פײנדלעך איבערגעקוקט. אָנ־שטאָט פאָרצולעגן איר זײן אָרעם, האָט קריסטאָף אַרײנגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס און געלאָזט איר אַלײן אויפטרעטן. אויסער זיך פאַר כעס און חרפּה איז זי אַרויסגעגאַנגען. ער איז איר נאָכגעג־גאַנגען מיט אַ לאַנגװײליקער מינע. װי־נאָר זי איז דערשינען, האָט איר דער עולם געמאַכט אַן אָװאַציע: אַלע האָבן לײכטער אָפּגעאָטעמט; די פּנימער האָבן גענומען שײנען, דער עולם האָט אויפגעלעבט און אַלע לאָרנעטן זענען אָנגעשטעלט געװאָרן. זיכער אין זיך, האָט זי גענומען זינגען די „לידער״ אויף איר אײגענעם שטײגער, נאַטירלעך, און גאָר פאַרגעסן די אַלע באַמערקונגען, װאָס קריסטאָף האָט איר יענעם אָװנט געמאַכט. קריסטאָף, װאָס האָט אַקאָמפּאַנירט אויפן קלאַ־װיר, איז בלײך געװאָרן. ער האָט פאָרויסגעזען דעם דאָזיקן װידער־שטאַנד. בײ דער ערשטער ענדערונג, װאָס זי האָט געמאַכט, האָט ער אַ קלאַפּ געטון אין קלאַװיר און אַ זאָג געטון מיט כעס:

— נײן!

זי האָט געזונגען װײטער. ער האָט פון הינטן שטיל געברומט מיט אַ דערשטיקטער, צאָרנדיקער שטים:

נײן! נײן! נישט אַזױ!... נישט דאָס!...

נערװעיש פונם דערשטיקטן ברומען, װאָס דער עולם האָט נישט

אויפֿגעכאַפּט, נאָר וואָס דער אָרקעסטער האָט געהערט וואָרט ביי וואָרט, האָט זי אויף צו־להכעיס געזונגען, ווי פֿריער, געצויגן די טענער, פֿאַרקלענערט דעם טעמפּאָ און געמאַכט הפּסקות, ווי אַן אָרגל. ער האָט זיך דערמיט נישט גערעכנט און געשפּילט ווייטער: לסוף זענען זיי זיך ביידע צעגאַנגען אין טאַקט. דאָס פּובליקום האָט עס נישט באַמערקט; עס האָט שוין לאַנג איינגעזען, אַז קריסטאָפֿס מוזיק איז נישט געשאַפֿן געוואָרן צו גלעטן דאָס אויער; אָבער קריסטאָף, וואָס האָט געהאַט אַן אַנדער מיינונג, האָט געמאַכט האַוואַיעס, ווי אַ משוגענער. לסוף האָט ער אַרויסגעפּלאַצט. ער איז געבליבן שטיין אינמיטן דער פֿראַזע.

— גענוג! — האָט ער אַ געשריי געטון מיט אַ הויך קול.

מיטגעריסן פֿון איר שווונג, האָט זי געזונגען אַ האַלבן טאַקט ווייטער און געבליבן שטיין.

— גענוג! — האָט ער טרוקן איבערגעחזרט.

דער עולם איז אַ ווײַלע געזעסן, ווי געפּלעפּט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָנגערופֿן מיט אַן אייז־קאַלטן טאָן:

— מירן אָנהויבן פֿון אָנהויב!

זי האָט אים אָנגעקוקט איבעראַשט, אירע הענט האָבן געציטערט; זי האָט אים גערעכנט אַ וואָרף צו טון דאָס העפֿט אין קאָפּ אַריין; זי האָט שפּעטער קיינמאָל נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס זי האָט עס נישט געטון. נאָר קריסטאָפֿס אויטאָריטעט און זיין שטרענגער טאָן האָבן זי געצוווּנגען. — זי האָט אָנגעהויבן פֿונדאָסניי. זי האָט געזונגען דעם גאַנצן ציקל „לידער“ און נישט געענדערט קיין איין ניואַנס, קיין איין טאַקט: ווייל זי האָט געפֿילט, אַז ער וועט איר קיין זאַך נישט מוחל זיין; און זי האָט געציטערט פֿונם געדאַנק וועגן אַ פֿרישער באַליידיקונג.

ווען זי האָט געענדיקט, האָט זי דער עולם ווידער הילכיק אַרויסגערופֿן. נישט די „לידער“ האָבן זיי אַפּלאָדירט (ווען זי זאָל זינגען אַנדערע, וואָלט מען איר סיי־ווי־סיי אַפּלאָדירט), נאָר דער באַרימטער זינגערין, וואָס איז אין דיגסט גרוי געוואָרן. דער עולם האָט געוווּסט, אַז ער מעג גאַנץ זיכער נתפּעל ווערן פֿון איר, אגב, האָט מען איר געוואָלט פֿאַרגיטיקן פֿאַר דעם פֿריערדיקן דורכפֿאַל. נישט אינגאַנצן זיכער, האָט זיך דאָך דער עולם אָנגעשטויסן, אַז די זינגערין האָט פֿריער געמאַכט אַ טעות; אָבער קריסטאָפֿס אַרויסטריט האָבן

זיי געהאַלטן פֿאַר אַ זייער נישט פֿיינעם. מ'האָט נאָך אַמאָל פֿאַרלאַנגט זי זאָל זינגען די לידער. אָבער קריסטאָף האָט אַנטשלאָסן פֿאַרמאַכט דעם קלאַוויר.

זי האָט די פֿרישע חוצפּה נישט באַמערקט: זי איז צופֿיל צעטומלט געווען, צו טראַכטן וועגן זינגען נאָכאַמאָל. זי איז גיך אַרויסגעגאַנגען און פֿאַרמאַכט זיך אין איר צימער; און דאָרט האָט זי אין משך פֿון אַ פֿערטל שעה זיך גרינגער געמאַכט דאָס האַרץ אין אַ ים פֿון כּעס און פֿאַרדרוס, וואָס האָט זיך אין איר אָנגעקליבן: אַ נערווןדערשיטערונג, אַ מבול פֿון טרערן, קללות, חרמות און זלזולים קעגן קריסטאָפֿן. — קיין זאַך האָט נישט געפֿעלט. מ'האָט געהערט אירע ווילדע געוואַלדן דורך דער פֿאַרמאַכטער טיר. אירע פֿריינד, וואָס זיי איז געלונגען אַריינצוגיין צו איר, האָבן שפּעטער אומעטום דערציילט, אַז קריסטאָף האָט זיך אויפֿגעפֿירט, ווי אַ גראָבער יונג. די קלאַנגען האָבן זיך גיך פֿאַרשפּרייט אינעם קאָנצערט-זאַל, און ווען קריסטאָף איז ווידער אויפֿגעטרעטן צו דיריזשירן דאָס לעצטע שטיק, איז דער עולם אַרויס פֿון די כּלים. די זאַך איז אָבער נישט געווען זיינע: ס'איז געווען דער „פֿעסט-מאַרש” פֿון זיין פֿריינד אָקס, וואָס קריסטאָף האָט פֿריינדלעך אַריינגענומען אין פּראָגראַם. דער עולם — וועלכן ס'איז אגב, געפֿעלן געוואָרן די פֿלאַכע מוזיק, — האָט געפֿונען אַ פּשוט מיטל אַרויסצווייזן קריסטאָפֿן זיין פּראָטעסט: אָנשטאָט אויסצופֿייפֿן קריסטאָפֿן (דערצו האָבן זיי קיין מוט נישט געהאַט), האָט מען שטאַרק אַפּלאָדירט אָקסן און צוויי-דריי מאָל אַרויסגערופֿן דעם מחבר, וואָס איז תּיכּף אַרויסגעקומען. אַזוי האָט זיך געענדיקט דער קאָנצערט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער גרויספֿירשט און אַלע הויף-לייט — דאָס גאַנצע רכילותדיקע, פֿאַרלאַנגווייליקטע פּראָווינץ-שטעטל — האָבן נישט פֿאַרלוירן קיין איין פּרט פֿון דעם, וואָס ס'איז דאָ פֿאָרגעקומען. די צייטונגען, וואָס זענען געווען פֿריינדלעך צו דער זינגערין, האָבן די גאַנצע מעשה נישט דערמאָנט: אַלע האָבן זיי בהסכּם געשריבן, אַז די זינגערין איז אַ גרויסע קינסטלערין. זיי האָבן שטאַרק געלויבט און בלויז אָנגעגעבן די נעמען פֿון די לידער — נישט דעם, וואָס האָט זיי געשריבן, וועגן די איבעריקע קריסטאָפֿס קאָמפּאָזיציעס זענען געווען נאָר עטלעכע שורות. און דאָס זעלבע כּמעט אין אַלע צייטונגען: — „...קאָנטראַפּונקט-ידיעות. קאָמפּליצירטע ווערק. ווייניק באַגייסטערונג. נישטאָ קיין מעלאָדיע. געשריבן מיטן קאָפּ און נישט מיטן האַרץ.

נישטאָ קיין אויפריכטיקייט. ווייל זיין אָריגינעל...״ — נאָכדעם איז גע־גאַנגען אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אמתער אָריגינעלקייט פון די לאַנג־פאַר־שטאָרבענע מייסטער, פון מאָצאַרט, בעטהאָווען, הלוי, שובערט, בראַהמס, „די, וואָס זענען אָריגינעל, נישט טראַכטנדיק דערפון״. — דאַן זענען זיי אויף אַ נאַטירלעכן אופן איבערגעגאַנגען צו דער באַנייטער פאָר־שטעלונג פון דעם „נאַכט־לאַגער פון גראַנאַדע״ פון קאָנראַדין קרייצער אינם פירשטלעכן טעאַטער; מ׳האָט גערעדט באַריכות וועגן דער „פראַכטפולער מוזיק, וואָס איז פריש און באַצויבערט, ווי אין איר ערשטן טאָג״.

דער סך־הכל איז געווען, אַז אַלע קריטיקער, אפילו די, וואָס זענען געווען צום בעסטן געשטימט צו קריסטאָפן, האָבן אַרויסגעוויזן לגבי קריסטאָפס ווערק, אַז זיי פאַרשטייען זיי נישט לחלוטין; ס׳איז געווען ממש אַן איבערראַשונג; — די, וואָס האָבן אים נישט ליב געהאַט, האָבן אַרויסגעוויזן צו אים אַ ביטערע שנאה, וואָס האָט זיך באַוואָפנט אויף שפּעטער; — לסוף, ביים ברייטן עולם, וואָס קיין שום פריינדלעכער אָדער פיינדלעכער קריטיקער האָט מיט אים נישט אָנ־געפירט, — שטילקייט. עולם־גולם, ווען מ׳לאָזט אים אַליין מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, טראַכט ער גאָרנישט.

קריסטאָף איז געווען דערשלאָגן.

אייגנטלעך האָט אים דער דורכפאַל נישט באַדאַרפט איבערראַשן. עס זענען געווען דערצו דריי סיבות. ראשית, זיינע ווערק זענען נישט געווען גענוג רייף; צווייטנס, זיי זענען אַוועק צו ווייט, מ׳זאָל זיי קאָנען פאַרן ערשטן מאָל פאַרשטיין; און דריטנס, דער עולם איז צופרידן געווען אָנצולערנען דעם חוצפהדיקן יונגנמאַן. — קריסטאָף איז אָבער געווען צו ווייניק באַרעכנט צו קאָנען פאַרשטיין, אַז זיין מפלה איז אַ נאַטירלעכע זאַך. דער עיקר האָט אים געפעלט דער אמתער פאַרשטאַנד, וואָס לערנט דעם קינסטלער דורך ביטערער דער־פאַרונג צו פאַרשטיין, ווי טעמפּ די מענטשן זענען, און ווי טיף די נאַרישקייט איז אין זיי איינגעוואָרצלט. זיין נאַיווער צוטרוי צום עולם, און זיין גלויבן, אַז ער וועט גלייך האָבן ערפאָלג פאַר זיינע פאַר־

דינסטן, זענען צעשמעטערט געוואָרן. ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז באַטירלעך, וואָס ער האָט שונאים: ס׳האָט אים אָבער דערשלאָגן דאָס, וואָס ער האָט נישט קיין פריינד. די, וואָס מיט זיי איז ער זיכער געווען ביז איצט, די, וואָס האָבן זיך לפנים אינטערעסירט מיט זיינע קאָמפּאָזיציעס, האָבן אים, זינט דעם קאָנצערט, מיט קיין איין וואָרט נישט צוגעגעבן קיין מוט. ער האָט געפּרווט אויסצוגעפינען די סיבה. אַלע האָבן זיך אָבער באַהאַלטן הינטער טונקעלע, אומקלאָרע תשובות. ער איז צוגעשטאַנען, געוואָלט וויסן זייערע אמתע געדאַנקען: אפילו די סאַמע אויפריכטיקסטע האָבן אים בלויז אָנגעוויזן אויף זיינע ערשטע ווערק, אויף זיינע ערשטע פּרוּוון. וויפל מאָל האָט ער געמוזט הערן, ווי האַרב מ׳פאַרמשפּט זיינע נייע ווערק, ברענגנדיק אַלס מוסטער זיינע אַמאָליקע שאַפונגען — און דאָס האָבן גראָד געטון די זעלבע מענטשן, וואָס האָבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פאַרמשפּט זיינע אַלטע ווערק, ווייל זיי זענען דעמאָלט געווען ניי. דאָס איז שוין אַ כלל. קריסטאָף האָט עס אָבער נישט געקאָנט פאַרטראָגן; ער האָט געשריען אויפן קול. דאָס, וואָס מ׳האָט אים נישט ליב (זייער גוט!), האָט אים נישט געאַרט: ס׳האָט אים אפילו הנאה געטון, — ער האָט נישט געוואָלט זיין יעדנס אַ פריינד. אָבער דאָס, וואָס מ׳האָט אים כלומרשט יאָ ליב געהאַט און נישט געלאָזט אים וואַקסן, וואָס מ׳האָט אים געוואָלט צווינגען צו פאַרבלייבן זיין גאַנץ לעבן אַ קינד, דאָס האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט מוחל זיין. דאָס, וואָס איז צו צוועלף יאָר גוט געווען, האָט נישט געטויגט צו צוואַנציק. ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט דערביי נישט פאַרבלייבן. ענדערן זיך, ענדערן זיך שטענדיק — דערצו האָט ער געשטרעבט... און די נאַראָנים ווילן גאָר אָפּשטעלן זיין לעבן!.. דאָס אינטערעסאַנטסטע אין זיינע אַמאָליקע ווערק זענען דאָך בישט געווען די קינדער-נאַרישקייטן, נאָר די כוחות, וואָס האָבן געברויזט און זיך געריסן צו דער צוקונפט, — און זיי האָבן געוואָלט טויטן אָט די צוקונפט!.. ניין, זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער איז, זיי האָבן אים קיינמאָל נישט ליב געהאַט — נישט פריער און נישט איצט. זיי האָבן ליב געהאַט דאָס שוואַכע, דאָס פשוטע אין אים, דאָס בשותפותדיקע מיט אַנדערע, נישט אים אַליין, אים גופא: זייער פריינדשאַפט איז בלויז געווען אַ טעות...

אפשר האָט ער דאָ איבערגעטריבן. עס טרעפט אָפט, אַז ערלעכע מענטשן, וואָס זענען נישט פעיק גענוג ליב צו האָבן אַ ניי ווערק,

האָבן עס אויפריכטיק ליב מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער. דאָס נייע לעבן האָט אַ צו שטאַרקן ריח פאַר זייערע שוואַכע קעפּ: די צייט-ווינטן מוזן קודם-כל אויסוועפן דעם ריח. דאָס קונסט-ווערק ווערט זיי ערשט דעמאָלט פאַרשטענדלעך, ווען עס ווערט שוין באַדעקט מיט לאַנג-יעריקן שטויב.

קריסטאָף האָט אָבער נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מ׳זאָל אים א י צ ט נישט פאַרשטיין, און פאַרשטיין ערשט ש פּ ע-ט ע ר. ער האָט שוין גיכער געוואָלט גלויבן, אַז מ׳וועט אים שוין קיינמאָל נישט פאַרשטיין. דער פאַרדרוס האָט אין אים געברענט. ס׳איז געווען נאַריש פון אים צו וועלן דערקלערן, געבן צו פאַרשטיין און טענהן, ס׳איז געווען לחלוטין איבעריק: דערצו האָט מען געדאַרפט ענדערן דעם געשמאַק פון דער צייט. אָבער ער האָט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט. ער איז געווען אַנטשלאָסן, מיט גוטן אָדער מיט בייזן, אָפּצורוימען אינגאַנצן דעם אַלטן דייטשישן געשמאַק. ס׳האָט געפעלט דערצו די מעגלעכקייט: נישט מיט עטלעכע שמועסן, ווען ער האָט קוים מיט צרות געפונען די נויטיקע ווערטער און ווען ער איז שטאַרק באַפאַלן די גרויסע מוזיקער, און אפילו די, מיט וועמען ער האָט גערעדט, — האָט מען געקאָנט וועמען-עס-איז איבערצייגן: ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן צו שאַפן זיך נאָך עטלעכע שונאים. ער האָט געדאַרפט פריער צוגרייטן און באַאַרבעטן זיינע געדאַנקען און ערשט דעמאָלט צווינגען דעם עולם זיי אויסצוהערן...

און דווקא דעמאָלט האָט אים זיין מזל — זיין שלימזל — גע-געבן די מיטלען דערצו.

ער איז געזעסן מיט אַ גרופּע אָרקעסטער-שפּילער ביי אַ טיש אין טעאַטער-רעסטאָראַן און זיי אויפגערעגט מיט זיינע מיינונגען וועגן קונסט. נישט אַלע פון זיי האָבן מסכים געווען צו זיינע מיי-נונגען, אָבער אַלע אָן אויסנאַם זענען געווען באַליידיקט פון זיינע אומגעצווימטע רייד. דער אַלטער קראַוזע, דער אַלט-שפּילער, אַ וווילער מענטש און גוטער מוזיקער, וואָס האָט קריסטאָפן אויפריכטיק ליב גע-האַט, האָט געפּרוּווט איבערצערייסן דעם שמועס: ער האָט אונטערגע-

סט און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אַריינצוואַרפן אין די רייד אַ שאַרפן וויץ, אַ ווערטער-שפּיל. אָבער קריסטאָף האָט נישט געהערט; ער האָט ווייטער גערעדט דאָס זייניקע. קראַוזען האָט עס פּשוט גע-קרענקט; ער האָט געטראַכט אין האַרצן:

— וואָס שטופּט אים צו רעדן דווקא וועגן אָט די זאַכן? זאָל אים גאָט אָפּהיטן! ער מעג זיך טראַכטן, וואָס זיין האַרץ גלוסט, אָבער רעדן דערפון זאָל ער נישט, צום טייוול!

מערקווירדיק, — ער, דער אַלטער קראַוזע, האָט אין פלוג אויך געטראַכט וועגן „אָט די זאַכן"; עפּעס, לפּחות, האָט ער געפילט, און קריסטאָפס רייד האָבן דערוועקט אין אים ספקות. ער האָט אָבער דעם מוט נישט געהאַט עס מודה צו זיין און דער עיקר — עס הויך צו רעדן, — אַ ביסל פון מורא נישט צו קאָמפּראָמיטירן זיך, חלילה, און אַ ביסל צוליב עניוות און אומצוטרוי צו זיך אַליין.

ווייגל דער קאָרנעטיסט האָט אויך דערפון נישט געוואָלט הערן און טראַכטן. ער איז בטבע גרייט געווען צו כאַפּן התפּעלות פון אַבי-וואָס און אַבי-וועמען, נישט קיין נפקא-מינה — גוט אָדער שלעכט, אַ שטערן צי אַ גאַז-לאַמטערן: אַלץ איז געשטאַנען אויף איין און דער זעלבער מדרגה; ביי אים איז נישט שייך געווען מער התפּעלות אָדער ווייניקער התפּעלות: ער האָט באַוווּנדערט, באַוווּנדערט און נאָכאַמאָל באַוווּנדערט. ס'איז פאַר אים געווען פּשוט אַ לעבנס-פראַגע; ער האָט געליטן, ווען מ'האָט געצוימט זיין התפּעלות.

דער וויאָלאָנטשעליסט קוה האָט נאָך שטאַרקער געליטן. ער האָט מיטן גאַנצן האַרצן ליב געהאַט שלעכטע מוזיק. אַלץ, וואָס קריסטאָף האָט מיט זיין סאַרקאַזם און אָנגריפן גערודפט, איז אים געווען אָן אַ שיעור טייער: אינסטינקטיוו האָט ביי אים די קאָנווענציאָנעלסטע מוזיק צום שטאַרקסטן נושא חן געווען; זיין נשמה איז געווען אַ רע-זערוואַר פון קלאָגעדיקע און פּאַטעטישע געפילן. באמת, ער האָט נישט אָפּגענאַרט קיינעם מיט זיין צערטלעכן קולט פאַר די פאַלשע גרויסע לייט. ער האָט זיך גענאַרט בלויז דאַן, ווען ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער באַוווּנדערט די אמתע גרויסע מענער. — אגב, האָט ער עס געטון פון נאַיווקייט. עס זענען פאַראַן „בראַהמיטער", וואָס גלייבן, אַז זיי געפינען אין זייער גאָט דעם אָטעם פון די פאַרשטאָר-בענע גאונים: זיי האָבן ליב בעטהאָווענען און בראַהמסן. קוה האָט געטון נאָך בעסער: ער האָט ליב געהאַט בראַהמסן און בעטהאָווענען.

נאָר צום שטאַרקסטן האָבן קריסטאָפס פּאַראַדאָקסן אויפגעבראַכט דעם באַס-שפּילער, שפּיץ. נישט זיין מוזיקאַלישער חוש האָט געליטן, נאָר זיין נאַטירלעכער שקלאַפן-אינסטינקט. איינער פון די רוימישע קיסרים האָט געוואָלט שטאַרבן שטייענדיק. שפּיץ האָט געוואָלט שטאַרבן אויף זיין צוגעקוועטשן בויך, פּונקט ווי ער האָט זיין גאַנץ לעבן געלעבט: ס'איז געווען זיין נאַטירלעכע פּאָזיציע; זיין גרעסטע הנאה איז געווען צו לעקן די פיס ביי יעדן, וואָס איז געווען אָפיציעל, פאַרהייליקט, „דערהויבן”; און ער איז געווען אויסער זיך, ווען מ'האָט אים געוואָלט שטערן אין זיין לאַקיי-ראָלע, וואָס ער האָט ליב געהאַט.

אָט אַזוי איז אַוועק אַ סדרה: קוה האָט נעבעך געקרעכצט, טייגל האָט געמאַכט פאַרצווייפלטע האַוואַיעס, קראַוזע האָט געפּלאַפּלט גלאַט אין דער וועלט אַריין, און שפּיץ האָט זיך געריסן אויפן גאָרגל. קריסטאָף האָט זיך אָבער געשריען מער פון אַלע און דערציילט נישט-געשטויגענע גוזמאות וועגן דייטשלאַנד און די דייטשן.

ביי אַ שכנותדיק טישל האָט אַ יונגערמאַן זיך צוגעהערט צו די געוואַלדן און זיך געהאַלטן פאַר די זייטן פון געלעכטער. ער האָט געהאַט שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, שיינע קלוגע אויגן, אַן אָנגעזעענע נאָז, וואָס האָט, אָנקומענדיק צו איר שפּיץ, נישט געקאָנט באַשליסן, צי זאָל זי גיין אויף רעכטס אָדער אויף לינקס און דעריבער געגאַנגען אויף ביידע זייטן מיטאַמאָל, גראָבע ליפּן, און אַ לעבעדיקע, באַוועגלעכע צורה, וואָס האָט זיך מיט שפּאַנונג צוגעקוקט צו קריסטאָפן, צוגעקלעפּט זיך צו זיינע ליפּן און אָפּגעשפּיגלט יעדעס וואָרט זיינס מיט אַ סימפּאַטישער און טיילמאָל אָפּלאַכנדיקער מינע. זיין שטערן האָט זיך בשעת-מעשה שטאַרק געקנייטשט ביי די שלייפן, געקרומט זיך פון געלעכטער, און זיין גאַנצער גוף האָט זיך פון צייט צו צייט געטרייסלט פון קאָפּ ביז די פיס, ווי אין אַ קאָנוווּלסיוון צושטאַנד. ער האָט זיך נישט אַריינגעמישט אין שמועס, נאָר נישט דורכגעלאָזט קיין איין איינציק וואָרט. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע הנאה, בעת ער האָט געזען, ווי קריסטאָף פּלאָנטערט זיך אין זיינע ראיות, צוגעשטופּט צום וואַנט דורך שפּיצן, ווי ער וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן, מורמלט און שטאַמלט מיט כעס, ביז ער געפינט דאָס פּאַסיקע וואָרט, — ממש אַ פעלזן-שטיין, מיט וועלכן ער האָט צעקלאַפּט זיין קעגנער. זיין פאַרגעניגן האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, בעת קריסטאָף איז געוואָרן מיטגעריסן פון זיין ליידנשאַפט, אַריבער די

ברענעצן פון זיין געדאַנק און געזאָגט אַזעלכע משונהדיקע פּאַראַדאָקסן, וואָס האָבן אַרויסגערופן ממש אַ ווילדן געברום ביי זיינע צוהערער.

לסוף זענען זיי זיך צעגאַנגען, מיד פון ברענגען נאָך ראיות צו זייערע טענות, וואָס יעדערער האָט געהאַלטן פאַר גערעכט. קריסטאָף איז געבליבן דער לעצטער אין זאַל, און בעת ער האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין, איז צו אים צוגעגאַנגען יענער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך מיט הנאה צוגעהערט צו זיינע רייד. קריסטאָף האָט אים נאָך נישט געהאַט באַמערקט. יענער האָט זיך העפלעך פאַרנייגט און מיט אַ שמייכל געבעטן, ער זאָל אים דערלויבן זיך פאָרצושטעלן:

— פראַנץ מאַנהיים.

ער האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער איז געווען אַזוי נישט דיסקרעט און זיך צוגעהערט צום וויכוח, און גראַטולירט קריסטאָפן, וואָס ער האָט אַזוי מייסטערהאַפט צעקלאַפּט זיינע קעגנער. ער האָט נאָך געלאַכט, טראַכטנדיק דערפון. אַ גליקלעכער האָט אים קריסטאָף אָנגעקוקט, אָבער מיט אַ געוויסן אומצוטרוי:

— איר מיינט עס ערנסט? — האָט ער געפרעגט, — איר טרייבט נישט קיין חוזק פון מיר?

יענער האָט זיך געשווירן. קריסטאָפס פנים האָט אויפגעשטראַלט:

— האַלט איר, בכן, אַז איך בין גערעכט? באמת? איר זענט מסכים מיט מיר?

— הערט אויס, — האָט מאַנהיים געענטפערט, — אמת, קיין מוזיקער בין איך נישט און קיין מבין אויף מוזיק אויך נישט. די איינציקע מוזיק, וואָס געפעלט מיר, — (ס'איז נישט קיין חניפה, נאָר דער ריינער אמת), — איז אייערע... סוף-כל-סוף איז עס אַ באַווייז, אַז מיין געשמאַק איז נישט אַזוי שטאַרק פאַרדאָרבן...

— הע, הע! — האָט קריסטאָף מסופק געענטפערט, כאָטש די חניפהלע איז אים גראָד געווען צום האַרצן, — ס'איז נאָך אַ קנאַפּע ראיה.

— איר זענט שטרענג... נו, גוט!.. איך טראַכט פונקט, ווי איר מעג עס זיין אָן באַווייזן. דעריבער וועל איך זיך אָפּהאַלטן אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן אייער קוק אויף די דייטשע מוזיקער. אָבער איר האָט, לכל הדעות, אַרויסגעזאָגט אַ סך אמת וועגן די דייטשן בכלל, וועגן די אַלטע דייטשן, וועגן די אַלע ראָמאַנטישע אידיאָטן מיט

זייערע אָנגעבלאָזענע געדאַנקען, מיט זייער קלאָגעדיקער סענטימענ־טאַלקייט, מיט זייער זקנישער פּלוידעריי, וואָס פאָדערט מיר זאָלן באַ־וואונדערן, „אָט דער אייביקער נעכטן, וואָס איז שטענדיק געווען און וועט שטענדיק זיין, וואָס וועט מאָרגן ווערן אַ געזעץ, ווייל ס׳איז אַ געזעץ היינט״.

ער האָט ציטירט עטלעכע שורות פון שילערס באַרימט ליד:

„Das ewig Gestrige,

Das immer war und immer wiederkehrt“

— און קודם־כל ער אַליין! — האָט ער זיך איבערגעריסן אינ־מיטן ציטירן.

— ווער? — האָט קריסטאָף געפרעגט.

— דער, וואָס האָט עס געשריבן!

קריסטאָף האָט נישט פאַרשטאַנען. נאָר מאַנהיים האָט גערעדט ווייטער:

— קודם־כל וואָלט איך געוואָלט, אַז מ׳זאָל אַלע פופציק יאָר מאַכן אַן אַלגעמיינע רייניקונג אין דער קונסט און וויסנשאַפט און מ׳זאָל נישט איבערלאָזן קיין שום זאַך פון פריער.

— ס׳איז אַ ביסעלע צו ראַדיקאַל, — האָט קריסטאָף מיט אַ שמייכל געענטפערט.

— אָבער ניין, איך פאַרזיכער אייך. פופציק יאָר, — ס׳איז נישט צופיל; מ׳וואָלט באַדאַרפט אייגנטלעך זאָגן: דרייסיק... און נאָך!... עס האַנדלט זיך וועגן אַ היגיענישער מאָס. מ׳האַלט נישט אין שטוב קיין חפצים פון די זיידעס. ווען די שטאַרבן, שיקט מען זיי העפלעך אָפּ, זיי זאָלן פוילן ערגעץ־ווו, און מ׳לעגט אַרויף אויבן שטיינער, כדי צו זיין פולשטענדיק זיכער, אַז זיי וועלן נישט צוריקקומען. פיינע לייט לעגן אויך אַרויף בלומען. לאָז זיין אַזוי, ס׳איז מיר אַלץ איינס. דאָס, וואָס איך פאַרלאַנג, איז: זיי זאָלן מיך לאָזן צורו. וואָס שייך מיר — לאָז איך זיי גראָד צורו! יעדערער אויף זיין זייט: אויף איין זייט די לעבעדיקע, אויף דער אַנדערער זייט די טויטע.

— פאַראַן טויטע, וואָס זענען לעבעדיקער, ווי די לעבעדיקע.

— אָבער ניין, ניין! ס׳וואָלט געווען ריכטיקער, ווען איר זאָגט, אַז ס׳זענען פאַראַן לעבעדיקע, וואָס זענען טויטער, ווי די טויטע.

— אפשר. אַלנפאַלס, איז פאַראַן טיילמאָל אַלטס, וואָס איז נאָך יונג.

— פון מיינעטוועגן. אויב עס איז יונג, וועלן מיר עס געפינען אַליין... אָבער מיר גלויבט זיך נישט. דאָס, וואָס האָט געטויגט איין מאָל, קאָן שוין קיינמאָל מער אַ צווייט מאָל נישט טויגן. נאָר די ענדערונג איז גוט. קודם-כל מוז מען זיך באַפרייען פונם אַלטן. אין דייטשלאַנד איז דאָ צופיל אַלטס. אַ טויט די אַלטע!

קריסטאָף האָט זיך צוגעהערט צו זיינע היציקע רייד מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, און זיך באַמיט צו שטעלן די רייד אונטער אַ פראַ-גע-צייכן; ער האָט טיילוויז סימפּאַטיזירט מיט מאַנהיימס מיינונגען, ער האָט דערקענט אין זיי טיילמאָל זיינע אייגענע געדאַנקען; און אין דער זעלבער צייט איז אים נישט געווען ניחא צו הערן, ווי מ׳רעדט וועגן דעם אויף אַ קאַריקאַטוראַלן אופן. נאָר אַזוי-ווי ער האָט געמיינט, אַז אַנדערע זענען פונקט אַזוי ערנסט, ווי ער, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז יענער, מיט וועלכן ער שמועסט און וועלכער איז געבילדעטער פון אים און דריקט זיך אויס לייכטער, איז גערעכט און ציט בלויז אַרויס די לאָגישע קאָנסעקווענצן פון זיינע פּרינציפּן. דער שטאָלצער קריסטאָף, וואָס אַזוי פיל מענטשן האָבן אים נישט געקאָנט מוחל זיין זיין גלויבן אין זיך אַליין, איז, אדרבא, געווען גראָד אַ נאַיווער און באַשיידענער מענטש, וואָס האָט זיך געלאָזט אָפט נאַרן פון די, וואָס האָבן פאַרמאָגט מער בילדונג, ווי ער, — בפרט, ווען זיי האָבן עס אים נישט אַרויסגעוויזן, כדי אויסצומיידן אַ נישט-אָנגענעמען וויכוח. מאַנהיימס, וואָס האָט זיך געוויילט מיט זיינע איי-גענע פּאַראַדאָקסן און וואָס איז פון ענטפער צו ענטפער דערגאַנגען צו די משונהדיקסטע נאַרישקייטן, פון וועלכע ער האָט אַליין אין האַרצן געלאַכט, איז נישט געוויינט געווען, מ׳זאָל עס נעמען צו ערנסט; ס׳האָט אים הנאה געטון, וואָס קריסטאָף מאַטערט זיך צו געפינען אַן ענטפער אויף זיין שטותעריי אָדער אפילו זי צו פאַרשטיין; און בשעת-מעשה, בעת ער האָט אַליין חוזק געמאַכט, איז ער דאַנקבאַר געווען קריסטאָפן, וואָס ער גיט צו זיינע רייד אַזאַ ווערט: קריסטאָף האָט ביי אים אויסגעזען לעבערלעך און וווּיל.

זיי האָבן זיך זעזעגנט ווי גוטע פריינד; קריסטאָף האָט זיך לחלוטין נישט געוווּנדערט, ווען ער האָט מיט דריי שעה שפּעטער, בעת דער רעפּעטיציע אין טעאַטער, דערזען דורך רער קליינער טיר, וואָס פירט צום אָרקעסטער מאַנהיימס שטראַלנדיק, פאַרקרימט פּנים, וואָס האָט אים געגעבן געהיימע צייכנס. ווען די רעפּעטיציע האָט זיך

געענדיקט, איז קריסטאָף צוגעגאַנגען צו אים. מאַנהיים האָט אים אויף אַ היימישן אופן געבומען אונטערן אָרעם:

— איר האָט אַ ווײַלע צײַט?.. הערט. ס׳איז מיר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק. אפשר וועט איר עס האַלטן פאַר אַן אומזין... צי וואָלט איר אַמאָל נישט געוואָלט אָנשרײַבן דאָס, וואָס איר מיינט וועגן מוזיק און מוזיקער? אַנשטאָט אײַנרײַסן זיך אין האַלז צו דרשענען פאַר פיר שוטים פון אײַער חברה, וואָס קאָנען קוים בלאָזן אין שטיקער האָלץ,— צי וואָלט נישט געווען פאַר אײַך בעסער זיך צו ווענדן צו דער ברייטער עפנטלעכקייט?

— צי ס׳וואָלט נישט געווען בעסער? צי איך וואָלט געוואָלט?.. צו אַלדי רוחות! און ווו, ווילט איר, זאָל איך שרײַבן? איר זענט באמת אַ ווילער מענטש! איר...

— אָט איז עס: כ׳האָב פאַר אײַך אַ פאָרשלאַג... איך און עטלעכע פרײַנד: — אַדאַלבערט פון וואַלדהויז, רפאל גאָלדענרינג, אַדאָלף מאַי און לוציען ערענפעלד — האָבן אָרגאַניזירט אַ צײַטשריפט, וואָס איז די איינציקע אינטעליגענטע צײַטונג אין שטאָט: „דיאָניזאָס"... (איר קענט עס זיכער?..) מיר זענען אַלע אײַערע אָנהענגער, און מיר וועלן זײַן גליקלעך, אַז איר וועט ווערן אַן אונזעריקער. ווילט איר נעמען אויף זיך די מוזיקאַלישע קריטיק?

קריסטאָף איז געוואָרן צעטומלט פון אַזאַ כבוד: ער איז פשוט אויסגעגאַנגען פון חשק מסכים צו זײַן; ער האָט נאָר מורא געהאַט, טאָמער איז ער דערצו נישט ראוי: ער האָט נישט געקאָנט שרײַבן.

— לאָזט געמאַך, — האָט מאַנהיים געזאָגט, — איך בין זיכער, אַז איר קענט זייער גוט. און אויסערדעם, קוים ווערט איר אַ קריטיקער, באַזיצט איר אַלע רעכט. מ׳דאַרף זיך נישט רעכענען מיטן עולם. ער איז נאַריש. ס׳איז גאָר ווייניק צו זײַן אַ קינסטלער: אַ קינסטלער איז אַ מין קאָמעדיאַנט, וועמען מען מעג אויספײַפן. אָבער אַ קריטיקער איז יענער מענטש, וואָס האָט דאָס רעכט צו זאָגן: „פײַפט מיר נאָר אויס יענעם מענטשן!" דער גאַנצער עולם לייגט אַרויף אויף אים די טרחה צו טראַכטן. טראַכט זיך אַלץ, וואָס אײַער האַרץ גלוסט. מאַכט זיך לפּחות, אַז איר טראַכט עפּעס. אַבי איר זאָלט נאָר דערלאַנגען אָט די גענז זייער שפּײַז, נישט ווילכטיק וואָס: זיי וועלן אַלץ אַראָפּשלינגען.

ס׳האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז קריסטאָף האָט מסכים געווען

און אים זייער האַרציק געדאַנקט. ער האָט געשטעלט נאָר איין תּנאַי: ער זאָל האָבן דאָס רעכט צו זאָגן אַלץ, וואָס ער וויל.

— נאַטירלעך, נאַטירלעך, — האָט מאַנהיים געענטפערט. — אַבּ-סאָלוטע פרייהייט! יעדער פון אונז איז פולשטענדיק פריי.

מאַנהיים איז צום דריטן מאָל געקומען אָוונט-צייט זובּן קרי-סטאָפן אין טעאַטער נאָך דער פאָרשטעלונג, כּדי אים צו באַקאָנען מיט אַדאַלבערטן פון וואַלדהויז און מיט די איבעריקע פריינד. זיי האָבן אים האַרציק אויפגענומען.

חוץ וואַלדהויזן, וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער מיוחסדי-קער לאַנדס-משפּחה, זענען אַלע געווען יידן און גראָד זייער רייכע: מאַנהיים, אַ זון פון אַ באַנקיר; גאָלדענרינג — אַ זון פון אַ באַקאַנטן אייגנטימער פון וויין-פאַבריקן; מאַי, אַ זון פון אַ דירעקטאָר פון אַ מעטאַל-פאַבריק און ערענפעלד — אַ זון פון אַ גרויסן צירונגס-סוחר. זייערע עלטערן האָבן געהערט צום אַלטן יידישן דור, וואָס איז גע-ווען אַרבעטזאַם און עקשנותדיק צוגעבונדן צום גייסט פון זייער ראַסע, געזאַמלט גרויס עשירות מיט אַ ווילדער ענערגיע און הנאה געהאַט מער פונם זאַמלען, ווי פון די אוצרות גופא. די זין זענען ווי גע-בוירן געוואָרן חרוב צו מאַכן דאָס, וואָס די פאָטערס האָבן אויפגע-בויט; זיי האָבן חוזק געמאַכט איבער די פאָראורטיילן פון זייערע משפּחות און איבער דער מאַניע פון עקאָנאָמישע, שפּאָרזאַמע מוראַש-קעס; זיי האָבן זיך געשפּילט אין קונסט און הנאה געהאַט פון דעם, וואָס זיי פאַרצאַכטן זייער עשירות און וואָס זיי פאַרשווענדן געלט לרוב. זיי האָבן טאַקע אין דער ווירקלעכקייט אַרויסגעוואָרפן צופיל געלט; יאָ, זיי האָבן נישט איין מאָל אָפּגעטון משוגענע זאַכן, נאָר דערביי האָבן זיי קיינמאל נישט דערשטיקט אין זיך זייער פּקחות און פּראַק-טישן חוש. איבעריקנס האבן די עלטערן געהאַט איבער זיי השגחה און געהאַלטן זיי אין צוימען. דער פאַרשווענדערישסטער פון זיי, מאַנ-היים, וואלט מיטן גאַנצן האַרצן פאַרשווענדט אַלץ, וואס ער האט: ער האָט אָבער גאָרנישט פאַרמאָגט; און הגם ער פלעגט הויך אויפן קול אָפּלאַכן פון זיין טאַטנס קמצאות, האָט ער אָבער אין האַרצן אַליין

זיך געמאַכט דערפֿון און געהאַלטן, אַז דער טאַטע איז גערעכט. די אונטערשטע שורה: נאָר איין וואַלדהויז, וואָס איז געווען דער באַלע־באָס איבער זיין פֿאַרמעגן, האָט מיט חשק אויסגעגעבן גרויסע סומעס געלט אויפֿצוהאַלטן די צייטשריפֿט. ער איז געווען אַ דיכטער, געשריבן „פֿאָלימעטערס" און זשאַנר פֿון אַרנאָ האָלץ און וואַלט וויטמאַן, זייער לאַנגע און זייער קורצע פֿערזן, ווי די פּונקטן, טאָפּל־פּונקטן און פֿיל־פּונקטן, שטריכן, געדאַנקען־צייכנס, גרויסע אותיות, קורסיווע אותיות און אונטערגעשטראָכענע ווערטער האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע, נישט ווינציקער, ווי די „אַליטעראַציעס" און איבערחזרונגען — פֿון ווערטער, שורות און אפֿילו פֿון גאַנצע זאַצן. ער האָט דערביי אַריינ־געוואָרפֿן ווערטער פֿון אַלערליי פֿרעמדע שפּראַכן. ער האָט געוואָלט זיין אַ דיכטער (מ'האָט קיינמאָל נישט געקאָנט דערגיין פֿאַרוואָס) אַ לאַ סעזאַן. דעם אמת געזאָגט, האָט ער פֿאַרמאָגט אַ גענוג פּאָעטישע נשמה, וואָס האָט מיט עמפּינדלעכקייט אויפֿגענומען באַנאַלע זאַכן. ער איז געווען סענטימענטאַל און טרוקן, נאַיוו און אַ פּוסטער בעל־גאווה; זיי־נע באַאַרבעטע פֿערזן האָבן פֿאַרמאָגט אין זיך אַ נייגונג צו העלדישער אָפּגעלאָזנקייט. ער וואָלט געווען אַ גוטער סאַלאָן־דיכטער. נאָר עס זע־נען געווען זייער פֿיל דיכטער פֿון דעם מין אין די זשורנאַלן און סאַלאָנען, און ער האָט געוואָלט זיין אַן איין און איינציקער. ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ צו שפּילן די ראָלע פֿון אַ גרויסן האַר, וואָס שטייט איבער די פֿאָראורטיילן פֿון זיין קאַסטע. ער האָט אַליין פֿאַרמאָגט מער פֿאָראורטיילן, ווי אַנדערע, נאָר אין דעם זיך נישט מודה געווען. ער האָט געהאַט פֿאַרגעניגן אַרומצורינגלען זיך אינם זשורנאַל, ווו ער איז געווען דער גאַנצער רעדל־פֿירער, מיט יידן, כּדי אויפֿצורעגן זיינע שטאַרק־אַנטיסעמיטישע קרובים און כּדי צו באַווייזן, אַז ער איז אַ מענטש מיט אַ פֿרייען גייסט. ער פֿלעגט אַרויסווייזן זיינע קאָלעגן אַ העפֿלעכע גלייכגילטיקייט. נאָר אין האַרצן האָט ער געפֿילט צו זיי אַ שטילע גרענעצלאָזע פֿאַראַכטונג. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז זיי זענען לדהוט צו באַנוצן זיך מיט זיין נאָמען און מיט זיין געלט, און ער האָט זיי נאָכגעגעבן, כּדי צו האָבן דעם פֿאַרגעניגן צו פֿאַראַכטן זיי.

אויך זיי האָבן אים פֿאַראַכט דערפֿאַר, וואָס ער גיט זיי נאָך ווייל זיי האָבן זייער גוט געוווּסט, אַז ער האָט דערפֿון אַ נוצן. וואַלד־הויז, וואָס האָט געהאַלטן אין איין געבן און געבן, האָט געשטעל־ט

צו זייער דינסט זיין נאָמען און פאַרמעגן; און זיי האָבן אים דער־
פאַר געצאָלט מיט זייער טאַלענט, פראַקטישן חוש און מיט אַ לעזער־
עולם. זיי זענען געווען פיל אינטעליגענטער פון אים. נישט דערפאַר,
וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט מער פערזענלעכקייט. זיי זענען געווען אפשר
קלענערע פערזענלעכקייטן פון אים. אָבער אין דעם קליין שטעטל
זענען זיי ווי אומעטום און ווי שטענדיק — אַ דאַנק זייער ראַסן־
אונטערשייד, וואָס האָט זיי, זינט לאַנגע דורות, אָפּגעזונדערט פון דער
וועלט און אַנטוויקלט אין זיי די פעיקייט פון חוזקלעכער אָבסערוואַ־
ציע — געווען די פראָגרעסיווסטע גייסטער, די עמפינדלעכסטע אויף
דער לעכערלעכקייט פון די פאַרשימלטע אינסטיטוציעס און פאַרעלטער־
טע געדאַנקען. דאָס, וואָס זייער כאַראַקטער איז געווען ווייניקער פריי,
ווי זייער אינטעליגענץ, האָט זיי נישט געשטערט צו זוכן, מעשה־חוזק,
וואָס מער נוצן פון די אינסטיטוציעס און געדאַנקען, אָנשטאָט זיי צו
רעפאָרמירן. כאָטש זיי האָבן פון זייערע פרייע מיינונגען געמאַכט אַ
פּראָפעסיע, זענען זיי, פונקט ווי דער אַדלמאַן אַדאַלבערט, קליינע
פּראָווינץ־גבירים, געווען קינדער פון רייכע טאַטעס און אויך ליידיק־
גייער, וואָס האָבן געמאַכט די ליטעראַטור פאַר אַ ספּאָרט און פלירט.
זיי האָבן גערן געמאַכט דעם אָנשטעל פון מענטשן, וואָס גייען חרוב
מאַכן די וועלט, אָבער אין דער אמתן זענען זיי געווען ווילע חברה־
לייט און אָנגערירט נאָר אינם כבוד פון שטילע מענטשן, וואָס זענען
נישט פעיק צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אָדער פון אַזעלכע, וואָס האָבן,
לויט זייער מיינונג, נישט געקאָנט טון זיי קיין שלעכטס. זיי האָבן
זיך געהיט נישט איינצערייסן זיך מיט דער געזעלשאַפט, ווו זיי האָבן
געזאָלט — זיי האָבן עס גוט געוווסט — אַריין מיט דער צייט, כדי
צו לעבן רויק, ווי אַלע, און שלום צו מאַכן מיט די פאָראורטיילן,
וואָס זיי האָבן איצט באַקעמפט. און ווען זיי האָבן שוין יאָ ריזיקירט
אויפצוהויבן אַ געשריי אָדער צו מאַכן אַ רעקלאַמע און זיי זענען
אַרויס מיט אַ טומל מלחמה צו האַלטן מיטן אָפּגאָט פון טאָג, — וואָס
האָט זיך שוין סיי־ווי־סיי קוים געהאַלטן אויף די פיס, — האָבן זיי
זיך געהיט, נישט צו פאַרברענען, חלילה, די בריקן הינטער זיך: אין
פאַל פון אַ סכנה האָבן זיי פשוט געמאַכט פליטה. און דער פועל־יוצא
פון אַזאַ מלחמה מיט דער וועלט איז געווען, אַז נאָכדעם, ווי זי האָט
זיך מיט מזל געענדיקט, פלעגט דויערן אַ היפּשע צייט, איידער זיי
פלעגן אָנהויבן מלחמה צו האַלטן פונדאָסניי; די פיליסטער האָבן זיך

געמעגט פֿאַרגינען גאַנץ רויק צו שלאָפֿן. די דאָזיקע נייע Dawtdsbündler האָבן געשטרעבט בלויז איינצורעדן דעם עולם, אַז ווען זיי וואָלט זיך פֿאַרגלוסט, וואָלטן זיי געקאָנט זיין שרעקלעך: — ס'האָט זיך אָבער זיי קיינמאָל נישט געגלוסט. זיי האָט זיך בעסער געוואָלט זיך דוצן מיט די אַקטיאָרן און עסן אָוונטברויט מיט די אַקטריסעס.

קריסטאָף האָט זיך געפֿילט שלעכט אין דער סביבה. זיי האָבן ס'רוב גערעדט מכּוח פֿרויען און פֿערד, און גערעדט אָן קיין שום חן. זיי זענען געווען אָנגעצויגן. אַדאַלבערט פֿלעגט זיך אויסדריקן פֿאַמעלעך, ציענדיק יעדעס וואָרט, מיט אַ ראַפֿינירטער, לאַנגווייליקער און אַליין-פֿאַרלאַנגווייליקטער העפֿלעכקייט. אַדאָלף מאַי, דער סעקרעטאַר פֿון דער רעדאַקציע, אַ שווערער, ברייטער יונגערמאַן, מיט אַ קאָפּ, וואָס איז אַראָפּגעזונקען אין די אַקסלען אַראָפּ און מיט אַ ברוטאַלן אויסזען, האָט שטענדיק געוואָלט זיין גערעכט; ער פֿלעגט איבערשלאָגן יענעמס רייד, קיינמאָל נישט געהערט, וואָס יענער זאָגט, און ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געפֿילט פּשוט אַ פֿאַראַכטונג צום קעגנערס מיינונג און נאָך מער צום קעגנער גופֿא. גאָלדענרינג, דער קונסט-קריטיקער איז געווען נערוועיש און געהאַט אייביק-פֿינטלענדיקע אויגן הינטער די ברייטע ברילן; — כּדי אויסצוזען אינגאַנצן געניי, ווי די מאָלער, וועלכע ער פֿלעגט באַזוכן, האָט ער געטראָגן לאַנגע האָר, שווייגנדיק גערויכערט און געקייט שטיקער זאַצן, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט דערקייט ביזן סוף, און בשעת-מעשה געמאַכט מיטן פֿינגער אומבאַשטימטע באַוועגונגען אין דער לופֿטן. ערענפֿעלד, אַ קליינער, כּליכעוואַטער און שמייכלענדיקער, מיט אַ בלאָנד בערדל, מיט אַ פֿיינעם, פֿאַרמאַטערטן פּנים און אויסגעקרימטע נאָז, פֿלעגט שרייבן אין דער צייטשריפֿט וועגן מאָדע און די וועלט-כראָניק. ער פֿלעגט רעדן מיט אַ מילדער שטים וועגן באַקאַנטע זאַכן; ער האָט פֿאַרמאָגט וויץ, אַ בייזן און טיילמאָל נישט קיין איידעלן. — אָט די אַלע יונגע מיליאָנערן זענען, נאַטירלעך, געווען אַנאַרכיסטן, ווי ס'האָט זיך געפּאַסט צום רומל: בעת מ'פֿאַרמאָגט אַלץ, איז נישטאָ קיין העכערער תּענוג, ווי צו פֿאַרלייקענען די געזעלשאַפֿט, ווייל אַזוי-אַרום ווערט מען פּטור פֿון די אייגענע חובֿות. ס'איז פּונקט ווי אַ גנבֿ, וואָס באַראַבעוועט אַ דורכגייער און זאָגט אים שפּעטער: „וואָס וואַרטסטו נאָך דאָ? גיי זיך! איך דאַרף דיך שוין מער נישט.“

פֿון דער גאַנצער גרופּע האָט קריסטאָף געפֿילט די שטאַרקסטע

סימפּאַטיע צו מאַנהיימען: ער האָט בלי-ספק פאַרמאָגט אין זיך צום מערסטן לעבן פון אַלע פינף; אַלץ האָט אים געוויילט, סיי דאָס, וואָס ער פלעגט זאָגן אַליין, סיי דאָס, וואָס אַנדערע פלעגן זאָגן; שטאַמלענדיק, לאַכנדיק, נאָכשפּאָטנדיק אַנדערע און רעדנדיק נישט צו דער זאַך, איז ער נישט געווען מסוגל אויסצוהערן עמעצנס אַ מיינונג ביזן סוף און אויך נישט זיך אַליין קלאָר צו מאַכן זיינע אייגענע מיינונגען; ער איז אָבער געווען אַ ווילער יונג, אָן שנאה קעגן ווער-עס-איז און אָן אַ סימן פון אַמביציע. אין דער אמתן איז ער נישט געווען איבעריק אָפנהאַרציק: ער האָט שטענדיק געשפּילט אַ ראָלע; ער האָט עס אָבער געטון נישט בכיוון און דערביי קיינעם קיין שאָדן נישט געבראַכט. ער פלעגט זיך באַגייסטערן מיט אַלערליי משונהדיקע אוטאָפּיעס — ס׳רוב אײדעלע. ער איז געווען צו שאַרפזיניק און חוזקמאַכער, ער זאָל אין זיי גלויבן; ער האָט שטענדיק געקאָנט אָפּהיטן זיין קאַלטבלוטיקייט, אפילו ווען ער איז געווען אויפגערעגט, און ער האָט זיך קיינמאָל נישט קאָמפּראָמיטירט, חס ושלום, מיט דער פאַרווירקלעכונג פון זיינע טעאָריעס. נאָר ער האָט געדאַרפט האָבן שטענדיק עפּעס אַ נייעס, וואָס איז געווען פאַר אים אַ שפּיל און וואָס ער פלעגט אָן אויפהער ענדערן. אין יענער צייט איז זיין שוואַכער פּונקט געווען גוטסקייט. ער איז נישט נאָר געווען נאַטירלעך גוט; ער האָט געוואָלט זיך אַרויסווייזן פאַר אַ גוטן; ער האָט געדרשנט, אַז מ׳דאַרף זיין גוט, ער האָט נאָכגעמאַכט גוטע מענטשן. להיפּוך צו דער טרוקענער און האַרטער אַקטיווקייט פון זיינע אייגענע, אין קעגנזאַץ צו דיסציפּלין, מיליטאַריזם און דייטשן פיליסטערטום, — איז ער געווען אַ טאָלסטאָיאַנער, אַ נירוואַניסט, אַן עוואַנגעליסט, אַ בודדיסט, — ער האָט אַליין געווּי נישט געוווּסט, וואָס ער איז, — אַ נביא פון אַ ווייכער, קנאָכנלאָזער מאָראַל, וואָס איז אַלץ אַלעמען מוחל, אַ לייכט-נאָכגיביקער אין לעבן; ער פלעגט מיט באַגייסטערונג מוחל זיין אַלע זינד, בפרט די לייב-זינד, און פלעגט נישט באַהאַלטן זיין באַזונדערס-וואַרעמע באַציונג צו די, וואָס זענען דערביי געשטרויכלט געוואָרן; ער פלעגט דווקא נישט קאָנען אַזוי לייכט מוחל זיין דער צניעות; — מיט איין וואָרט, ער האָט געפּרעדיקט אַ מאָראַל, וואָס איז געווען אייגנטלעך אַ פאָרשריפט פאַר תענוגים. אַ באַקוועמע תורה פון קעגנזייטיקע הנחות, וואָס האָט זיך געוואָלט קליידן אין אַן אָרעאָל פון הייליקייט. ס׳האָט געשטעקט דערין אַ געוויסע צביעות, וואָס האָט

נישט געשמעקט אַזוי גוט דעם איידעלן פיינשמעקער און וואָלט געקאָנט אַרויסרופן אַן אמתן עקל, ווען זי זאָל גענומען ווערן ערנסט. נאָר זי האָט דערצו נישט געשטרעבט; זי האָט געחוזקט פון זיך אַליין. אָט דאָס ווויליונגערישע קריסטנטום האָט נאָר געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אָפּצוטרעטן פאַר אַן אַנדער תּורה, — נישט וויכטיק פאַר וועלכער: פאַר אַ תּורה פון ברוטאַלער קראַפט, פון אימפּעריאַליזם, פון „לייבן, וואָס לאַכן". — מאַנהייט האָט געשפּילט אַ קאָמעדיע; ער האָט זיך איר איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן; ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער פאַרמאָגט כּסדר אַזעלכע געפילן, וואָס ער האָט אין דער ווירקלעכקייט נישט געהאַט, — איידער ער האָט געדאַרפט ווערן אַ גוטער, עלטערער ייד, ווי די איבעריקע, מיט אַלע אייגנשאַפטן פון זיין ראַסע. ער איז געווען זייער סימפּאַטיש און שטאַרק אָנציענדיק.

אַ באַשטימטע צייט איז קריסטאָף געהען איינס פון זיינע ליבלינגס-שפּילצייג. ער פלעגט נישט אַרויסלאָזן קריסטאָפן פון מויל און אומעטום צעפּויקט זיין נאָמען. ער פלעגט פאַר זיין משפּחה אָן אויפהער זינגען לויב-געזאַנגען וועגן אים. לויט זיינע רייד איז אויסגעקומען, אַז קריסטאָף איז עפּעס אַ גאון, אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש, וואָס שאַפט משונהדיקע, לעכערלעכע מוזיק און רעדט דערפון אויף אַ וווּנדערלעכן אָריגינעלן און שאַרפזיניקן אופן, — און איז דערצו זייער שיין: אַ שיין מויל, פּראַכטפולע ציין. ער האָט דערביי אויך צוגעגעבן, אַז קריסטאָף כאַפּט פון אים התפּעלות. — לסוף האָט ער אים איינמאָל אין אָוונט געבראַכט צו זיך אויף אָוונט-ברויט, און קריסטאָף האָט זיך באַקענט מיט זיין פריינדס פאָטער, לאָטאַר מאַנהיים, און זיין שוועסטער — יהודית.

קריסטאָף האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן באַזוכט אַ יידיש הויז. הגם די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אין שטעטל זייער צאָלרייך און האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט, צוליב איר עשירות, סאָלידאַריטעט און אינטעליגענץ, — האָט זי דאָך געלעבט אָפּגעזונדערט. די שכנישע קריסטן האָבן געפילט צו די יידן אַ שטאַרקן פאָראורטייל און אַ באַהאַלטענע שנאה, — נישט קיין גיפטיקע, אָבער דאָך

פול מיט פאַראַכטונג. קריסטאָפס משפחה האָט אויך געהאַט די זעלבע געפילן. זיין זיידע האָט נישט ליב געהאַט קיין יידן; אָבער די אי-ראָניע פונם גורל האָט אַזוי געמאַכט, אַז זיינע צוויי בעסטע תלמידים פון מוזיק, — (איינעד איז געוואָרן אַ קאָמפּאָזיטאָר, דער צווייטער — אַ באַרימטער ווירטואָז), — זענען געווען יידן; דער אַלטיטשקער האָט זיך געפילט אומגליקלעך, ווייל אין די מינוטן, ווען ער האָט געוואָלט כאַפּן קושן די צוויי גוטע שפּילער, האָט ער זיך מיט טרויער דער-מאָנט, אַז זיי האָבן אויפגעהאָנגען גאָט אויפן קרייץ; ער האָט נישט געוווּסט, ווי שלום צו מאַכן צווישן די צוויי סתירותדיקע געפילן. סוף-כל-סוף פלעגט ער זיי יאָ אַרומנעמען. ער איז געווען גענייגט צו גלויבן, אַז גאָט וועט זיי מוחל זיין, ווייל זיי האָבן שטאַרק ליב מו-זיק. — קריסטאָפס פאָטער, מעלכיאָר, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פריידענקער, האָט נישט שטאַרק מדקדק געווען, בעת ער פלעגט נעמען ביי יידן געלט; ער האָט געפונען, אַז אַזוי איז גוט, נאָר ער פלעגט זיי אויסלאַכן און געפילט צו זיי אַ פאַראַכטונג. — וואָס שייך זיין מאַמען, איז זי נישט געווען זיכער, צי באַגייט זי נישט קיין עבירה דערמיט, וואָס זי פאַרדינגט זיך פאַר אַ קעכין אין יידישע הייזער. די, מיט וועלכע זי האָט געהאַט צו טון, האָבן זיך, אגב, באַ-צויגן צו איר גאַנץ בייז: פונדעסטוועגן האָט זי נישט געהאַט אויף זיי קיין פאַרדרוס, זי האָט בכלל אויף קיינעם קיין האַרץ נישט גע-טראָגן; זי איז נאָר געווען פול מיט רחמנות צו די דאָזיקע אומגליק-לעכע, וואָס גאָט האָט פון זיך אָפּגעשטויסן; זי פלעגט טיילמאָל ווערן טרויעריק, בעת זי האָט געזען די טאָכטער פונם הויז אָדער געהערט די פריילעכע קינדערשע געלעכטערס:

— אַזאַ שיינער מענטש!.. אַזעלכע שיינע קינדער!.. ס'אַראַ שאָד!..

— פלעגט זי טראַכטן.

ווען קריסטאָף האָט איר געזאָגט, אַז ער גייט אין אָוונט צו די מאַנהיימס, האָט זי נישט געהאַט קיין מוט קריסטאָפן צו זאָגן אַ וואָרט; אָבער דאָס האַרץ האָט איר וויי געטון. זי האָט געטראַכט, אַז אייגנט-לעך דאַרף מען נישט גלויבן אין אַלדאָס בייז, וואָס מ'רעדט אויס אויף יידן, — (מ'רעדט שלעכטס אויף אַלעמען), — און אַז אומעטום געפינען זיך ווילע מענטשן, נאָר פונדעסטוועגן איז גלייכער, אַז יע-דערער זאָל בלייבן ביי זיך: יידן — באַזונדער און קריסטן — באַ-זונדער.

קריסטאָף האָט נישט געהאַט קיין איינעם פון די דאָזיקע פאַרורטיילן. אַ דאַנק זיין אייביקער רעאַקציע קעגן זיין סביבה, האָט אים אָט די לחלוטין־אַנדערע ראַסע געצויגן צו זיך. ער האָט זי אינגאַנצן נישט געקענט. ביז איצט האָט ער געהאַט באַקאַנטע נאָר צווישן די ווייניק־פאַרמעגלעכע שיכטן פון יידן: קליינע סוחרים און דעם פשוטן המון, וואָס האָט געדיכט באַוווינט באַשטימטע גאַסן צווישן דעם רהיין און דער קאַטעדראַלע, און וואָס האָט אָן אויפהער, אַ דאַנק דעם סטאַדע־אינסטינקט, וואָס יעדער מענטש פאַרמאָגט, געשאַפן אַ מין קליינעם געטאָ. ס'איז אים גאַנץ אָפט אויסגעקומען אַרומצושלעפן זיך אין יענער געגנט, וואַרפן פאַרבייגייענדיק אַ נייגיריקן און גענוג־סימפאַטישן בליק אויף פרויען־טיפן, מיט לאַנגע פנימער, בולטע ליפן און באַקנביינער, מיט אַ געהיימען שמייכל אַ לאַ לעאָנאַרדאָ דאַווינטשי, נאָר אַ ביסל אַ נידעריקערן, — וואָס זייער גראָבער אַרט רעדן און אָפגעהאַקטער געלעכטער האָבן אויף אַ פאַרדריסלעכן אופן צעשטערט די האַרמאָניע פון זייער פיגור בעתן שווייגן. אָבער אויך ביי די נידעריקסטע שיכטן פונם המון, ביי אָט די ברואים מיט די גרויסע קעפ, קרומע אויגן, אָפט בהמהשע פנימער, די ברייטע און קורץ־פיסיקע, ביי אָט די דעגענערירטע יורדים פון דער איידלסטער ראַסע אין דער וועלט, האָט ער געזען, — ווי מאָדנע פאָספאָרישע ליכטער איבערן שווערן, שטינקענדיקן זומפ, — בלענד־פייערלעכן, וואָס האָבן געטאַנצט איבערן מיסט: וואונדערלעכע בליקן, לויכטנדיקע אינטעליגענץ, אַ סובטילע עלעקטריציטעט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון זומפ און פאַרבלענדט און באַאומרויקט אים. ער האָט געטראַכט. אַז ס'איז פאַראַן צווישן זיי שיינע נשמות, וואָס ראַנגלען זיך, און גרויסע הערצער, וואָס ווילן זיך אַרויסרייסן פון זומפ; ער האָט זיך געוואָלט באַגעגענען מיט זיי, קומען זיי צו הילף; ער האָט זיי ליב געהאַט, איידער ער האָט זיי דערקענט, פילנדיק דערביי אַ געוויסע שרעק. ער איז אָבער קיינמאָל נישט געוואָרן אינטים מיט וועמען־עס־איז פון זיי. בפרט האָט ער נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו דערנענטערן זיך צו די אויבערשטע שיכטן.

דערפאַר טאַקע האָט דער מיטאָג ביי די מאַנהיימס געהאַט פאַר אים דעם צויבער פון עפעס נייעס און דעם טעם פון פאַרווערטער פרוכט. די חוה, וואָס האָט אים די פרוכט דערלאַנגט, האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם צויבער. זינט קריסטאָף איז אַריין אין זייער שטוב,

האָט ער נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף יהודית מאַנהיימס. זי האָט געהערט צו אַן אַנדער ראַסע, ווי די אַלע פרויען, וואָס ער האָט ביז דעמאָלט געקענט. זי איז געווען הויך און שלאַנק, אַ ביסל מאָגער, אָבער פעסט געבויט; איר פּנים האָבן געקרוינט שוואַרצע, נישט-איבע-ריק לאַנגע, נאָר צעשויבערטע האָר, וואָס האָבן פאַרדעקט די שלייפן און דעם טרוקענעם, גילדערנעם שטערן; עטוואָס קורצזיכטיק, מיט דיקע וויעס, אַ ביסל בולטע אויגן, אַ גענוג אָנגעזעענע נאָז, מיט ברייטע נאָזלעכער, צונויפגעצויגענע באַקן און אַ מאָגער, אינטעליגענט פּנים מיט אַ שווערלעכן קין, אַ גענוג פאַרביקע הויט, אַ שיינעם, ענערגישן און עכטן פּראָפיל; פון פאָרנט האָט דאָס פּנים פאַרמאָגט אַן אומזיכערן, אומדייטלעכן און מאָדנע-צוזאַמענגעשטעלטן אויסדרוק; די אויגן און די באַקן האָבן נישט האַרמאָנירט. מ'האָט געפילט אין איר אַ שטאַרקע ראַסע, און לויט דער געשטאַלט פון דער ראַסע, נישט פאַרייניקטע, צעוואָרפענע, אָן אַ סדר, עלעמענטן פון אומזיכערער, נישט גלייכער קוואַליטעט, זייער שיינע און גלייכצייטיק זייער וווּלגאַרע. איר שיינקייט האָט דער עיקר געשטראַלט פון איר שווייגנדיק מויל און אין אירע אויגן, וואָס האָבן צוליב זייער קורצזיכטיקייט אויסגע-זען טיפער, און צוליב זייער בלוילעכער ראַם — טונקעלער.

מ'האָט געדאַרפט זיין מער צוגעוווינט ווי קריסטאָף, צו אירע אויגן, וואָס האָבן געשטאַמט מער פון דער ראַסע, ווי פון דער פּער-זענלעכקייט, כדי צו לייענען אונטער זייער פייכטן, גליענדיקן שלייער די אמתע נשמה פון דער פרוי, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, די נשמה פון יידישן פאָלק האָט זיך אַנטפּלעקט אין די דאָזיקע ברע-נענדיקע און טונקעלע אויגן, וואָס האָבן געטראָגן זי אין זיך, אַליין נישט וויסנדיק דערפון. ער האָט אין זיי געבלאָנדזעט. ערשט שפּעטער, אין אַ צייט אַרום, האָט ער בהדרגה, נאָכדעם ווי ער האָט אָפט גע-בלאָנדזעט אין אירע שוואַרצאַפּלען, זיך אויסגעלערנט צו געפינען דעם וועג אין דעם דאָזיקן מזרח-ים.

זי האָט אים אָנגעקוקט, און קיין זאַך האָט נישט געשטערט דער רויקייט פון איר בליק; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי זעט דורך-און-דורך די דאָזיקע קריסטלעכע נשמה. ער האָט עס געפילט. ער האָט געפילט אונטערן צויבער פון איר ווייבלעכן בליק אַ מענלעכן ווילן, אַ קלאָרן און קאַלטן, וואָס האָט געענישטערט אין זיין נשמה מיט אַ מין נישט-דיסקרעטער ברוטאַלקייט. אָט די ברוטאַלקייט איז נישט געווען

יין בייזווילּיקע, זי האָט אים בלויז גענומען אין איר רשות. נישט אויפֿן שטייגער פֿון אַ קאָקעטע, וואָס וויל סתּם פֿאַרפֿירן און ס׳גייט איר נישט אָן, ווען מען זי פֿאַרפֿירט. קאָקעטיש איז זי גראָד געווען מער, ווי אַנדערע; נאָר זי האָט געקענט איר קראַפֿט און זי האָט איבערגעלאָזן איר נאַטירלעכן אינסטינקט אָנצופֿירן מיט איר האַלטונג, — בפֿרט ווען זי האָט געהאַט צו טון מיט אַזאַ לייכטן פֿאַנג, ווי קרישטאָף. — קודם־כּל האָט איר אינטערעסירט צו דערקענען איר קעגנער (יעדער מענטש, יעדער אומבאַקאַנטער איז געווען פֿאַר איר אַ קעגנער, — אַ קעגנער, מיט וועלכן זי האָט געקאָנט שפּעטער, אויב מ׳האָט געדאַרפֿט, שליסן אַ שלום־אָפּמאַך). זי האָט געוואָלט וויסן, וואָס ער פֿאַרמאָגט אין זיך. דאָס לעבן איז געווען אַ שפּיל, ווו דער קלוגערער האָט געוווּנען, און ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, זי זאָל אַריינקוקן אין דעם קעגנערס קאָרטן און נישט ווייזן די אייגענע. ווען ס׳פֿלעגט זיך איר איינגעבן, פֿלעגט זי פֿילן דעם תּענוג פֿון אַ נצחון. ס׳איז איר נישט געגאַנגען צו האָבן דערפֿון אַ נוצן. זי האָט עס געטון פֿאַר הנאה וועגן. זי האָט געהאַט אַ ליידנשאַפֿטלעכע פֿאַרערונג צו אינטעליגענץ. נישט צו דער אַבסטראַקטער אינטעליגענץ, הגם זי האָט געהאַט אַ גענוג־שטאַרקן קאָפּ צו האָבן ערפֿאָלג אויך אין וויסנשאַפֿט, נישט וויכטיק אויף וועלכן געביט, און הגם זי האָט געקאָנט בלייבן די יורשטע פֿונם באַנקיר לאָטאַר מאַנהיים אַ סך בעסער, איידער איר ברודער. זי האָט אָבער בעסער געשטרעבט צו דער לעבעדיקער אינטעליגענץ, וואָס געהערט צום מענטשן. ס׳איז געווען פֿאַר איר אַ פֿאַרגעניגן דורכצודרינגען אַ נשמה, אָפּצומעסטן איר אייגענעם ווערט — (זי האָט עס געטון אויפֿמערקזאַם און גענוי, ווי די יידן אויף מאַטסיסעס בילד וועגט איר געלט); — מיט אַ וווּנדערלעכער דורכדרינגלעכקייט האָט זי געוווּסט, ווי צו געפֿינען אַ נישט באַפּאַנצערט אָרט, די חסרונות און שוואַכקייטן, וואָס זענען דער שליסן פֿון דער נשמה, און ווי צו געפֿינען זייערע סודות: אויף אַזאַ אופֿן פֿלעגט זי באַקומען די שליטה. נאָר זי פֿלעגט זיך נישט באַנוצן מיט איר נצחון, און פֿון איר פֿאַנג האָט זי קיין נוצן נישט געמאַכט. קוים איז איר נייגיריקייט און שטאָלץ באַפֿרידיקט געוואָרן, האָט זי זיך שוין מער דערמיט נישט אינטערעסירט און אַריבערגעגאַנגען צו אַ צווייטער זאַך. איר גאַנצע קראַפֿט פֿלעגט בלייבן אומפּרוכטבאַר. אין דער דאָזיקער

אַזוי לעבעדיקער, נשמה איז געווען עפּעס טויטס. זי האָט געטראָגן אין זיך דעם זשעני פֿון בייגיר און לאַנגווײַליקייט.

אָט אַזוי האָט זי קריסטאָפֿן אָנגעקוקט. אויך ער האָט זי אויפֿמערקזאַם באַטראַכֿט. זי האָט זייער ווייניק גערעדט און זיך באַגנוגנט מיט אַ קוים אָנקענטיק שמייכֿעלע אין די מויל־ווינקלען. אָבער קריסטאָף איז פֿון איר היפּנאָטיזירט געוואָרן. אָט איז דער שמייכֿל פֿאַרשוונדן, דאָס פּנים איז געוואָרן קאַלט, די אויגן — גלײַכֿגילטיק. זי איז זיך עוסק מיט שטוב־ענינים און רעדט צו די דינער מיט אַן אײַז־קאַלטן טאָן. דאַכֿט זיך, זי האָט גאָרנישט געהערט, און אָט שײַנען אירע אויגן ווידער אויף, און צוויי אָדער דרײַ אָפּגעמאָסטענע ווערטער באַווײַזן, אַז זי האָט אַלץ געהערט און פֿאַרשטאַנען.

מיט אַ קאַלט געמיט האָט זי אָפּגעשאַצט איר ברודערס מיינונג איבער קריסטאָפֿן. זי ווייסט, אַז פֿראַנץ איז אַ היץ־קאָפּ, און איר אירישע האָט אַ שפּיל געטאָן, ווען זי האָט דערזען קריסטאָפֿן, וואָס איז דורך איר ברודער אַזוי געריהמט געוואָרן פֿאַר זײַן שיינקייט און חשובות. (פֿראַנץ האָט פֿאַרמאָגט אַ באַזונדערע פֿעיקייט צו זען פּונקט דעם היפּוך דערפֿון, וואָס איז פֿאַר אַלעמען קלאָר. און אפשר האָט ער געהאַט אַ באַזונדער הנאה זיך אַזוי אײַנצורעדן). — אָבער ווען זי האָט קריסטאָפֿן נעענטער באַטראַכֿט, האָט זי דאָך געמוזט מודה זײַן, אַז נישט אַלץ, וואָס פֿראַנץ האָט געזאָגט וועגן אים, איז פֿאַלש. און וואָס מער זי האָט זיך צוגעקוקט צו אים, האָט זי געפֿונען אין אים אַ כּוח, — אמת, אַן אומבאַשטימטן און נישט־געפֿאַסטן, — אָבער אַ געזונטן און דרייסטן. דאָס האָט איר הנאה געטאָן. זי האָט מער פֿון אַלעמען געוווּסט די זעלטנקייט פֿון דער דאָזיקער מעלה. זי האָט קריסטאָפֿן געצויגן בײַ דער צונג און אים געצוווּנגען צו אַנטפּלעקן זײַן יעדן געדאַנק, וואָס איז איר נאָר טשעקאַווע געווען, כּדי אים אויפֿצוווײַזן די באַגרענעצטקייט פֿון זײַן גײַסט און זײַנע פֿעלערן. זי האָט פֿאַרלאַנגט פֿון אים, ער זאָל שפּילן פֿאַר איר אויף דער פּיאַנאָ. זי האָט נישט ליב קיין מוזיק, אָבער זי פֿאַרשטייט זי. זי פּאַסט אײַנגאַנצן אויף קריסטאָפֿס מוזיקאַלישע אָריגינאַליטעט, כאָטש זײַן מוזיק

האָט אויך איר קיין איינדרוק נישט געמאַכט. נישט ענדערנדיק איר קאַלטע העפלעכע באַנעמונג, האָט זי מיט עטלעכע קורצע, טרעפלעכע באַמערקונגען, אָן דער מינדעסטער חניפה, אַרויסגעוויזן, אַז איר אינ-טערעס פאַר קריסטאָפן פאַרשטאַרקט זיך.

קריסטאָף האָט דאָס געפילט און דערמיט זיך געגרויסט; ער האָט געפילט דעם ווערט פון איר מיינונג, ער האָט געוווּסט, ווי זעלטן זי ווייזט אַרויס איר אָנערקענונג. ער האָט נישט פאַרבאָרגן זיין ווונטש זי צו געווינען, ער איז דערביי אַזוי נאַיוו געווען, אַז אַלע דריי האָבן געשמייכלט, ער האָט נאָר גערעדט צו יהודיתן און אינ-גאַנצן פאַרגעסן וועגן די איבעריקע צוויי, פונקט ווי זיי וואָלטן גאָר אויף דער וועלט נישט געווען.

פראַנץ האָט אים בעתן רעדן אָנגעקוקט. מיט אַ געמישטן גע-פיל פון באַוווּנדערונג און חוזק האָט ער נאָכגעפאָלגט זיינע רייד מיט די ליפּן און מיט די אויגן. ער האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער און מיט חוזק-בליקן האָט ער זיך איבערגעשמייכלט מיט זיין פאָטער און זיין שוועסטער. זי איז געזעסן אַן ערנסטע און זיך געמאַכט, ווי זי וואָלט גאָרנישט באַמערקט.

לאָטער מאַנהיים — אַ הויכער זקן, אַ שטאַרקער, אַ ביסל אַן איינגעבויגענער, מיט אַ רויט פּנים און גלייך-געשוירענע גרויע האָר, ווי אַ באַרשט, מיט זייער שוואַרצע ברעמען און וואָנסעס, מיט אַ שווער אָבער אַ ענערגיש, לוסטיק און אָפּשפּאָטנדיק פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט לעבנס-קראַפט און ווילן, — לאָטער מאַנהיים האָט זיך אויך צוגעקוקט צו קריסטאָפן ביים אָנהייב פון דער סעודה מיט אַ מין לצנותדיקע גוטמוטיקייט, און ער האָט אויך מודה געווען, אַז „עפּעס" איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן בחור. אָבער אים גייט נישט אָן קיין מוזיק און קיין מוזיקער. ס'איז נישט זיין זאַך. ער פאַר-שטייט נישט קיין מוזיק, און איז בכלל נישט געניגט עס צו באַ-האַלטן. אדרבא, ער האָט זיך נאָך גרויס געהאַלטן דערמיט און זיך גערימט. (ווען אַזאַ מענטש איז מודה זיין אומוויסנהייט, איז דאָס אַלע מאָל צוליב גאווה.) אַזוי ווי קריסטאָף האָט אָפּן, מיט אַ מין רשעות-דיקער אומהעפלעכקייט אַרויסגעוויזן, אַז ער קאָן זיך אָן שום שאָדן באַגיין אָן דעם באַנקירס געזעלשאַפט, און אַז דער שמועס מיט פריילין יהודית מאַנהיים איז לגמרי גענוג פאַר זיינעטוועגן צו פאַרברענגען דעם אָוונט — האָט זיך דער אַלטער מיט אַ בטלדיק שמייכלע אַוועקגע-

זעצט זיך ביים אויוון, און לייענענדיק זיין צייטונג, האָט ער זיך מיט איראָניע צוגעהערט אַביסל צו קריסטאָפס פּלוידעריי, און צו דער משונהדיקער מוזיק, וואָס האָט אין אים געוועקט אַ שטיל פאַרבאָרגן געלעכטער ביים געדאַנק, אַז ס'זענען פאַראַן מענטשן, וואָס דאָס געפעלט זיי, און זיי האָבן הנאה דערפון. ער האָט זיך לחלוטין נישט מטריח געווען זיך צוצוהערן צום שמועס. ער האָט זיך איינגאַנצן פאַרלאָזט אויף זיין טאָכטערס פּקחות, אָפּצושאַצן גענוי דעם ווערט פון אָט דעם נייעם גאַסט. זי האָט עס טאַקע בשלמות געטאָן.

ווען קריסטאָף איז אַוועקגעגאַנגען, האָט לאָטאַר געפרעגט יהודיתן:

— נו, האָסט אים דורכגענומען, ווי עס דאַרף צו זיין, וואָס זאָגסטו עפּעס וועגן דעם דאָזיקן קינסטלער?

זי האָט געלאַכט, געקלערט אַ מינוט, כדי אונטערצוציען דעם סך-הכּל, און געענטפערט:

— ער איז אַ ביסל צעדרייט, אָבער קיין נאַר איז ער נישט.

— גוט — האָט געזאָגט לאָטאַר, — איך מיין אויך אַזוי. הייסט עס, ער קאָן זיך אַרויסשלאָגן?

— יאָ, כ'גלויב, ער פאַרמאָגט כּח.

— זייער פיין, — האָט לאָטאַר געזאָגט, מיט דער גרויסמוטיקער לאָגיק פון אַ בעל-כּח, וואָס אינטערעסירט זיך נאָר מיט שטאַרקע, — מ'וועט אים דאַרפן, בכן, העלפן.

קריסטאָף איז אַוועק אַ באַגייסטערטער פון יהודית מאַנהיים. ער איז אָבער נישט פאַרליבט געווען, ווי יהודיתן האָט זיך געדאַכט. ביידע, — זי מיט איר שאַרפזין, און ער מיט זיין אינסטינקט, וואָס האָט פאַרטראָטן זיין פאַרשטאַנד, האָבן זיך אָפּגענאַרט איינער אין אַנדערן. קריסטאָפן האָט געלאָקט דאָס סודותדיקע, דאָס רעטעניש-פולע פון איר בעזיכט, און די אינטעסיוויטעט פון איר געדאַנק. ער האָט זי אָבער נישט ליב באַקומען, זיינע אויגן און זיין גייסט זענען געווען געפאַנגען, אָבער זיין האַרץ איז פריי געווען. פאַרוואָס? ס'איז גאַנץ שווער צו דערקלערן. קאָן זיין דערפאַר, וואָס ער האָט אין איר דערפילט

עפּעס צווייפֿלהאַפֿטס און אומרויקס. ביי אַן אַנדער געלעגנהייט וואָלט עס געווען טאַקע די ריכטיקע סבה פֿון ליב האָבן. די ליבע איז קיינמאָל נישט אַזוי שטאַרק, ווי דאַן, בעת זי פֿילט, אַז זי גייט אויפֿן ווער, וואָס וועט איר פֿאַרשאַפֿן יסורים. און אויב קריסטאָף האָט יהודיתן נישט ליב געקריגן, איז דערין קיינער פֿון זיי נישט שולדיק געווען, נישט ער און נישט זי. באמת איז דיווירקלעכע סיבה געווען דאָס, וואָס ער איז נאָך גאָר נאָענט געווען צו זיין לעצטער ליבע. ער איז אפֿילו פֿון אָט דער ביטערער דערפֿאַרונג נישט קלוגער געוואָרן. ער האָט אָבער אַזוי שטאַרק ליב געהאַט אַדאַן, אין זיין ליידנשאַפֿט האָט ער פֿאַרצערט אַזוי פֿיל גלויבן, קראַפֿט און אילוזיע, אַז ס'איז אים פּשוט נישט איבערגעבליבן עפּעס פֿאַר אַ נייעם געפֿיל. כּדי אַ נייער פֿלאַם זאָל אין אים אויפֿפֿלאַקערן, האָט ער אין זיין האַרצן געמוזט צולייגן אַ פֿרישן שייטער. דערווייל האָבן זיך נאָר דורך צופֿאַל געקאָנט אויפֿוועקן פֿאַרשווונדיקע פֿייערלעך, איבערבלייבענישן נאָכן גרויסן פֿלאַקער, כּדי אַ שיין צו טון אַ רגע מיט אַ קורצער און העלער ליכט, און באַלד פֿון נאַרונג-מאַנגל אויף אייביק פֿאַרלאָשן צו ווערן. אין אַ זעקס חדשים אַרום וואָלט ער אפֿשר אין יהודיתן פֿאַרליבט געווען מיט אַ שטאַרקער און בלינדער ליבשאַפֿט. איצט אָבער האָט ער אין איר געזען אַ פֿריינדין, אמת, אַ פֿריינדין, וואָס רעגט אָן, וואָס רייצט-אויף, אָבער איר רייץ האָט ער געוואָלט שטילן, אָפּטאָן פֿון זיך. עס האָט אים דערמאָנט אָן אַדאַן, ס'איז אַן אומאַנגענעמע דערמאָנונג געווען, און ער האָט אויסגעמיטן דערפֿון צו טראַכטן. דאָס וואָס איז אים אין יהודיתן געפֿעלן, איז געווען דאָס, וואָס עס האָט זי אָפּגעזונדערט פֿון אַנדערע פֿרויען און נישט דאָס, וואָס עס האָט זי מיט זיי פֿאַרבונדן. זי איז געווען די ערשטע גייסטרייכע פֿרוי, וואָס ער האָט געטראָפֿן. גייסטרייך פֿון קאָפּ ביז די פֿיס — אפֿילו איר שיינקייט. איר גאַנג, אירע באַוועגונגען, געזיכט-ליניען, דער שניט פֿון אירע ליפּן, אירע אויגן, הענט, איר עלעגאַנטע דינקייט, — אַלץ איז געווען אַן אָפּשיין פֿון איר אינטעליגענץ, אָן וועלכער זי וואָלט זיך בכלל נישט אויסגעטיילט, און פֿאַר ס'רוב מענטשן אפֿשר גאָר מיאוס אויסגעזען. אָט די אינטעליגענץ האָט קריסטאָפֿן אַנטציקט. ער האָט זי תּופֿס געווען טיפֿער און ברייטער, ווי זי איז עס געווען אין דער אמתן. דאָס נישט-עכטע אין איר האָט ער נאָך נישט באַגריפֿן. ער האָט געליטן פֿון ברענענדיקן באַגער, זיך אָנצוטרויען איר, זיך מתודה

צו זיין פֿאַר איר, אויסדערציילן איר, צו טיילן זיך מיט איר מיט זיינע געדאַנקען. ביז איצט האָט ער נאָך קיינעם נישט געפֿונען, וואָס זאָל וועלן אויסהערן זיינע חלומות. ער איז געווען פֿאַרשלאָסן אין זיך. וואָס פֿאַר אַ גליק איז עס, צו געפֿינען אַזאַ פֿריינדין! אין זיין גאַנצער יוגנט האָט ער מיט גרויס ווייטיק געבענקט נאָך אַ שוועסטער, ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַ שוועסטער וואָלט אים בעסער פֿאַרשטאַנען, ווי אַ ברודער. נאָך דעם ווי ער האָט זיך געטראָפֿן מיט יהודיתן, האָט זיך אין אים ווידער אויפֿגעוועקט זיין קינדערשער חלום, און זיין האָפֿענונג צו שוועסטערלעכער ליבשאַפֿט האָט פֿונסניי אויפֿגעוואַכט. ער האָט נישט געטראַכט וועגן ליבע, ווייל ער איז נישט געווען פֿאַרליבט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ליבע איז אַ פֿיל מער נידעריקע מדרגה פֿון פֿריינטשאַפֿט.

יהודית האָט גלייך אויפֿגענומען אָט די שאַטירונג אין זיינע געפֿילן און זיך געפֿילט באַליידיקט. זי האָט קריסטאָפֿן נישט ליב געהאַט, זי האָט ביי רייכערע און חשובערע פֿון קריסטאָפֿן יונגעלייט אָנגעצונדן די געפֿילן אַזוי ליידנשאַפֿטלעך, אַז עס איז פֿאַר איר כּלל נישט געווען אַזאַ גרויס גליק צו זען קריסטאָפֿן פֿאַרליבט אין זיך. אָבער דאָס באַוווסטזיין, אַז קריסטאָף איז אין איר נישט פֿאַרליבט, האָט זי געקרענקט, זי איז געוויס צופֿרידן געווען, וואָס קריסטאָף דערציילט פֿאַר איר וועגן זיינע פּלענער. זי האָט זיך דערויף נישט געחידושט. ס'האָט איר אָבער פֿאַרדראָסן צו זען, ווי זי ווירקט בלויז אויף זיין שׂכל (אַן אומשׂכלדיקע השפּעה האָט גאָר אַן אַנדער ווערט פֿאַר אַ פֿרוי). און אפֿילו אָט אַזאַ מין השפּעה האָט זי נישט געהאַט אויף אים. קריסטאָף האָט געהאַנדלט לויט זיין אייגענעם פֿאַרשטאַנד. יהודית האָט ליב געהאַט צו הערשן, זי איז געוווינט געווען צו געוועלטיקן איבער די שוואַכע געדאַנקען פֿון אירע באַקאַנטע יונגעלייט און אויסצוקנעטן פֿון זיי דאָס, וואָס איר האָט זיך געגלוסט. און אַזוי ווי זי האָט זיי אַלע געהאַלטן פֿאַר מיטלמעסיקע, האָט זי נישט געפֿילט קיין שום פֿאַרגעניגן אין איר הערשערישער ראָלע. מיט קריסטאָפֿן איז עס געווען אַ ביסל אינטערעסאַנטער, ווייל ס'איז שווערער אָנגעקומען. צו זיינע פּלענער איז זי גלייכגילטיק געווען, עס האָט זי אָבער געריצט צו קערעווען אָט דעם נישט-אויסגענוצטן געדאַנק, צו פֿאָרמירן אָט דעם נאָך נישט-געשליפֿענעם כּח און צו געבן אים אַ ריכטונג — פֿאַרשטייט זיך, לויט איר אייגענעם באַגער און נישט לויט קריסטאָפֿס,

וועלכן זי האָט זיך בכלל נישט באַמיט צו פאַרשטיין. זי האָט באַלד איינגעזען, אַז דאָס וועט זיך איר נישט איינגעבן אָן אַ קאַמף. זי האָט אין קריסטאָפן אויסגעזוכט כלערליי פאָראורטיילן און אידעען, וואָס האָבן אויסגעזען נאַריש און קינדיש אין אירע אויגן. פאַר איר זענען זיי געווען ווי דערנער, און זי האָט זיך געפלייסט זיי אויסצורייסן. אָבער אפילו קיין איינעם פון זיי האָט זי נישט אויסגעריסן. איר באַליידיקטע אייגנליבע און איר גאווה זענען מיט גאָרנישט נישט געטרייסט געוואָרן. מיט קריסטאָפן איז נישט געווען וואָס אויפצוטאָן, אַזוי ווי ער איז נישט פאַרליבט געווען, האָט ער נישט געהאַט קיין שום גרונט נאָכצוגעבן אפילו דעם מינדסטן געדאַנק.

צערייצט פון אָט דעם שפּיל, האָט זי אַ שטיק צייט געפּרוווט אים צו באַזיגן מיט אירע אינסטינקטן. נישט געקוקט אויף זיין קלאָרן פאַרשטאַנד, וואָס ער האָט דאַן פאַרמאָגט, האָט שוין ווייניק געפעלט, אַז קריסטאָף זאָל ווידער אַריינפאַלן אין דער נעץ. מענער לאָזן זיך לייכט אָפּנאַרן פון די, וואָס חנפענען זייער שטאָלץ און זייערע פאַרלאַנגען. און פיל גרינגער זענען קינסטלער, וואָס האָבן מער פאַנטאַזיע פון אַנדערע. ס'האָט מער נישט געפעלט, אַז יהודית זאָל וועלן, און זי האָט אים געקאָנט אַריינשלעפּן אין אַ געפערלעכן פלירט, וואָס וואָלט אים ווי פריער, און נאָך אפשר אויף אַ שטאַרקערן אופן, מאָראַליש דערדריקט. זי אָבער איז, ווי עס פּאַסט פאַר איר, גיך מיד געוואָרן. זי האָט געפונען, אַז עס לוינט זיך נישט די מי, כדי צו זיגן. קריסטאָף האָט זי געלאַנגווייליקט, זי האָט אים מער נישט פאַרשטאַנען.

זי האָט אים אויפגעהערט צו פאַרשטיין, ווי נאָר זי איז אַדורך די באַשטימטע גרענעצן. ביז איצט האָט זי פאַרשטאַנען אַלץ, און כדי צו גיין ווייטער, איז איר ווייניק געווען איר גאַנצע אויסגעצייכנטע קלוגשאַפט. דערצו האָט זי באַדאַרפט האָבן אַ האַרץ, אָדער לכל הפחות די אילוזיע, וואָס פאַרנעמט איר אָרט — די ליבע. זי האָט גוט פאַרשטאַנען קריסטאָפס קריטיק אויף מענטשן און דערשיינונגען: עס האָט זי אַמוזירט. זי האָט איינגעפונען, אַז דאָס איז בכלל ריכטיק, און זי אַליין האָט אויך אַזוי געטראַכט, זי האָט אָבער נישט תופס געווען, וועלכע השפעה עס האָבן אַזעלכע געדאַנקען, אַ שטייגער, אויף זיין פּראַקטישן לעבן, בעת זיי זענען העכסט געפערלעך און אומאַנגענעם, ווען מען זאָל זיי פּרווון אויספירן. דאָס וואָס קריסטאָף רייסט

זיך איין מיט דער גאַנצער וועלט, וועט דאָך נישט ברענגען קיין נוצן. ער קאָן זיך דאָך נישט איינרעדן, אַז ער וועט איבערמאַכן אַ וועלט... יאָ?.. מען פֿאַרלירט נאָר די צייט אומזיסט און אומנישט צו שלאָגן זיך קאָפּ אָן וואַנט. אַ פֿאַרשטענדיקער מענטש, אַ בר־שׂכל לערנט זיך איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אויס צו משפּטן מענטשן, צו חוזק פֿון זיי, צו פֿאַראַכטן זיי שטילערהייט, אָבער ער טוט פּאַמעלעך דאָס אייגענע, וואָס זיי, אפֿשר אַ ביסעלע בעסער — דאָס איז דער איינציקער וועג צו ווערן דער האַר איבער זיי. טראַכטן און טאָן — דאָס זענען צוויי באַזונדערע זאַכן. און פֿאַרוואָס זאָל זיך אַ מענטש מקריב זיין פֿאַר זיינע געדאַנקען? טראַכטן אויפֿריכטיק — אדרבא! אָבער צו וואָס דאַרף מען אויסדערציילן, וואָס מען טראַכט? אויב די מענטשן זענען אַזעלכע נאַראָנים, וואָס קאָנען דעם אמת נישט פֿאַרטראָגן, דאַרף מען זיי דערצו נישט צווינגען. איז עס דען קיין פֿאַרגעניגן נישט איינצונעמען זייערע שוואַכקייטן, זיך אונטערגעבן כלומרשט און אין דעם פֿאַראַכטענדיקן האַרצן פֿריי צו זיין? עס איז דאָס פֿאַרגעניגן פֿון אַ קלוגן קנעכט? פֿון מיינטוועגן. אָבער קנעכט קעגן קנעכט; סוף כל סוף מוז מען זיך צופּאַסן, סיי ווי סיי קאָן מען גאָרנישט אויפֿטון. איז שוין גלייכער דעריבער צו זיין אַ שקלאַף מיטן אייגענעם ווילן און אויסצומיידן דאָס אומזיסטע נאַרישע אַמפּעריי. איבעריקנס — די ערגסטע שקלאַפֿעריי איז צו זיין אַ שקלאַף פֿון דעם אייגענעם געדאַנק און זיך מקריב זיין פֿאַר אים. מען איז נישט מחויב אַרויפֿצושלעפּן אויף זיך צרות. זי האָט קלאָר פֿאָרויס געזען, אַז אויב קריסטאָף וועט זיך ווען־עס־איז נישט אָפּזאָגן פֿון זיין עקשנותדיקן קאַמף, — אויף וועלכן ער איז, אפּנים, אַנטשלאָסן געווען — קעגן די פֿאָראורטיילן אין דער דייטשער קונסט, דייטשן גייסט, וועט ער אויפֿהייבן קעגן זיך די גאַנצע וועלט, אפֿילו זיינע באַשיצער, און דאָס וועט אים סוף כל סוף ברענגען, פֿאַטאַל, אַ מפּלה. זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס ער טוט דווקא דאָס, וואָס עס איז קעגן זיינע אינטערעסן, און פֿאַרוואָס ער פֿירט זיך בכיוון אַליין איבער.

כדי אים צו פֿאַרשטיין האָט זי אויך באַדאַרפֿט זיין פֿעיק צו פֿאַרשטיין, אַז נישט דער ערפֿאָלג איז זיין ציל, נאָר זיין גלויבן. ער האָט געגלויבט אין דער קונסט, געגלויבט אין זיין קונסט, געגלויבט אין זיך אַליין, ווי אין אַן אמת, וואָס שטייט העכער נישט נאָר פֿון יעדן פּראַקטישן אינטערעס, נאָר אפֿילו פֿון לעבן גופֿא. ווען ער איז אומ-

געדולדיק געוואָרן פון אירע באַמערקונגען און עס איר אויסגעדריקט מיט אַ תמימותדיקער פעסטקייט, האָט זי געהויבן מיט די אַקסלען: זי האָט עס נישט גענומען פאַר ערנסט. זי האָט עס באַטראַכט פאַר אַ שיינע קלינגענדיקע מליצה, וואָס זי פלעגט אָפט הערן פון איר ברודער, וועלכער האָט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אויסגעפויקט זיינע גראַנדיעזע פלענער און מיט דער גאַנצער פינקטלעכקייט נישט אויסגעפירט. אָבער שפּעטער, ווען זי האָט זיך איבערצייגט, אַז קרי־סטאָף מיינט טאַקע ערנסט מיט זיינע ווערטער, האָט זי ביי זיך אָפּ־געמאַכט, אַז ער איז פשוט חסר־דעה און אויפגעהערט מיט אים זיך צו פאַרנעמען.

פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך מער נישט באַמיט אים געפעלן צו ווערן און זיך אַרויסגעגעבן פאַר דאָס, וואָס זי איז באמת געווען: אַ דייטשין, אַ דורכשניטלעכע דייטשין, ווי ס'האָט זיך פריער געדאַכט. אומזיסט וואַרפט מען פאָר די יידן, אַז זיי זענען נישט צוגעבונדן צו קיין שום נאַציע און אַז פון איין עק אייראָפּע ביז צום אַנדערן בילדן זיי אַ פאָלק, וואָס נעמט נישט אויף דעם גייסט און דעם לעבנס־שטייגער פון די פאַרשיידענע פעלקער, אַרום וועלכע זיי וווינען. אין דער אמתן איז נישטאָ נאָך אַזאַ פאָלק, וואָס זאָל אַזוי גרינג קריגן דעם שטעמפּל פון די לענדער, וועלכע עס גייט פאַרביי. און אויב עס זענען פאַראַן וועלכע־ס'איז בשותפותדיקע כאַראַקטער־שטריכן פון אַ פראַנצויזישן און דייטשישן יידן, זענען אָבער פאַראַן פיל מער פאַר־שיידנאַרטיקע כאַראַקטער־שטריכן פון דעם נייעם פאָטערלאַנד, וועמעס גייסטיקע רגילותן זיי נעמען אָן מיט אַן אומגלויבלעכער שנעלקייט — מער די געוווינהייטן ווי דאָס גייסטיקע. אַזוי אָבער ווי די גע־וווינהייט ווערט אַ צווייטע נאַטור ביי די אַלע מענטשן, און ביי ס'רוב מענטשן אַפילו די איינציקע נאַטור, קומט אויס, ממילא, אַז דאָס רוב איינוווינער פון אַ לאַנד האָבן ווייניק־וואָס אויפצוּוואַרפן די יידן דעם מאַנגל פון נאַציאָנאַלן גייסט, יענעם טיפן, חכמהדיקן גייסט, וואָס זיי אַליין פאַרמאָגן נישט.

די פרויען, וואָס זענען מער אונטערגעוואָרפן אויסערלעכע השפּעות, זענען גיכער בוטה זיך צוצופּאַסן צו די לעבנס־באַדינגונגען און זיך צו ענדערן מיט זיי — אַזוי אַ שטייגער נעמען אָן יידישע פרויען אין גאַנץ אייראָפּע אויף אַ גוזמאדיקן אופן די פיזישע און מאָראַלישע מאָדעס פון די לענדער, וווּ זיי וווינען, נישט פאַרלירנדיק

דערבײַ זײַער ראַסן-אויסזען און זײַער שווער, אָנגעלאָדן-אומרויִק, אמת-ייִדיש געמיט. קריסטאָפֿן איז עס קשה געווען. ער האָט בײַ די מאַנ-היימס געטראָפֿן יהודיתס מומעס, שוועסטער-קינדער און חברטעס. ווי וויניק דײַטשעס עס האָבן פֿאַרמאָגט אין זיך אָט די געזיכטער מיט זייערע ברענענדיקע, צו דער נאָז נאָענטע אויגן, מיט די נעזער, וואָס זענען נאָענט צום מויל, מיט די שטאַרקע געזיכטס-שטריכן, מיטן רויטן בלוט, וואָס איז געפּלאָסן אונטער זייער גראָבער און טונקעלער הויט. די וויניק ענלעך זיי זענען כמעט אַלע געווען אין געבוי צו די דײַטשע פֿרויען, זענען זיי דאָך אין זייער אופֿן פֿון רעדן, הלבשה, געווען דורכויס דײַטשע, נאָך מער ווי מ׳האָט באַדאַרפֿט. יהודית איז געשטאַנען העכער פֿון זיי, דורך אַ פֿאַרגלײַך מיט זיי האָט מען ערשט געקאָנט, ווי עס דאַרף צו זײַן, אָפּשאַצן דאָס אויסערגעוויינלעכע אין איר גייסט, און די אויסגעאַרבעטע פֿערזענלעכקייט. אָבער צוזאַמען דערמיט האָבן זי נישט אויסגעמיטן די אַלע חסרונות, וואָס עס האָבן פֿאַרמאָגט אירע חברטעס. הגם זי איז געווען פֿיל פֿרײַער פֿון זיי, לגמרי פֿרײַ, אין מאָראַלישן זין, — איז זי דאָך נישט געווען פֿרײַ אין געזעלשאַפֿטלעכע ענינים. על כּל פּנים האָט דער פּראַקטישער אינטע-רעס באַזיגט אירע פֿרייע באַגריפֿן. זי האָט זיך געבויגן פֿאַר דער וועלט, פֿאַר אירע קאַסטן-פֿאַרטיילונג, פֿאַר די פּאָראורטיילן, וואָרום, סוף כּל סוף, האָט דאָס פֿאַר איר געטויגט (און זי האָט פֿון איר דער-פֿאַרט איר חלק). וויפֿל זי האָט פֿון דעם דײַטשן גייסט כּסדר נישט געחוזקט, איז זי אָבער געווען צו אים צוגעבונדן. זי האָט גוט פֿאַר-שטאַנען די מיטלמעסיקייט פֿון דעם אָדער יענעם באַרימטן קינסטלער, אָבער טאַקע צוליב זײַן באַרימטקייט האָט זי אים רעספּעקטירט; אויב זי איז מיט אים פּערזענלעך באַקאַנט געווען, האָט זי אים באַוווּנדערט, ווײַל דאָס האָט צופֿרידן געשטעלט איר גאווה. זי אַליין איז אייגנט-לעך וויניק נתפּעל געוואָרן פֿון בראַהמסן און שטילערהייט האָט זי אים חושד געווען, אַז ער איז אַ צווייטראַנגיקער קינסטלער, זײַן ער-פֿאָלג אָבער האָט אויף איר געווירקט. און אַזוי ווי זי האָט דערצו דערהאַלטן פֿון אים אַ צוויי-דרײַ בריוו, איז שוין במילא אויסגעקומען, אַז ער איז דער גרעסטער מוזיקער פֿון זײַן צײַט. זי האָט בכלל נישט געצווייפֿלט אין דעם אמתן ווערט פֿון קריסטאָפֿן, פּונקט ווי אין דער טפּשות פֿון דעם אויבערלייטנאַנט דעטליוו פֿאָן פֿלײַשער, זי האָט זיך אָבער געפֿילט מער געחנפֿנט פֿון דעם לייטנאַנטס אויפֿמערקזאַמ-

קייט צו אירע מיליאָנען, ווי פון קריסטאָפס פריינדשאַפט. וואָרום אָט דער נאַרישער אָפיציר איז דאָך פון אַן אַנדער יחוס; און פאַר אַ יידי־שער פרוי איז שווערער ווי פאַר אַן אַנדערע פרוי זיך איינצוקויפן אין דעם יחוס. הגם זי האָט גוט געקענט זיינע פּאַדאלע מאַניערן און געוווּסט וואָס פאַר אַ כבוד עס וועט פאַר אים זיין, אויב זי וועט באַוויליקן מיט אים חתונה צו האָבן, האָט זי זיך דאָך באַמיט אים צו געווינען. זי פלעגט זיך דערנידעריקן, צערטלענדיק דעם אידיאָט מיט אירע שיינע אויגן, און אויף פאַרשידענע אופנים געגלעט זיין איגנליבע. אָט די שטאָלצע יידישע טאָכטער, וואָס האָט טאַקע באמת געמעגט שטאָלץ זיין, די געבילדעטע הערלעכע טאָכטער פון באַנקיר מאַנהיים האָט געשטרעבט זיך אַראָפּצולאָזן, פונקט ווי יעדע דייטשע קליינבירגערין, וואָס זי פלעגט פאַראַכטן.

דער נסיון האָט נישט לאַנג געדויערט. קריסטאָף האָט פאַרלוירן זיינע אילוזיעס וועגן יהודיתן אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיי געשאַפן. און יהודית, — דאָס מוז מען מודה זיין, האָט זיך נישט געגעבן די מינדעסטע מי זיי אויפצוהאַלטן. אין דעם טאָג, ווען אַ פרוי טראָגט אַרויס איבער דיר איר משפט, וואָס רייסט זי אָפּ פון דיר, הערסטו אויף פאַר איר צו עקסיסטירן. זי זעט דיך נישט מער, און זי שעמט זיך נישט אויפצודעקן פאַר דיר איר נשמה; וואָס זי טוט מיט דער זעלביקער חוצפּהדיקער רויקייט, ווי בעת זי שטייט נאַקעט פאַר איר הונט, פאַר איר קאַץ אָדער פאַר .אַן אַנדער הויז־חיה. קריסטאָף האָט דערזען יהודיתעס עגאָיזם, איר קאַלטקייט און איר שפלדיקן כאַראַק־טער. איינגאַנצן אין אירע הענט איז ער נאָך נישט געווען, אָבער ס'איז געווען גענוג, ער זאָל ליידן ביז אַ מין פיבער, וואָס האָט אים באַהערשט. כאָטש ער האָט יהודיתן נישט ליב געהאַט, האָט ער אָבער ליב געהאַט דאָס, וואָס זי האָט געקענט און באַדאַרפט זיין. אירע שיינע אויגן האָבן אים געצויגן מיט אַ כשופדיקן ווייטיק, — ער האָט זיי נישט געקענט פאַרגעסן; און הגם ער האָט איצט שוין גוט געקענט די נישטיקע נשמה, וואָס האָט געדרימלט זייער טיף, האָט ער זיי דאָך געזען ווי ער וואָלט זיי געוואָלט זען, און ווי ער האָט זיי באמת געזען

פון אָנהויב. עס איז געווען איינע פון יענע ליבע־האַלוצינאַציעס אָן ליבע, וואָס צעשפּרייטן זיך אַזוי אין האַרצן פונם קינסטלער, בעת ער איז נישט גרינטלעך באַהערשט פון זיינע ווערק. אַ פאַרביישוועבנדיק פרויען־פּנים איז גענוג אַזאַ דמיון צו שאַפן; זיי זעען אין דער פרוי די גאַנצע שיינקייט, וואָס איז אין איר פאַראַן, פון וועלכער זי אַליין ווייסט נישט און וויל גאָר נישט וויסן. און זיי ליבן זי דערפאַר שטאַרקער, ווי ווען זי וואָלט עס געוווסט. זיי האָבן עס ליב ווי עפּעס אַ מין שיינע זאַך, וואָס האַלט ביים אָפּשטאַרבן, און קיינער האָט נישט געוווסט עס אָפּצושאַצן, און אפילו נישט געוווסט, אַז עס איז פאַראַן.

קאָן זיין, אַז קריסטאָף האָט אַ טעות געהאַט, און יהודית מאַנהיים האָט טאַקע נישט געקאָנט זיין מער ווי דאָס, וואָס זי איז געווען. אָבער קריסטאָף האָט אַ געוויסע צייט אין איר געגלויבט, און דער כּשוף האָט נאָך געדויערט, וואָס עס האָט געשטערט צו משפּטן זי אומפּאַרטייאיש. דאָס וואָס איז שיין געווען אין איר, האָט ער געמיינט, אַז דאָס געהערט איר אַליין, ווי אַן אויסדרוק פון איר „איך", אָבער דאָס מיאוסע האָט ער צוגעשריבן איר טאָפּלטן פאָלקס־שטאַם, דעם יידישן און דייטשן; ער איז נאָך בייזער געווען אויף דעם צווייטן, ווי אויפן ערשטן, ווייל ער האָט פון אים שוין מער געליטן. אַזוי ווי ער האָט נאָך קיין אַנדער פאָלק נישט געקענט, האָט ער צום דייטשן גייסט אויסגעלאָזט זיין גאַנץ שווער געמיט און געמאַכט עס פאַר דעם כּפּרה־הינדל. אַלע עבֿרות פון דער וועלט האָט ער אויף אים אַרויפגעלעגט, די אַנטוישונג, וואָס יהודית האָט אים געבראַכט, איז פאַר אים געווען אַ נייע סיבה צו באַקעמפן עס. ער האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט אָפּגעהאַקט די פליגל פון אַזאַ נשמה.

דאָס איז געווען זיין ערשטע באַגעגעניש מיט יידן. ער האָט פון זיי פיל דערוואַרט, ער האָט געהאָפט אין דער דאָזיקער שטאַרקער, צווישן אַנדערע פעלקער אָפּגעזונדערטער ראַסע צו געפינען אַ פאַרבינדעטן, וואָס זאָל אים ביישטיין אין זיין קאַמף. אָבער די האָפענונג האָט אים אָפּגענאַרט. מיט דער האַסטיקייט פון זיין ליידנשאַפטלעכן געפיל, וואָס פלעגט אים וואַרפן פון איין עקסטרעם צום צווייטן, האָט ער באַלד ביי זיך באַשלאָסן, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק איז אַ סך שוואַכער, ווי מען רעדט זיך איין, און איז מער אָפן — צופיל אָפן — פאַר יעדן אויסערלעכן איינפלוס. עס ליידט פון זיינע אייגענע שוואַכ־

קייטן, און דערצו — פון אַלע שוואַכקייטן. דאָס עס האָט אָנגענומען אויף זיין וועג. ניין, נישט אויף אים וועט ער געפינען דעם נויטיקן אָנשפּאַר צו שטיצן זיין קונסט. ער קאָן גיכער מיט אים פאַרפאַלן ווערן אין דעם מדבר-זאַמד.

און ווי ער האָט דערזען די סכנה און נישט געפילט זיך גע-נוג שטאַרק מיט די אייגענע כוחות זי בייצושטיין, — האָט ער מיט-אַמאָל אויפגעהערט צו קומען צו די מאַנהיימס. וויפיל מאָל מען האָט אים נישט איינגעלאַדן, האָט ער זיך אַלץ אַנטשולדיקט און נישט אָנ-געגעבן דערביי קיין שום סיבות. אַזוי ווי ביז איצט האָט ער אַרויס-געוויזן אַ שטאַרקן באַגער זיי צו באַזוכן, האָט מען די פּלוצלינגע ענדערונג זייער שטאַרק באַמערקט. מען האָט עס געוויינלעך אַרויפ-געלעגט אויפן חשבון פון זיין „אָריגינאַליטעט", אָבער קיין איינער פון די מאַנהיימס איז נישט געווען מסופּק, אַז אַ גרויסן חלק אין דעם האָבן יהודיתס שיינע אויגן, און ביים טיש פלעגט פראַנץ און דער פאָטער זיך וויצלען איבער דעם. יהודית האָט געהויבן מיט די אַקס-לען, זי פלעגט זאָגן, אַז „דאָס איז אַ שיינער נצחון", מיט אַ גלייכ-גילטיק קול האָט זי געבעטן איר ברודער, ער זאָל נישט מאַכן דער-פון אַזאַ וועזן, אָבער דערביי האָט זי געטון פּערליי תחבולות, אַז קריסטאָף זאָל צוריקקומען. זי האָט אים געשריבן, אָנגעפרעגט ביי אים עפּעס אַ מוזיקאַלישע פראַגע מיטן אויסרייד, אַז קיין אַנדערער אַ חוץ אים קאָן עס איר נישט דערקלערן, און צום סוף פון בריוו האָט זי אים געמאַכט אַ פריינדלעכע, אָנצוהערעניש וועגן זיינע זעלטענע באַ-זוכן און וועגן דעם פאַרגעניגן, וואָס זי האָט אים צו זען. קריסטאָף האָט געענטפערט, געגעבן די דערקלערונג, און מיטן תירוץ, אַז ער איז שטאַרק פאַרנומען, איז ער ווידער נישט געקומען. זיי פלעגן זיך אַמאָל טרעפן אין טעאַטער, קריסטאָף פלעגט עקשנותדיק אָפּקערן די אויגן פון מאַנהיימס לאָזשע, יהודית געהאַט פאַר אים צוגעגרייט אַ שמייכל, ער אָבער האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק, און זי איז נישט צוגעשטאַנען. אַזוי ווי ער איז איר באמת נישט אָנגעגאַנגען, האָט זי געהאַלטן, אַז ס'איז נישט כדאי צו פאַרשווענדן אַזוי פיל מי פאַר אַזאַ נישטיקן קינסטלער. אויב ער וויל צוריקקומען — איז אדרבא. אויב נישט, וועט מען זיך באַגיין אָן אים!

און — מען איז זיך באַגאַנגען. באמת, זיין ביי-זיין האָט נישט שטאַרק אויסגעפעלט אויף די אָוונטן ביי די מאַנהיימס. קעגן איר ווילן האָט יהודית געפילט צו קריסטאָפן אַ כעס. כל-זמן ער איז ביי זיי

געוועז, האָט זי געהאַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך, וואָס זי אינטערעסירט זיך נישט מיט אים, און ס'האָט איר נישט געאַרט, וואָס ער ווייזט אַרויס זיין פאַרדרוס; אָבער אַז דער פאַרדרוס זאָל אַזוי ווייט אַוועק, ביז איבעררייסן אַלע באַציונגען, — דאָס איז ביי איר אויסגעקומען נאַריש און גאווהדיק; זי האָט געהאַלטן, אַז ער איז מער עגאָיסטיש, ווי פאַרליבט — יהודית האָט נישט געקאָנט ליידן אירע אייגענע חסרונות ביי פרעמדע.

נישט מיט ווייניקער אויפמערקזאַמקייט האָט זי נאָכגעפאָלגט אַלץ, וואָס קריסטאָף האָט געשריבן און געטון. מיט אַ געמאַכטער גלייכגילטיקייט פלעגט זי אַרויספירן דעם שמועס מיט איר ברודער אויף דעם ענין; זי פלעגט אים הייסן איבערדערציילן אַלע זיינע שמועסן מיט קריסטאָפן אין משך פונם טאָג; אירע איראָנישע, קלוגע באַמערקונגען, וואָס זי פלעגט אַריינוואַרפן און צוגעבן, פלעגן נישט דורכלאָזן קיין איין לעכערלעכן שטריך, און זיי האָבן ביסלעכוויז אונטערגעגראָבן פראַנצס ענטוזיאַזם, בעת ער האָט עס אפילו גאָר נישט באַמערקט.

פון אָנהויב איז אַלץ אין דער צייטשריפט געגאַנגען כשורה. קריסטאָף האָט נאָך נישט באַוויזן זיך אָפּצוגעבן אַ רעכענונג וועגן דער גייסטיקער שפלדיקייט פון זיינע מיטאַרבעטער. און זיי, פון זייער זייט, זינט ער איז געוואָרן אַן אייגענער, האָבן באַשלאָסן, אַז ער איז אַ גאון. מאַנהיים, וואָס האָט אים אַנטפּלעקט, האָט אומעטום געטענהט — הגם ער האָט אים גאָרנישט געלייענט, — אַז קריסטאָף איז אַ זעלטענער קריטיקער, וועלכער האָט ביז איצט אַ טעות געהאַט אין זיין אמתן באַרוף, און אַז ער, מאַנהיים, האָט דאָס אַנטדעקט אין אים. וועגן זיינע אַרטיקלען האָבן זיי פאָרויס געמאָלדן מיט סודותדיקע אָנצוהערעניש, וואָס האָבן אַרויסגערופן די נייגעריקייט ביי די לעזער. זיין ערשטער באַריכט האָט אין דעם קליינעם פאַרשלאָפענעם שטעטל אָפּגעקלונגען ווי אַ שטיין, אַריינגעוואָרפן אין אַ טייכל מיט אַרומשווימענדיקע קאַטשקעס. דער באַריכט האָט געהייסן: „צופיל מוזיק!"

— צופיל מוזיק, צופיל טרינקען, צופיל עסן — האָט קריסטאָף געשריבן. „מ'עסט", מ'טרינקט, מ'הערט, כאָטש מ'איז נישט הונגעריק,

נישט דאָרשטיק, נישט נייגעריק, נאָר פּשוט פון געוווינהייט צו פרעסן. אַן אַלגעמיינע שטאָפּעניש פון שטראַסבורגער גענז הערשט ביי אונז. דאָס גאַנצע פאָלק איז קראַנק פון הונגער. נישט ווילטיק, וואָס מ׳גיט אים: טריסטאַן אָדער דער טראָמפּייטער פון סעקינגען, בעטהאָווען אָדער מאַסקאַני, אַ פוגע אָדער אַ גיכן מאַרש, אדאַם, באַך, פּוטשיני, מאָצאַרט, אָדער מאַרשנער; מ׳ווייסט נישט, וואָס מ׳עסט, אַבי — עסן. מען פילט שוין קיין הנאה נישט דערפון. טוט אַ קוק אויף אַ קאָנצערט. מ׳רעדט וועגן דעם דייטשן הומאָר! די נפשות ווייסן צומאָל נישט, וואָס הומאָר איז. זיי זענען תמיד פריילעך, זייער פריילעכקייט, פונקט ווי זייער אומעט, פאַלט ווי אַ רעגן. דאָס איז די פרייד, וואָס צעשיט זיך אויף שטויב. זי איז שוואַך און שלאַבעריק, גאַנצע שעהן קאָנען זיי אָפּזיצן און אַריינזאַפּן אין זיך, מיט אַ פוילן שמייכל, קלאַנגען, קלאַנגען, קלאַנגען. זיי טראַכטן וועגן גאָרנישט, זיי פילן נישט, זיי זענען שוואָמען. די אמתדיקע פרייד, אָדער דער אמתדיקער ווייטיק — דער כח — רינט נישט שעהנווייז, ווי ביר פון אַ פאַס, דער כח כאַפּט דיך אָן ביים גאָרגל און וואַרפט דיך אַנידער, אַז דו האָסט שוין דערנאָך מער קיין שום באַגער נישט עפּעס וואָס אויפצונעמען. דו האָסט שוין איבערגעגנוג.

צו פיל מוזיק! איר ממיתט זיך און איר ממיתט זי. דאָס, וואָס איר הרגעט זיך אַליין אַוועק,—איז אייער זאַך. אָבער די מוזיק — שטיי! איך דערלויב נישט איר זאָלט פאַראומווירדיקן דאָס שיינע אויף דער וועלט, מיט דעם, וואָס אין איין קאָרב לייגט איר אַריין דאָס הייליקע און דאָס שפּלדיקע, שפּילנדיק אויף אייער שטייגער די פּרעלודיע פון פּאַרסיפאַל צווישן אַ פאַנטאַזיע וועגן דער רעגימענטס טאָכטער און אַ סאַקסאַפאָן-קוואַרטעט, אָדער איינע פון בעטהאָווענס אַדאַדזשיאָס און תיכף דערביי אַ קאַקעוואַלק-טאַנץ אָדער גלאַט אַ שטיק טנופת פון לעאָנקאַוואַלאָ אַלס באַגלייטונג. איר באַרימט זיך, אַז איר זענט אַ גרויס מוזיקאַליש פאָלק, אַז איר האָט כלומרשט ליב די מוזיק. וואָס פאַר אַ מוזיק האָט איר ליב? די גוטע אָדער די שלעכטע? איר פּאַטשט מיט די הענט נאָך ביידע, ווילט אייך אויס, סוף-כל-סוף איינע פון זיי! וואָס, אייגנטלעך, ווילט איר? — איר ווייסט עס אַליין נישט, איר ווילט עס נישט וויסן, איר האָט מורא צו אַנטשליסן זיך, טאָמער קאָמפּראָמיטירט איר זיך. צו אַלדי רוחות, מיט אייער פּאָרזיכטיקייט! איר שטייט איבער פּאַרטייען, זאָגט איר! שטיין איבער, הייסט

שטיין אונטער! און ער האָט ציטירט די פערזן פון דעם אַלטן גאָט־פריד קעללער, דעם קפֿדנישן בירגער־דיכטער פון ציריך—איינער פון די דייטשע שרייבער, וואָס איז אים באַזונדערס ליב געווען פאַר זיין שטאַרקער אויפריכֿטיקייט און צוליב דעם שאַרפֿן ערד־ריח, וואָס האָט גע־אָטעמט פון אים.

Wer über Parteien sich wahnt
mit stolzen Mienen,
Der steht zumeist viel mehr
betrachtlich unter ihnen

(ווער עס רעדט זיך איין מיט אַ שטאָלצע מינע, אַז ער שטייט כּלומרשט איבער פאַרטייען, דער שטייט ס׳רוב אָן אַן ערך אונטער זיי).

האָט מוט עכֿט צו זיין! — האָט ער ווייטער געזאָגט. האָט מוט צו זיין מיאוס! אויב איר האָט דווקא ליב שלעכֿטע מוזיק — זאָגט עס אָפֿן. פאַר זיך אַליין, ווייזט זיך אַליין און זעט זיך אַזוי, ווי איר זענט אין דער אמתן. וואַשט אָפּ פון אייערע נשמות די עקלהאַפטע שמינקע פון אַלע אייערע פשרות און צווייטייטיקייטן. וואַשט אייך גוט אָפּ! טוט אַ קוק, ווי לאַנג האָט איר זיך שוין אין שפּיגל נישט גע־זען? איך וועל אייך ווייזן אייערע שטריכֿן. קאָמפּאָזיטאָרן, ווירטואָזן, דיריגענטן, זינגער און דו, ליבהאַרציקער עולם־גולם, ווייסט איין מאָל פאַר אַלעמאָל, ווער איר זענט! זייט דאָס וואָס איר ווילט, אָבער — צו אַלדי שוואַרצע יאָר — זייט אמתדיק! זייט אמתדיק אפילו דעמאָלט, ווען די קינסטלער און די קונסט — און איך אַליין דער ערשטער, — וועלן ליידן. אויב די קונסט און דער אמת קאָנען נישט לעבן אונ־טער איין דאַך — דאַן זאָל די קונסט פאַרשווינדן! דער אמת איז דאָס לעבן, דער טויט איז דער שקר.

אָט די יוגנטלעכֿע איבערגעטריבענע דעקלאַמאַציע האָט מיט זיין דורכֿאויסיקער געשמאַקלאָזיקייט אַרויסגערופֿן, פאַרשטייט זיך, אַ געוואַלד, אָבער אַזוי ווי ער האָט געמיינט אַלעמען און נישט געצילט זיך אויף דעם אָדער יענעם, האָט זיך קיינער נישט געפילט געטראָפֿן. יעדער איינצי־קער גלויבט, אַז ער איז דער אויפריכטיקסטער פריינד פון אמת. ס׳איז בכֿן נישט געווען וואָס מורא צו האָבן, טאָמער וועט מען באַקעמפֿן די אויספירונגען פון דעם אַרטיקל. מען איז נאָר געווען אויפגערעגט פון דעם אַלגעמיינעם טאָן, אַלע זענען געווען איינשטימיק, אַז דער אַר־

טיקל איז בכלל נישט אָנשטענדיק, על כל פנים, פון אַ קינסטלער, וואָס פאַרנעמט אַ האַלב-אָפיציעלע שטעלע. עטלעכע מוזיקער האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן מעשים און אַרויסגעטראָטן שטאַרק פאַרביטערט. זיי האָבן פאָרויסגעזען, אַז קריסטאָף וועט זיך דערביי נישט אָפשטעלן. אַנדערע זענען געווען קלוגער און אים באַגריסט פאַר זיין מוטיקן אַרויסטריט. זיי זענען אָבער געווען נישט-וועניקער אומרויק פאַר זייערע קומענדיקע אַרטיקלען, ווי זייערע חברים.

סיי די און סיי יענע טאַקטיק האָט געבראַכט דעם זעלביקן פועל-יוצא: קריסטאָף איז געווען אויפגעבונדן: קיין שום זאַך האָט אים נישט געקאָנט אָפהאַלטן, און, פונקט ווי ער האָט זיך אַ נדר געטאָן, האָט ער קיינעם נישט געשוינט: נישט די מחברים און נישט זייערע אויספירער.

די ערשטע קרבנות זענען, קודם-כל, געווען די קאַפּעלמייסטערס. קריסטאָף האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיטן באַהאַנדלען די קונסט פון דיריגירן. ער האָט פשוט אָנגערופן ביי די נעמען זיינע קאָלעגן פון דעם שטעטל און פון די אַרומיקע שטעטלעך. אָדער ווען אפילו ער האָט זיי נישט פורש בשם געווען, האָט ער געגעבן אַזעלכע קלאָרע אָנצוהערעניש, אַז קיינער האָט נישט געקאָנט זיך טועה זיין, וועמען מ׳מיינט דאָ. יעדערער האָט דערקענט דעם אַפּאַטישן שעף פון דעם הויף-אָרקעסטער, אלוא פאָן ווערנער, דעם פאָרזיכטיקן, מיט מעדאַלן באַהאָנגענעם זקן, וואָס האָט פאַר אַלץ מורא געהאַט, אַלץ פאַרגלעט, וואָס האָט מורא געהאַט אפילו צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט זיינע מוזיקאַנטן און זיך צוגעפּאַסט צום טעמפּאָ, אין וועלכן זיי פלעגן אָנהויבן, וואָס האָט זיך נישט דערוועגט אַריינצונעמען אין זיין רעפּערטואַר אַזעלכעס, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט די הייליקייט פון צוואַנציק יאָר דערפאָלג, אָדער, לפחות, נישט געקריגן קיין סמיכות פון עפּעס אַ חשובן מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע. אויף אַן איראָנישן אופן האָט קריסטאָף געלויבט זיין גרויסמוטיקייט. ער האָט אים אָפּגעגעבן מזל-טוב, וואָס ער האָט אַנטדעקט גאַדען, דוואָראַקן אָדער טשייקאָווסקין. ער האָט זיך אַנטציקט מיט זיין פאַרגלייווערטער קאָרעקטקייט, די מעטראָנאָמישע גלייכפאָרמדיקייט און דאָס שטענדיק „שיין-און פיין ניואַנסירטע״ שפּילן פון זיין אָרקעסטער. ער האָט אים גוטמוטיק פאָרגעלעגט צום קומענדיקן קאָנצערט צו אָרקעסטרירן טשערניס „די שול פון איילעניש״ און אים באַשווירן, ער זאָל זיך אַזוי נישט אַוועקלייגן.

זיך אַזוי נישט נעמען צום האַרצן, און זאָל אָפּהיטן זיין טייער געזונט. — אָדער ער פּלעגט אויסברעכן אין אַ שטאַרקן גרימצאָרן אויף ווערנערן פאַר דעם אופן, ווי ער דיריגירט די „העראָיקאַ״ פון בעטהאָווען.

אַ האַרמאַט! גיט מיר אַ האַרמאַט! צעשיסט די דאָזיקע לייט! איר קאָנט גאָרנישט האָבן די השגה, וואָס אַזוינס איז אַ מלחמה, אַ קאַמף אַנטקעגן דער טפשות און דער מענטשלעכער אכזריות, און אין וואָס אַזוינס איז דער כוח, וואָס וואַרפט זיי אונטער די פּיס מיט אַ פריידיקן געלעכטער? נאָר ווי זאָלט איר עס וויסן, אַז אַנטקעגן אייך איז עס דאָך דער קאַמף; די גאַנצע העלדישקייט, וואָס עס שטעקט אין אייך, באַצאָלט איר דאָך—נישט צו גענעצן בעת איר הערט אויס, אָדער איר שפּילט אַליין די העראָיקאַ. (וואָרום באמת לאַנגווייליקט זי דאָך אייך. נו, זייט מודה, אַז זי לאַנגווייליקט אייך, אַז איר שטאַרבט פון לאַנגוויילֹ!) — אָדער איר ברענגט אַרויס אייער העלדישקייט מיט דעם, וואָס איר שטעלט איין דאָס געזונט, ווען איר שטייט מיט אַ געבוינענעם רוקן, מיט אַן הוי׳ן קאָפּ, בעת אַ הויכגעשטעלטער שררה גייט פאַרביי אייך.

אַ מבול פון סאַרקאַזם האָט ער אויסגעגאָסן אויף די אָנגעזעענסטע שפּילער פון קאָנסערוואַטאָריע, וועלכע נעמען אויף די פאַרשטאָרבענע מייסטער אַלס „קלאַסיקער״.

קלאַסיש! דאָס וואָרט איז אַלף! די פרייע ליידנשאַפט, צורעכטגעמאַכט און צוגעפּאַסט פאַרן געברויך און באַדערפעניש פון די שולן. דאָס לעבן, דער אומענדלעכער, פון ווינטן געשטורעמטער סטעפּ, איינגעשפּאַרט אין די פיר ווענט פון אַ גימנאַזיע. דער ווילד-שטאָלצער ריטם פון אַ טיף-אומרויק האַרץ, צוגעפּאַסט צום טיק-טאַק פון אַ טאַשן-זייגער, וואָס גייט זיך זיין קורצן וועג געמיטלעך, קלאַפּט מיט זיין פוס צו דעם פיר-טאַקט. אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דעם שטיצן פון אַ שטאַרקער צייט. כדי זיך צו אַנטציקן פון אָקעאַן, מוזט איר אים אין אַ כלי פון גאָלד-פישעלעך אַריינטון. דאָס לעבן באַגרייפט איר נישט פריער, איידער איר האָט עס נישט אָפּגעטויט.

און אויב ער איז זיך נישט באַגאַנגען מיט איבעריקער ווייכקייט צו די „אָנגעשטאָפּטע פייגל״, ווי ער האָט זיי אָנגערופן, האָבן נאָך ערגער אָפּגעשניטן די „צירק-רייטער״ פון אָרקעסטער, די באַרימטע קאַפּעלמייסטערס, וואָס קומען זיך צושלעפּן, כדי מ׳זאָל זיך באַ-

וווּנדערן, ווי זיי מאַכן מיט די אָרעמט און מיט די אָנגעשמינקטע הענט, וואָס באַווייזן זייערע קונץ-שטיק אויפן חשבון פון די גרויסע מייסטער, און זיי טוען פלערליי שטיק, מ׳זאָל די באַרימטסטע ווערק נישט דערקענען, שפרינגענדיק מיטן קאָפּ אַראָפּ דורך די רייפן פון דער סימפאָניע „Cis-moll". ער האָט זיי טראַקטירט, ווי אַלטע קאָקעטעס, אָרקעסטער-פּרימאַדאָנעס, ציגיינער און דראָט-גייער.

די ווירטואָזן האָבן, פאַרשטייט זיך, אים צוגעשטעלט אַ רייכן שטאָף. אָפּשאַצנדיק זייער שוואַרץ-קינצלעריי, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז בכלל נישט באַרופן זיי צו קריטיקירן; אַז די מוזיקע מלאכה האָט גאָר צו טון מיט דער הויכשול פאַר קונסט און האַנטווערקעריי, אַז אַזאַ אַרבעט קאָן ווערן אָפּגעשאַצט העכסטנס דורך מעכאַנישע צייט-מעסטערס, וואָס זאָלן פאַרצייכענען די נאָטן און די צאָל פון די רגעס מיט דער אַרויסגעבראַכטער ענערגיע. איינמאָל גייט ער אין געווער, אַז אַ באַרימטער פּיאַנאָ-ווירטואָז, וואָס אויף אַ צוויי שעהדיקן קאָנצערט האָט ער מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן און אַ לאָק אויפן שטערן באַקעמפט די אומגלויבלעכסטע טעכנישע שוועריקייטן, וועט אַ קינדערישע אנדאַנטע פון מאָצאַרטן נישט קאָנען אויפשפּילן. אוודאי האָט ער נישט געלייקנט אינם פאַרגעניגן, וואָס מ׳פילט, בעת מען קומט אַדורך די שוועריקייטן. אויך ער האָט עס שוין פאַרזוכט, און דאָס איז געווען אַן אמתער לעבנס-נחת. אָבער צו זען אין דעם נאָר דאָס חומרדיקע, און די גאַנצע העלדישקייט פון דער קונסט צו פאַרווענדן אויף דעם, האָט אים אויסגעזען זינלאָז און געמיין. די „פּיאַנאָ-לייבן" און די „לעמפּערטן" האָט ער עס גאָרנישט געקאָנט מוחל זיין. אָבער פּונקט אַזוי אומברחמנותדיק איז ער געווען קעגן די בראַווע פּעדאַנטן — די באַרימטע אין גאַנץ דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיך שטרענג געהאַלטן ביים טעקסט, אָבער דערטרונקען יעדן געדאַנקשווונג, אַזוי ווי אייגען ד׳אַלבערט און האַנס פאָן בילאָי, וועלכע האָבן געשפּילט אַ ליידנשאַפטלעכע סאָנאַטע, פּונקט ווי זיי וואָלטן אָפּגעגעבן אַ לעקציע וועגן דיקציע.

דערנאָך האָט ער זיך גענומען אָפּרעכענען מיט די זינגער. קרימטאָף איז אַרויס פון די כלים צוליב זייער בערישער אומגעלומפּערטקייט און פּראָווינציעלער טעאַטראַלישקייט. נישט נאָר זיין לעצטער סקאַנדאַל מיט דער בלוי-געקליידעטער דאַמע האָט אים געפירט דערצו, נאָר דער גאַנצער אָנגעזאַמלטער עקל פון די אַלע פאָרשטעלונגען, וואָס

ער איז מיט מאַטערניש בייגעוועו, האָט אַרויסגערעדט פון אים. ער האָט אַליין נישט געוווסט, וואָס עס טוט אים מער ווי, בעת אַזעלכע פאָרשטעלונגען: די אויגן, צי די אויערן. קריסטאָף האָט נישט פאַרמאָגט קיין גענוג האַרבע ווערטער צו שטעמפּלען די מיאוסקייט פון דער בינע-אויסשטאַטונג, די אומגעלומפּערטע קאָסטיומען מיט די שרייענדיקע פאַרבן. עס האָט אים שאָקירט די פּראָסטקייט פון זייערע געשטאַלטן, באַוועגונגען און זשעסטן; זייער אומנאַטירלעך שפּילן, די אומפעיקייט פון די שפּילער אויפצונעמען אַ פרעמדע נשמה, די ממשערשטוינענדיקע גלייכגילטיקייט, בעת דעם איבערגאַנג פון איין ראָלע צו אַ צווייטער, אויב ס׳איז נאָר געשריבן פאַר דער זעלביקער שטימע. רויט-באַלייבטע פּריצטעס, באַלעבאַטיש-צופרידענע טוען זיך דאָ איבער פאַר איזאָלדע און קאַרמען. אַמפאָרסאַס שפּילט פאַר פיגאַראָ. אָבער צום שטאַרקסטן איז קריסטאָפן אָנגעגאַנגען דאָס העסלעכע געזאַנג גופא, באַזונדערס אין די קלאַסישע ווערק, ווו די מעלאָדישע שיינקייט איז דער עיקר. מ׳קאָן אין דייטשלאַנד מער נישט זינגען די פאָלקסטימלעכריינע מוזיק פון סוף אַכצנטן יאָרהונדערט, און מ׳גיט זיך גאָר דערצו קיין מי נישט. דער קלאָרער, לויטערער סטיל פון גליק און מאָצאַרט, וואָס איז דורכגעדרונגען, דאַכט זיך, פונקט ווי דער סטיל פון געטען, מיט דער איטאַליענישער שיין; דער סטיל, וואָס נעמט זיך ענדערן, ווערט פלאָנטערנדיק און וויברירנדיק ביי וועבערן, — אין וועלכער דערגייט אין אַ גראַדע מגושמדיקע קאַריקאַטור ביים מחבר פון דער „קראָטשאַטאָ״ צו לעכערלעכקייט, — אָט דער סטיל איז אין וואַגנערס טריומפן אינגאַנצן פאַרטיליקט געוואָרן. דאָס ווילדע אַרומפליען פון די וואַלקירן מיט זייערע גרילצנדיקע קולות האָבן פאַרדעקט דעם גריכישן הימל. די שווערע וואָלקן פון אָדין האָבן פאַרפינסטערט דאָס ליכט. קיינעם קומט גאָר אויפן רעיון נישט אַרויף צו זינגען מוזיק. מען האָט געזונגען די לידער. מ׳קוקט זיך נישט אַרום אויף העסלעכע צופעליקייטן, אויף די באַזונדער פאַרנאַכלעסיקטע נאָטן, אפילו דיסאָנאַנסן, אונטערן אויסרייד, אַז נאָר דאָס גאַנצע, דער געדאַנק איז דער עיקר.

דער געדאַנק! לאָמיר טאַקע וועגן אים רעדן. פונקט ווי איר וואָלט אים טאַקע פאַרשטאַנען!.. אָבער, צי פאַרשטייט איר אים אָדער נישט; פאַרשטייט, לכל הפחות, די פאָרם, וואָס ער האָט זיך אויסגעוויילט. מוזיק איז און בלייבט דאָך, קודם כל, מוזיק.

אגב, האָט קריסטאָף געטראַכט, אַז דאָס גרויסע געוויכט, וואָס די דייטשע קינסטלער לייגן כּלומרשט אויף דעם אויסדרוק און אויף דעם טיפן געדאַנק, איז נישט קיין שלעכטער וויץ. אויסדרוק? געדאַנק? אַז זיי לייגן אים אַריין אומעטום, ווי עס לאָזט זיך, שטענדיק אין אַ גלייכער מאָס, זיי געפינען אין אַ וואָלקנעם זאָק אַזוי־און־אַזוי פיל געדאַנקען־אינהאַלט, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אין מיקל־אַנדזשעלאָס אַ סטאַטוע. מיט דער אייגענער גלייכער ענערגיע שפּילן זיי אַלץ פון דעם אָדער פון יענעם. ביים רוב איז דער רעכטער עיקר פון מוזיק — דער עכטער קלאַנג דער רעש פון מוזיק. די הנאה פון געזאַנג, וואָס איז אַזוי שטאַרק געווען אין דייטשלאַנד, האָט זיך אויף אַ געוויסן אופן פאַרוואַנדלט אין פּשוטער שטים־גימ־נאַסטיק. עס גייט אין דעם, וואָס מען נעמט אַריין אין זיך אַ סך לופט, כּדי זי שפּעטער ווידער מיט כּוח און דויערנדיק־ריטמיש אַרויסצובלאָזן. אָנשטאָט לויב־ווערטער האָט קריסטאָף אויף איינער אַ באַרימטער זינגערין אַרויסגעגעבן אַן הסכּמה, אַז זי איז, גאָט צו דאַנקען, געזונט.

ער האָט זיך נישט באַגניגנט מיט דעם, וואָס ער האָט די קינסטלער אַרונטערגעריסן. ער האָט איבער דער ראַמפּע דערלאַנגט צום פּובליקום און אים באַפאַלן, פאַרוואָס ער זיצט מיט אַן אָפן מויל און קוקט זיך צו צו אַזעלכע עקזעקוציעס. דער עולם איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט נישט געוווסט, צי ער דאַרף לאַכן דערפון אָדער זיך בייזערן. דאָס פּובליקום, וואָס פילט זיך אַלע מאָל פאַר גערעכט אויפצוהויבן אַ גוואַלד קעגן יעדער עוולה, היט זיך שטאַרק אָפּ נישט אַריינצומישן זיך אין אַ קינסטלערישער מחלוקת. עס שטייט פון דער ווייטן פון יעדער ברענענדיקער פראַגע און מחמת מורא, טאָמער איז עס זיך טועה, פּאַטשט עס אַלעמען בראַוואָ, און דאָ וואַרפט אים גאָר קריסטאָף אויף אַן עבירה, פאַרוואָס עס אַפּלאָ־דירט!.. אַפּלאָדירן שלעכטע ווערק? אוודאי איז עס אַן עוולה. אָבער קריסטאָף איז נאָך געגאַנגען ווייטער, ער באַפאַלט אים נאָך מער, פאַרוואָס מען אַפּלאָדירט די גרויסע שאַפונגען.

לצים! שרייט ער צו זיי. איר ווילט זיך איינרעדן, אַז איר פאַרמאָגט אַזוי פיל באַגייסטערונג אין זיך? אָבער לאָזט געמאַך! צו וואָס זענט איר זיך אַזוי מטריח? איר באַווייזט פונקט דעם היפּוך, וואָס איר ווילט דערווייזן. אַפּלאָדירט, אדרבא. אויב אייך ווילט זיך

דווקא, די ווערק אָדער די שטעלן, וואָס רעגן אָן צו אַפּלאָדירן.
אַפּלאָדירט אַ מוזיקאַליש־רוישיקן סוף, וואָס איז געמאַכט, ווי מאָ־
צארט פלעגט זאָגן, פאַר לאַנגע אויערן. דאָרט קאָנט איר שרייען
בראַוואָ, וויפל אייער האַרץ גלוסט. אָט דאָס אייזל־געשריי איז פאָר־
אויסגעזען, ס'איז אַ טייל פון קאָנצערט. אָבער נאָך „מיססאַ סאָלעמ־
ניס" פון בעטהאָווען... אומגליקלעכע!.. ס'איז דאָך דער יום־הדין. די
וואַנזיניק שוואַנגערע גלאָריע איז דאָך, ווי אַ שטורם אויפן אָקעאַן,
אַדורך פאַרביי אייך. דעם ווירבל־ווינט פון אַ טיטאַנישן אומגעהויערן
ווילן האָט איר געזען פאַרביישוועבן, וואָס שטעלט זיך אָפּ, ווערט
צעבראָכן, און הויבט זיך צו די וואָלקנס, אָנקלאַמערנדיק זיך מיט
ביידע פויסטן איבערן תהום, און ווידער אַוועקשוועבנדיק מיט ברײ־
טע פליגלען ווייטער אין דעם אומענדלעכן חלל. דער שטורם־ווינט
יאָמערט און ברומט, און דאַן אין מיטן פון דער באַוועגונג — אַ
פלוצלינגער איבערגאַנג, אַ בלענדנדיקער גלאַנץ פון טענער, וואָס
שפּאַלט די הימל־פינסטערניש און לאָזט זיך אַראָפּ, ווי אַ פּאַס ליכט
אויף דעם דורכזיכטיקן ים. דאָס איז דער סוף. די מאוימדיקע קללה
פון מלאך־המות ווערט איבערגעריסן, דריי בליצן — און די פליגלען
ווערן אוממעכטיק. אַלץ אַרום ציטערט נאָך און ברומט, דאָס פאַר־
שיכורטע אויג קוקט פאַר זיך ווי פאַרגליווערט. דאָס האַרץ צאַפּלט,
דער אָטעם איז פאַרהאַקט, די איברים זענען אָפּגענומען... און ס'האָט
נאָך דער לעצטער טאָן נישט אָפּגעקלונגען, און איר זענט שוין ווי־
דער לוסטיק־לעבעדיק; איר מאַכט יעלות, איר לאַכט, קריטיקירט און
פּאַטשט מיט די הענט! אָבער איר האָט דאָך גאָרנישט נישט געזען,
גאָרנישט נישט געהערט, נישט געפילט, נישט פאַרשטאַנען, גאָרנישט,
גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט! די יסורים פון אַ קינסטלער זענען פאַר
אייך אַ ספּעקטאַקל; איר טראַכט זיך, אַז די גוססדיקע טרערן פון
אַזאַ בעטהאָווען זענען פיין אָפּגעמאָלט. נאָך דער קרייציקונג שרייט
איר: ביס! אַ גרויסע נשמה פאַרגייט זיך איר גאַנץ לעבן אין יסורים,
כּדי איין שעה צו פאַרווײלן אייער מאַלפּישע וויסטע נייגעריקייט.
און אַזוי האָט ער, אַליין נישט וויסנדיק דערפון, פאַרענדיקט
מיטן גרויסן וואָרט פון געטהען, הגם ער האָט נאָך נישט דערגרייכט
געטהעס דערהויבענע, שלמותדיקע רויִקייט:
פאַרן פאָלק איז דאָס דערהויבענע אַ שפּיל. ווען עס זאָל עס

זען, ווי ס'איז באמת, וואָלט עס נישט געהאַט קיין כוח צו פאַר־טראָגן עס.

וואָלט ער זיך באַגנינגנט דערמיט! זיין באַגייסטערונג אָבער האָט אים ווייטער געטראָגן. ער איז געווען פון פובליקום און, ווי אַן האַר־מאַטן קויל, איז ער אַריין אין סאַמע טעמפּל, אין קדשי־קדשים, אין האַרצן פון דער אומפּרולכטבאַרקייט — די קריטיק. ער האָט אָנגעגריפן זיינע קאָלעגן. איינער פון זיי האָט זיך דערוועגט אָנצופאַלן אויף איי־נעם פון די טאַלענטירטסטע, לעבעדיקע קאָמפּאָזיטאָרס, פּראָגרעסיווסטן פאַרטרעטער פון דער נייער ריכטונג: האַסלער. אַ שעפער פון געוואַג־טע, אַביסל־איבערגעטריבענע, דאָך געניטע פּראָגראַם־סימפאָניעס. ווי־מען וועט זיך דערמאָנען, איז אים קריסטאָף, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, פאַרגעשטעלט געוואָרן, און דערפאַר האָט ער באַהאַלטן אין זיך אַן אינטימע דאַנקבאַרע צערטלעכקייט צום קאָמפּאָזיטאָר, דערמאָ־נענדיק זיך מיט דאַנקבאַרקייט די באַגייסטערונג, וואָס האַסלער האָט אויפגעוועקט אין אים. דאָס וואָס עפּעס אַ נאַרישער קריטיקער, וועל־כער איז באַוווסט מיט זיין עם־הארצות דערוועגט זיך צו מוסרן אַזאַ פּערזענלעכקייט און אים רופן צו אָרדנונג, און צו לערנען די כּללים פון מוזיק — האָט קריסטאָפן אַרויסגעבראַכט פון די כּלים:

„אָרדנונג! אָרדנונג! — האָט ער געשריגן. — איר קענט נאָר די פּאָליציייאישע פאָרשריפטן. דער גאון לאָזט זיך נישט פירן אויף אויסגעדראָשענע וועגן, ער באַשאַפט די אָרדנונג, און ער דער־הויבט זיין ווילן ביז צו אַ געזעץ".

נאָך אָט דער פאַרריסענער הקדמה, האָט ער גענומען דעם נע־בעכדיקן קריטיקער אויפן בענקל, אַרויפגעלייגט דאָס גאַנצע בינטל טפשות, וואָס ער האָט דורך אַ גאַנצער צייט אָנגעשריבן, אויפן טיש, און זיך מיט אים נישקשהדיק אָפּגערעכנט.

די גאַנצע קריטיק האָט דערפילט זיך באַליידיקט, ביז דעמאָלט האָבן זיי זיך געהאַלטן אָן אַ זייט. זיי האָבן כּלל נישט בדעה געהאַט זיך איינצומישן. זיי האָבן געוווסט, וואָס ער איז בכוח צו טאָן, און זיי האָבן אויך געוווסט, אַז ער איז נישט איבעריק געדולדיק; העכסטנס האָבן אייניקע פון זיי שטילערהייט אויסגעדרוקט זייער באַדויערן, וואָס אַזאַ באַגאַבטער קאמפאניסט נעמט זיך פאַר אַ געביט, וואָס ס'איז נישט פאַר אים. וואָס פאַר אַ מיינונג — אויב זיי האָבן בכלל געהאַט אַזעלכע — זיי האָבן נישט געהאַט וועגן קריסטאָפן, און ווי שטאַרק

זיי זאָלן זיך נישט פילן באַליידיקט פון קריסטאָפס באַציונג צו זיי, — האָבן זיי אָבער פריער נאָך אַלץ דרך-ארץ געהאַט פאַר זייער אייגענער פריווילֵיגיע אַלץ צו קריטיקירן און אַליין נישט קריטיקירט צו ווערן. אָבער קוים האָבן זיי דערזען, אַז קריסטאָף איז מבטל אויף אַ ברוטאַלן אופן דעם שטומען אָפּמאַך, וואָס האָט זיי געבונדן, — האָבן זיי באַלד דערקענט אין אים אַ שונא פון דער עפנטלעכער אָרדנונג. פונקט ווי דורך אַ בשותּפותדיקן הסכם איז ביי זיי אויסגעקומען, אַז ס'איז אַ חוצפה פון אַזאַ יונגנמאַן פּוגע בכבוד צו זיין די נאַציאָנאַלע באַרימטהייטן, און זיי האָבן אָנגעהויבן קעגן אים אַ פאַרביטערטע מלחמה. נישט דורך לאַנגע אַרטיקלען און וויכּוחים — (זיי האָבן נישט געהאַט קיין מוט אַרויסצוטרעטן מיטן אייגענעם ווילן קעגן אַ שונא, וואָס איז בעסער באַוואָפנט ווי זיי: הגם אַ זשורנאַליסט קומט אָן זייער גרינג צו פירן אַ וויכּוח, נישט רעכנענדיק זיך לחלוטין מיטן קעגנערס אַרגומענטן און אפילו נישט לייענענדיק זיי); — נאָר די לאַנגע דערפאַרונג האָט זיי אויסגעלערנט, אַז יעדער צייטונגס לייענער האָט די זעלביקע מיינונג, וואָס זיין צייטונג, און ס'וואָלט געווען געפערלעך צו פאַרפירן אַ וויכּוח אָדער אפילו צו מאַכן אַן אָנשטעל פון אַ וויכּוח: מ'האָט געמוזט מסכּים זיין, אָדער, נאָך בעסער, לייקענען. (די אָפּלייקענונג איז טאָפּל שטאַרקער ווי די הסכּמה; ס'איז אַ פּשוטער פועל-יוצא פון שווער קראַפט-געזעץ: ס'איז לייכטער אַראָפּצוּוואַרפן אַ שטיין איידער אים צו וואַרפן אין דער לופטן) דעריבער האָבן זיי אויסגעקליבן דאָס סיסטעם פון קליינע, פּראָוואָצירנדיקע, איראָנישע און באַליידיקנדיקע באַמערקונגען, וואָס האָבן זיך איבערגעחזרט יעדן טאָג אויף אַן אָנגעזעענעם אָרט מיט אומדערמידלעכער עקשנות. זיי האָבן אָפּגעחוזקט פון קריסטאָפן דעם עזות-פּנים, נישט אָנרופנדיק אים ביים נאָמען, נאָר מיט גאַנץ דורכזיכטיקע אָנצוהערענישן. זיי האָבן איבערגעדרייט זיינע ווערטער ביז אומזין, דערציילט וועגן אים אַנעקדאָטן, וואָס האָבן געהאַט אין זיך אַ וואָרט אמת און דאָס איבעריקע — סאַמע שקרים, און די אָנפאַלן זענען געווען אַזוי קונציק צוזאַמענגעשטעלט, אַז די גאַנצע שטאָט און — נאָך מער דער הויף — איז געוואָרן אויף אים אש-להבה; זיי האָבן אָנגעגריפן אפילו זיין אויסערלעכקייט, זיינע שטריכן, הלבשה, געמאַכט פון אים אַ קאַריקאַטור, וואָס געצייכנט אַן אַ שיר מאָל — איז צו אים באמת ענלעך געוואָרן.

דאָס אַלץ איז אַזוי לאַנג געווען קריסטאָפס פריינד גלייכגילטיק, ביז זייער צייטשריפט האָט אַליין קיין קלעפּ נישט געקריגן אין אָט דעם קאַמף. אייגנטלעך זענען עס געווען אַלץ התראות; מ'האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין קיין שאַרפן סכסוך, מ'האָט גיכער געשטרעבט צו צעשיידן קריסטאָפן מיט זיינע פריינד: אַנדערע צייטונגען האָבן אויסגעדריקט זייער דערשטוינונג, למאַי די צייטשריפט קאָמפּראָמיטירט איר גוטן נאָמען, און זיי האָבן געגעבן אָנצוהערן, אַז אויב זי וועט זיך נישט איינהאַלטן, וועלן זיי, ליידער, מוזן אָנגרייפן אַלע איבעריקע מיטגלידער פון דער רעדאַקיע. די ערשטע אָנגריפן, אגב גאַנץ לייכטע, קעגן אַדאָלף מאַי און מאַנהיימען, האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל צווישן זיי. מאַנהיים האָט געלאַכט: ער האָט אַ טראַכט געטון, ווי דאָס וועט אויפרעגן זיין טאַטן, זיינע פעטערס, קוזינען און די גאַנצע צאָלרייכע משפחה, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב אַכטונג צו געבן אויף זיינע האַנדלונגען און צו זיין אויפגעבראַכט צוליבן סקאַנדאַל. נאָר אַדאָלף מאַי האָט עס אָנגענומען ערנסטער, און ער האָט געהאַט טענות צו קריסטאָפן, פאַרוואָס ער קאָמפּראָמיטירט זייער צייטשריפט. קריסטאָף האָט אים בייז משלח געווען. די איבעריקע, וואָס זענען נישט געוואָרן אָנגעגריפן, האָבן הנאה געהאַט, יוואָס דער גדלותדיקער מאַי איז געווען זייער כפרה-הינדל. וואַלדהויז האָט אין האַרצן געהאַט גרויס הנאה: ער האָט געזאָגט, אַז קיין שום קאַמף קאָן זיך נישט באַגיין אָן געשפּאָלטענע קעפּ. נאַטירלעך האָט ער זיך שטאַרק געהיט, זיין אייגענער קאָפּ זאָל נישט געהערן צו די געשפּאָלטענע; ער האָט געגלויבט, אַז ער אַליין איז באַשיצט פאַר די קלעפּ אַ דאַנק דער לאַגע פון זיין פאַמיליע און זיינע באַציונגען, און ער האָט נישט איינגעזען אין דעם קיין בייז, וואָס די יידן, זיינע פאַרבינדעטע, וועלן כאַפּן אַביסל קלעפּ. ערענפעלד און גאָלדענרינג, ביז דעמאָלט גישט אָנגענריפן, האָבן זיך נישט דערשראָקן פאַר די עטלעכע אָנפאַלן: זיי זענען געווען פעיק צו ענטפערן אויף זיי. צום שטאַרקסטן האָט זיי פאַרדראָסן קריסטאָפס עקשנות, מיט וועלכער ער האָט זיך איינגעשפּאַרט זיך איינצורייסן מיט אַלע זייערע פריינד און

דער עיקר — מיט זייערע פריינדינס. ביי די ערשטע אַרטיקלען האָבן זיי שטאַרק געלאַכט און געפונען, אַז דאָס שפּיל איז שיין: זיי זענען בתפעל געוואָרן פון קריסטאָפס מוט צו „האַקן שויבן"; זיי האָבן געגלויבט, אַז ס'וועט געניג זיין איין וואָרט, איינצוהאַלטן זיין קאַמפּסלוסטיקייט, אָפּצוווענדן לפּחות די קלעפּ פון יענע מענטשן, וואָס זיי ווילן נישט אָנגרייפן. — עס הויבט זיך אָבער גאָרנישט אָן. קריסטאָף האָט נישט געוואָלט הערן און געדענקען: ער האָט נישט געמאַכט קיין אויסנאַם פאַר קיין שום רעקאָמענדאַציעס און ווייטער געטאָן זיינס, ווי אַ געפּענטעטער פון אַ משוגעת. ווען זיי זאָלן אים לאָזן ווייטער טון דאָס זייניקע, וואָלטן זיי נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו אַנטלויפן פון שטאָט. זייערע קליינע פריינדינס זענען שוין געהאַט געקומען, וויינענדיק און דערצאָרנט, אין דער רעדאַקציע, צו מאַכן זיי סצענעס. זיי האָבן אויסגענוצט זייער גאַנצע דיפּלאָמאַטיע איינצורעדן קריסטאָפן, ער זאָל לפּחות צוריקציען געוויסע ווערטער און באַצייכענונגען. קריסטאָף האָט אָבער נישט געענדערט קיין וואָרט. זיי זענען געוואָרן בייז. קריסטאָף איז אויך געוואָרן 'בייז. נאָר גאָרנישט נישט געענדערט. וואַלדהויזן איז גערן געווען פון דער אויפרעגונג פון זיינע פריינד, וואָס האָט אים נישט אָנגערירט, און ער איז געשטאַנען אויף קריסטאָפס זייט, כּדי זיי נאָך מער אַרויסצוברענגען פון די כּלים. אפשר איז ער געווען מער מסוגל אָפּצושאַצן קריסטאָפס משונהדיקע איידלקייט, בעת ער האָט זיך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ געוואָרפן אויף אַלעמען, נישט לאָזנדיק זיך קיין טיר צו אַנטלויפן און קיין שום אויסוועג פאַר דער צוקונפט. וואָס שייך מאַנהיימען האָט ער זיך קעניגלעך געווילט מיט דער קאַצן-מוזיק: ער האָט געהאַלטן פאַר אַ שיינעם שפּאַס, וואָס ער האָט אַריינגעפירט דעם משוגענעם צווישן די פיינע לייט, און ער האָט זיך געקייקלט פון געלעכטער סיי פון די קלעפּ, וואָס קריסטאָף האָט געטיילט, סיי פון די מענטשן, וואָס האָבן די קלעפּ געכאַפּט. הגם ער האָט אָנגעהויבן, אונטער דער השפּעה פון זיין שוועסטער, צו גלויבן, אַז קריסטאָף איז אָן שום ספק אַביסל אַ צעדרייטער, האָט ער אים נאָך מער ליב געהאַט (אַלע מענטשן, וואָס זענען אים געווען סימפּאַטיש, האָט ער געהאַט אַ טבע צו זען זיי לעכערלעך אַביסל). דעריבער האָט ער נישט אויפגעהערט, צוזאַמען מיט וואַלדהויזן, צו שטיצן קריסטאָפן קעגן די איבעריקע.

אַזוי-ווי ס׳האָט אים נישט געפעלט קיין פּראַקטישער חוש, הגם ער האָט זיך געוואָלט איינרעדן פונקט דעם היפּוך, איז אים איינגעפאַלן דער ריכטיקער געדאַנק, אַז ס׳וואָלט געווען גלייך, זיין פריינד זאָל פאַרבינדן זיינע אינטערעסן מיט דער פּראָגרעסיווסטער מוזיקאַלישער גרופּע אין לאַנד.

עס איז געווען אין שטעטל, ווי אין ס׳רוב דייטשע שטעט, אַ וואַגנער-פאַריין, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די נייע אידעען קעגן דער קאָנסערוואַטיווער קליקע. — אייגנטלעך איז נישט געווען קיין גרויסע געפאַר צו פאַרטיידיקן וואַגנערן, בעת זיין רום איז שוין אומעטום אָנ-ערקענט געוואָרן, און זיינע ווערק זענען אַריין אין די רעפּערטואַרן פון אַלע אָפּערן-טעאַטערן אין דייטשלאַנד. פונדעסטוועגן איז זיין נצחון געוואָרן מער אָנגעוואָרפן מיט כּוח, איידער ער איז פריי אָנגענומען געוואָרן; און טיף אין האַרצן איז די מערהייט געבליבן עקשנותדיק קאָנסערוואַטיוו, בפרט אין אַזעלכע קליינע שטעטלעך, וואָס זענען גע-לעגן אין דער זייט פון די גרויסע, מאָדערנע געשעענישן, און זענען געווען שטאָלץ מיט זייער אַלטער טראַדיציע. מער ווי ערגעץ-אַנדערש, האָט אין דייטשן פאָלק רעגירט דער אומצוטרוי צו אַלץ, וואָס איז ניי, יענע מין פוילקייט צו פילן אמתע און שטאַרקע זאַכן, וואָס זע-נען נאָך נישט געוואָרן איבערגעקייט פון די פריערדיקע דורות. ס׳האָט זיך געלאָזט מערקן אין דער בייזער שטימונג מיט וועלכער מ׳האָט אויפגענומען — אויב נישט וואַגנערס ווערק, וועלכע האָבן נישט אַרויסגערופן שוין מער קיין פּתחון-פּה — איז אַלע נייע ווערק, וואָס זענען געווען אינספּירירט פונם וואַגנעריאַנישן גייסט. אָט אַזוי וואָלטן די „וואַגנער-פאַריינען״ געהאַט צו דערפילן אַ גאַנץ-נוצלעכע אויפגאַבע, ווען זיי וואָלטן אומעטום פאַרטיידיקט די יונגע און אָריגינעלע קינס-טלער. זיי האָבן עס טיילמאָל געטון, און בריקנער אָדער הוגאָ וואָלף האָבן געפונען צווישן פיל פון זיי די בעסטע אָנהענגער. אָבער צו אָפט האָט דעם מייסטערס עגאָיזם געדריקט זיינע תּלמידים, און פונקט ווי ביירוט האָט געדינט נאָר דער פאַרגעטערונג פון איין מענטשן, אַזוי זענען אויך די „פיליעס״ פון ביירוט געווען קליינע קירכן, וווּ מ׳האָט אייביק געפּראַוועט די מעסע און תּפילה געטון צום איינציקן גאָט. העכסטנס האָט מען אַריינגעלאָזן אין די זייטיקע קאַפּעלן די טרייע תּלמידים, וואָס האָבן געגלויבט באמונה שלימה אין דער היי-ליקער תּורה און געלויבט מיטן פּנים אין שטויב, די איינציקע פיל-

פנימדיקע גאָטהייט פון: מוזיק, דיכטונג, דראַמע און מעטאַפיזיק.

דער אייגענער פאַל איז געווען אויך אינם שטעטלשן וואַגנער-פאַריין. — פונדעסטוועגן האָט ער אויפגעהאַלטן באַשטימטע פאָרמען, גערן וווערבירט יונגע טאַלענטירטע קינסטלער, וואָס האָבן געקאָנט דעם פאַריין נוצן ברענגען און זינט אַ לאַנגע צייט — געהאַט אַן אויג אויף קריסטאָפן. זיי האָבן אים אין דער שטיל געמאַכט פאָרשלאָגן, אויף וועלכע קריסטאָף האָט קיין אַכט נישט געלייגט, ווייל ער האָט נישט געפילט קיין שום באַדערפעניש צו פאַרייניקן זיך מיט וועמען-עס-איז; ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ נויטווענדיקייט טרייבט עס זיינע לאַנדס-לייט צו גרופירן זיך אייביק, ווי די סטאַדעס, און נישט צו קאָנען טון עפּעס אַליין: נישט זינגען, נישט שפּאַצירן, נישט טרינקען. ער האָט געהאַט אַ ווידערגעפיל צום גאַנצן „פאַריינס-וועזן”. אָבער בכלל איז ער געווען בעסער גענייגט צו דעם וואַגנער-פאַריין, ווי צו וועלכן עס איז אַנדערן: זיי האָבן געגעבן לכּל-הפּחות שיינע קאָנצערטן; און הגם ער האָט נישט געטיילט אַלע מיינונגען פון די וואַגנעריאַנער וועגן קונסט, איז ער געווען נאָענטער צו זיי, ווי צו אַנדערע מוזיקאַלישע גרופּעס. ער האָט געקאָנט, ווי ס'האָט זיך געדאַכט, געפינען אַ באָדן צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אַ פּאַרטיי, וואָס האָט זיך באַצויגן צו בראַהמסן און צו די „בראַהמינער” אַזוי אומבּרחמנותדיק, ווי ער. ער האָט זיך געלאָזט דעריבער זיי פאָרשטעלן. מאַנהיים איז געווען דער פאַרמיטלער: אַלעמען האָט ער געקענט. נישט זייענדיק קיין מוזיקער, האָט ער דאָך געהערט צום וואַגנער-פאַריין, — דער דירעקציע-קאָמיטעט האָט נישט אויפגעהערט נאָכצוקוקן דעם קאַמף, וואָס קריסטאָף האָט געפירט אין דער צייטשריפט. לויט געוויסע אָנגריפן אויפן קעגנערישן לאַגער, האָט דער פאַריין איינגעזען, אַז קריסטאָף האָט אַ שטאַרקע פויסט, וואָס וואָלט אים, דעם פאַריין, געקאָנט שטאַרק צונוץ קומען. קריסטאָף האָט, אמת, געשיקט עטלעכע רעספּעקטלאָזע פייַלן קעגן זייער פאַרהייליקטן אָפּגאָט; נאָר מ'האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק; — און אפשר האָבן די דאָזיקע ערשטע אָנגריפן, נאָך גאַנץ-שוואַכע, אגב, צוגעאיילט דעם פאַריין, קעגן זיין ווילן, צוצוציען קריסטאָפן, איידער ער וועט האָבן צייט צו זאָגן נאָכמער. מ'איז געקומען זייער פריינטלעך אים בעטן די דערלויבעניש אויסצופירן עטלעכע פון זיינע ווערק אויף איינעם פון די נאָענטסטע קאָנצערטן פון דער געזעלשאַפט. קריסטאָפן האָט עס הנאה געטון און

ער האָט געגעבן זיין הסכמה. ער איז געקומען אין וואַגנער־פּאַריין און געשטויסן פון מאַנהיימען, האָט ער זיך סוף־כּל־סוף איינגעשריבן פאַר אַ מיטגליד.

אין דער שפּיץ פונם וואַגנער־פּאַריין זענען געשטאַנען צוויי מענטשן, וואָס איינער פון זיי איז געווען אַ באַקאַנטער שרייבער, און דער צווייטער — אַ קאַפּעלמייסטער. זיי האָבן ביידע געהאַט אַן אמת מאַכמעדאַנישן גלויבן אין וואַגנערן. דער ערשטער, יהושע קלינג, האָט געשאַפן אַ ווערטערבוך צו וואַגנערן — „וואַגנער־לעקסיקאָן״ — וואָס האָט צו יעדער מינוט געלאָזט פאַרשטיין דעם געדאַנק פונם מייסטער אין יעדער אָנגעשריבענער זאַך: ס'איז געווען דאָס גרויסע ווערק פון זיין לעבן. ער איז געווען בכּוח צו רעציטירן גאַנצע קאַפּיטלען אויף אויסווייניק, ווי די קליינבירגער פון דער פראַנצויזישער פּראָווינץ רע־ציטירן געזאַנגען פון דער Pucelle. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אין די „ביירוטער בלעטער״ אַרטיקלען וועגן וואַגנערן און דעם אַרישן גייסט. עס פאַרשטייט זיך, אַז וואַגנער איז געווען פאַר אים דער טיפּ פונם אמתן אַריער, וואָס פאַר אים איז די דייטשע ראַסע געבליבן ווי אַ טרייע שוץ קעגן דער שעדלעכער השפּעה פונם לאַטיינישן, און דער עיקר — פונם פראַנצויזישן סעמיטיזם. ער האָט פראָקלאַמירט די ענט־גילטיקע מפּלה פונם אומריינעם פראַנצויזישן גייסט. ער האָט פאַרבי־טערט געפירט יעדן טאָג דעם קאַמף, פונקט ווי דער אייביקער שונא וואָלט אים אָן אויפהער געדראָאט מיט אַ סכּנה. ער האָט אָנערקענט נאָר איין איינציקן גרויסן מאַן אין פראַנקרייך: דעם גראַף גאָבינאָ. קלינג איז געווען אַ קליינער אַלטיטשקער און זייער אַ העפלעכער, וואָס פלעגט גיך רויט ווערן, ווי אַ מיידל. — דער צווייטער זייל פונם וואַגנער־פאַריין, עריק לויבער, איז געהאַט געווען אַ דירעקטאָר פון אַ כעמישער פאַבריק ביז פערציק יאָר פון ויין לעבן; שפּעטער האָט ער אַלץ פאַרלאָזן און איז געוואָרן אַ קאַפּעלמייסטער. ער איז געקומען דערצו מיטן כּוח פון ווילן און אַ דאַנק זיין גרויסער עשירות. ער איז געווען אַ פאַנאַטישער אָנהענגער פון ביירוט: מ'האָט דער־ציילט, אַז ר'איז געגאַנגען אַהין פון מינכען צופוס, אין סאַנדאַלן פון אַן עולה־רגל. אַ מערקווירדיקע זאַך: אָט דער מענטש, וואָס האָט אַ סך געלייענט, געררייזט איבער דער וועלט, געהאַט אַ סך פאַכן, איז געווען אין מוזיק אַן אמת לעמעלע; זיין גאַנצע אָריגינעלקייט האָט זיך אָפּ־געטון, און ער איז געוואָרן נאַרישער, ווי אַנדערע. נישט זיכער אין

זיך אַליין, ער זאָל זיך קאָנען גרויסן מיט זיין אייגענער מיינונג, פלעגט ער הכנעהדיק אויסהערן די מיינונגען פון די קאַפּעלמייסטערס און פּאַטענטירטע קינסטלער אין ביירוט וועגן וואַגנערן. ער האָט געוואָלט אויספירן ביז די קלענסטע פּרטים די אינסצענירונג אין פּילפאַרביקע קאָסטיומען, וואָס זענען נושא חן געווען ביים יינגלשן, באַרבאַרישן געשמאַק פונם קליינעם וואַנווילד־הויף. ער איז געווען אַ מין פאַנאַטיקער פון מיקעל־אַנדזשעלאָ, וואָס האָט איבערגעגעבן אין זיינע רעפּראָדוקציעס אַפילו די שפּאַלטן אין מויער און די פּייכטע פלעקן, וואָס זענען געווען אויסגעפּירט אויפן פאַרהייליקטן בילד און במילא זענען זיי אויך געוואָרן פאַרהייליקט.

קריסטאָף האָט זיך נישט גוט געפילט אין דער געזעלשאַפט פון די צוויי מענטשן. אָבער זיי זענען געווען געזעלשאַפטלעך, העפלעך און ביידע גענוג געבילדעט, און אַ שמועס מיט לויבערן פלעגט זיין אינטערעסאַנט, אויב מ'האָט נאָר נישט גערעדט וועגן מוזיק. אַגב איז ער געווען אַ צעדרייטער מענטש, און קריסטאָף האָט די צעדרייטע מענטשן גראָד נישט פיינט געהאַט: זיי האָבן אים הנאה געטון נאָך דער לאַנגווייליקער באַנאַלקייט פון די מיושבע מענטשן. ער האָט נאָך נישט געוווסט, אַז ס'איז נישטאָ קיין לאַנגווייליקערע זאַך, ווי אַ מענטש, וואָס זעט אויס, ווי אַ שוטה, און אַז אָריגינאַליטעט טרעפט זעלטענער צווישן די, וואָס רופן זיך אָן רעכט „אָריגינעל", ווי ביי די איבעריקע פון דער סטאַדע. ווייל די „אָריגינעלע" זענען איינפאַכע מאַניעמענטשן, וואָס זייער געדאַנק באַוועגט זיך, ווי אַ זייגער.

יהושע קלינג און לויבער האָבן געוואָלט צוציען קריסטאָפן, און תחילת אים אַרויסגעוויזן אָנערקענונג און יראַת־הכבוד. קלינג האָט אים געווידמעט אַ לויב־אַרטיקל, און לויבער האָט זיך געפלייסט אויסצוהערן אַלע זיינע באַמערקונגען בנוגע די ווערק, וואָס ער האָט דיריזשירט אינם אָרקעסטער פון דער געזעלשאַפט. קריסטאָף איז געווען גערירט, לײדער, דער איינדרוק פון די שבחים איז אים, אַ דאַנק דער נאַרישקייט פון די דאָזיקע מענטשן, באַלד נמאס געוואָרן. ער האָט נישט פאַרמאָגט די לייכטקייט צו מאַכן זיך אילוזיעס וועגן מענטשן, בלויז דערפאַר, וואָס זיי זענען געווען זיינע אָנהענגער. ער איז געווען שטרענג. ער האָט געהאַט טענות, וואָס עס געפעלט אין זיין מוזיק גראָד דער היפוך דערפון, וואָס עס איז וויכטיק; און ער האָט כמעט געהאַלטן פאַר שונאים די דאָזיקע, וואָס זענען על־פּי טעות געווען

זיינע פריינד. דערפאַר האָט ער נישט געפילט קיין שום דאַנקבאַרקייט צו קלינגען, וואָס האָט געזען אין אים וואַגנערס אַ תּלמיד און געזוכט אַ שייכות צווישן זיינע „לידער״ און שטעלן פון דער „טעטראַלאָגיע״, וואָס האָבן געהאַט אַן אמתע שייכות בלויז מיט געוויסע נאָטן פונעם טאָן-לייטער. ס'האָט אים אויך אַ קנאַפּע הנאה פאַרשאַפט צו הערן איינס פון זיינע ווערק אַריינגעשטופּט — זייט ביי זייט מיט אַ ווערט-לאָז שטיק פון אַ וואַגנעריאַנישן שילער — צווישן צוויי ריזיקע בלאָקן פון די וואַגנעריאַנישע דראַמען.

אינגיכן האָט אים אָנגעהויבן פאַרפעלן אָטעם אין דער דאָזיקער קליינער קאַפּעלע. ס'איז געווען אַ צווייטע קאָנסערוואַטאָריע, פּונקט אַזוי ענג, ווי די אַלטע קאָנסערוואַטאָריעס, און דערצו נאָך אומדער-טרעגלעכער, ווייל זי איז ערשט געקומען צו דער קונסט. קריסטאָף האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיינע אילוזיעס בנוגע דער אַבסאָלוטער ווערט פון אַ קינסטלערישער פאָרם אָדער פון אַ געדאַנק. ביז דעמאָלט האָט ער געגלויבט, אַז די גרויסע אידעען טראָגן אומעטום זייער ליכט מיט זיך. איצט האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז די אידעען בייטן זיך, אָבער די מענטשן בלייבן די זעלבע; און סוף-כּל-סוף — דער עיקר זענען דאָך די מענטשן: די אידעען זענען דאָס, וואָס עס זע-נען די מענטשן. אויב זיי זענען געבוירן געוואָרן מיטלמעסיקע און קנעכטישע, ווערט אַפילו דער גאון מיטלמעסיק, בעת ער גייט אַדורך דורך זייערע נשמות; און דער באַפרייאונגס-געשריי פונעם העלד, וואָס צערייסט זיינע קייטן, ווערט אַן אַקט פון שקלאַפעריי פאַר די צו-קונפטיקע דורות. — קריסטאָף האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן אויסצודריקן זיינע געפילן. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין גע-לעגנהייט, אָפּצושפּאַלטן פון דער עבודה-זרה אין דער קונסט. ער האָט דערקלערט, אַז מ'דאַרף נישט מער קיין אָפּגעטער, נישט קיין קלאַסי-שע און נישט פון קיין אַנדער מין, און אַז זיך אָנצורופן דער יורש פון וואַגנערס גייסט האָט רעכט נאָר דער, וואָס איז מסוגל צו גיין איבער וואַגנערס קערפּער גלייך פאַר זיך און קוקן אייביק פאָרויס און קיינמאָל נישט אויף הינטן, — דער, וואָס האָט דעם מוט צו לאָזן שטאַרבן די, וואָס מוזן שטאַרבן, און וואָס איז שטענדיק אין אַ לע-בעדיקער באַרירונג מיטן לעבן. קלינגס נאַרישקייט האָט קריסטאָפן צערייצט. קריסטאָף האָט באַרירט די חסרונות און לעכערלעכקייטן, וואָס ער האָט געפונען ביי וואַגנערן. די וואַגנעריאַנער האָט ער תּיכף

געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער פילט אַ משונהדיקע קנאה צו זייער גאָט. קריסטאָף פון זיין זייט האָט נישט געצווייפלט, אַז די זעלבע מענטשן, וואָס זענען באַגייסטערט פון וואַגנערן, זינט ער איז געשטאָרבן, וואָלטן זיכער געווען די ערשטע אים צו פאַרשטיינערן, ווען ער האָט געלעבט: — ער איז געווען אומגערעכט. אַזאַ קלינג אָדער אַ לויבער האָבן אויך געהאַט זייער שעה פון דערהויבנקייט, אַמאָל, מיט צוואַנציק יאָר צוריק; דערנאָך זענען זיי, ווי ס׳רוב מענטשן, פאַרגליווערט געוואָרן. דער מענטש האָט אַזוי ווייניק כוח, אַז באַלד נאָך דעם ערשטן אַרויפשטייג בלייבט ער שטיין צו כאַפּן דעם אָטעם; גאַנץ ווייניק מענטשן האָבן גענוג אָטעם צו גיין ווייטער דעם וועג.

קריסטאָפס האַלטונג האָט גיך דערווייטערט פון אים זיינע נייע פריינד. זייער פריינדשאַפט איז געווען ווי אַן אָפּמאַך: כדי זיי זאָלן האַלטן מיט אים, האָט ער געדאַרפט האַלטן מיט זיי; און ס׳איז געווען גאַנץ קלאָר, אַז קריסטאָף וועט פון זיינס נישט אָפּטרעטן: ער וועט זיך נישט לאָזן מיטשלעפּן — מ׳איז געוואָרן צו אים קאַלט. די שבחים, וואָס ער האָט אָפּגעזאָגט פאַר די געטער און געטערלעך פון דער קליקע, האָבן זיי אים אויך אָפּגעזאָגט. זיי האָבן איצט אַרויסגעוויזן ווייניקער איילעניש אָנצונעמען זיינע ווערק: און אַנדערע האָבן בענומען פראָטעסטירן, וואָס מ׳זעט זיין נאָמען צו אָפט אויף די פראָגראַמען. מ׳האָט פון אים חוזק געמאַכט הינטער די פּלייצעס, און די קריטיק האָט זיך געטון דאָס איריקע; קלינג און לויבער האָבן זיך געלאָזט איינרעדן און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען אויך מסכים מיט דער קריטיק. פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געוואָלט איבעררייסן מיט קריסטאָפן: ראשית דערפאַר, ווייל די רהיין־לייט האָבן ליב געהאַט פשרותדיקע מיינונגען, וואָס זענען בכלל קיין טיינונגען נישט און וואָס האָבן די פּריווילעגיע צו פאַרציען אויף אַן אומבאַשטימטער צייט אַ צווייזדייטיקע לאַגע; צווייטנס: נישט געקוקט אויף אַלץ, האָט מען געהאָפט, אַז סוף־כל־סוף וועט ער זיי נאָכגעבן, אויב נישט צוליב איבערצייגונג, איז לפחות צוליב מידקייט.

קריסטאָף האָט זיי נישט געגעבן קיין צייט דערצו. ווען ער האָט נאָר דערשפּירט, אַז אַ מענטש פילט צו אים אַן אַנטיפּאַטיע, נאָר ער וויל עס נישט זאָגן אָפן און באַמיט זיך איינצורעדן און צו בלייבן מיט אים אין גוטע באַציונגען, — פלעגט ער נישט רוען, ביז ס׳האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו באַווייזן, אַז יענער איז אים אַ שונא.

נאָך אַן אָוונט אינם וואַגנער-פאַריין, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיט צביעותדיקער שנאה, האָט ער מער נישט אויסגעהאַלטן און אַריינגעשיקט צו לויבערן וועגן דעמיסיע, אָן קיין שום דערקלערונגען. לויבער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, און מאַנהיים איז געקומען צו לויפן צו קריסטאָפן צו פאַרגלעטן דעם ענין. באַלד נאָך מאַנהיימס ערשטע ווערטער האָט קריסטאָף אויסגערופן:

— ניין, ניין, ניין און ניין! רעד מיר נישט מער וועגן די דאָזיקע ברואים. איך וויל זיי מער אין פרצוף נישט קוקן... איך קען נישט, איך קען נישט מער... איך האָב אַ שרעקלעכן עקל צו די מענטשן; ס'איז מיר כמעט אוממעגלעך צו קוקן זיי אין פנים אַריין.

מאַנהיים האָט געלאַכט פון גאַנצן האַרצן. ער האָט געטראַכט נישט אַזוי וועגן קילן קריסטאָפס כעס, ווי וועגן דעם שיינעם ספּעקטאַקל, וואָס ער האָט פאַר זיך.

— איך ווייס גאַנץ גוט, אַז די מענטשן זענען נישט שיין, — האָט ער געזאָגט; — ס'איז דאָך אָבער נישט פון איצט: וואָס איז דען געשען?

— גאָרנישט. גענוג פאַר מיר... יאָ, לאַך, מאַך חוזק פון מיר; יאָ, איך בין משוגע. די פאָרזיכטיקע מענטשן האַנדלען לויט די געזעצן פון דער לאָגיק און געזונטן פאַרשטאַנד. איך בין נישט אַזעלכער; איך בין אַ מענטש, וואָס האַנדלט לויט זיינע אימפּולסן. ווען אַ באַשטימטע סכום עלעקטריציטעט זאַמלט זיך אין מיר אָן, מוז איך זי אויסלאָדן, וואָס עס זאָל נישט געשען; און אָך און וויי איז צו יענע, וועמען עס רירט אָן! און אָך און וויי איז צו מיר אַליין! איך בין נישט באַשאַפן צו לעבן אין געזעלשאַפט. פון היינט אָן וויל איך געהערן נאָר זיך אַליין.

— רעכנסט דאָך נישט מסתמא אָפּצוזונדערן זיך פון דער גאַנצער וועלט? — האָט מאַנהיים געזאָגט — דו קענסט דאָך נישט שפּילן דיין מוזיק פאַר זיך אַליין, דו מוזסט האָבן זינגער, זינגערינס, אַן אָרקעסטער, אַ קאַפּעלמייסטער, אַן עולם, אַפּלאָדיסמענטן...

קריסטאָף האָט געשריגן:

— ניין! ניין! ניין!..

אָבער דאָס לעצטע וואָרט האָט אים אַ הויב געטון פון אָרט:

— אַפּלאָדיסמענטן! שעמסט זיך נישט?

— איך רעד נישט וועגן געצאָלטע אַפּלאָדיסמענטן (דאָס איז..

דעם אמת זאָגנדיק, דאָס איינציקע מיטל צו באַקומען ביים עולם אַ לוין פאַרן ווערק). — מ׳דאַרף אָבער שטענדיק האָבן אַפּלאָדיסמענטן, אַ גרופּע מענטשן פון אַ באַשטימטן סטיל; יעדער מחבר האָט זיך דאָס זייניקע: דערצו דאַרף מען האָבן פריינד.

— איך וויל נישט קיין פריינד!

— וועט מען דיך אויספייפן.

— איך וויל ווערן אויסגעפייפט!

מאַנהיים איז געווען אויפן זיבעטן הימל.

— אָבער אָט די הנאה וועסטו אויך לאַנג נישט האָבן. מ׳וועט דיך אויפהערן שפּילן.

— גוט, לאָז זיין! מיינסטו, הייסט עס, אַז איך וויל ווערן אַ גרויסער מענטש?... יאָ, איך בין מיט אַלע כוחות געגאַנגען צו מיין ציל... אומזין! משוגעת! שטות!... פּונקט ווי די באַפרידיקונג פונם וווּלגאַרסטן שטאָלץ וואָלט געווען דער שכר פאַר אַלערליי קרבנות — צער, יסורים, בזיון, זלזולים, מיאוסע פּשרות — וואָס זענען דער פּרייז פאַר רום! זאָל מיך דער טייוול נעמען, אויב אַזעלכע דאגות ליגן מיר אין קאָפּ! חלילה! איך וויל מער נישט האָבן צו טון מיטן עולם און מיט דער עפנטלעכקייט. די עפנטלעכקייט איז אַ פּאַסקודנע נבלה. איך וויל זיין אַ פּריוואַטער מענטש און לעבן פאַר זיך און פאַר די, וואָס כ׳האָב ליב...

— אַזוי איז עס, — האָט מאַנהיים איראָניש געזאָגט — מ׳דאַרף זיך אויסקלויבן אַ פאַך. פאַרוואָס נייסטו נישט קיין שיך?

— אַך, ווען איך וואָלט געווען, ווי דער אומפאַרגלייכלעכער זאַקס! — האָט אויסגעשריען קריסטאָף — ווי מיין לעבן וואָלט געווען דאַן גליקלעך! אַ שוסטער אַ גאַנצע וואָך, — אַ מוזיקער זונטיק און נאָר אין אַן אינטימען קרייז, פאַר מיין פרייד און פאַר דער הנאה פון אַ פּאָר פריינד! דאָס וואָלט געווען אַ לעבן!... צי בין איך משוגע אָדער חסר־דעה, מקריב צו זיין מיין צייט און מיין מי צו ליב דער גרויסמוטיקער הנאה צו ווערן דער רויב פאַר נאַרישע מיי־נונגען? צי איז נישט פיל בעסער און שענער צו ווערן געליבט און פאַרשטאַנען צו ווערן פון עטלעכע מוטיקע מענטשן, אָנשטאָט צו ווערן אויסגעהערט, קריטיקירט און געלויבט פון מיליאָנען אי־דיאָטן?... דער טייוול פון שטאָלץ און רום־באַגער וועט מיך מער נישט שלעפן ביי די האָר: דו מעגסט מיר גלויבן!

— אװדאי, — האָט מאַנהיים געזאָגט.
ער האָט געטראַכט:
— אין אַ שעה אַרום װעט ער זאָגן פּונקט פאַרקערט.
און האָט רויִק געענדיקט:
— איך װעל שוין באַזאָרגן דעם ענין מיטן װאַגנער־פאַריין, נישט אמת?

קריסטאָף האָט אױפגעהױבן די הענט:
— איך רײַס שוין אַ שעה צײַט דעם האַלז, כּדי דו זאָלסט זאָגן דעם היפּוך!... איך זאָג דיר, אַז מײַן פוס װעט דאָרט מער נישט אַרײַן! איך האָב אַן עקל צו אַלע די װאַגנער־פאַרײַנען, צו אַלע פאַרײַנען בכלל, צו אַלע סטאַדעס שאָף, װאָס שטופּן זיך אײנע צו די אַנדערע, כּדי צוזאַמען צו מעקען. גײ, זאָג זײ אין מײַן נאָמען די דאָזיקע שעפּסן: איך בין אַ װאָלף, כ׳האָב צײן, איך בין נישט באַשאַפן געװאָרן צו עסן גראָז!

— גוט, גוט, מ׳װעט זײ זאָגן, — האָט מאַנהיים געענטפערט, אַװעקגײענדיק גליקלעך פונם פאַרבראַכטן פרימאָרגן. ער האָט געטראַכט:
— ער איז משוגע, משוגע, משוגע אויף טויט...
זײַן שװעסטער, װעמען ער האָט זיך געאײַלט צו דערצײלן דעם שמועס, האָט געהױבן מיט די אַקסלען און געזאָגט:
— משוגע? ער װאָלט אַ בעקן געװען, מיר זאָלן עס אים גלויבן!... אָבער ער איז פּשוט נאַריש און לעכערלעך־שטאָלץ...

דאָך האָט קריסטאָף װײַטער געפירט זײַן פאַרביטערטן קאַמף אין װאַלדהויזס צײַטשריפט. נישט װײַל ס׳האָט אים הנאה געטון: די קריטיק האָט אים געלאַנגװײַליקט און ער האָט חשק געהאַט צו שיקן זײ אַלעמען צו אַלדי ריחות. ער האָט זיך אָבער אײַנגעעקשנט, װײַל מ׳האָט אים געװאָלט פאַרשטאָפּן דאָס מויל: ער האָט נישט געװאָלט אויסזען, װי אַ מענטש, װאָס אַנטלויפט.
װאַלדהויז האָט אָנגעהויבן װערן אומרויִק. כּל־זמן די קלעפּ האָבן אים נישט געטראָפן, האָט ער זיך צוגעקוקט צו דעם קאַמף

מיט דער רויקייט פון אַן אָלימפּישן גאָט. נאָר זינט עטלעכע וואָכן האָבן די אַנדערע צייטונגען אַ סוף געמאַכט צו דער אומבאַרירלעכ־קייט פון זיין פּערזאָן; זיי האָבן מיט אַ זעלטענער שאַרפקייט גענו־מען אָנגרייפן זיין אייגנליבע פון אַ מחבר, און וואַלדהויז וואָלט זי־כער דערקענט אין די אָנגריפן די פעדער פון זיינע פריינד, ווען ער זאָל נאָר זיין אַביסל שאַרפזיניקער. די אָנגריפן זענען באמת פאָרגעקומען אַ דאַנק דער פאַרעטערישער ווירקונג פון ערגעפולדן און גאָלדנרינגען: זיי האָבן נישט געזען קיין אַנדערן אויסוועג אַזוי אַרום צו צווינגען אים אַ סוף צו מאַכן ווען־עס־איז צו קריסטאָפס פּאָמעליק. זיי האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט. וואַלדהויז האָט תּיכּף דער־קלערט, אַז קריסטאָף הויבט אים אָן אויפצורעגן; און ער האָט אים אויפגעהערט צו שטיצן. פון דעמאָלט אָן האָט די גאַנצע רעדאַקציע געפּלייסט זיך איינצושטילן קריסטאָפן. נאָר גיי פאַרשטאָפּ אַ הונט דאָס מויל, בעת יענער פרעסט זיין רויב! דאָס, וואָס מ׳האָט אין אים אַריינגערעדט, האָט אים נאָר מערער אויפגערעגט. ער האָט זיי גערופן מנוולים און דערקלערט, אַז ער וועט אַרויסזאָגן אַלץ — אַלץ, וואָס ער איז מחויב צו זאָגן. אויב זיי ווילן אים אַרויסוואַרפן היני־טער דער טיר, האָבן זיי די ברירה! די גאַנצע שטאָט וועט וויסן, אַז זיי זענען פּחדנים, ווי די איבעריקע; נאָר ער אָבער וועט מיטן אייגענעם ווילן נישט אַוועקגיין.

צעטומלט האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און מיט פאַרביטערונג געהאַט טענות צו מאַנהיימען, וואָס ער האָט זיי געבראַכט אָט דעם משוגענעם פאַר אַ מתּנה. מאַנהיים האָט, ווי שטענדיק, געלאַכט און זיך אונטערגענומען איינצוהאַלטן קריסטאָפן; ער האָט צוגעזאָגט, אַז פון דעם באַנטסטן אַרטיקל אָן וועט קריסטאָף אַריינגיסן אַביסל וואַ־סער אין זיין וויין. זיי האָבן אים נישט געגלויבט, אָבער די ווירק־לעכקייט האָט באַוויזן, אַז מאַנהיים האָט זיך נישט אומזיסט באַרימט. קריסטאָפס נאָענטער אַרטיקל איז, אמת, נישט געווען קיין מוסטער פון העפלעכקייט, אָבער דאָך האָט ער מיט קיין איין וואָרט קיינעם נישט באַליידיקט. מאַנהיימס מיטל איז געווען זייער פּשוט; אַלע זע־נען געווען דערשטוינט, וואָס ס׳איז זיי פריער נישט איינגעפאַלן: קריסטאָף פלעגט קיינמאָל נישט איבערלייענען דאָס, וואָס ער האָט געשריבן אין דער צייטשריפט; ער האָט קוים דורכגעלייענט די קאָרעקטן פון זיינע אַרטיקלען, זייער גיך און זייער שלעכט. אַדאָלף מאַי האָט

אים נישט איינמאָל געמאַכט וועגן דעם ביטערלעך־זיסע באַמערקונגען: ער האָט געטענהט, אַז אַ פעלערהאַפטער אויסדרוק איז פאַר דער צייטשריפט אַ פחיתת־הכבוד; און קריסטאָף, וואָס האָט זיך אין דער קריטיק נישט געהיט אַזוי שטאַרק, ווי אין דער קונסט, פלעגט ענטפערן, אַז דער, אויף וועמען ער שרייבט שלעכט, וועט זיך שטענדיק כאַפּן אַליין, וואָס ער מיינט. מאַנהיים האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט; ער האָט געזאָגט, אַז קריסטאָף איז גערעכט, אַז די קאָרעקטור געהערט איינגנטלעך צום קאָרעקטאָר און אַז ער לעגט דעריבער פאָר צו פאַרטרעטן קריסטאָפן אין דער דאָזיקער אַרבעט. קריסטאָף איז אים געווען טיף דאַנקבאַר, און אַלע האָבן אים פאַרזיכערט, אַז דער דאָזיקער טויש איז פאַר זיי באַקוועם און שפּאָרט זיי איין צייט. קריסטאָף האָט בכן איבערגעגעבן זיינע קאָרעקטן מאַנהיימען און געבעטן אים, ער זאָל גוט קאָרעגירן. מאַנהיים האָט זיך גענומען דערצו מיט חשק: ס׳האָט אים שטאַרק געווילט. תחילת האָט ער אויס פאָרזיכטיקייט ריזיקירט בלויז צו ענדערן עטלעכע אויסדרוקן אָדער אַרויסצוואַרפן אַ פאָר שאַרפע עפּיטעטן. ווען ער האָט געזען, אַז עס גייט מיט מזל, איז ער געגאַנגען נאָך ווייטער: ער האָט גענומען ענדערן גאַנצע זאַצן און זייער באַדייטונג; ער האָט אַרויסגעוויזן ביי דער דאָזיקער מלאכה אמתע מייסטערשאַפט. די גאַנצע קונץ איז באַשטאַנען אין דעם, מ׳זאָל איבערלאָזן דאָס רוב אויסדרוקן פונם זאַץ און זיינע כאַראַקטעריסטישע ווערטער און זאָגן פּונקט דעם היפּוך דערפון, וואָס קריסטאָף האָט געוואָלט זאָגן. מאַנהיים האָט זיך געגעבן מער מי צו ענדערן קריסטאָפס אַרטיקלען, ווי צו שרייבן אייגענע; ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן אַזוי פיל נישט געאַרבעט. נאָר דער פּועל־יוצא האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן: אייניקע מוזיקער, וואָס קריסטאָף האָט זיי פאַרפאָלגט מיט זיין סאַרקאַזם, זענען געווען פּשוט דערשטוינט צו זען, אַז ער ווערט ביסלעכווייז ווייכער און נעמט לסוף רימען זייערע ווערק. די רעדאַקציע איז געווען אין זיבעטן הימל. מאַנהיים האָט זיי פאָרגעלייענט שטיקער פון זיין אַרבעט. מ׳האָט אָן אויפהער געלאַכט. ערענפעלד און גאָלדענרינג האָבן אפילו אָפטמאָל געוואָרנט מאַנהיימען:

— גיב אַכטונג, דו גייסט אַוועק צו ווייט!

— נישט קיין געפאַר, — פלעגט מאַנהיים ענטפערן.

און ער האָט נאָך מער געאַרבעט.

קריסטאָף האָט זיך נישט געכאַפּט. ער פלעגט קומען אין רע־

דאַקציע, אַװעקלעגן זײַן כּתב־יד און מער האָט אים נישט געאַרטי־
טײלמאָל פּלעגט ער אָפּרופן מאַנהײמען אין אַ זײַט:

—דאָסמאָל האָב איך זײ שױן אַרײַנגעזאָגט, װי ס׳דאַרף צו זײַן, אָט
די מנוולים, לײען נאָר אַ שטיקל...

מאַנהײם פּלעגט לײענען.

— נו, װאָס מײנסטו װעגן דעם?

— שרעקלעך, מײַן טײַערער! דו מאַכסט דאָך פון זײ אַש און
בלאָטע!

— װאָס רעכנסטו, װעלן זײ זאָגן?

— אָ, ס׳װעט װערן אַ פײַנער טומל!

אָבער ס׳פּלעגט נישט װערן קײן שום טומל. להיפוך, אַרום
קריסטאָפן האָבן די פּנימער געשטראַלט, מענטשן, װאָס ער האָט אַרונ־
טערגעריסן, האָבן אים באַגריסט אין גאַס. אײנמאָל איז ער געקומען
אין דער רעדאַקציע אומרויִק און פּאַרדאגהט, אַ װאָרף געטון אויפן
טיש עפּעס אַ װיזיט־קאַרטל אין געפּרעגט:

— װאָס זאָל עס באַדײַטן?

ס׳איז געװען אַ קאַרטל פון אַ מוזיקער, װעלכן ער האָט אַרונ־
טערגעריסן: „מיט אמתער דאַנקבאַרקייט".

מאַנהײם האָט מיט אַ געלעכטער געענטפערט:

— ער איראָניזירט.

קריסטאָפן איז לײַכטער געװאָרן.

— אוף! — האָט ער געזאָגט — כ׳האָב מורא געהאַט, אפשר
האָט אים מײַן אַרטיקל הנאה געטון.

— ער איז שרעקלעך בײז, — האָט ערענפעלד געזאָגט; —
נאָר ער װיל זיך פאַרשטעלן: ער מאַכט זיך נאָך אַ העכערן מענטשן, ער
חוזקט.

— ער חוזקט?... חזיר! — האָט קריסטאָף געזאָגט, באַלײדיקט
פונדאָסניי. — איך װעל אָנשרײַבן װעגן אים אַ צװײטן אַרטיקל.
ס׳װעט לאַכן דער, װער עס לאַכט דער לעצטער.

— נײן, נײן, — האָט װאַלדהױז אומרויִק געזאָגט — איך גלויב
נישט, אַז ער מאַכט חוזק. ס׳איז הכנעה. ער איז אַ גוטער קריסט:
מ׳טוט אים אַ פּאַטש אין אײן באַק, שטעלט ער אונטער די צװײטע.

— איז נאָך בעסער! — האָט קריסטאָף געזאָגט — אַך, דער
פּחדן! ער װעט באַקומען דאָס, װאָס ער פאַרדינט!

וואַלדהויז האָט זיך געוואָלט אַריינמישן, נאָר די איבעריקע האָבן געלאַכט.

— לאָז צורו... — האָט מאַנהיים געזאָגט.

— נאָך אַלעמען... — האָט וואַלדהויז ווידער אָנגעהויבן, פּלוצ־לינג באַרויקט — אַ ביסל מער, אַ ביסל ווייניקער!...

קריסטאָף איז אַוועק. די חברים זענען געשפּרונגען און געקייקלט פון געלעכטער. ווען זיי האָבן זיך אַ ביסל באַרויקט, האָט וואַלדהויז געזאָגט צו מאַנהיימען:

— פונדעסטוועגן האָט קיין סך נישט געפעלט... זיי פאַרזיכטיק, איך בעט דיך. ער וועט אונז נאָך כאַפּן.

— מילא! — האָט מאַנהיים געזאָגט — דערווייל האָבן מיר נאָך פאַר זיך פריילעכע טעג. און אויסערדעם שאַף איך אים דאָך גוטע פריינד.

קריסטאָף האָט געמאַכט אומגעלומפּערטע אָנשטרענגונגען צו רעפאָרמירן די דייטשע קונסט, ווען אין שטאָט איז געקומען צו פאָרן אַ טרופּע פראַנצויזישע אַקטיאָרן. ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן: אַ סטאַדע; ווי דער שטייגער, איז עס געווען אַ כנופיא אָרעמע חברה־לייט, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען, דער טייוול ווייסט פון וואַנעט, און יונגע אומבאַקאַנטע אַקטיאָרן, גליקלעכע, וואָס זיי לאָזן זיך עקס־פּלאָאַטירן, אַבי מ'לאָזט זיי נאָר שפּילן. אַלע צוזאַמען זענען געווען איינגעשפּאַנט אינם וואָגן פון אַ באַוווסטער, עלטערער אַקטריסע, וואָס האָט געמאַכט אַ טורנע איבער דייטשלאַנד און, פאַרבייפאָרנדיק די שטאָט, איז זי געבליבן דאָרט אויף דריי פאָרשטעלונגען.

ביי וואַלדהויזן אין דער רעדאַקציע איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. מאַנהיים און זיינע פריינד זענען געווען באַהאַוונט אָדער גע־מיינט, אַז זיי זענען באַהאַוונט אינם ליטעראַרישן און עפנטלעכן לעבן פון פּאַריז; זיי פלעגן דערציילן פאַרשידענע רכילותן, וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען פון גאַסן־בלעטלעך און פאַרשטאַנען מער ווייני־קער: זיי האָבן, מיט איין וואָרט, רעפּרעזענטירט דעם פראַנצויזישן גייסט אין דייטשלאַנד. דאָס האָט שוין געקלעקט אָפּצונעמען ביי קרי־סטאָפן יעדן חשק צו דערקענען דעם דאָזיקן גייסט. מאַנהיים האָט אים געמאַטערט מיט זיינע ליוב־געזאַנגען פאַר פּאַריז. ער איז דאָרט געווען עטלעכע מאָל; ער האָט דאָרט געהאַט קרובים: — ער האָט געהאַט קרובים אין אַלע אייראָפּעישע לענדער, און אומעטום האָבן זיי אָנגענומען די נאַציאָנאַליטעט און לעבנס־שטייגער פון יענעם לאַנד; דער דאָזיקער שבט פון אברהם האָט געציילט צווישן זיינע מיטגלידער אַן ענגלישן באַראָן, אַ סענאַטאָר אין בעלגיען, אַ פראַנ־

צויזישן מיניסטער, אַ דעפּוטאַט אין רייכסטאַג און אַ פּויפּסטלעכן פּירשט; און אַלע, הגם געאייניקט און מיט דרך-ארץ פאַר דער ראַסע, פון וועלכער זיי שטאַמען, זענען געווען אויפריכטיקע ענגלענדער, בעלגיער, פראַנצויזן, דייטשן און אָנהענגער פונם פּויפּסט: זייער שטאָלץ האָט זיי נישט געלאָזט צווייפלען, אַז דאָס לאַנד, צו וועלכן זיי האָבן זיך צוגעבונדן, שטייט העכער פון אַלע אַנדערע לענדער. מאַנהיים, אויף צו להכעיס, איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַלע לענדער געהאַלטן העכער, ווי זיין אייגן לאַנד. ער האָט דעריבער אָפּט גערעדט וועגן פּאַריז מיט שטאַרקער באַגייסטערונג; נאָר אַזוי ווי ער פלעגט בטבע דערציילן סאַמע אויסטערלישע זאַכן און כּדי צו רימען די פּאַריזער, פאָרגעשטעלט זיי אַלס משוגעים, פלוידערער און זולל־וסובאניקעס, וואָס פאַרברענגען זייער צייט אין אויסגעלאַסנקייט און רעוואָלוציעס, און נעמען קיין זאַך נישט ערנסט,— האָט קריסטאָפן נישט איבעריק געצויגן צו דער „ביזאַנטינער, געפאַלענער רעפּובליק פון יענער זייט וואָגעזן". אין זיין לייכטגלויביקייט האָט ער זיך פאָרגעשטעלט פּאַריז, ווי עס האָט אויסגעזען אויף אַ פרימיטיוון שטיק, וואָס קריסטאָף האָט געזען אויפן שער־בלאַט פון אַ נישט־לאַנג דערשינערער זאַמלונג פון דייטשע קונסט-ביכער: אין פאָדערגרונט דער דעמאָן פון נאָטרדאַם, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט פון איבער די דעכער, און דערביי די צושריפט:

„Insatiable vampire l'eternelle Luxure
Sur la graedclite convoite sa pâture".

(דער אומגעזעטיקטער וואַמפּיר פון אייביקער אויסגעלאַסנקייט
זוכט זיין רויב אין דער גרויסער שטאָט")

אַלס גוטער דייטש, האָט ער געפילט אַ פאַראַכטונג צו די אויסגעלאַסענע וועלשן און צו זייער ליטעראַטור, פון וועלכער ער האָט קוים געקענט עטלעכע קאָמישע, ווערטלאָזע שטיק, ווי: „ל'עגלאָן", „מאַדאַם סאַן זשען" און לידער פון אַ קאַפע-קאָנצערט. דער סנאָביזם פונם שטעטל, ווו מענטשן, לחלוטין אומפעיקע צו אינטערעסירן זיך מיט קונסט, האָבן זיך געשטופּט מיט אַ טומל צו דער קאַסע נאָך בילעטן, האָט אַריינגעוואָרפן קריסטאָפן אין אַ שטימונג פון גלייכגילטיקער פאַראַכטונג צו דער גרויסער קאָמעדיאַנטין. ער האָט פעסט באַשלאָסן נישט צו מאַכן קיין שום אָנשטרענגונג צו באַזוכן איר פאָרשטעלונג. ס'איז אים געווען לייכט צו האַלטן וואָרט, ווייל די

פּלעצער זענען געווען אַזוי טייער, אַז ער איז נישט געווען ביכולת צו קויפן אַ בילעט.

דער רעפּערטואַר, וואָס די פראַנצויזישע טרופּע האָט אַריינגע-בראַכט קיין דייטשלאַנד, איז באַשטאַנען פון צוויי אָדער דריי קלאַ-סישע פּיעסעס; ס'רוב אָבער איז ער באַשטאַנען פון שטותערייען, וואָס זענען דער בעסטער פּאַריזער אַרטיקל אויף עקספּאָרט: נישטאָ קיין מער אינטערנאַציאָנאַלע זאַך, ווי די דורכשניטלעכקייט. קריסטאָף האָט געקענט „טאָסקאַ", וואָס האָט געזאָלט זיין דער ערשטער ספּעק-טאַקל פון דער שפּילערין; ער האָט עס געהערט אין אַן איבערזע-צונג, באַפּוצט מיט אַלערליי חנדלעך, וואָס אַ טרופּע פון אַ קליינעם טעאַטער ביים רהיין קען צוגעבן אַ פראַנצויזישן ווערק; און קוקנדיק אויף זיינע פריינד, ווי זיי לויפן אין טעאַטער אַריין, האָט קריסטאָף געלאַכט מיט בטול, צופרידן, וואָס ער איז נישט מחויב צו גיין הערן די זעלבע זאַך נאָך אַ מאָל. פונדעסטוועגן האָט ער צומאָרגנס זייער אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די באַגייסטערטע באַריכטן פונם אָוונט: ער איז געווען בייז אויף זיך, וואָס ער האָט נישט קיין רעכט זיך אַריינצומישן, ווייל ער האָט נישט געזען דאָס, וועגן וואָס אַלע רעדן.

די צווייטע אַנאָנסירטע פאָרשטעלונג האָט געדאַרפט זיין אַ פראַנצויזישע איבערזעצונג פון „האַמלעט". קריסטאָף האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט צו זען שעקספּירס אַ פּיעסע. שעקספּיר איז געווען פאַר אים, פּונקט ווי בעטהאָווען, אַן אייביקער קוואַל פון לעבן. „האַמלעט" איז אים געווען באַזונדערס טייער אינם פּעריאָד פון אומרו און שטורעמדיקע ספקות, וואָס ער האָט נישט לאַנג געהאַט אַדורכגעמאַכט. הגם ער האָט מורא געהאַט זיך ווידער צו זען אינם מאַגישן שפּיגל, האָט עס אים דאָך געצויגן; און ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום די אַפישן פון טעאַטער (ער האָט זיך בשעת מעשה נישט מודה געווען דערצו) און איז ממש אויסגעגאַנגען פון חשק צו קריגן אַ פּלאַץ. נאָר ער איז געווען אַזוי איינגעעקשנט, אַז נאָך דעם, וואָס ער האָט געזאָגט זיינע פריינד, האָט ער נישט געוואָלט חרטה האָבן; און ער וואָלט זיכער געבליבן דעם אָוונט, פּונקט ווי דעם פאָריקן, אין דערהיים, ווען דער צופאַל וואָלט אים נישט צונויפגעבראַכט מיט מאַנהיימען, גראָד דעמאָלט, ווען ער איז שוין געווען אויפן וועג אַהיים.

מאַנהיים האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם און דערציילט אים אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד אָבער נישט אָן חוזק, אַז עפּעס אַן אַלטע, נאַרישע קרובה, זיין טאַטנס אַ שוועסטער, איז אומגעריכט אַראָפּגעקומען צו זיי מיט איר גאַנצן הויז־געזינד, און אַז זיי מוזן אַלע בלייבן אין שטוב מקבל פּנים צו זיין די געסט. ער האָט זיך געפּרוווט אַרויסדרייען; אָבער זיין פאָטער האָט בטבע נישט מוותּר געווען אויף זאַכן פון פאַמיליען־עטיקעטן און דרך־ארץ, וואָס קומט די עלטערע; און אַזוי ווי ער האָט זיך איצט געמוזט רעכענען מיטן פאָטער, ווייל ער האָט געדאַרפט ביי אים אַרויסבאַקומען אַ סומע געלט, איז ער געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן און אָפּזאָגן זיך פון דער פאַרשטעלונג.

— איר האָט שוין בילעטן? — האָט קריסטאָף געפרעגט.

— אַוודאי! אַן אויסגעצייכנטע לאָזשע; און צו דעם אַלעמען, מוז איך נאָך גיין אַוועקטראָגן — (איך גיי טאַקע אַהין) — צום שוטה גרינבוים, דעם פאַפּאַס שותּף, די בילעטן כדי ער זאָל זיך דאָרטן בלאָזן צוזאַמען מיט דער פרוי גרינבוים און זייער טאָכטער — די גאַנז. ס'איז פריילעך!.. איך זוך לפּחות עפּעס אַ נישט־אָנגענעמע זאַך פאַר זיי. אָבער פאַר זיי איז עס דאָך אַלץ איינס, אַבי איך זאָל זיי אָפּגעבן די בילעטן, — כאָטש זיי וואָלט גיכער געווען ניחא דאָס זאָלן זיין באַנק־בילעטן.

ער איז פּלוצלינג געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל און אָנגעקוקט קריסטאָפן:

— וואַרט!.. כ'האָב... כ'האָב, וואָס איך דאַרף!..

ער האָט אַ הוסט געטון:

— קריסטאָף, דו גייסט אין טעאַטער?

— ניין.

— הער אויס, דו וועסט גיין אין טעאַטער. איך בעט דיך, טו מיר די טובה. דו קענסט עס מיר נישט אָפּזאָגן.

קריסטאָף האָט נישט פאַרשטאַנען.

— אָבער כ'האָב נישט קיין אָרט.

— אָט האָסטו! — האָט מאַנהיים מיט טריומף אויסגעשריגן, אַרייַנשטעקנדיק אים מיט געוואַלד דעם בילעט אין האַנט.

— ביסט משוגע, — האָט קריסטאָף געזאָגט — און דיין טאַטנס שליחות?

מאַנהיים האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן:

— ער וועט אַריינפאַלן אין אַ צאָרן! — האָט ער געזאָגט.

ער האָט אויסגעווישט די אויגן און צוגעגעבן:

— איך וועל מאָרגן אין דער פרי, ווען כ׳וועל אויפשטיין, אויסטראַכטן עפּעס, איידער ער וועט זיך דערוויסן.

— איך קאָן דעם בילעט נישט נעמען, — האָט קריסטאָף געזאָגט — בעת איך וויים, אַז דאָס וועט אים נישט זיין אָנגענעם.

— דו ביסט גאָרנישט מחויב צו וויסן, דו ווייסט גאָרנישט, דאָס גייט דיך נישט אָן.

קריסטאָף האָט גענומען דעם בילעט.

— און וואָס זאָל איך טון, קלערסטו, מיט אַ לאָזשע פון פיר פלעצער?

— וואָס דיר געפעלט. קאָנסט זיך דאָרט שלאָפן, טאַנצן, אויב דו ווילסט. ברענג אַהין פרויען. דו האָסט דאָך עטלעכע? אויב נישט, קאָן איך דיר באָרגן.

קריסטאָף האָט צוריקגעגעבן מאַנהיימען דעם בילעט:

— ניין, נישטאָ וואָס צו רעדן. נעם אים צו.

— קיינמאָל אין לעבן נישט, — האָט מאַנהיים געענטפערט און געמאַכט עטלעכע טריט הינטער זיך — איך קאָן דיך נישט צווינגען צו גיין, אויב ס׳איז דיר לאַנגווייליק; אָבער צונעמען וועל איך אים נישט. דו האָסט אַ ברירה אַריינצוואַרפן אים אין פייער אָדער, אַלס אָרנטלעכער מענטש, אַוועקטראָגן צו די גרינבוימס. דאָס גייט מיך מער נישט אָן. אַ גוטע נאַכט!

ער איז אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק קריסטאָפן אין מיטן גאַס מיטן בילעט אין האַנט.

קריסטאָף איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. ער האָט אייגנטלעך געהאַלטן, אַז עס פאַסט אַוועקצוטראָגן דעם בילעט צו די גרינבוימס; אָבער דער איינפאַל האָט אים נישט באַגייסטערט. ער איז אַוועק אַהיים, נישט אַנטשלאָסן; און ווען ער האָט זיך מיישב געווען אַ קוק צו טון אויפן זייגער, האָט ער געזען, אַז ס׳איז קוים דאָ צייט זיך אָנצוטון און גיין אין טעאַטער. און ס׳וואָלט געווען אַ שטות צו פאַרלירן סתם דעם בילעט. ער האָט פאָרגעלייגט זיין מאַמען, זי זאָל מיטגיין. אָבער לואיזע האָט דערקלערט, אַז זי וויל בעסער זיך גיין לעגן. איז ער אַליין אַוועק. אין האַרצן האָט ער געפילט אַ קינדער־

טע הנאה. איין זאַך איז אים געווען לאַנגווייליק, וואָס ער האָט די הנאה איינער אַליין. ער האָט נישט געפילט קיין שום חרטה בנוגע דעם פאָטער מאַנהיים אָדער די גריבוימס, ביי וועלכע ער האָט צו־גענומען די לאָזשע; נאָר ער האָט געטראַכט וועגן די, וואָס האָבן געקאָנט טיילן זיין פאַרגעניגן. ער האָט געטראַכט, וואָס פאַר אַ פרייד ער האָט געקאָנט פאַרשאַפן אַזעלכע יוגגעלייט, ווי ער, און ס'איז אים געווען פיינלעך, וואָס ער קאָן עס נישט טון. ער האָט געזוכט אין געדאַנק, ווערמען צו קאָנען פאָרלייגן זיין בילעט, און נישט געפונען. אגב איז געווען שפּעט און מ'האָט זיך געדאַרפט צואיילן.

ווען ער איז אַריין אין טעאַטער, איז ער פאַרבייגעגאַנגען די פאַרמאַכטע קאַסע, ווו ס'איז געווען אויפגעשריבן, אַז ס'איז נישט געבליבן מער קיין איין בילעט. צווישן די מענטשן, וואָס זענען מיט פאַרדרוס געשטאַנען אַרום אים, האָט ער באַמערקט אַ יונג מיידל, וואָס האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַרויסצוגיין און האָט באַ־טראַכט מיט קנאה די מענטשן, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען. זי איז געווען זייער איינפאַך אָנגעטון, אין שוואַרצן; נישט קיין גאַנץ הויכע, מיט אַ מאָגערער פיגור און אַן איידל פנים; ער האָט אין דער רגע נישט באַמערקט, צי זי איז מיאוס אָדער שיין. ער איז זי פאַרבייגעגאַנגען; דאַן איז ער געבליבן שטיין אַ ווײַלע, זיך אויסגעדרייט און איידער ער האָט געהאַט גענוג צייט צו באַרעכענען, געפרעגט:

— איר האָט שוין נישט געקריגן קיין פּלאַץ, פריילין?

זי איז רויט געוואָרן און געענטפערט מיט אַ פרעמדן אַקצענט:

— ניין.

— כ'האָב אַ לאָזשע, און כ'ווייס נישט, וואָס צו טון מיט איר. ווילט איר זי, צוזאַמען מיט מיר, אויסנוצן?

זי איז נאָך רויטער געוואָרן און געדאַנקט, נאָר איבערגעבעטן, פאַרוואָס זי קאָן נישט מסכים זיין. קריסטאָף האָט זיך באַליידיקט פון איר אָפּזאָג, איבערגעבעטן פון זיין זייט און געפּרוווט צושטיין, זי זאָל אַריינגיין; נאָר ס'האָט זיך אים נישט איינגעגעבן זי צוצו־רעדן, הגם ס'איז געווען קלאָר, אַז זי וויל גיין מיטן גאַנצן האַרצן. ער איז געווען פאַרדאגהט. פּלוצלינג האָט ער אָנגענומען אַ באַשלוס.

— הערט אויס, ס'איז דאָ אַן עצה, ווי אַלץ דורכצופירן, — האָט ער געזאָגט — נעמט דעם בילעט. ביי מיר איז די זאַך נישט

אַזוי וויכטיק, איך האָב עס שוין געזען. (ער האָט זיך באַרימט). פאַר אייך וועט עס זיין אַ גרעסערע הנאה, ווי פאַר מיר. נעמט, איך גיב עס אייך מיטן גאַנצן האַרצן.

דאָס יונגע מיידל איז געווען אַזוי גערירט פון דער מתנה און פונם האַרציקן טאָן, מיט וועלכן ער האָט גערעדט, אַז טרערן האָבן זיך איר באַוויזן אין די אויגן. זי האָט געשטאַמלט פון דאַנקבאַרקייט, אַז זי וויל ביי אים בשום אופן נישט צונעמען דעם דאָזיקן פאַרגעניגן.

— נו, גוט, לאָמיר זשע אַריינגיין צוזאַמען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל.

ער האָט געהאַט אַזאַ גוט און אָפנהאַרציק פנים, אַז זי האָט זיך פאַרשעמט, וואָס זי האָט אים אָפגעזאָגט, און געענטפערט, אַביסל צעטומלט:

— איך גיי... אַ דאַנק.

זיי זענען אַריין. די לאָזשע פון די מאַנהיימס איז געווען ברייט צעעפנט און פונקט אַנטקעגן דער סצענע; ס'איז געווען אוממעגלעך צו באַהאַלטן זיך אין איר. ס'איז איבעריק צוצוגעבן, אַז זייער אַריינקומען איז נישט דורכגעגאַנגען אומבאַמערקט. קריסטאָף האָט אַוועקגעזעצט דאָס יונגע מיידל אין דער ערשטער ריי און אַליין געבליבן זיצן הינטער איר, כדי זי זאָל זיך נישט פילן שלעכט. זי איז געזעסן גלייך, שטייף, אָן מוט אויסצודרייען דעם קאָפּ און — שרעקלעך פאַרשעמט; זי וואָלט אַוועקגעגעבן זייער פיל, ווען זי וואָלט נישט מסכים געווען אַריינצוגיין. כדי צו לאָזן זי קומען אַ ביסל צו זיך און אַזוי־ווי ער האָט נישט געהאַט מיט איר וועגן וואָס צו רעדן, האָט קריסטאָף זיך געמאַכט קוקן אין אַן אַנדער זייט. ווי ער זאָל נישט געבן אַ קוק, האָט ער אומעטום לייכט באַמערקט, אַז זיין געגנוואַרט אין דער געזעלשאַפט פון דער אומבאַקאַנטער שכנטע, צווישן דעם גלענצנדן עולם פון די לאָזשעס, האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן נייגיר און פאַרשידענע פירושים. ער האָט געוואָרפן בייזע בליקן צו די, וואָס האָבן אים אָנגעקוקט; ער איז געווען זיי־

ער אויפגעבראַכט, וואָס מ'פאַרנעמט זיך מיט אים אזוי עקשנותדיק־ בעת אים גייען זיי קיינער נישט אָן. ס'איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז די דאָזיקע נישט־דיסקרעטע נייגיריקייט איז געווענדט אויף זיין שכנטע מער, ווי אויף אים, און דווקא אויף אַ פאַרדריסלעכן אופן, כדי אַרויסצוּווייזן, אַז ער איז לחלוטין גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס זיי קאָנען זיך טראַכטן אָדער רעדן, האָט ער זיך אָנגעבויגן צו זיין שכנטע און גענומען מיט איר רעדן. זי האָט אויסגעזען אַזוי דער־ שראָקן, וואָס ער רעדט צו איר, און אַזוי אומגליקלעך, וואָס זי דאַרף אים ענטפערן, אַז זי האָט קוים געהאַט כּוח צו ענטפערן יאָ אָדער ניין, קוים געהאַט מוט אים אָנצוקוקן; — ער האָט רחמנות געקראָגן אויף איר צוליב זיין ווילדקייט און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל. צום גליק האָט זיך אָנגעהויבן די פאָרשטעלונג.

קריסטאָף האָט נישט געהאַט איבערגעלייענט דעם אַפיש, און ס'איז אים ווייניק אָנגעגאַנגען, וואָס פאַר אַ ראָלעס שפּילט די גרוי־ סע אַקטריסע: ער האָט געהערט צו יענע נאַיווע מענטשן, וואָס קו־ מען זען אין טעאַטער די פּיעסע און נישט די אַקטיאָרן. ער האָט זיך נישט נאָכגעפרעגט, צי די באַוווּסטע אַרטיסטין וועט שפּילן אָפעליען אָדער די קעניגין; ווען ער וואָלט דערפון געטראַכט, וואָלט ער זיכער געגלויבט, אַז זי שפּילט די קעניגין, אויב מ'זאָל נעמען אין באַטראַכט דעם עלטער פוןביידע מאַטראָנעס. ס'האָט אים אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז זי זאָל שפּילן האַמלעטן. ווען ער האָט געזען און דערהערט האַמלעטן מיט זיין שטים פון אַ מעכאַ־ נישער פּופּע, האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, איידער ער האָט גע־ גלויבט זיינע אויערן; ער האָט ביי זיך געפרעגט, צי איז עס נישט קיין חלום...

— אָבער ווער? ווער איז עס? — האָט ער שטיל צו זיך גע־ רעדט. — פונדעסטוועגן איז עס דאָך נישט...

און ווען ער האָט געמוזט פעסטשטעלן, אַז „פונדעסטוועגן איז עס" האַמלעט, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ קללה, וואָס זיין שכנטע האָט צום גליק נישט פאַרשטאַנען, ווייל זי איז געווען אַן אויסלענדערין, — וואָס מ'האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען אין דער שכנותדיקער לאָזשע, ווייל מ'האָט תיכף גענומען שרייען פון דאָרטן זייער אויפגערעגט, עס זאָל זיין שטיל. ער האָט זיך צוריקגעצויגן טיף אין דער לאָזשע, כדי צו קענען שעלטן, וויפל זיין האַרץ גלוסט. דער כעס איז אים

נישט אָפּגעגאַנגען. ווען ער וואָלט געווען יושרדיק, וואָלט ער באַמערקט און אָפּגעשאַצט די עלעגאַנטע קליידונג און שטאַרקע נאַטירלעכע און קינסטלערישע קראַפט, וואָס האָט דערלויבט דער דאָזיקער זעכציקיעריקער פרוי זיך צו ווייזן אין אַ קאָסטיום פון אַ יונגן מאַן און אַפילו אויסצוזען שיין — לפּחות פאַר די, וואָס האָבן נישט געקוקט מיט קיין שטרענגע אויגן. אָבער ער האָט פיינט געהאַט קינסטלעכקייט און בכלל אַלץ, וואָס פאַרגוואַלדיקט און פעלשט די נאַטור. ער האָט ליב געהאַט, אַז אַ פרוי זאָל זיין אַ פרוי, און אַ מאַן—אַ מאַן. (נישט אַלע מיינען היינט אַזוי). די קינדערשע און אַביסל־לעכערלעכע קליידער פון בעטהאָווענס לעאָנאָרע זענען אים שוין אויך געווען נישט אָנגענעם. אָבער דער דאָזיקער האַמלעט האָט איבערגעשטיגן אַלץ, וואָס מ'האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, און איז געווען פּשוט אַן אומזין מאַכן פון דעם שטאַרקן, דיקן און בלאַסן דענער, וואָס איז אַ האַסטיקער און כיטרער בעל־חלומות, מאַכן פון אים אַ פרוי. — און אַפילו נישט קיין פרוי: ווייל אַ פרוי, וואָס שפּילט אַ מאַן, איז שטענדיק אַ פאַרזעעניש, — מאַכן פון האַמלעטן אַ סריס, אַ צווייִדייטיקן אַנדרוגנוס.... האָט מען געדאַרפט האָבן די גאַנצע געפאַלנקייט פון אונזער צייט, די גאַנצע נאַרישקייט פון דער קריטיק, אַז די דאָזיקע עקלדיקע שטותעריי זאָל קאָנען טאָלערירט ווערן איין טאָג און נישט ווערן אויסגעפייפט!.. דער אַקטריסעס שטים האָט קריסטאָפן אַרויסגעבראַכט פון די כלים. זי האָט געהאַט אַ זינגענדיקע, אָפּגעהאַקטע דיקציע, די איינטאָניקע דעקלאַמאַציע, וואָס איז זינט שאַנמעלע און האָטעל־דע־בורגאָן שטענדיק טייער, ווייזט אויס, דעם פאָלק, וואָס איז ווייניקער מוזיקאַליש פון אַלע אַנדערע פעלקער. קריסטאָף איז געווען אַזוי צעשרויפט, אַז ער האָט חשק געהאַט צו אַנטלויפן אויף אַלע פיר. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער סצענע און געמאַכט האַוואַיעס פון כעס, מיטן פּנים צו דער וואַנט פון לאָזשע, ווי אַ קינד, וואָס מ'שטעלט אַריין אין אַ ווינקל. צום גליק האָט זיין שכנטע קיין מוט נישט געהאַט אַ קוק צו טון אין זיין זייט; ווייל ווען זי וואָלט אים געזען, וואָלט זי אים אָנגענומען פאַר אַ משוגענעם.

פלוצלינג האָט קריסטאָף אויפגעהערט זיך צו קרימען. ער איז געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך און איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַ שיינע מוזיקאַלישע שטים, אַ יונגע פרויען־שטים, אַ שווערע און זיסע האָט זיך געלאָזט פלוצלינג הערן אין זאַל. קריסטאָף האָט אָנגעשטעלט דאָס

אויער. וואָס מער זי האָט גערעדט, אַלץ מער האָט ער זיך נייגיריק געדרייט אויפֿן שטול, צו זען דאָס פֿויגעלע, וואָס האָט זיך אַזוי צעזונגען. ער האָט דערזען אָפּעליען. אייגנטלעך האָט זי נישט פֿאַרמאָגט אין זיך גאָרנישט פֿון שעקספּירס אָפּעליע, זי איז געווען אַ שיין, הויך, שטאַרק און שלאַנק מיידל, ווי אַ יונגע גריכישע סטאַטוע: עלעקטרע אָדער קאַסאַנדראַ. זי איז געווען פֿול מיט לעבן. הגם זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו האַלטן אין די ראַמען פֿון איר ראָלע, האָט דאָך אַ קראַפֿט פֿון יוגנט און פֿרייד געשטראַלט פֿון איר לייב, פֿון אירע באַוועגונגען און פֿון אירע ברוינע אויגן, וואָס האָבן קעגן איר ווילן געלאַכט. ס'איז געווען דער כּוח פֿון אַ שיינעם קערפּער, און קריסטאָף, וואָס איז אַ ווײַלע פֿריער געווען אַזוי אומברחמנותדיק צו דער אינטערפּרעטאַציע פֿון האַמלעט, האָט קיין איין רגע נישט געצווייפֿלט, אַז אָפּעליע איז כּמעט אינגאַנצן ענלעך צו דער, וואָס ער זעט; און אָן וואַקלעניש האָט ער מקריב געווען יענע פֿאַר דער, מיטן אומבאַוווּסטן, בייזן גלויבן פֿון ליידנשאַפֿטלעכע מענטשן, האָט ער געפֿונען אַזוי אַ טיפֿן אמת אין דער דאָזיקער יוגנטלעכער שפֿע, וואָס האָט געשטראָמט אינם ריינעם און אומרויִקן מיידלשן האַרץ. גאָר דעם זיבעטן חן האָט געהאַט דער צויבער פֿון איר ריינער, וואַרעמער, סאַמעט-ווייכער שטים: יעדעס וואָרט האָט געקלונגען, ווי אַ שיינער אַקאָרד; איינגעהילט ווי אין אַ בשמים-ריח פֿון טימיאַן און ווילדער מיאַטע, האָט אַרום די זילבן אין צאַפּלדיקע ריטמען געטאַנצט דער לאַכנדיקער אַקצענט פֿון דרום. אַ פֿרעמדע דערשיינונג: אָפּעליע פֿון אַרלעס-לאַנד! זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ ביסל פֿון איר גאָלדערנער זון און פֿון ווילדן מיסטראַל.

קריסטאָף האָט פֿאַרגעסן זיין שכנטע און געזעצט זיך נעבן איר אין דער ערשטער ריי פֿון דער לאָזשע; ער האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פֿון דער שיינער אַקטריסע, וואָס ער האָט איר נאָמען נישט געוווּסט. אָבער דער עולם, וואָס איז נישט געקומען אַהער הערן קיין אומבאַקאַנטע, האָט נישט געלעגט אויף איר קיין שום אַכט און אַפּלאָדירט נאָר דעמאָלט, בעת ס'האָט גערעדט דער ווייבלעכער האַמלעט. דאָס האָט קריסטאָפֿן זייער אויפֿגעבראַכט, און ער האָט זיי גערופֿן: „עזלען!" — אַזוי שטיל, אַז מ'האָט עס געהערט צען טריט אַרום אים.

ערשט ווען מ'האָט אַראָפּגעלאָזט דעם פֿאָרהאַנג, בעת דער

הפסקה, האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין שכנטע אין דער לאָזשע; און אַזוי ווי ער האָט געזען, אַז זי איז נאָך אַלץ פאַרשעמט, האָט ער מיט אַ שמייכל אַ טראַכט געטון, וויפל שרעק זי האָט מסתמא געהאַט צוליב זיינע משוגעתן. — ער האָט זיך נישט טועה געווען: די נשמה פונם מיידל, וואָס דער צופאַל האָט אים צוזאַמענגעבראַכט מיט איר אויף עטלעכע שעה, איז געווען כמעט קרענקלעך נישט־דרייסט; — מסתמא איז זי געווען אין אַ צושטאַנד פון אומנאָרמאַלער התפעלות, בעת זי האָט זיך גענומען דעם מוט מסכים צו זיין אויף קריסטאָפס איינלאַדונג. קוים אָבער האָט זי מסכים געווען, האָט זי עס שוין באַדויערט, זי וואָלט געגעבן אַלץ אין דער וועלט, צו קענען פטור ווערן, צו געפינען אַן אויסרייד און צו אַנטלויפן. נאָך ערגער איז איר געוואָרן, בעת זי האָט זיך אַרומגעזען, אַז זי איז דער אָביעקט פון דער אַלגעמיינער נייגיריקייט, און זי איז געוואָרן אויסער זיך פון שרעק. ווען זי האָט הינטער אירע פּלייצעס — (זי האָט זיך נישט דערוועגט אומצוקוקן) — געהערט דאָס בייזע מורמלען און קללות פון איר באַגלייטער: זי האָט זיך געריכט אויף אים אַלץ אין דער וועלט; און ווען ער האָט זיך געזעצט ביי איר זייט, איז זי ממש פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק; וואָס פאַר אַ ווילדע שטיק האָט ער איצטער בדעה צו טון? זי האָט זיך געוואָלט באַגראָבן צען איילן אין דער ערד. זי האָט זיך אינסטינקטיוו איינגעקאָרטשעט און מורא געהאַט אים אָנצורירן.

אָבער די גאַנצע מורא איז פאַרשוואונדן, ווען זי האָט בעת דער הפסקה דערהערט זיין גוטמוטיקע שטים:

— איך בין נישט קיין אָנגענעמער שכן, נישט אמת? זייט מיר מוחל.

דעמאָלט האָט זי אויף אים אַ קוק געטון און דערזען זיין גוטן שמייכל, וואָס צוליב אים האָט זי געפּועלט ביי זיך אַריינצוגיין אין טעאַטער.

ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך קען נישט באַהאַלטן דאָס, וואָס איך טראַכט.. אָבער ס'איז שוין געווען צו פיל... די דאָזיקע פרוי, די דאָזיקע אַלטע פרוי'...

ער האָט זיך ווידער פאַרקרימט פון עקל־געפיל.

זי האָט אַ שמייכל געטון און שטיל געזאָגט.

— דאָך איז עס שיין.

ער האָט באַמערקט איר אַקצענט און געפרעגט:
— איר זענט אַן אויסלענדערין?
— יאָ — האָט זי געענטפערט.
ער האָט באַטראַכט איר באַשיידן קליידל:
— אַ לערערין? — האָט ער געפרעגט.
זי איז רויט געוואָרן און געזאָגט:
— יאָ.
— פון וואַנען?
זי האָט געענטפערט:
— איך בין אַ פּראַנצויזין.
ער האָט פאַרחידושט צעשפּרייט די הענט:
— אַ פּראַנצויזין? איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט.
— פאַרוואָס? — האָט זי פאַרשעמט געפרעגט.
— איר זענט אַזוי... ערנסט! — האָט ער געזאָגט.
(זי האָט געטראַכט, אַז אין זיין מויל איז עס נישט קיין קאָמפּלימענט).
— עס זענען פאַראַן אַזעלכע אויך אין פראַנקרייך, — האָט זי געענטפערט, אינגאַנצן צעטומלט.
ער האָט באַטראַכט איר אָרנטלעך פּנימל, איר בולטן שטערן, גלייכן נעזל, איר פיינעם קין און מאָגערע באַקן אין דער ראַם פון קאַשטאַן-ברוינע האָר. אָבער באמת האָט ער זי נישט געזען: ער האָט געטראַכט וועגן דער שיינער אַרטיסטין. ער האָט איבערגעחזרט:
— ס'איז מערקווירדיק, וואָס איר זענט אַ פראַנצויזין!.. באמת, איר זענט פונם זעלבן לאַנד, וואָס אָפעליע? מ'וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט.
אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:
— ווי שיין זי איז!
און נישט באַמערקט, אַז דער דאָזיקער פאַרגלייך איז געווען אַ באַליידיקונג פאַר זיין שכנטע. זי האָט עס זייער גוט געפילט, אָבער קיין כעס האָט זי צו קריסטאָפן נישט געפילט, ווייל זי האָט געהאַט די זעלבע מיינונג. ער האָט געפּרוּווט דערגיין ביי איר אייניקע פּרטים וועגן דער אַקטריסע, נאָר זי האָט גאָרנישט געוווּסט; מ'האָט געזען, אַז זי איז ווייניק באַהאַוונט אין טעאַטער-ענינים.

— עס פאַרשאַפט אייך מסתמא פאַרגעניגן צו הערן רעדן פראַנ־צויזיש? — האָט ער געפרעגט.

ער האָט געמיינט צו שפּאַסן, — אָבער באמת געטראָפן אין פּינטל.

— אַך! — האָט זי געזאָגט מיט אַ זייער האַרציקן טאָן, וואָס האָט אים גערירט, — כ׳האָב שטאַרק פאַרגעניגן! איך שטיק זיך דאָ.

ער האָט זי דאָסמאָל בעסער באַטראַכט: זי האָט לייכט צונויפ־געדריקט די הענט און אויסגעזען דערשלאָגן. נאָר באַלד איז איר איינגעפאַלן, אַז ער האָט זיך געקענט פילן באַליידיקט פון אירע רייד:

— אָ, זייט מוחל! — האָט זי געזאָגט, — איך ווייס נישט, וואָס איך רעד.

ער האָט אויפריכטיק געלאַכט:

— אַנטשולדיקט זיך נישט! איר זענט פולשטענדיק גערעכט מ׳דאַרף נישט דווקא זיין אַ פראַנצויז, כדי דאָ דערשטיקט צו ווערן אויף!

ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען און אָפּגעאָטעמט.

אָבער זי האָט זיך פאַרשעמט, וואָס זי איז אַזוי אָפנהאַרציק, און איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַגב האָט זי באַמערקט, אַז פון די שכנות־דיקע לאָזשעס הערט מען זיך צו צו זייער שמועס; און ער האָט עס אויך מיט כעס באַמערקט. זיי האָבן דעריבער איבערגעריסן דעם שמועס, און וואַרטנדיק אויפן סוף פון דער הפסקה, איז ער אַרויס אין קאָרידאָר פון טעאַטער. די ווערטער פונם מיידל האָבן געקלונגען אין זיינע אויערן; נאָר ער איז געווען צעטומלט: אָפעליעס בילד האָט פאַרנומען זיין געדאַנק. אין די ווייטערדיקע אַקטן האָט זי אים אינ־גאַנצן באַהערשט; און ווען די שיינע אַקטריסע איז אין דער סצענע דערגאַנגען ביז משוגעת און מעלאַנכאָליש געזונגען פון ליבע און טויט, האָט איר שטים איבערגעגעבן אַזעלכער רירנדיקע טענער, אַז ער איז דורך און דורך געוואָרן אויפגערודערט: ער האָט געפילט, אַז אָט־אָט צעריטשעט ער זיך, ווי אַן אָקס. אויפגעבראַכט אויף זיך אַליין פאַר דער דאָזיקער, ווי ס׳האָט זיך אים געדאַכט, שוואַכקייט — (ווייל ער האָט נישט געקענט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אַן אמתער קינסטלער זאָל וויינען), — און אַזוי־ווי ער האָט נישט געוואָלט מאַכן פון זיך קיין ספּעקטאַקל, איז ער פלוצלינג אַרויס פון דער לאָזשע. דער קאָ־רידאָר, דאָס וואַרט־צימער זענען געווען פּוסט. שטאַרק

איז ער אַראָפּ פון די טרעפּ און אַליין נישט באַמערקט, ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען. ער האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך די קאַלטע נאַכט-לופט און איז מיט גרויסע שפּרייזן געגאַנגען דורך די פינסטערע, האַלב-פּוסטע גאַסן. ער האָט זיך געפונען ביים ברעג פון אַ קאַנאַל און אָנגע-שפּאַרט אָן אַ אָנלען, האָט ער באַטראַכט דאָס שטילע וואַסער, ווי ס'טאַנצן אַרום אין דער פינסטערניש רעפלעקסן פון די לאַמטערנעס. זיין נשמה האָט אויך אַזוי אויסגעזען: פינסטער און צאַפּלדיק; ער האָט געזוכט אין איר נאָר אַ גרויסע פרייד, וואָס האָט געטאַנצט אויף דער אויבערפלאַך. די שטאָט-זייגערס האָבן געקלונגען. ס'איז אים גע-ווען אוממעגלעך זיך אומצוקערן אין טעאַטער און אויסצוהערן די פּיעסע ביזן סוף. זען דעם נצחון פון פּאָרטינבראַס? ניין, דאָס ציט אים נישט... אַ שיינער נצחון! ווער האָט בדעה מקנא צו זיין דעם זינגער? ווער וויל זיין אויף זיין אָרט, נאָכדעם ווי מ'האָט זיך אי-בערגעזעטיקט מיטן משונהדיקן, ווילדן, לעכערלעכן לעבן? די גאַנצע יצירה איז אַ שרעקלעכער באַשולדיקונגס-אַקט קעגן לעבן. אָבער עס שטראָמט אין איר אַזאַ שפע פון לעבן, אַז דער טרויער פאַרוואַנדלט זיך אין פרייד, און די ביטערקייט פאַרשיכּורט...

קריסטאָף איז געקומען אַהיים. ער האָט שוין מער נישט גע-זאָרגט וועגן דעם יונגן אומבאַקאַנטן מיידל, וואָס ער האָט איבערגע-לאָזן אין דער לאָזשע און וואָס ער האָט אפילו איר נאָמען נישט געוווּסט.

צומאָרגנס אין דער פרי איז ער געגאַנגען באַזוכן די אַקטריסע אינם קליינעם דריט-ראַנגיקן האָטעל, ווו דער אימפּרעסאַריאָ האָט זי, צוזאַמען מיט אירע קאָלעגן, איינגעאָרדנט, בעת די גרויסע אַרטיסטין האָט געוווינט אין דעם בעסטן האָטעל פון שטאָט. מ'האָט אים אַריינ-געפירט אין קליינעם, שלעכט-אויפגעהאַלטענעם סאַלאָן, ווו איבערבליי-בעכצן פונם פרישטיק האָבן זיך געוואַלגערט אויפן אָפענעם פּיאַנינאָ צוזאַמען מיט האָר-נאָדלען און צעקנאָדערטע, שמוציקע נאָטן. אינם אַנ-דערן צימער האָט אָפעליע געזונגען אויפן קול, ווי אַ קינד, וואָס האָט הנאה אָנצומאַכן אַ טומל. זי האָט אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן, ווען

מ'האָט איר געמאָלדן וועגן דעם באַזוך און געפרעגט, אָן שום זאָרג, מיט אַ פרייליכער שטים, וואָס מ'האָט געהערט אין צווייטן צימער, אי־בערן וואַנט:

— וואָס וויל ער, דער הער? ווי הייסט ער?... קריסטאָף... קרי־סטאָף, ווי?... קריסטאָף קראַפט?... ס'אַראַ נאָמען!

(זי האָט איבערגעחזרט צוויי-דריי מאָל, שרעקלעך באַטאָנענדיק דעם ריש).

— עס קלינגט, ווי אַ קללה...

(זי האָט געשאָלטן).

— איז ער יונג אָדער אַלט?... אַ פיינער?... גוט, איך גיי שוין אַריין.

זי האָט גענומען זינגען:

– Rien nêst plus doux que mon amour...

(— נישטאָ קיין זיסערע זאַך, ווי מיין ליבע...)

שלעפנדיק זיך בעת-מעשה איבערן צימער, און שעלטנדיק אַ ביי־נערנע האָר-נאָדל, וואָס איז איר פאַרפאַלן געוואָרן צווישן די צעוואָר־פענע זאַכן. זי איז געווען אומגעדולדיק און זי האָט געברומט, נאָכ־מאַכנדיק אַ לייב, הגם קריסטאָף האָט זי נישט געזען, האָט ער דאָך נאָכגעפאָלגט אין געדאַנק אַלע אירע באַוועגונגען הינטער דער וואַנט, און ער האָט געלאַכט צו זיך אַליין: לסוף האָט ער געהערט, ווי ס'דערנענטערן זיך טריט, די טיר האָט זיך האַסטיק געעפנט און זי האָט זיך באַוויזן.

זי איז געווען האַלב-אָנגעטון, אין אַ שלאָף-ראָק, וואָס האָט איר אַרומגענומען די טאַליע, מיט אַנטבלויזטע אָרעמס אין די ברייטע אַרבל, מיט שלעכט-פאַרקעמטע האָר, וואָס זייערע לאָקן זענען איר אַראָפּגעפאַלן אויף די אויגן און באַקן. אירע שיינע ברוינע אויגן האָבן געשמייכלט, איר מויל האָט געלאַכט, אירע באַקן האָבן געלאַכט, אַ חנעוודיק גריבעלע האָט געלאַכט אינמיטן איר גאָמבקע. זי האָט זיך אַנטשולדיקט מיט איר שווערע, זינגענדיקער שטים, וואָס זי באַוויזט זיך אין אַזאַ מין הילוך. זי האָט געוווסט, אַז זי האָט זיך נישט וואָס צו אַנטשולדיקן און אַז ער קאָן איר נאָר דאַנקבאַר זיין דערפאַר. זי האָט גערעכנט, אַז ער איז אַ זשורנאַליסט, וואָס איז געקומען אויף אַן אינטערוויו. ווען ער האָט איר געזאָגט, אַז ער איז געקומען נאָר צו־ליב זיך אַליין, ווייל ער איז אַנטציקט פון איר, איז זי אָנשטאָט צו

ווערן אַנטוישט, געווען ממש אַנטציקט. זי איז געווען אַ גוט, חנעוודיק מיידל, וואָס האָט געוואָלט געפעלן ווערן און נישט געפּרוּווט עס צו באַהאַלטן: קריסטאָפס באַזוך און זיין באַגייסטערונג האָבן זי פּשוט גליקלעך געמאַכט (די קאָמפּלימענטן האָבן זי נאָך נישט געהאַט קאַ-ליע געמאַכט). זי איז געווען אַזוי נאַטירלעך אין אַלע אירע באַוועג-ונגען און אין אופן פון איר באַנעמען זיך, אפילו אין איר פוסטקייט און הנאה געפעלן צו ווערן, — אַז ער האָט זיך קיין רגע נישט גע-פונען אין אַ פאַרלעגנהייט. זיי האָבן זיך גאָר גיך געפילט, ווי אַלטע פריינד. ער האָט זיך געמאַטערט אַביסל מיטן פראַנצויזיש, זי האָט קוים מיט צרות גערעדט עטלעכע דייטשע ווערטער: אין אַ שעה שפּע-טער האָבן זיי זיך שוין געהאַט אויסדערציילט אַלע זייערע סודות. זי האָט נישט געהאַט בדעה אים אַוועקצושיקן, דאָס דאָזיקע געזונטע, פריילעכע, קלוגע און לעבעדיקע מיידל, וואָס האָט זיך שטאַרק גע-לאַנגווייליקט צווישן אירע נאַרישע חברים און אין אַ לאַנד, וואָס זי האָט נישט פאַרשטאַנען זיין שפּראַך, און אָן דער נאַטירלעכער פרייד, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, איז געווען פּשוט גליקלעך צו געפינען מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט. וואָס שייך קריסטאָפן, איז ממש שווער אי-בערצוגעבן אין ווערטער זיין פרייד, וואָס ער האָט צווישן די טרוי-קענע, נישט אויפריכטיקע קליינבירגער געטראָפן דאָס דאָזיקע פרייע דרום-מיידל, פול מיט בלוט פון איר פאָלק. ער האָט נאָך נישט גע-קענט די אויבערפלעכלעכקייט פון יענע נאַטורן, וואָס באַזיצן אין גייסט און אין האַרצן, — להיפּוך צו די דייטשן, — בלויז דאָס, וואָס זיי ווייזן אַרויס, און וואָס אָפט פאַרמאָגן זיי טאַקע גאָרנישט. אָבער זי איז קודם כל געווען יונג, זי האָט געלעבט, זי האָט גערעדט אָפנ-האַרציק און פריי אַלץ, וואָס זי האָס געטראַכט; זי האָט וועגן אַלץ אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, פריי, מיט אַ פרישן, נייעם קוק; ס'האָט געאָ-טעמט פון איר עפּעס פון איר מיסטראַל, וואָס פאַרדעקט די נעפּלען. זי איז געווען באַגאַבט. אָן בילדונג און בטבע נישט קיין דענקערישע, האָט זי אָבער געפילט דירעקט און פון גאַנצן האַרצן, ביז רירנד קער אויפריכטיקייט, דאָס, וואָס איז שיין און גוט; און דערנאָך, אין אַ ווײַ-לע אַרום, האָט זי אויפן קול געלאַכט. זי איז טאַקע געווען אַ קאָקע-טישע, געשפּילט מיט די שוואַרצאַפּלען און מיט פאַרגעביגן געוויזן אי-רע נאַקעטע אָרעמס און האַלז אונטער איר האַלב-אָפענעם ראָק: זי וואָלט גערן פאַרדרייט קריסטאָפן דעם קאָפּ; ס'איז געווען ריין אינס-

פֿינקטיוו. קיין שום חשבונות האָט זי דערבײַ נישט געהאַט, און זי האָט בעסער געוואָלט לאַכן, פֿרײלעך רעדן, זײַן אַ גוטער ברודער, אַ גוטער חבר, אָן שום קונצן. זי האָט אים דערציילט וועגן איר לעבן אין טעאַטער, אירע קליינע דאַגות, די נאַרישע חכמות פֿון אירע חברים, און אַז איזאַבעלע (אַזוי האָט געהייסן די גרויסע אַרטיסטין), וואָס האָט נישט ליב, עמעצער, אויסער איר, זאָל האָבן ערפֿאָלג, מאַכט אַלעמען דעם טויט. ער האָט איר אָנפֿאַרטרויט זײַנע תּביעות צו די דײַטשן: זי האָט געפּאַטשט אין די הענט און אים צוגעהאָלפֿן צו טענהן. אַגב, איז זי געווען אַ גוטע און האָט אויף קײַנעם נישט געוואָלט רעדן קיין שלעכטס; נאָר דאָס האָט איר נישט געשטערט פֿונדעסטוועגן צו רעדן; זי האָט געהאַט צו זיך אויפֿריכטיק טענות, בעת זי האָט פֿון עמעצן געשפּאַסט, ווײַל זי האָט פֿאַרמאָגט דעם הומאָר חוזק צו מאַכן און אַ רעאַלע, קאָמישע אָבסערוואַציע, וואָס טרעפֿט בײַ די מענטשן פֿון דרום: זי האָט זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן און ווײַטער געמאַכט געלונגענע קאַריקאַטורן. זי האָט פֿרײלעך געלאַכט מיט אירע בלײכע ליפּן, וואָס האָבן אָפּגעדעקט ציין ווי בײַ אַ יונגן הונט; און אירע אונטערגעהאַקטע אויגן האָבן נעגלאַנצט אינעם בלאַסלעכן פּנים, וואָס די שמינקע האָט אַ ביסל פֿאַרבלײכט.

זיי האָבן זיך פּלוצלינג אַרומגעזען, אַז ס'איז שוין אַריבער אַ שעה, זינט זיי שמועסן. קריסטאָף האָט פֿאָרגעלעגט קאָרינען (אַזוי איז געווען איר טעאַטער־נאָמען) אַז ער וועט קומען נאָך איר נאָכמיטאָג און וועט איר ווײַזן די שטאָט. דער פֿאָרשלאַג האָט זי אַנטציקט; זיי האָבן אָפּגעשמועסט זיך צו טרעפֿן באַלד נאָכן מיטאָג.

אין דער באַשטימטער שעה איז ער געקומען. קאָרינע איז געזעסן אינעם קליינעם האָטעל־סאַלאָן און געהאַלטן אַ העפֿט, וואָס זי האָט הויך געלייענט. זי האָט אים אויפֿגענומען מיט לאַכעדיקע אויגן און נישט איבערגעריסן דאָס לייענען, ביז זי האָט געענדיקט אַ זאַץ, דערנאָך האָט זי אים אָנגעוויזן אַן אָרט צו זעצן זיך נעבן איר:

— זעצט אײַך דאָ און רעדט נישט, — האָט זי נעזאָגט, — איך שטודיר אײַן מײַן ראָלע. אין אַ פֿערטל שעה אַרום ווער איך פֿאַרטיק.

זי האָט ווײַטער געלייענט דעם כּתבֿ־יד, טײַטלענדיק מיטן שפּיץ נאָגל, און געלייענט זייער גיך, ווי דער בליק אירער איז געפֿאַלן,

פונקט ווי אַ קליין מיידל, וואָס איילט זיך צו ענדיקן איר אַרבעט. ער האָט איר פאַרגעלייגט אויסצוהערן זי. זי האָט אים דערלאַנגט דאָס העפט און זיך אויפגעהויבן איבערצוזאָגן די ראָלע. זי האָט גע־שטאַמלט אָדער איבערגעחזרט פיר מאָל דעם סוף פונם זאַץ, איידער זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס עס גייט ווייטער. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, זאָגנדיק די ראָלע; אירע האָר־נאָדלען זענען זיך צעפלויגן איבערן גאַנצן צימער. ווען אַ פאַרעקשנט וואָרט האָט בשום אופן נישט געוואָלט קומען איר אויפן זכרון, איז זי געווען אומגעדולדיק, ווי אַ שלעכט־דערצויגן קינד; זי האָט טיילמאָל אַריינגעוואָרפן אין שפּאַס אַ קללה אָדער אַ גראָב וואָרט, — נאָך איינעם אַזאַ גראָבן וואָרט האָט זי זיך אַליין פאַרשעמט. — קריסטאָף איז פאַרחידושט געווען פונם געמיש פון טאַלאַנט און קינדערישקייט. זי האָט אויסגע־פונען ריכטיקע, רירנדיקע אינטאָנאַציעס; נאָר אין מיטן דער טיראַדע, ווו זי האָט, דאַכט זיך, אַריינגעלייגט איר גאַנצע נשמה, האָט זי פּלוצלינג געקאָנט נעמען רעדן ווערטער אָן אַ שום זין. זי האָט גע־לייענט איר ראָלע, ווי אַ מאַלפּע, נישט זאָרגנדיק, וואָס באַדייטן די ווערטער, וואָס זי רעדט, — און דעריבער זענען אַרויסגעקומען משונהדיקע פאַרבינדונגען. דאָס האָט איר נישט געאַרט; ווען זי האָט זיך געכאַפּט, האָט זי זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער. לסוף האָט זי געזאָגט: „שאַ!”, אַריסגעריסן דאָס העפט פון זיין האַנט, אַ שמיץ געטון אין אַ ווינקל און געזאָגט:

— פריי! ס'האָט געשלאָגן די שעה!.. מיר גייען שפּאַצירן!

ער האָט געפרעגט, אַביסל אומרויק:

— איר גלויבט, אַז איר קענט שוין?

זי האָט מיט זיכערקייט געענטפערט:

— אַוודאי. און צו וואָס איז, אַגב, דער סופלער?

זי איז אַריין צו זיך אין צימער, צו נעמען איר הישל. וואַר־טנדיק אויף איר, האָט זיך קריסטאָף צוגעזעצט צום פּיאַנינאָ און אַ קלאַפּ געטון עטלעכע גיכע אַקאָרדן, זי האָט אַ געשריי געטון פון צווייטן צימער:

— אָ, וואָס איז עס? שפּילט נאָך! ווי שיין עס איז.

זי איז געקומען צו לויפן, אַרויפפרוקנדיק זיך דאָס הישל אויפן קאָפּ. ער האָט געשפּילט ווייטער. ווען ער האָט געענדיקט, האָט זי פאַרלאַנגט, ער זאָל נאָך שפּילן. זי האָט זיך באַגייסטערט, מיט יענע

קליינע, פאַרחידושטע אויסגעשרייען, וואָס די פראַנצויזינס זענען גע־
וּוינט צו באַנוצן און וואָס באַציִען זיך, אַגב, פונקט אַזוי גוט אויף
„טריסטאַן", ווי אויף אַ פעקל שאָקאָלאַד. קריסטאָף האָט געלאַכט: אי־
דע אויסגעשרייען זענען געווען אינגאַנצן אַנדערש פון די געוויינלע־
כע, פאַטעטישע און שווערע אויסרופן פון זיינע דייטשן. צווי־
סתּירותדיקע גוזמאות. איינע האָט געוואָלט מאַכן פון אַ קלייניקייט אַ
באַרג, די צווייטע—פון אַ באַרג — אַ קלייניקייט; די דאָזיקע גוזמא
איז געווען נישט ווייניקער לעכערלעך, ווי די ערשטע; נאָר אין דער
רגע איז זי אים אויסגעקומען אָנגענעמער, ווייל ער האָט ליב געהאַט
דאָס מויל פון וואַנען ס'איז געקומען. — קאָרינע האָט געוואָלט וויסן,
וועמענס זאַכן ער שפּילט; און ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז עס
זענען זיינע אייגענע, האָט זי אַרויסגעלאָזן אַ געשריי. ער האָט איר
געהאַט געזאָגט אין דער פרי, אַז ער איז אַ קאָמפּאָזיטאָר, זי האָט
אָבער דערויף קיין אַכט נישט געלייגט. זי האָט זיך געזעצט נעבן
אים און פאַרלאַנגט, ער זאָל שפּילן אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפן.
דעם שפּאַציר האָבן זיי פאַרגעסן. ס'איז נישט געווען קיין פּשוטע
העפלעכקייט פון איר זייט: זי האָט ליב געהאַט מוזיק און פאַרמאָגט
אַ ווונדערלעכן חוש, וואָס האָט אויסגעפילט די בלויזן פון איר אומ־
געבילדעטקייט. תּחילת האָט ער עס נישט גענומען ערנסט און
געשפּילט פאַר איר זיינע לייכטסטע מעלאָדיעס. נאָר ווען ער האָט צו־
פעליק גענומען שפּילן אַ זאַך, פון וועלכער ער האָט אַמאָל געהאַלטן,
האָט ער באַמערקט, אַז דאָס געפעלט איר מער. ס'איז געווען פאַר
אים אַ פריילעכע נייעס, מיט דער נאַיווער שטוינונג פון אַ דייטש,
בעת ער טרעפט אַ מוזיקאַלישן פראַנצויז, האָט ער זיך אָנגערופן:
— ס'איז מערקווירדיק. ס'אַראַ גוטן געשמאַק איר האָט! איך
וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט.
קאָרינע האָט זיך צעלאַכט אים אין פּנים.
פון דעמאָלט אָן האָט ער הנאה געהאַט אויסצוקלייבן די שווער־
סטע ווערק זיינע און צו זען, ווי ווייט זי וועט מיטגיין. אָבער
ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין שום שווערע אויסדרוקן צעטומלען
זי נישט; און נאָך אַ באַזונדערס שווערער מעלאָדיע, אין וועלכער
קריסטאָף האָט שוין כמעט אַנטגילטיק געצווייפלט, ווייל ס'האָט זיך
אים קיינמאָל נישט איינגעגעבן צו דערוועקן אין דייטשלאַנד פאַר־
שטענדעניש פאַר איר, — איז ווי גרויס איז געווען זיין דערשטוי־

נונג, ווען קאָרינע האָט אים געבעטן עס איבערשפּילן און אויפהויבנדיק זיך, האָט זי גענומען נאָכזינגען אויסעווייניק, כמעט אָן אַ טעות! ער האָט זיך אויסגעדרייט צו איר און אָנגעכאַפּט זי אַנטציקט פאַר די הענט:

— איר זענט דאָך אמת מוזיקאַליש! — האָט ער אויסגעשריען.

זי האָט זיך צעלאַכט און געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז זי האָט דעביוטירט אַלס זינגערין אין אַ פּראָווינץ־אָפּערע, נאָר אַז אַן אימפּרעסאַריאָ אויף זייערע טורנעען האָט דערזען אין איר פעיקייטן צום דיכטערישן טעאַטער און געטריבן זי איבערצוגיין צו דעם געביט. ער האָט אויסגערופן:

— ס'אַראַ שאָד!

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט. — פּאָעזיע איז אויך מוזיק.

זי האָט אים געבעטן, ער זאָל איר געבן צו פאַרשטיין זיינע „לידער"; ער האָט גערעדט צו איר אויף דייטש און זי האָט איבערגעחזרט די דייטשע ווערטער מיט אַ מאַלפּישער לייכטקייט, קאָפּירנדיק בעת מעשה אַפילו די קנייטשן פון זיין מויל און אויגן, בעת ער רעדט אַרויס די ווערטער. ווען ער האָט איר געבעטן זינגען די לידער פון זכרון, האָט זי געמאַכט משונהדיקע טעותים, און ווען זי האָט נישט געוווסט, האָט זי אויסגעפונען ווערטער פון ווילדע האַלזקלאַנגען, וואָס האָבן ביי ביידן אַרויסגערופן אַ שטאַרקן געלעכטער. זי איז נישט מיד געוואָרן צו הייסן אים שפּילן און ער — צו שפּילן פאַר איר און צו הערן איר שיינע שטים, וואָס האָט נאָך נישט געקענט די פאַך־סודות און געזונגען אַביסל מיטן האַלז, ווי אַ קליין מיידעלע, דערפאַר אָבער — מיט פיל חן און רירנדיק. זי האָט אים בכלל אָפנהאַרציק געזאָגט, וואָס זי טראַכט. הגם זי האָט נישט געקענט זאָגן קלאָר, פאַרוואָס אַ זאַך געפעלט איר אָדער נישט, זענען אָבער שטענדיק אירע מיינונגען געווען ריכטיק. אַ מערקווירדיקע זאַך, די סאַמע קלאַסישע און פאַרהייליקסטע ווערק אין דייטשלאַנד זענען איר גראָד נישט געפעלן געוואָרן: זי האָט געמאַכט עטלעכע קאָמפּלימענטן פון העפלעכקייט וועגן; נאָר מ'האָט בולט געזען, אַז עס זאָגט גאָרנישט. אַזוי ווי זי האָט נישט פאַרמאָגט קיין מוזיקאַלישע בילדונג, האָט זי נישט געפילט די הנאה, וועלכע עס פילן אומבאַוווסטערהייט די מוזיק־פריינט און אַפילו קינסטלער אינם „שיין געהערט", ווען ס'קומט זיי אויס צו הערן אין אַ ניי ווערק די פאַר־

מען און אויסדרוקן, וואָס זיי האָבן שוין אַמאָל געהאַט געהערט און וואָס זענען זיי שוין אַמאָל געפֿעלן געוואָרן אין אַלטע ווערק. זי האָט נישט געפֿילט קיין געשמאַק אין מעלאָדישער סענטימענטאַלקייט, אַזוי ווי די דייטשן (אָדער איר סענטימענטאַלקייט איז געווען לפּחות אַן אַנדערע: ער האָט נאָך אירע פֿעלערן נישט געקענט); זי איז נישט געווען אַנטציקט פֿון די שטעלן, וואָס דריקן אויס ווייכע צאַרט־קייט, וועלכע האָט אין דייטשלאַנד דער עיקר נושא חן געווען; זי האָט נישט געשוינט זיינע שוואַכערע לידער, ווי, למשל, אַ מעלאָדיע, וואָס ער האָט געוואָלט פֿאַרברענען, ווייל זיינע פֿריינד האָבן שטענ־דיק גערעדט פֿון איר און זענען געווען גליקלעך צו מאַכן אים אַ קאָמפּלימענט. קאָרינעס דראַמאַטישער חוש האָט איר דיקטירט מער צו האַלטן פֿון די מעלאָדיעס, וואָס דריקן אויס אייפּריכטיק אַ באַ-שטימטע ליידנשאַפֿט: די דאָזיקע ווערק זענען אויך אים צום שטאַרקסטן געווען צום האַרצן. אָפּטמאָל פֿלעגט זי אַרויסווייזן אַ קליינע סימפּאַט-יע צו באַשטימטע מעלאָדישע האַרטקייטן, וואָס האָבן אין קריסטאָפֿס אויגן אויסגעזען נאַטירלעך: ווען זי פֿלעגט זיי אָנטרעפֿן, איז זי ווי געשטרויכלט געוואָרן; זי פֿלעגט בלייבן שטיין און פֿרעגן „צי איז עס באמת אַזוי". ווען ער האָט געזאָגט, אַז יאָ, פֿלעגט זי זיך אַנטשליסן אויף אַ שווערן שפּרונג; אָבער באַלד פֿלעגט זי פֿאַרקרימען דאָס מויל, און קריסטאָף האָט עס באַמערקט. אָפּטמאָל האָט זי בעסער דורכגעלאָזן דעם טאַקט. דעמאָלט פֿלעגט ער עס אים איבערשפּילן אויפֿן פּיאַנינאָ.

— עס געפֿעלט אייך נישט? — פֿלעגט ער פֿרעגן.

זי פֿלעגט קרימען מיט דער נאָז.

— ס'איז פֿאַלש, — האָט זי געזאָגט.

— לחלוטין נישט, — האָט ער לאַכנדיק געענטפֿערט, — ס'איז אמת. טראַכט גוט נאָך. איז עס נישט אמת, אָט דאָ?

(ער פֿלעגט אָנווייזן אויפֿן האַרץ).

אָבער זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אפשר יאָ; ס'איז אָבער פֿאַלש אָט־אָט־דאָ.

(זי פֿלעגט אָנווייזן אויפֿן אויער).

ס'האָבן זי אויך שאָקירט די גרויסע שטים־שפּרונגען פֿון דער דייטשער דעקלאַמאַציע:

— פאַרוואָס רעדט ער אַזוי הויך? — האָט זי געפרעגט — ער איז דאָך אַליין. צי האָט איר נישט מורא, אַז די שכנים וועלן אייך הערן? עס זעט אויס... (זייט מוחל! איר וועט נישט זיין בייז?)... עס זעט אויס, ווי ער וואָלט געדופן אַ שיף.

ער איז נישט געווען בייז; ער האָט פון גאַנצן האַרצן געלאַכט און געווען איר דאַנקבאַר, וואָס זי זאָגט אים דעם אמת. די דאָזיקע באַמערקונגען האָבן אים געווילט; קיינער האָט אים נאָך אַזעלכע באַמערקונגען נישט געמאַכט. זיי זענען געקומען צו אַ הסכם, אַז די געזונגענע דעקלאַמאַציע רעפּאָרמירט ס'רוב דאָס טעאַטראַלע וואָרט, ווי דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז. קאָרינע האָט געבעטן קריסטאָפן, ער זאָל פאַר איר אָנשרייבן מוזיק צו אַ פּיעסע, וווּ זי וועט רעדן מיט דער באַגלייטונג פון אָרקעסטער, פון צייט צו צייט זינגענדיק באַשטימטע שטעלן. דער איינפאַל האָט אים אָנגעצונדן, נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן ביי דער סצענישער רעאַליזירונג, וואָס קאָרינעס מוזיקאַלישע שטים איז געווען בכוח, לויט זיין מיינונג, זיי גובר צו זיין; און זיי האָבן געבויט פּלענער פאַר דער צוקונפט.

ס'איז שוין זעווען פינף דער זייגער, ווען זיי איז איינגעפאַלן אַרויסצוגיין. אין דעם יאַר-טייל פאַלט צו די נאַכט גאַנץ פרי. ס'האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן שפּאַציר. אין אָוונט האָט קאָרינע געהאַט אַ רעפּעטיציע אין טעאַטער; קיינער האָט זי נישט געקאָנט פאָרטרעטן. זי האָט ביי אים גענומען אַ וואָרט, אַז צומאָרגנס נאָכמיטאָג וועט ער זי קומען נעמען אויפן געפּלאַנטן שפּאַציר.

צומאָרגנס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע סצענע. ער האָט געטראָפן קאָרינען זיצן פאַרן שפּיגל אויף אַ הויכן בענקל, בעת די פיס זענען איר אַראָפּגעהאָנגען און געבאָמבלט זיך אין דער לופטן: זי האָט געפּרווט אָנטון אַ פאַרוק. דאָרט איז אויך געווען איר שביי־דערין און אַ שטאָטישער פריזירער, מיט וועמען זי האָט זיך געעצהט בנוגע אַ לאָק, וואָס זי האָט געוואָלט האָבן העכער. קוקנדיק אין שפּיגל, האָט זי דערזען קריסטאָפן, וואָס האָט געשמייכלט הינטער איר פּלייצעס: זי האָט אים אַרויסגעשטעקט אַ צונג. דער פריזירער

איז אַוועק מיט דעם פּאַרוק, און זי האָט זיך פריילעך אויסגעדרייט צו קריסטאָפן.

— גוטמאָרגן, פריינדו! — האָט זי געזאָגט.

זי האָט אים דערלאַנגט די באַק אַ קוש צו טון. ער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ אינטימקייט, פונדעסטוועגן האָט ער זי אַ קוש געטון. זי האָט נישט צוגעגעבן קיין גרויסע וויכטיקייט דער דאָזיקער ליבשאַפט: ס'איז געווען פאַר איר אַ פּשוטער גוטמאָרגן.

— אָ, איך בין צופרידן! — האָט זי געזאָגט — עס וועט אויסזען שיין היינט אין אָוונט. — (זי האָט גערעדט וועגן איר פּאַרוק).— כ'בין געווען אַזוי פאַרצווייפלט! ווען איר זאָלט געווען קומען היינט אין דער פרי, וואָלט איר מיך געפונען אַן אומגליקלעכע.

ער האָט געפרעגט פאַרוואָס.

עס איז געווען דערפאַר, וואָס דער פאַריזער פריזירער האָט זיך טועה געווען מיט די פּעקלעך און געבראַכט איר אַ פּאַרוק, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט צו איר ראָלע.

— אינגאַנצן אַ גלאַטער, — האָט זי געזאָגט — און לאָזט זיך אַראָפּ, ווי אַ גולם. ווען איך האָב עס דערזען, האָב איך געוויינט, געוויינט ווי מאַגדאַלענאַ. נישט אמת, מאַדאַם דעזירע?

— ווען איך בין אַריינגעקומען, — ענטפערט יענע — האָט מיך די מאַדאַם פּשוט דערשראָקן. די מאַדאַם איז געווען אינגאַנצן ווייס. די מאַדאַם איז געווען ווי אַ טויטע.

קריסטאָף האָט געלאַכט. זי האָט עס דערזען דורכן שפּיגל.

— דאָס איז ביי אייך אַ געלעכטער, מענטש אָן אַ האַרץ? — האָט זי געזאָגט באַליידיקט.

זי האָט זיך אויך צעלאַכט.

ער האָט זי געפרעגט, ווי איז דורכגעגאַנגען די נעכטיקע רעפּעטיציע.

— אַלץ איז געגאַנגען גוט. זי וואָלט נאָר געוואָלט, מ'זאָל וואָס מער פאַרקירצן די אַנדערע ראָלן און נישט אָנרירן אירע...

זיי האָבן גערעדט אַזוי לאַנג, ביז ס'איז אַריבער אַ גרויסער טייל פונם נאָכמיטאָג. זי האָט זיך פאַמעלעך אָנגעטון; זי האָט הנאה געהאַט צו פרעגן קריסטאָפס מיינונג וועגן איר טואַלעט. קריסטאָף האָט געלויבט איר עלעגאַנץ און נאַיוו געזאָגט, אין זיין פראַנצויזיש־דייטשן זשאַרגאָן, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ

„גלעצנדן" מענטשן, ווי זי — פריער האָט זי אים פאָרשנדיק אָנגעקוקט, דערנאָך זיך צעלאַכט אויפן גאַנצן קול.

— וואָס האָב איך אַזוינס געזאָגט? — האָט ער געפרעגט — צי דאַרף מען נישט זאָגן אַזוי?

— יאָ! יאָ! — האָט זי געשריען און געקייקלט זיך פון געלעכטער — אַזוי איז עס.

זיי זענען לסוף אַרויסגעגאַנגען. איר שרייענדיקע קליידונג און ניין מאָס רייד האָבן געצויגן אויף איר די אויפמערקזאַמקייט. זי האָט אויף אַלץ געקוקט מיטן חוזק־בליק פון אַ פראַנצויזין און נישט געפרוווט צו באַהאַלטן אירע איינדרוקן. זי האָט געשפּאַסט פאַר אַ מאָדע־שויפענסטער אָדער פאַר מאַגאַזינען פון אילוסטרירטע פּאָסטקאַרטלעך, ווו מ׳האָט געקאָנט זען אַ מיש־מאַש פון סענטימענטאַלע בילדלעך, משונהדיקע און אויסגעלאַסענע סצענעס, שטאָטישע קאָקעטקעס, קייזערלעכע פאַמיליע. דעם קייזער אין אַ רויט קלייד, דעם קייזער אין אַ גרין קלייד, דעם קייזער אַלס מאַטראָס, ווי ער פירט אָן מיט דער שיף און טוט תפילה צום הימל. זי האָט זיך צעלאַכט פאַר אַ קאָמפּלעט טיש־געשיר, וואָס האָט באַפּוצט וואַגנערס ביין קאָפּ און פאַר אַ פריזירער־פענסטער, ווו ס׳איז געווען אַ וואַקסענער מענער־קאָפּ. זי האָט, אָן אַ שום דרך־ארץ, געמאַכט חוזק פונם פאַטריאָטישן דענקמאָל, וואָס האָט פאָרגעשטעלט דעם אַלטן קייזער אין אַ רייזע־מאַנטל און שפּיציקן קאַסקעט, אין דער באַגלייטונג פון פרייסן, דייטשע מדינות און דעם מלחמה־העלד, וואָס איז געווען אינגאַנצן נאַקעט. פאַרבייגייענדיק האָט זי באַמערקט יעדע לעכערלעכקייט אויפן פנים פון אַ מענטשן, אין זיין גאַנג און אינם אופן פון זיין רעדן. אירע קרבנות האָבן נישט געצווייפלט, אַז זי חוזקט פון זיי, בעת זיי האָבן געזען איר בייזוויליקן בליק, מיט וועלכן זי האָט אויפגענומען זייער קאָמיזם. איר מאַלפּישער אינסטינקט האָט זי טיילמאָל, אָן איר וויסן, געטריבן נאָכצוקרימען מיט די ליפּן און מיט דער נאָז אַ צופרידענע אָדער אָנגעבלאָזענע מינע; זי האָט אָנגעבלאָזן די באַקן און איבערגעחזרט שטיקער זאַצן אָדער ווערטער, וואָס זי האָט אין גאַנג אויפגעכאַפּט, און וואָס זייער קלאַנג האָט ביי איר אויסגעזען משונהדיק. קריסטאָף האָט געלאַכט פון גאַנצן האַרצן, איר חוצפה האָט אים לחלוטין נישט געאַרט, ווייל ער האָט זיך שוין בכלל נישט געשעמט. צום גליק, האָט זיין נאָמען אין שמאָט שוין

נישט געהאַט וואָס אָנצוווערן; אַזאַ מין שפּאַציר האָט אים געקענט באַפלעקן אויף אייביק.

זיי האָבן באַזוכט די קאַטעדראַלע. קאָרינע האָט געוואָלט אַרויפקלעטערן אויפן שפּיץ טורעם, נישט געקוקט אויף אירע הויכע אָפּצאַסן און צו־לאַנגן קלייד, וואָס האָט פאַרקערט די שטיגן און סוף־כּל־סוף זיך פאַרטשעפּעט אָן די טרעפּ; ס׳האָט איר נישט געאַרט, זי האָט מוטיק אַ שלעפּ געטון דאָס קלייד, וואָס האָט זיך צעריסן, און ווייטער געקלעטערט פריילעך. זי האָט שיר נישט געוואָלט קלינגען אין די גלאָקן. אויפן שפּיץ טורעם האָט זי דעקלאַמירט עפּעס פון וויקטאָר הוגאָ, וואָס קריסטאָף האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, און געזונגען אַ פּאָפּולער פראַנצויזיש לידל. נאָכדעם האָט זי נאָכגעמאַכט דעם מועזין. — דער בין־השמשות איז דערווייל צוגעפאַלן. זיי זענען צוריק אַראָפּ אין קירך, ווו דער געדיכטער שאָטן איז געקראָכן לענג־אויס די ריזיקע ווענט, וואָס אויף זיי האָבן געלויכטן די אויגן פון די מאַגישע שויבן. קריסטאָף האָט געזען אין איינער פון די זייטיקע קאַפּעלן קניען דאָס יונגע מיידל, וואָס האָט אים באַגלייט אין דער לאָזשע אויף דער פאָרשטעלונג פון „האַמלעט״. זי איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין איר תּפילה, אַז זי האָט אים נישט באַמערקט; זי האָט געהאַט אַ ווייטיקלעכן, פאַרטיפטן אויסדרוק, וואָס האָט אים גערירט. ער האָט איר געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער אָדער לפּחות זי באַגריסן; נאָר קאָרינע האָט אים אַוועקגעשלעפּט מיט זיך.

זיי האָבן זיך דערנאָך צעשיידט. זי האָט זיך געדאַרפט צוגרייטן צו דער פאָרשטעלונג, וואָס האָט זיך, אויפן דייטשן שטייגער, אָנגעהויבן גאַנץ פרי. ער איז נאָר־וואָס געהאַט אַריינגעקומען אין שטוב, ווען מ׳האָט אַ קלינג געטון אין טיר און געבראַכט אים אַ קאַרטל פון קאָרינען:

„קום! איזאַבעלע איז קראַנק! פריי! זאָל לעבן די פרייהייט!.. פריינד! קומט! מיר וועלן עסן צוזאַמען!

פריינדין

קאָרינע.

פּ.ס. — ברענגט־מיט אַסאַך מוזיק!..

ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט תּופס זיין, וואָס זי מיינט. ווען ער האָט פאַרשטאַנען, איז ער געווען נישט ווייניקער צופרידן,

ווי קאָרינע, און איז אַוועק אין האָטעל. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער געפינט ער ביים עסן די גאַנצע טרופּע; אָבער ער האָט קיינעם נישט געזען. אַפילו קאָרינע איז אויך פאַרשוואונדן געוואָרן. לסוף האָט ער דערהערט איר הילכיקע, לאַכנדיקע שטים טיף אין שטוב; ער איז זי געגאַנגען זוכן און לסוף געפונען זי אין קיך. זי האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ צו מאַכן איינעם פון די דרום-מאכלים, וואָס זייער שאַרפער ריח פילט אָן אַ גאַנצע געגנט און איז בכוח אויפצווועקן אַ טויטן. זי האָט זיך באַפריינדעט מיט דער דיקער באַלעבאָסטע פון האָטעל, און ביידע האָבן זיי געפּלוידערט צוזאַמען אויף אַ שרעקלעכן זשאַרגאָן, געמישט פון דייטש, פראַנצויזיש און נעגעריש, וואָס האָט קיין נאָמען נישט געהאַט אויף קיין שום שפּראַך. זיי האָבן געוואַלדיק געלאַכט און געגעבן זיך בשעת מעשה זייערע מאכלים איינע דער אַנדערער צו פאַרזוכן. קריסטאָפס דערשיינען האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם געפּילדער. זיי האָבן אים געוואָלט אַרויסוואַרפן הינטערן טיר, נאָר ער האָט זיך פאַרטיידיקט, און ס'האָט זיך אים אויך איינגעגעבן צו פאַרזוכן דעם באַרימטן מאכל. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרקרומט: דערויף האָט זי אים אָנגערופן ווילדער טייטאָן און געזאָגט, אַז ס'איז נישט כדאַי אָפּצוקליינען פאַר אים אַזוי פיל מי.

זיי זענען צוזאַמען אַרויפגעגאַנגען אין קליינעם סאַלאָן, ווו ס'איז געווען געגרייט דער טיש, נאָר פאַר אים און קאָרינען. ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און געפרעגט, ווו זענען די חברים. קאָרינע האָט גלייכגילטיק אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— איך ווייס נישט.

— איר עסט דען נישט צוזאַמען?

— קיינמאָל נישט! ס'איז גענוג, אַז מיר טרעפן זיך אין טעאַטער!.. אַ שיינע מעשה, כ'לעבן! כ'האָב זיי נאָך געדאַרפט האָבן ביים טיש!...

ס'איז געווען אַזוי אַנדערש פון די דייטשע מנהגים, אַז ער איז געווען דערשטוינט און גערירט:

— כ'האָב געגלויבט, אַז איר זענט אַ געזעלשאַפטלעך פאָלק, — האָט ער געזאָגט.

— גוט, — האָט זי געזאָגט,—צי בין איך נישט געזעלשאַפטלעך?

— געזעלשאַפטלעך הייסט: לעבן געמיינזאַם. איר דאַרפט אונז זען, אונז דייטשן! מענער, פרויען, קינדער, יעדערער באַטייליקט זיך

אין אַ געזעלשאַפט, זינט ער ווערט געבוירן, ביזן טאָג פון זיין טויט. אַלץ ווערט ביי אונז געטון אין חברותא: מ׳עסט, מ׳זינגט, מ׳טראַכט אַפילו אין געזעלשאַפט. ווען די געזעלשאַפט ניסט, ניסט מען אויך מיט; מ׳טרינקט נישט קיין גלאָז ביר אָן אַ חברה.

— דאָס דאַרף זיין פריילעך, — האָט זי געזאָגט. — פאַרוואָס נישט פון איין גלאָז?

— איז עס נישט ברידערלעך?

— גייט שוין מיט דער ברידערלעכקייט! איך וויל זיין אַ „ברוידער" פאַר די, וואָס געפעלן מיר; אָבער נישט פאַר קיין אַנדערע מענטשן... עט, ס׳איז נישט קיין געזעלשאַפט ביי אייך, נאָר אַ הויפן מוראַשקעס!

— היינט קענט איר שוין פאַרשטיין, ווי מיר איז דאָ גוט, — מיר, וואָס איז מסכים מיט אייך!

— טאָ קומט צו אונז!

קריסטאָף האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם. ער האָט זיך נאָך געפרעגט אויף פאַריז און אויף די פראַנצויזן. זי האָט אים געגעבן דערקלערונגען, אמת, נישט זייער קיין גענויע. צו דער נאַטירלעכער גוזמאדיקייט פון אַ דרום-פרוי איז צוגעקומען דער אינסטינקטיווער פאַרלאַנג צו איבעראַשן קריסטאָפן. ווען מ׳זאָל איר גלויבן, זענען אין פאַריז אַלע פריי; די פאַריזער מענטשן זענען אַלע קלוג און יעדער נוצט אויס די פרייהייט, אָבער קיינמאָל, חלילה, נישט צום שלעכטן; יעדער טוט, טראַכט, גלויבט, האָט ליב אָדער פיינט, וואָס ער וויל און וואָס געפעלט: מ׳זאָגט קיינעם קיין דעה נישט. דאָרט טרעפט נישט, עמעצער זאָל זיך אַריינמישן אינם צווייטנס עסקים, שפּיאָנירן זיינע מיינונגען אָדער רעגירן איבער זיינע געדאַנקען. דאָרט מישן זיך נישט די פּאָליטיקער אין די ענינים פון ליטעראַטור און קונסט און טיילן נישט זייערע פריינד און קונדן קיין מעדאַלן און כבודים פאַר געלט, דאָרט זענען נישטאָ קיין דעה-זאָגער, וואָס גיבן אַרויס אַ פּסק-דין אויף אַ דיכטער און קערעווען מיט זיין ערפאָלג אָדער דורכפאַל; נישטאָ קיין פאַרקויפטע זשורנאַליסטן; דאָרט צעברעכן נישט די שרייבער זייערע פעדערס אויף די דאָזיקע קעפּ, וועלכע זיי קענען נישט שפּאַלטן באמת. דאָרט דערשטיקט נישט די קריטיק קיין אומבאַקאַנטע טאַלענטן און טיילט נישט קיין שבחים די אָנערקענטע קינסטלער, דאָרט טרעפט נישט, אַז דער ערפאָלג, — דער ערפאָלג פאַר

יעדן פרייז, — זאָל כשרן אַלע מיטלען און נושא חן זיין ביי דער עפנטלעכער מיינונג. דאָרט הערשן ווילע, ליבנסווירדיקע, פריינדלעכע מידות. קיין שום פאַרביטערונג אין די באַציונגען. קיין שום „ושד. יעדערער קומט דעם אַנדערן צו הילף. יעדער ניי-אָנגעקומענער מענטש, וואָס פאַרמאָגט אַ געוויסן ווערט, קאָן זיין זיכער, אַז מ'וועט אים אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס, און ער וועט האָבן אַ גלייכן וועג פאַר זיך. די ריינע ליבע צו שיינקייט פילט אויס די נשמות פון די ריטערלעכע, אומאייגננוציקע פראַנצויזן; און דאָס איינציקע לעכערלעכע איז זייער אידעאַליזם, וואָס מאַכט זיי צום נאַר ביי אַנדערע פעלקער, נישט געקוקט אויף זייער שאַרפזיניקייט.

קריסטאָף האָט זיך צוגעהערט מיט אַן אָפן מויל, און ער האָט באמת געהאַט פון וואָס נתפעל צו ווערן. קאָרינע גופא איז אויך געווען אַנטציקט פון די אייגענע רייד. זי האָט בעת מעשה פאַרגעסן, וואָס זי האָט אינדערפרי דערציילט קריסטאָפן וועגן די צרות פון איר פאַרגאַנגענעם לעבן; אויך ער האָט עס נישט געדענקט.

פונדעסטוועגן האָט זיך קאָרינע געמיט נישט נאָר איר פאָטערלאַנד באַליבט צו מאַכן ביי די דייטשן: זי האָט געהאַלטן פאַר נישט ווייניקער וויכטיק זיך אַליין באַליבט צו מאַכן. אַ גאַנצן אָוונט אָן פלירט איז ביי איר אויסגעקומען אויסטערליש און אַ ביסל קאָמיש. זי האָט געטון אַלצדינג צו רייצן קריסטאָפן; נאָר איר מי איז געגאַנגען לאיבוד: ער האָט עס נישט באַמערקט. קריסטאָף האָט נישט געוווסט, וואָס אַזוינס הייסט פלירטעווען. ער האָט ליב געהאַט אָדער נישט. אויב ער האָט נישט ליב געהאַט, איז ער געווען מיילן-ווייט און נישט געטראַכט וועגן ליבע. ער האָט געפילט אַ לעבעדיקע פריינטשאַפט צו קאָרינען, ער האָט זיך אונטערגעגעבן דעם רייץ פון דער דאָזיקער דרום-נאַטור, וואָס איז געווען פאַר אים אַזוי ניי, אַזוי באַחנט מיט איר פיינעם הומאָר, מיט איר לעבעדיקער און פרייער אינטעליגענץ: עס זענען געווען בלי-ספק אַ סך סיבות דערצו, ער זאָל זיך פאַרליבן אין איר; אָבער „דאָס האַרץ בויגט זיך, ווו עס וויל": דאָ האָט זיך עס נישט געבויגן; און וואָס שייך שפילן זיך אין ליבע, בעת די ליבע איז אייגנטלעך נישטאָ, — אַזאַ זאַך איז אים קיינמאָל אויפן רעיון נישט אַרויף.

קאָרינען האָט געוויילט זיין גלייכגילטיקייט. זיצנדיק נעבן אים פאַרן פיאַנינאָ, בעת זי האָט געשפילט די זאַכן, וואָס ער האָט מיט־

געבראַכט, האָט זי מיט איר נאַקעטן אָרעם אַרומגענומען קריסטאָפס האַלז, און כּדי אַריינצוקוקן כּלומרשט אין די נאָטן, האָט זי זיך איינגעבויגן צום קלאַוויר, כּמעט אָנרירנדיק מיט איר באַק קריסטאָפס פּנים. ער האָט געפילט די באַוועגונגען פון אירע ברעמען און געזען זייער נאָענט דאָס ווינקל פון איר חוזקדיק אויגל, איר פיינע, לעבע־דיקע גאָמבקע און דעם סימן פון האָר אויף איר ליפּ, וואָס האָט שמייכלענדיק געוואַרט. — זי האָט געוואַרט. קריסטאָף האָט נישט פאַרשטאַנען די איינלאַדונג; קאָרינע האָט אים געשטערט צו שפּילן,— נאָר דערפון האָט ער געטראַכט. ער האָט זיך אויף אַ מעכאַנישן אופן באַפרייט און אָפּגערוקט דעם שטול. ווען ער האָט זיך, אין אַ ווײלע אַרום, אויסגעדרייט צו קאָרינען, כּדי איר עפּעס צו זאָגן, האָט ער דערזען, אַז זי חלשט פּשוט לאַכן; דאָס גריבעלע פון איר באַק האָט געלאַכט; זי האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּן און ס׳האָט אויסגעזען, אַז זי האַלט זיך קוים איין פון געלעכטער.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט זי פאַרחידושט געזאָגט.

זי האָט אים אָנגעקוקט און אויסגעבראָכן מיט אַ געלעכטער.

ער האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין:

— פאַרוואָס לאַכט איר? — האָט ער געפרעגט, — צי האָב איך געזאָגט עפּעס אַ קאָמישע זאַך?

וואָס מער ער איז צוגעשטאַנען, אַלץ מער האט זי געלאַכט. ווען זי האָט שוין געוואָלט אויפהערן, איז גענוג געווען, זי זאָל אַ וואָרף טון אַ בליק אויף זיין פאַרלעגנהייט — און זאָל זיך נאָך שטאַרקער צעלאַכן. זי האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעלאָפן צו דער קאַ־נאַפּע, וואָס איז געשטאַנען אין צווייטן ווינקל פון צימער, און איינ־געגראָבן דאָס פּנים אין קישן, כדי צו לאַכן, וויפל איר האַרץ גלוסט; איר גאַנצער קערפּער האָט געלאַכט. איר געלעכטער האָט אים אָנגע־שטעקט, ער איז צוגעגאַנגען צו איר און איר לייכט געקלאַפּט אין רוקן. ווי זי האט זיך שוין גוט אנגעלאַכט, האט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויסגעווישט די פאַרטרערטע אויגן און אויסגעצויגן צו אים ביידע הענט:

— ס׳אַראַ גוט ייִנגל איר זענט! — האט זי געזאגט.

— נישט ערגער, ווי אַן אַנדערער.

ס׳איז זי ווייטער באַפאַלן אַ געלעכטער. זי האט אים נאָך אַלץ געהאַלטן פאַר די הענט.

— זי איז נישט קיין איבעריק ערנסטע, די פראַנצויזין? — האָט זי געזאָגט.

(זי האָט משונהדיק אַרויסגערעדט דאָס וואָרט: פראַנצויזין).

— איר מאַכט חוזק פון מיר. — האָט ער גוטמוטיק געזאָגט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ צערטלעכן בליק, שטאַרק גע־טרייסלט אים די הענט און געזאָגט:

— פריינד?

— פריינד! — האָט ער געענטפערט, דריקנדיק אויך איר האַנט.

— וועט ער אַמאָל אַ טראַכט טון וועגן קאָרינעלען, ווען זי וועט שוין מער נישט זיין? וועט ער נישט זיין ברוגז אויף דער פראַנצויזין, וואָס זי איז נישט ערנסט?

— און זי, וועט זי נישט זיין בייז אויפן ווילדן טייטאָן, וואָס ער איז אַזוי נאַריש?

— דווקא דערפאַר האָט מען אים ליב... ער וועט זי קומען באַזוכן אין פאַריז?

— ער זאָגט צו... און זי, וועט זי מיר שרייבן?

— זי שווערט... זאָגט אויך: איך שווער.

— איך שווער.

— ניין, נישט אַזוי. מ'דאַרף דערלאַנגען די האַנט.

זי האָט נאָכגעמאַכט די שבועה פון האָראַצן. ער האָט איר געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט אָנשרייבן פאַר איר אַ פּיעסע, אַ מעלאָ־דראַמע, וואָס זי וועט אויפפירן אין פאַריז אין אַ פראַנצויזישער איבערזעצונג. זי האָט געזאָלט צומאָרגנס אָפּפאָרן מיט איר טרופּע. זיי האָבן אָפּגעשמועסט, אַז ער וועט פאָרן אַ טאָג שפּעטער קיין פראַנקפורט, ווו די טרופּע וועט דעם טאָג געבן אַ פאָרשטעלונג, און זיי וועלן זיך טרעפן. אַ לאַנגע צייט זענען זיי נאָך געזעסן און צו־זאַמען געפּלוידערט. קאָרינע האָט געשענקט קריסטאָפן אַ מתנה איר פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער זי איז געווען כמעט האַלב־נאַקעט. זיי האָבן זיך פריילעך געזעגנט און זיך צעקושט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. און באמת, זינט קאָרינע האָט איינגעזען, אַז קריסטאָף האָט זי ברודערלעך ליב, אָבער ער איז נישט אין איר פאַרליבט, האָט זי אים אויך גענומען ליב האָבן, ווי אַ גוטער חבר, אָבער נישט ווי אַ פרוי.

זיי זענען געשלאָפן גאַנץ רויק, אי ער, אי זי. צומאָרגנס האָט ער נישט געקענט גיין זאָגן איר „פּאָר־געזונט״, ווייל ער האָט אין דער שעה געהאַט אַ רעפּעטיציע! נאָך דעם צווייטן טאָג האָט ער זיך געלאָזט, ווי ער האָט צוגעזאָגט, פאָרן קיין פראַנקפורט. ס׳איז געווען אַ צוויי־דריי שעה רייזע מיט דער באַן. קאָרינע האָט, אמת, נישט געגלויבט אין קריסטאָפס הבטחה; ער איז געקומען אַהין, בעת ס׳איז פאָרגעקומען די פאָרשטעלונג. ער איז געקומען אין טעאַטער. ווען ער האָט, בעת דער הפסקה אָנגעקלאַפּט אין דער לאָזשע, ווו זי האָט זיך אָנגעטון, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון פריילעכער אי־בעראַשונג און זיך אים געוואָרפן אויפן האַלז, מיט איר שטענדיקער איבערטריבנקייט. זי איז אים באמת דאַנקבאַר געווען פאַר זיין קו־מען. צום אומגליק פאַר קריסטאָפן, איז זי אין דער שטאָט געווען צופיל אַרומגערינגלט מיט רייכע און אינטעליגענטע יידן, וואָס האָבן געוווסט אָפּצושאַצן איר איצטיקע שיינקייט און איר ערפאָלג אין דער צוקונפט. יעדע ווײַלע האָט מען געקלאַפּט אין טיר; און די טיר האָט זיך אָן אויפהער האַלב געעפנט, כדי אַריינצולאָזן שווערע גע־שטאַלטן מיט לעבעדיקע אויגן, וואָס האָבן איר מיט אַ מיאוסן אַקצענט אויסגעדריקט אָנערקענונג. קאָרינע האָט מיט זיי, נאַטירלעך, קאָקע־טירט; און דערנאָך, בעת זי האָט גערעדט מיט קריסטאָפן, האָט זי נישט ווילנדיק אויסגעהיט דעם זעלבן ליבנסווירדיקן, אַרויסרופנדיקן טאָן, וואָס האָט אים אויפגעבראַכט. ס׳האָט אים אויך אַ קנאַפּע הנאה געטון, וואָס זי מאַכט גאַנץ רויק און אומפאַרשעמט אין זיין בעגנוואַרט איר טואַלעט; און די שמינקע און שמירעכץ, מיט וועלכע זי האָט געשמירט אירע אָרעמס, האַלז און פּנים, האָט אים פּשוט גע־עקלט. ער האָט בדעה געהאַט תיכּף אָפּצופאָרן און זיך מער נישט זען מיט איר נאָך דער פאָרשטעלונג; נאָר ווען ער האָט זיך גענומען געזעגענען, איבערבעטנדיק זי, וואָס ער קען נישט בלייבן אויף אָוונט־ברויט לכבוד אים נאָך דער פאָרשטעלונג, האָט זיך אויסגע־לאָזן, אַז זי האָט אַזאַ אויפריכטיקן האַרציקן עגמת־נפש, אַז אַלע זיינע באַשלוסן זענען צו־נישט געוואָרן. זי האָט זיך געהייסן ברענ־גען דעם רייזע־פּלאַן פון די צוגן און אויפגעוויזן אים, אַז ער קען— ער מוז בלייבן מיט איר נאָך אַ שעה צייט. ער האָט נאָר געדאַרפט, זי זאָל זיגן, און ער איז געקומען אויף אָוונט־ברויט; ער האָט אַפילו געוווסט, ווי צו באַהאַלטן זיין לאַנגווייליקייט פון די נאַרישקייטן,

וואָס מ׳האָט דאָ געפּלוידערט, און זיין אויפרעגונג צוליב די חנדלעך, וואָס קאָרינע האָט געמאַכט צו דער ערשטער בעסטער מאַלפּע, אגב איז געווען אוממעגלעך צו זיין אויף איר בייז. זי איז געווען אַ ווילד מיידל, אָן מאָראַלישע יסודות, אַ פוילע, זינלעכע, ליב געהאַט תענוגים, אַ קינדעריש-קאָקעטישע, אָבער גלייכצייטיק אַזאַ האַרציקע, אַזאַ גוטע, און אַלע אירע חסרונות זענען געווען אַזוי נאַטירלעך און געזונט, — אַז מ׳האָט געקאָנט נאָר שמייכלען און אפילו זי ליב האָבן מיט אירע חסרונות. זיצנדיק אַנטקעגנאיבער איר, בעת זי האָט גערעדט, האָט קריסטאָף באַטראַכט איר לעבעדיק פּנים, אירע שיינע שטראַלנדיקע אויגן, איר שווערלעכן אונטערשטן קין, איר איטאַליענישן שמייכל — אָט דעם שמייכל, וואָס האָט אויסגעדריקט אי גוטסקייט, אי שאַרפזין, אי שטאַרקע תאווה: ער האָט זי געזען איצט קלאָרער, ווי ביז איצט. אייניקע שטריכן אירע האָבן אים דערמאָנט אַדאַן: באַוועגונגען, בליקן, אַ געוויסע פּרימיטיווע באַנעמונג. אַביסל אַ גראָבלעכע: — דאָס אייביק ווייבלעכע. נאָר ער האָט ליב געהאַט אין איר די נאַטור פון דרום, די פּזרונותדיקע נאַטור, וואָס איז נישט קאַרג אין מתנות, וואָס פאַבריצירט נישט קיין סאַלאָן-שיינקייט און בוך-אינטעליגענץ, נאָר האַרמאָנישע ווענזנס, וואָס זייער גוף און נשמה זענען באַשאַפן געוואָרן צו בליען אויף דער זון און אויף דער פרייער לופט. — ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זי פאַרלאָזט דעם טיש, כּדי צו זאָגן אים אַ זיי-געזונט אונטער פיר אויגן. זיי האָבן זיך נאָכאַמאָל האַרציק צעקושט און באַגלייט די הבטחות צו שרייבן איינער דעם אַנדערן און ווען ס׳איז זיך ווידער צו זען.

ער איז געקומען צום לעצטן צוג און געפאָרן אַהיים. אויף אַ סטאַנציע, אין מיטן וועג, האָט זיך זיין צוג באַגעגנט מיט אַ צווייטן צוג, וואָס איז געפאָרן אין אַן אַנדער זייט. ווען דער וואַגאָן איז געבליבן שטיין אַנקעגנאיבער זיינעם, — האָט ער אין אַ קופּע פון דריטער קלאַס דערזען די פראַנצויזין, וואָס איז געווען מיט אים אויף דער פאָרשטעלונג פון האַמלעט. זי האָט אויך דערזען קריסטאָפן און אים דערקענט. זיי האָבן זיך ביידע שטאַרק פאַרחידושט. זיי האָבן זיך שטיל באַגריסט און געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך, נישט דערוועגט זיך אויפצוהייבן אַ בליק. פונדעסטוועגן האָט ער גלייך באַמערקט, אַז זי האָט געטראָגן אַ קליין רייזע-היטל און געהאַט נעבן זיך אַן אַלטע וואַליזע. ס׳איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז זי פאַרלאָזט דאָס לאַנד; ער

האָט געטראַכט, אַז זי פּאַרט אַרויס אויף עטלעכע טעג. ער האָט נישט געוווסט, צי דאַרף ער מיט איר רעדן: ער האָט זיך געקווענקלט און צוגעגרייט ביי זיך ווערטער, וואָס איר צו זאָגן; ער האָט געוואָלט אַראָפּלאָזן די שויב פון וואַגאָן, כדי צו זאָגן איר עפּעס, ער האָט שוין געהאַט די ווערטער אויף דער צונג, ווען מ׳האָט געגעבן אַ סיגנאַל צו פאָרן. עטלעכע רגעס זענען פאַרביי, איידער דער צוג האָט גערירט פון אָרט. זיי האָבן זיך געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין, יעדער איינער אין זיין אָפּטיילונג — מיטן פּנים אָנגעשפּאַרט אָן פענסטער פון וואַגאָן, אין דער נאַכט, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט, זייערע בליקן זענען פאַרזונקען געוואָרן איינע אינם אַנדערנס אויגן. אַ טאָפּלטער פענסטער האָט זיי אָפּגעטיילט. ווען זיי וואָלטן אויסגעצויגן די הענט אויף דרויסן, וואָלטן די הענט זיך געקאָנט אָנרירן. אַזוי נאָענט, אַזוי ווייט. די וואַגאָנען האָבן זיך שווער אַ טרייסל געטון. זי האָט אים נאָך אַלץ אָנגעקוקט. זי האָט זיך שוין נישט געשעמט — איצט, ווען זיי צעשיידן זיך. זיי זענען געווען אַזוי פאַרטיפט אינם קוקן איינער אויף דעם אַנדערן, אַז זיי האָבן שוין אפילו נישט געטראַכט צו געזעגענען זיך צום לעצטן מאָל. זי האָט זיך פאַמעלעך דערווייטערט: ער האָט געזען, ווי זי פאַרשווינדט; און דער צוג, וואָס האָט זי אַוועקגעטראָגן, איז פאַרזונקען געוואָרן אין דער נאַכט. ווי צוויי בלישטשענדיקע וועלטן, האָבן זיי זיך אַ ווײַלע באַגעגנט אינם אומענדלעכן רוים, און זיך דערווייטערט איינער פונם אַנדערן, אפשר אויף אייביק.

ווען זי איז פאַרשווונדן געוואָרן, האָט ער דערפילט, אַז דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער בליק האָט אין אים אויסגעבויערט אַ חלל; ער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס: אָבער דעם חלל האָט ער געפילט אין זיך. מיט האַלב־פאַרמאַכטע וויעס, שלעפעריק, האָט ער זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל פון וואַגאָן; ער האָט געפילט אויף זיך די באַרירונג פון אירע אויגן, און אַלע אַנדערע מחשבות זענען אין אים אַנטשוויגן געוואָרן, כדי ער זאָל בעסער פילן די דאָזיקע באַרירונג. קאָרינעס בילד האָט געצאַפּלט אויסער זיין האַרץ, פּונקט ווי אַ פליג, וואָס שלאָגט מיט די פליגלען אויף יענער זייט שויב; אָבער ער האָט עס נישט אַריינגעלאָזן.

אַרויסגייענדיק פון וואַגאָן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט זי ווידער; די פרישע נאַכטישע לופט און דער גאַנג איבער די גאַסן

פון דער איינגעשלאָפענער שטאָט, האָבן אים אויפגעטרייסלט פון דער פאַרגליווערונג. ער האָט געשמייכלט, דערמאָנענדיק זיך די שיינע אַק־טריסע, מיט אַ געמיש פון פאַרגעניגן און אויפרעגונג, אָפּהענגיק דער־פון, צי ער האָט זיך דערמאָנט אירע שיינע מידות, אָדער די וואולגאַ־רע און קאָקעטישע.

— ס׳אַראַ שדים די פראַנצויזן זענען! — האָט ער געברומט, לאַכנדיק שטיל, בעת ער האָט זיך אויסגעטון אָן רעש, נישט אויפצו־וועקן זיין מאַמע, וואָס איז אין ווינקל געשלאָפן.

ס׳איז אים געקומען אויפן זינען איין וואָרט, וואָס ער האָט גע־הערט דעם צווייטן אָוונט, אין דער לאָזשע:

— עס זענען דאָ אויך אַנדערע.

באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט פראַנקרייך, האָט זי אים אַוועקגעשטעלט פאַר דעם רעטעניש פון איר טאָפּלטער נאַטור. נאָר ווי אַלע דייטשן, האָט ער זיך נישט געזאָרגט צו טרעפן דאָס רעטעניש; און ער האָט שטיל איבערגעחזרט, טראַכטנדיק וועגן מיידל פון וואַגאָן:

— זי זעט נישט אויס, ווי אַ פראַנצויזין.

פונקט ווי ס׳וואָלט געווען דעם דייטשס עסק צו פּסקענען, וועלכע עס איז אַ פראַנצויז און וועלכע נישט.

אַ פראַנצויזין אָדער נישט, — זי איז אים פון קאָפּ נישט אַרויס; אינמיטן דער נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט האַרץ־קלעמעניש: ער האָט זיך דערמאָנט אָן איר וואַליזקע, וואָס איז געשטאַנען נעבן מיידל אויף דער באַנק; און פּלוצלינג איז אים געקומען אויפן גע־דאַנק, אַז זי איז אַוועקגעפאָרן אויף אייביק. אייגנטלעך האָט עס אים באַדאַרפט איינפאַלן אין דער ערשטער רגע: נאָר ער האָט דערפון נישט געטראַכט. ער האָט דערפילט אַ שטאַרקן טרויער. ליגנדיק אין בעט, האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען:

— וואָס גייט עס מיך, אייגנטלעך, אָן? — האָט ער צו זיך גערעדט. — נישט מיין עסק.

ער איז ווידער איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס אָבער איז דער ערשטער מענטש, וועלכן ער האָט באַגעגנט, געווען מאַנהיים, וועלכער האָט אים אָנגערופן „בליכער“ און געפרעגט, צי האָט ער בדעה איינצונעמען גאַנץ פראַנקרייך. דורך דער דאָזיקער לעבעדיקער צייטונג האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די געשיכטע מיט דער לאָזשע האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן ערפאָלג און האָט אי־בערגעשטיגן אַלץ, וואָס מאַנהיים האָט דערוואַרט:

— אַ דאַנק דיר! אַ דאַנק דיר! — האָט מאַנהיים געשריען. — ביסט אַ גרויסער מענטש. איך בין אַ גאָרנישט אַנטקעגן דיר.

— וואָס האָב איך אַזוינס געטון? — האָט קריסטאָף געפרעגט.

— ביסט וווּנדערבאַר! — האָט מאַנהיים געענטפערט. — איך בין דיך פשוט מקנא. אויסצולאָפּן די לאָזשע ביי די גרינבוימס פון אונ־טערן נאָז און איינלאַדן אויף זייער אָרט זייער פראַנצויזישע לערערין — ניין, דאָס איז גלענצנד, אויף אַזאַ שפּיצל וואָלט איך נישט געפאַלן.

— זי איז אַ לערערין ביי די גרינבוימס? — האָט קריסטאָף דערשטוינט געפרעגט.

— יאָ, מאַך זיך נישט ווויסנדיק, מאַך זיך תמעוואַטע, איך ראָט דיך!... מיין פּאַפּאַ קאָן צו זיך נישט קומען פון כעס. די גרינבוימס זענען אויסער זיך פון צאָרן!... ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט: זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן די קליינע הינטער דער טיר.

— וואָס! — האָט קריסטאָף אויסגעשריען, — זיי האָבן זי משלח געווען?... משלח געווען צוליב מיין שולד?

— דו האָסט עס נישט געוווּסט? — האָט מאַנהיים געזאָגט — זי האָט עס דיר נישט געזאָגט?

קריסטאָף איז געווען פאַרצווייפלט.

— דו דאַרפסט זיך נישט נעמען אַזוי שטאַרק צום האַרצן, מיין טייערער, — האָט מאַנהיים ווייטער גערעדט, — ס׳איז נישט אַזאַ ווילדטיקע מעשה. און אויסערדעם האָסטו זיך געדאַרפט ריכטן, אַז דעם טאָג, ווען די גרינבוימס וועלן זיך דערוויסן...

— וואָס? — האָט קריסטאָף געשריען, — דערוויסן וואָס?

— אַז זי איז געווען דיין געליבטע, צו אַלדי רוחות!

— כ׳האָב זי אפילו נישט געקענט, איך ווייס נישט, ווער זי איז.

אויף מאַנהיימס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, וואָס האָט גע־וואָלט זאָגן:

— דו האַלטסט מיך פאַר אַ צו גרויסן נאַר.

קריסטאָף איז געוואָרן בייז און באַשווירן מאַנהיימען, — אויב ער האָט נאָך צו אים אַביסל דרך־ארץ, — זאָל ער אים גלויבן, וואָס ער זאָגט.

מאַנהיים האָט זיך אנגערופן:

— אויב אַזוי, איז עס נאָך קאָמישער.

קריסטאָף האָט זיך אויפגערעגט און געזאָגט, אַז ער וועט אויפזוכן די גרינבוימס, דערציילן זיי די געשיכטע און פאַרענטפערן דאָס מיידל. מאַנהיים האָט אים אָפּגערעדט דערפון:

— מיין טייערער, — האָט ער געזאָגט, — אַלץ, וואָס דו וועסט זיי דערציילן, וועט ברענגען דערצו, אַז זיי וועלן נאָך שטאַרקער גלויבן אין איר שולד. און סיי־ווי־סיי איז שוין צו שפּעט. דאָס מיידל איז שוין איצט ווייט.

קריסטאָף האָט שטאַרק געליטן; ער האָט געפּרוּווט דערגיין, וואו די פּראָווינציאַלקע איז. ער האָט איר געוואָלט שרייבן און איבערבעטן. אָבער קיינער האָט פון איר נישט געוווּסט. די גרינבוימס, צו וועלכע ער האָט זיך געווענדעט, האָבן אים משלח געווען מיט גאָרנישט; זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט, וווּהין זי איז אַוועק, און ס'איז זיי נישט אָנגעגאַנגען. דער געדאַנק, אַז ער האָט איר געטון שלעכטס, בעת ער האָט געוואָלט איר גוטס טון, האָט קריסטאָפן נישט אויפגעהערט צו פּייניקן; ער האָט פּסדר געפילט, ווי ס'מאַטערט אים דאָס געוויסן. דערצו איז צוגעקומען אַ מיסטישע קראַפט, וואָס האָט אים געצויגן צו זיך און שווייגנדיק געשטראַלט איבער אים דורך די פאַרשווונדענע אויגן. דער שטראָם פון די טעג און די נייע געדאַנקען האָבן, דאַכט זיך, אָפּגעמעקט דעם פאַרדרוס און די בענקשאַפט: און דאָך זענען זיי געבליבן טונקל אין אַ ווינקל פון זיין האַרצן. קריסטאָף האָט נישט פאַרגעסן אָן דער, וועלכע ער האָט אנגערופן זיין קרבן. ער האָט זיך געשווירן זי ווידער צו זען. ער האָט געוווּסט, ווי ווייניק אויסזיכטן ער האָט דערצו, — און דאָך איז ער געווען זיכער אין דעם.

וואָס שייך קארינען, האָט זי קיין איין מאָל נישט געענטפערט אויף די בריוו, וואָס ער האט צו איר געשריבן. ערשט אין אַ דריי חדשים אַרום אָדער נאָך שפּעטער, ווען ער האָט זיך שוין נישט געריכט אויף קיין ידיעה פון איר, האָט ער דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון פערציק ווערטער, ווו זי רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן, רופט אים

אָן מיט צערטלעכע, היימישע נעמען און פרעגט אים. „צי האָט מען זיך נאָך אַלץ ליב". דערנאָך, נאָך אַ לאַנגן שטיל־שווייגן פון קרוב אַ יאָר, איז ווידער געקומען אַ בריוו, אָנגעשמירט מיט איר ריזיקן, קינדערשן און קרומען כתב, מיט וואָס זי האָט געוואלט נאכמאַכן אַ גרויסע דאַמע, — עטלעכע האַרציקע און שפּאַסיקע ווערטער. — און דערמיט האָט זיך עס פאַרענדיקט. זי האָט אים נישט פאַרגעסן; נאָר זי האָט פשוט קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן וועגן אים.

נאָך אַלץ אונטער קארינעס צויבער און פול מיט די געדאַנקען, וואָס זיי האָבן צווישן זיך געשמועסט וועגן קונסט, האָט קריסטאָף געטרוימט אָנצושרייבן מוזיק פאַר אַ פּיעסע, ווו קאָרינע האָט געזאָלט שפּילן און זינגען עטלעכע שטעלן, — אַ מין פּאָעטישע מעלאָדראַמע. אָט דער מין קונסט, אַמאָל זייער באַליבט אין דייטשלאַנד, ליידנ־שאַפטלעך געלויבט דורך מאָצאַרטן, פּראַקטיצירט דורך בעטהאָווען, וועבער, מענדעלסאָן און שומאַן און בכלל דורך אַלע גרויסע קלאַסיקער, איז געפאַלן און דיסקרעדיטירט געוואָרן, זינט דעם נצחון פונם וואַגנעריאַניזם, וואָס האָט געטענהט, אַז ער האָט רעאַליזירט דעם אַנטגילטיקן נוסח פונם טעאַטער און מוזיק. די מוטיקע וואַגנער־יאַנישע פּעדאַנטן, נישט צופרידן מיטן אויספּירן בלויז די נייע מע־לאָדראַמע, האָבן געפּרוווט זיך באַפּוצן אין מעלאָדראַמעס און אַלטע אָפּערעס; זיי האָבן געבוי אָפּגעווישט יעדן שפּור פון גערעדטן דיאַ־לאָג און אָנגעשריבן פאַר מאָצאַרטן, בעטהאָווענען אָדער וועבערן רעטשיטאַטיוון, לויט זייער שטייגער; זיי זענען געווען זיכער, אַז זיי טוען אַ טובה דער רום פון די מייסטער און אַז זיי פילן אויס די בלויזן פון זייער געדאַנק, דערמיט, וואָס זיי גיבן פרום צו זייער אייגן מיסט צו די דאָזיקע מייסטער ווערק.

קריסטאָף, וואָס קארינעס קריטישע מיינונגען האָבן אים בולטער געוויזן די שווערקייט און אָפּט מיאוסקייט פון דער וואַגנעריאַנישער דעקלאַמאַציע, האָט זינט אַ לאַנגער צייט געפרעגט ביי זיך, צי איז עס נישט אַן אומזין און קעגן דער נאַטור, צונויפצושפּאַנען צוזאַמען און אָנקלאַמערן דאָס וואָרט און דעם געזאַנג אין טעאַטער: ס'איז

אויסגעקומען, פּונקט ווי מ׳וואָלט צוזאַמענגעשפּאַנט אין איין וואָגן אַ
פערד און אַ פייגעלע. דעקלאַמאַציע און געזאַנג האָבן זייערע באַזונ־
דערע ריטמען. אין העכסטן פאַל קאָן מען נאָך פאַרשטיין, אַז אַ
קינסטלער איז מקריב איינעם פון די צוויי אַרטן קונסט פאַרן נצחון
פון איינעם פון זיי, וועלכן ער האָט מער ליב. אָבער זוכן אַ פּשרה
צווישן זיי, הייסט מקריב זיין ביידע: מ׳וויל אַזויאַרום דאָס וואָרט
זאָל מער נישט זיין קיין וואָרט, און דער געזאַנג זאָל מער נישט
זיין קיין געזאַנג; דאָס הייסט, אַז געזאַנג זאָל אַריינשפּאַרן זיין
ברייטן שטראָם צווישן די צוויי מאַנאָטאָנע קאַנאַל־זייטן און אַז דאָס
וואָרט זאָל אנקליידן זיינע שיינע, נאַקעטע גלידער אין רייכע, שווע־
רע קליידער, וואָס פּאַראַליזירן זיינע באַוועגונגען און טריט. פאַרוואָס
זאָל מען זיי ביידן נישט איבערלאָזן זייער אורשפּרינגלעכקייט און
זייערע פרייע באַוועגונגען? פּונקט ווי אַ שיין מיידל, וואָס גייט מיט
אַ גליקלעכן, לייכטן טריט לענג־אויס אַ טייכל און גייענדיק חלומט
זי: דער פריילעכער געמורמל פונם וואַסער וויגט אירע חלומות, און
זי שטעלט, אַליין נישט וויסנדיק דערפון, אירע טריט לויטן ריטם
פון וואַסער און איר געדאַנק גייט־מיט מיטן געזאַנג פונם טייכל. אָט
אַזוי גייען מוזיק און פּאָעזיע זייט, ביי זייט, ביידע פריי, טרוימענ־
דיק און צונויפמישנדיק זייערע חלומות. — בלי ספק צו דער דאָזי־
קער פאַרייניקונג איז נישט יעדע מוזיק גוט, און נישט יעדע פּאָעזיע
איז צוגעפּאַסט. די קעגנער פון דער מעלאָדראַמע פירן אַ קאַמף קעגן
דער גראָבקייט פון די געמאַכטע פּרווון און פון זייערע אויספירער.
אַ לאַנגע צייט האָט אויך קריסטאָף געפילט דעם זעלבן עקל, וואָס
זיי: די נאַרישקייט פון די אַקטיאָרן, וואָס האָבן אויסגעפירט די דאָ־
זיקע גערעדטע רעציטאַציעס אונטער דער אינסטרומענטאַלער באַ־
גלייטונג, און האָבן נישט געזאָגט פאַר דער באַגלייטונג, נישט צוגע־
פּאַסט זייערע שטימען, נאָר, פאַרקערט זיך אָנגעשטרענגט, מ׳זאָל
הערן נאָר זיי אַליין, — די דאָזיקע נאַרישקייט האָט געמוזט אויפ־
רעגן יעדן מוזיקאַלישן אויער. נאָר זינט ער האָט געהערט קאָרינעס
האַרמאָנישע שטים — די דאָזיקע פליסנדיקע, ריינע שטים, וואָס האָט
זיך באַוועגט אין דער מוזיק, ווי אַ זון־שטראַל אין וואַסער, און אי־
בערגעגעבן אַלע קאָנטורן פון אַ מוזיקאַלישער פראַגע, וואָס איז גע־
ווען פליסיקער און פרייער, ווי אַ געזאַנג, — זינט דעמאָלט האָט
זיך אים אַנטפּלעקט די שיינקייט פון אַ נייעם מין קונסט.

אפשר איז ער געווען גערעכט; ער איז אָבער געווען נאָך ווייניק דערפאַרן, איבערצוגעבן זיך אָן שום געפאַר דעם דאָזיקן מין קונסט, וואָס איז (אויב מ׳וויל ער זאָל זיין שיין און אמת קינסטלעריש) דער שווערסטער פון אַלע. בפרט, ווען אָט די קונסט פאָדערט קודם-כל דעם תנאי: די אויסגעצייכנטע האַרמאָניע פון די בשותּפותדיקע כוחות פון אַ פּאָעט, מוזיקער און אויספירער. — קריסטאָף האָט וועגן דעם נישט געזאָרגט: ער האָט זיך געלאָזט מיטרייסן מיט דער נייער, אומבאַקאַנטער קונסט, וואָס נאָר ער אַליין האָט געדאַרפט פעסטשטעלן אירע געזעצן.

זיין ערשטער פּרווו איז געווען, צו באַאַרבעטן אין מוזיק שעקספּירס אַ מעשה אָדער אַן אַקט פון צווייטן טייל „פויסט". נאָר די טעאַטערן האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין נייגונג צו פּרוּוון זיין עקספּערימענט; ס׳וואָלט זיי באַדאַרפט קאָסטן צו טייער און בכלל האָבן זיי עס געהאַלטן פאַר אַן אומזין. מ׳האָט מודה געווען, אַז קריסטאָף איז באַהאַוונט אין מוזיק; נאָר דאָס, וואָס ער האָט זיך דערלויבט צו האָבן אייגענע מיינונגען וועגן פּאָעזיע און טעאַטער, האָט בלויז אַרויסגערופן געלעכטער ביי מענטשן: מ׳האָט עס נישט גענומען ערנסט. די מוזיקאַלישע און פּאָעטישע וועלט האָבן אויסגעזען ביי אַלעמען, ווי צוויי פרעמדע, פאַרבאָרגן-פיינטלעכע צו זיך קעניגרייכן. כדי אַדורכצודרינגען דאָס קעניגרייך פון פּאָעזיע, האָט קריסטאָף באַדאַרפט אָנקומען צו אַ מיטאַרבעטער — אַ פּאָעט און אָט דעם פּאָעט איז אים נישט דערלויבט געווען אַליין אויסצוקלייבן. ער האָט זיך עס אַליין נישט דערלויבט: ער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו זיין פּאָעטישן געשמאַק; מ׳האָט אים פון אַלע זייטן איינגעשמועסט, אַז ער פאַרשטייט נישט קיין פּאָעזיע; און באמת האָט ער טאַקע נישט פאַרשטאַנען די דיכטונג, וואָס מ׳האָט אַרום אים געלויבט. מיט זיין געוויינלעכער אויפריכטיקייט און עקשנות האָט ער זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט צו פאַרשטיין די שיינקייט פון דעם אָדער יענעם ווערק; ער פלעגט אָבער שטענדיק אַרויס אַ פאַרשעמטער: „ניין, נישטאָ וואָס צו רעדן, ער איז נישט קיין פּאָעט". באמת האָט ער ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט עטלעכע אַלטע דיכטער, און דאָס האָט אים אַביסל געטרייסט. נאָר ער האָט זיי געוויס נישט ליב געהאַט אַזוי, ווי ער האָט זיי געדאַרפט ליב האָבן. צי האָט ער איינמאָל נישט אויסגעדריקט דעם לעכערלעכן געדאַנק, אַז נאָר די זענען גרויסע דיכטער, וואָס בלייבן שטענדיק

גרויס. אפילו בעת מען זעצט זיי איבער אויף פּראָזע, אויף פרעמדער פּראָזע, און אַז די ווערטער באַזיצן בלויז דעם ווערט פון דער נשמה, וואָס איז דורך זיי אויסגעדריקט? זיינע פריינד האָבן געחוזקט פון אים. מאַנהיים האָט אים באַהאַנדלט, ווי אַ גאַסן־מענטש. קריסטאָף האָט זיך נישט געפּרווווט צו פּאַרטיידיקן. אַ דאַנק די שרייבער, וואָס האָבן גערעדט וועגן מוזיק, האָט ער טאָג־טעגלעך איינגעזען, ווי לעכערלעך עס זענען די קינסטלער פון איין געביט, וואָס ווילן דווקא משפּטן די קונסט פון אַן אַנדער געביט; ער האָט דעריבער שלום געמאַכט מיט זיין אומבאַהאַוונטקייט אין דער פּאָעזיע, און מיט פּאַרמאַכטע אויגן האָט ער אָנגענומען די מיינונגען פון יענע מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר מער באַהאַוונט אין אָט די ענינים. דעריבער האָט ער זיך אויך געלאָזט אָנוואַרפן, דורך זיינע חברים פון דער צייטשריפט, אַ געוויסן סטעפאַן פאָן העלמוט, אַ גרויסן מענטשן פון דער דעקאַדענטי־שער גרופּע, וואָס האָט אים געבראַכט אַן „איפיגעניע" אויף זיין שטיי־גער. ס'איז געווען דעמאָלט אַ צייט, ווען די דייטשע פּאָעטן (פּונקט ווי זייערע חברים אין פראַנקרייך) האָבן געהאַלטן אין איין איבעראַר־בעטן די גריכישע טראַגעדיעס. דאָס ווערק פון סטעפאַן פאָן העלמוט איז געווען איינס פון יענע דערשטוינענדיקע גריכיש־דייטשע פּיעסעס, ווו עס זענען צוזאַמענגעמישט איבסען, האָמער און אָסקאַר אואיילד, — און ס'זענען נישט אויסגעמיטן, נאַטירלעך, עטלעכע אַרכעאָלאָגישע וויסנ־שאַפטס־ווערק. אַגאַמעמנאָן איז געווען נעוראַסטעניש און אַכילעס — שוואַך! זיי האָבן זיך לאַנג באַקלאָגט אויף זייער גורל; און נאַטירלעך, האָבן זייערע קלאָגענישן נישט אַריינגעבראַכט קיין שום ענדערונגען. די גאַנצע ענערגיע פון דער דראַמע איז געווען קאָנצענטרירט אין דער ראָל פון איפיגעניע, — אַ נערוועישע, היסטערישע און פּעדאַנ־טישע איפיגעניע, וואָס האָט געמוסרט די העלדן, ווילד דעקלאַמירט, אַרויסגעלעגט פאַרן עולם איר ניטשעאַנישן פּעסימיזם און איבערגע־שניטן זיך דעם האַלז, איז זי געשטאָרבן ביי אַ שטאַרקן געלעכטער פונם עולם.

קיין זאַך איז נישט געווען מער דערווידער קריסטאָפס גייסט, ווי די פּרעטענציעזע ליטעראַטור פונם דעגענערירטן אָסטראָגאָט, וואָס קליידט זיך אין גריכישן. אַרום אים האָט מען געשריען, אַז ס'איז אַ מייסטער־ווערק. קריסטאָף איז געווען שוואַך און זיך געלאָזט איבער־רעדן. דעם אמת זאָגנדיק, איז ער געווען פול מיט מוזיק און ער

האָט מער געטראַכט וועגן איר, ווי וועגן דעם טעקסט. דער טעקסט איז געווען פֿאַר אים אַ טייך, וווּ זיינע ליידנשאַפֿטן האָבן געשטראָמט. ער איז געווען, ווי נאָר מעגלעך, ווייט פֿונעם לייקענונגס־צושטאַנד און אינטעליגענטישער אומפֿערזענלעכקייט, וואָס טרעפֿט בײַ דעם מוזיקאַלישן איבערזעצער פֿון אַ פּאָעטיש ווערק. ער האָט געטראַכט נאָר וועגן זיך און נישט וועגן דעם ווערק. ער האָט זיך געהיט דאָס מודה צו זיין. אַגב, האָט ער זיך אַליין גענאַרט: ער האָט געזען אין דער פּאָעמע אַלץ, אויסער דעם, וואָס איז דאָרט באמת געווען. ווי אין זיינע קינדער־יאָרן, האָט זיך אים איינגעגעבן אויפֿצובויען אין געדאַנק אַ בנין, אינגאַנצן אַן אַנדערן פֿון דעם, וועלכן ער האָט געהאַט פֿאַר די אויגן.

בעת די רעפּעטיציעס אָבער האָט ער ריכטיק דערזען דאָס ווערק. ווען ער האָט איינמאָל געהערט אַ געוויסע סצענע, האָט זי אים אויסגעזען אַזוי נאַריש, אַז ער האָט געגלויבט, אַז די אַרטיסטן טוען עס בכּיוון; און ער האָט גענומען, אינם דיכטערס געגנוואַרט, אויפֿקלערן דעם זין נישט נאָר די אַרטיסטן, נאָר אַפֿילו דעם מחבר אַליין, וואָס האָט פֿאַרטיידיקט זייער שפּילן. דער מחבר האָט זיך געבלאָזן און מיט אַן אויפֿגערעגטן טאָן געזאָגט, אַז ער ווייס נאָך, אפֿנים, וואָס ער האָט געמיינט צו שרייבן. קריסטאָף האָט זיך נישט צוריקגעצויגן און ווייטער געטענהט, אַז העלמוט פֿאַרשטייט עס נישט. דאָס אַלגעמיינע שמייכלען האָט אים ערשט דערוויזן, אַז ער מאַכט זיך לעכערלעך. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און מודה געווען, אַז נאָך אַלעמען האָט ער דאָך נישט געשריבן די פֿערזן. דעמאָלט האָט ער דערזען די גאַנצע נישטיקייט פֿון דער פּיעסע, און ער איז געווען דערשלאָגן; ער האָט בײַ זיך געפֿרעגט, ווי אַזוי האָט ער געקאָנט אַזאַ טעות האָבן. ער האָט זיך אָנגערופֿן: בהמה, און געריסן זיך פֿאַר די האָר. אומזיסט האָט ער געפּרוווט זיך באַרויקן און אַלץ איבערגעחזרט: „דו פֿאַרשטייסט עס נישט. ס'איז נישט דיין עסק. פֿאַרנעם זיך מיט דיין מוזיק!" — ער האָט זיך געפֿילט אַזוי פֿאַרשעמט פֿון געוויסע נאַרישקייטן, פֿונעם פּרעטענציעזן פּאַטאָס, פֿון דער שרייענדיקער פֿאַלשקייט פֿון די ווערטער, באַוועגונגען, הילוך, אַז מינוטנווייז, בעת ער האָט אָנגעפֿירט מיטן אָרקעסטער, האָט ער נישט געהאַט קיין כּוח אויפֿצוהייבן דאָס שטעקעלע: ער האָט חשק געהאַט צו אַנטלויפֿן און צו באַהאַלטן זיך אין דעם סופֿלער־ביידל. ער איז

געווען צו אויפריכטיק און אַ צו שלעכטער פּאָליטיקער צו באַהאַלטן זיינע געדאַנקען. יעדערער האָט עס באַמערקט: זיינע פריינד, די אַקטיאָרן, דער מחבר. העלמוט האָט זיך אָנגערופן צו אים מיט אַ געמאַכט שמייכעלע:

— צי דאָס האָט אויך נישט זוכה געווען צו געפינען חן אין אייערע אויגן?

קריסטאָף האָט דרייסט געענטפערט:

— אויב איך דאַרף זאָגן דעם אמת, — ניין. איך פאַרשטיי עס נישט.

— האָט איר עס, הייסט עס, נישט געלייענט בעת איר האָט געשאַפן דערצו די מוזיק?

— יאָ, — האָט קריסטאָף נאַיוו געענטפערט, — אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות, כ'האָב פאַרשטאַנען עפּעס אַנדערש.

— אויב אַזוי, איז אַ שאָד, וואָס איר האָט נישט אָנגעשריבן דאָס, וואָס איר האָט יאָ פאַרשטאַנען.

— אָ, ווען איך וואָלט עס געקענט! — האָט קריסטאָף געזאָגט.

כּדי זיך נוקם צו זיין, האָט דער אויפגעבראַכטער פּאָעט קרי־טיקירט די מוזיק. ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז זי מאַטערט און אַז זי שטערט צו הערן זיינע פערזן.

אויב דער פּאָעט האָט נישט פאַרשטאַנען דעם מוזיקער, און דער מוזיקער — דעם פּאָעט, האָבן די אַקטיאָרן זיי ביידן נישט פאַר־שטאַנען, און ס'האָט זיי נישט געאַרט. זיי האָבן נאָר געזוכט פון צייט צו צייט אין זייערע ראָלן פּאַסיקע פראַזן, וווּ אָנצוהענגען זייע־רע שטענדיקע עפעקטן. ס'איז קיין רייד נישט געווען וועגן צופּאַסן זייער דעקלאַמאַציע צו די טענער און מוזיקאַלישן ריטם פון דעם אָדער יענעם שטעל: זיי זענען זיך געגאַנגען אין איין זייט, און די מוזיק אין אַן אַנדער זייט; מ'וואָלט געקענט זאָגן, אַז זיי זינגען אויסערן טאָן. קריסטאָף האָט געקריצט מיט די ציין און זיך באַמיט צו געבן זיי דעם ריכטיקן טאָן: זיי האָבן אים געלאָזט שרייען און רויִק געצויגן ווייטער, נישט פאַרשטייענדיק צומאָל, וואָס ער וויל פון זיי.

קריסטאָף וואָלט אַלץ פאַרלאָזן, ווען די רעפּעטיציעס וואָלטן שוין נישט געהאַט אַוועק אַזוי ווייט, און ווען נישט די מורא פאַר אַ פּראָ־צעס. מאַנהיים, וועמען ער האָט אָנפאַרטרויט זיינע דאגות, האָט גע־מאַכט חוזק פון אים.

— וואָס איז? — האָט ער געפרעגט. — אַלץ גייט כשורה. איך פאַרשטיי נישט איינער דעם צווייטן? גיי שוין! וואָס מאַכט עס אויס? ווער האָט אַמאָל פאַרשטאַנען אַ ווערק, אויסער דער מחבר גופא? ס'איז נאָך גוט, וואָס ער פאַרשטייט עס אַליין!

קריסטאָפן האָט געפּייניקט די נאַרישקייט פון דער פּאָעמע, וואָס האָט, לויט זיין מיינונג, קאַליע געמאַכט די מוזיק. מאַנהיים האָט אָן שום שוועריקייטן דערקענט, אַז די פּאָעמע איז אָן אַ טעם און אַז העלמוט איז אַ „בהמה"; נאָר דאָס האָט אים לחלוטין נישט געאַרט: העלמוט האָט געגעבן גוטע מיטאָגן און האָט געהאַט אַ שיין ווייב; וואָס דאַרף נאָך די קריטיק מער? — קריסטאָף האָט געהויבן מיט די אַקסלען, זאָגנדיק, אַז ער האָט נישט קיין צייט אויסצוהערן די פּלוידעריי.

— אָבער דאָס איז נישט קיין פּלוידעריי! — האָט מאַנהיים לאַכנדיק געזאָגט. — אָט האָסטו דיר די ערנסטע מענטשן! זיי האָבן נישט קיין שום השגה, וואָס אין לעבן איז דער עיקר.

ער האָט געראָטן קריסטאָפן נישט צו פאַרנעמען זיך אַזוי שטאַרק מיט העלמוטס עסקים און צו טראַכטן בעסער וועגן זיינע אייגענע. ער האָט אים געוואָלט מאַכן אַביסל רעקלאַמע. קריסטאָף האָט מיט כעס אָפּגעזאָגט. אַ רעפּאָרטער, וואָס האָט געוואָלט האָבן מיט אים אַן אינטערוויו וועגן זיין לעבן, האָט ער בייז געענטפערט:

— נישט אייער עסק!

און ווען מ'האָט אים געבעטן זיין פאָטאָגראַפיע פאַר דער צייט-שריפט, איז ער אויפגעשפּרונגען פון כעס און געשריען, אַז ער איז נישט, דאַנקען גאָט, קיין קייזער, כדי אַרויסצושטעקן זיין קאָפּ פאַר יעדן דורכגייער. — ס'איז געווען אוממעגלעך צו שטעלן אים אין באַציונגען מיט די איינפלוס-רייכע סאַלאָנען. ער פלעגט נישט ענטפערן אויף די איינלאַדונגען; און ווען ער איז, צופעליק, געווען געצוווּנגען אָנצונעמען אַן איינלאַדונג, פלעגט ער פאַרגעסן אַהין צו גיין אָדער גיין מיט אַזאַ בייזער מינע, אַז ס'האָט אויסגעזען, פונקט ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען אַ כוח צו מאַכן אַלעמען דעם טויט.

צו די צרות האָט ער זיך צעקריגט מיט דער רעדאַקציע, צוויי טעג פאַר דער פאָרשטעלונג.

דאָס, וואָס האָט געמוזט געשען, איז לסוף געשען. מאַנהיים האָט ווייטער פאַרריכט קריסטאָפס אַרטיקלען, אויסגעמעקט גאַנצע זאַצן פון דער קריטיק און אַריינגעשטעלט אויף זייער אָרט שבחים.

אַ געוויסן טאָג האָט זיך קריסטאָף אין אַ סאַלאָן געטראָפן מיט אַ ווירטואָז, אַ יונגן פּיאַניסט, וואָס איז צו אים צוגעגאַנגען און שמייכלענדיק מיט אַלע זיינע ווייסע ציין, געדאַנקט אים. קריסטאָף האָט אים געהאַט אין זשורנאַל אָנגעגריפן. קריסטאָף האָט אים גראָב איצט געענטפערט, אַז ס'איז נישטאָ פאַרוואָס. יענער איז צוגעשטאַנען און זיך צעגאָסן אין דאַנקבאַרקייט אָן אַ סוף. קריסטאָף האָט אים קורץ איבערגעהאַקט, אַז אויב ער איז צופרידן פונם אַרטיקל, איז עס זיין זאַך, אָבער דער אַרטיקל איז בשום-אופן נישט אָנגעשריבן, כּדי אים צו פאַרשאַפן הנאה, און ער האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן. דער ווירטואָז האָט אים אָנגענומען פאַר אַ גוטהאַרציקן, אָבער ברומענדיקן בעל-טובה און איז אַוועק מיט אַ געלעכטער. אָבער קריסטאָפן איז געקומען אויפן זכּרון, אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט ער דערהאַלטן גאָר אַ דאַנק-בריוו פון איינעם פון זיינע קרבנות, און פּלוצלינג האָט אים באַהערשט אַ חשד. ער איז אַרויס, געקויפט אין אַ קיאָסק דעם לעצטן נומער פון זשורנאַל, אויפגעזוכט זיין אַרטיקל און גענומען לייענען... אין דער רגע האָט ער געפרעגט ביי זיך, צי איז ער נישט משוגע געוואָרן. דערנאָך האָט ער פאַרשטאַנען; און אין אַ ווילדן כּעס האָט ער זיך געלאָזט לויפן אין דער רעדאַקציע פון „דיאָניזאָס".

ער האָט דאָרט געטראָפן וואַלדהויזן און מאַנהיימען, וואָס האָבן גראָד געשמועסט מיט אַן אַקטריסע, זייערע אַ פריינדין. ס'איז געווען איבעריק צו פרעגן קריסטאָפן, צו וואָס ער איז געקומען. ער האָט אַ וואָרף געטון דעם נומער אויפן טיש און נישט נעמענדיק זיך קיין צייט אָפּצואָטעמען, האָט ער זיך אַ לאָז געטון אויף זיי מיט אַ העפטיקן צאָרן, געשריען, אָנגערופן זיי לצים, מנוולים, אַפערריסטן, און געקלאַפּט מיט אַ שטול אָן דר'ערד. מאַנהיים האָט געפרווווט לאַכן. קריסטאָף האָט אים געוואָלט אַ זעץ טון מיטן פוס פון הינטן. מאַנהייט האָט געמאַכט

פליטה אונטערן טיש, קייקלענדיק זיך פון געלעכטער. אָבער וואַלדהויז האָט עס אָנגענומען מיט גדלות. שטאָלץ און אויסגעצויגן האָט ער געגעבן צו וויסן אינמיטן דעם רעש, אַז ער דערלויבט נישט, מ׳זאָל רעדן צו אים אין אַזאַ טאָן, און אַז קריסטאָף וועט נאָך הערן פון אים נייעס; ער האָט אים דערלאַנגט זיין קאַרטע. קריסטאָף האָט אים אַ וואָרף געטון די קאַרטע אין פנים אַריין:

— פלוידערזאַק!... איך דאַרף נישט האָבן אייער קאַרטע, כדי צו וויסן, ווער איר זענט... איר זענט אַ מנוול און אַן אַפעריסט! און איר גלויבט, אַז איך וועל זיך גיין מיט אייך שלאָגן?... תפיסה, אָט וואָס איר האָט פאַרדינט!...

אין דרויסן האָט מען דערהערט זיין שטים. מענטשן זענען געבליבן שטיין און זיך צוגעהערט. מאַנהיים האָט פאַרמאַכט די פענסטער. די אַקטריסע האָט דערשראָקן געזוכט אַן אָרט צו אַנטלויפן; אָבער קריסטאָף האָט פאַרשפאַרט די טיר. וואַלדהויז, בלייך און קוים אָטעמענדיק, און מאַנהיים, שטאַמלענדיק און לעכערלעך, האָבן געפרווט רעדן. קריסטאָף האָט זיי נישט געלאָזט קומען צום וואָרט — ער האָט אויסגעלאָזט צו זייער קאָפ אַלערליי בזיונות, וואָס מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, און ער איז אַוועק ערשט דעמאָלט, ווען ער איז געבליבן אָן אָטעם און אָן קללות. דאַן האָבן ערשט וואַלדהויז און מאַנהיים געקראָגן לשון. מאַנהיים איז שנעל געקומען צו זיך: די זידל-ווערטער האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט איבער אים, ווי וואַסער איבער די פעדערן פון אַ קאַטשקע. אָבער וואַלדהויז איז געבליבן פאַרביטערט: זיין כבוד איז געווען באַליידיקט, און נאָך האָט אים מער פאַרדראָסן, וואָס ס׳איז געווען אַן עדות ביי אָט דער סצענע. ער וועט עס אים קיינמאָל נישט מוחל זיין. די קאָלעגן האָבן מסכּים געווען מיט וואַלדהויזן. פון דער גאַנצער רעדאַקציע האָט נאָר איין מאַנהיים נישט געטראָגן קיין כעס אויף קריסטאָפן: ער האָט זיך געוויילט פונם גאַנצן האַרצן; ער האָט איינגעפונען, אַז די עטלעכע זידל-ווערטער זענען נישט קיין צו טייערער פּרייז פאַרן שיינעם שפּיל, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן. ס׳איז געווען אַ שיינער פאַרס: ווען ער וואָלט אַליין געווען דער העלד, וואָלט ער דער ערשטער געלאַכט. דעריבער איז ער געווען גרייט צו דריקן קריסטאָפס האַנט, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט ניט געשען. אָבער קריסטאָף איז געווען פאַרביסן און האָט אָפּגעשטויסן יעדן פּרווו זיך איבערצובעטן. מאַנהיים האָט זיך עס צום האַרצן נישט גענומען: קרי-

סטאָף איז געווען פּאַר אים אַ שפּיל, ווי ער האָט שוין אויסגענוצט אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט; איצט האָט ער זיך גענומען צו אַן אַנדער שפּיל. צומאָרגנס נאָך דער מעשה איז אַלץ צווישן זיי געווען געענדיקט. דאָס האָט נישט געשטערט מאַנהיימען ווייטער צו דערציילן, בשעת מ׳האָט גערעדט מיט אים וועגן קריסטאָפן, אַז זיי זענען אינטימע פריינד. און אפשר האָט ער אַליין אין דעם געגלויבט.

צוויי טעג נאָכן צופאַל, איז פאָרגעקומען די פּרעמיערע פון „איפיגעניע". ס׳איז געווען אַ פולשטענדיקע מפּלה. די צייטשריפט פון וואַלדהויזן און פון זיינע קאָלעגן האָט געלויבט די פּאָעמע און מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אָפּגערופן וועגן דער מוזיק. די איבעריקע זשורנאַלן און צייטונגען האָבן זיך געלאָזט ווילדגיין. מ׳האָט געלאַכט און אויסגעפייפט. נאָך דער דריטער פאָרשטעלונג האָט מען די פּיעסע אַראָפּגענומען; אָבער די געלעכטערס האָבן נאָך געדויערט גאַנץ לאַנג. דאָס שטעטל איז געווען גליקלעך פון דער געלעגנהייט אָפּצוחוזקן פון קריסטאָפן; און „איפיגעניע" איז אויף לאַנגע וואָכן געבליבן אַן ענין פון שפּאַסן אָן אַ סוף. מ׳האָט געוווסט, אַז קריסטאָף האָט שוין נישט קיין כּלי-זין זיך צו פאַרטיידיקן; און מ׳האָט עס אויסגענוצט. די איינציקע זאַך, וואָס האָט דעם עולם איינגעהאַלטן, איז געווען זיין לאַגע אין הויף. הגם זיינע באַציונגען מיטן פירשט זענען קאַלט געוואָרן, — נאָכדעם ווי דער פירשט האָט אים געמאַכט פיל באַמערקונגען און ער האָט דערויף קיין אַכט נישט געלעגט, — האָט ער דאָך נישט אויפגעהערט פון צייט צו צייט קומען אין שלאָס צו זיין בעל-טובה, און די עפנטלעכע מיינונג האָט עס געהאַלטן פאַר אַן אָפיציעלע פּראָטעקציע, אייגנטלעך מער אַן איינגערעטע, ווי אַווירקלעכע. קריסטאָף האָט אָבער געטון אַלץ אין דער וועלט צו נישט צו מאַכן אָט די לעצטע שטיצע.

ער איז אויסגעשטאַנען פון די קריטיקער גרויסע צרות. די קריטיק איז געווען געווענדט נישט נאָר קעגן זיין מוזיק, נאָר קעגן זיין אידעע פון אַ נייער קונסט-פאָרם, וואָס מ׳האָט זיך נישט געגעבן קיין מי זי צו פאַרשטיין: (ס׳איז געווען אָן אַן ערך לייכטער איבערצו-

דרייען זיינע רייד, כדי פון אים אָפּצוחוזקן). קריסטאָף איז נאָך נישט געווען אַזוי פּראַקטיש־קלוג צו זאָגן, אַז די בעסטע תשובה, וואָס מ׳קאָן געבן דעם בייזווילליקן קריטיקער, איז אינגאַנצן אים נישט צו ענט־פערן און צו שאַפן ווייטער. זינט עטלעכע חדשים האָט ער באַקומען די בייזע געוווינהייט נישט דורכצולאָזן קיין איין אומגערעכטן אָנגריף אָן אַן ענטפער. ער האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, ווו ער האָט נישט געשוינט זיינע קעגנער. די צוויי לאָיאַלע זשורנאַלן, צו וועלכע ער האָט געבראַכט דעם אַרטיקל, האָבן אים אָפּגעגעבן זיין אַרבעט צוריק און מיט אַן איראָנישער העפלעכקייט זיך אָפּגעזאָגט זי צו פאַרעפנט־לעכן. קריסטאָף האָט זיך איינגעעקשנט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם אָרטיקן סאָציאַליסטישן זשורנאַל, וואָס האָט פון אים געהאַלטן. ער האָט געקענט איינעם פון די רעדאַקטאָרן; זיי פלעגן טיילמאָל שמועסן צווישן זיך. קריסטאָף איז געווען צופרידן צו טרעפן אַ מענטשן, וואָס רעדט פריי וועגן פליכטן לגבי דער מלוכה, אַרמיי, אַלטע, פאַרשימלטע פאָראורטיילן. נאָר זייער שמועס פלעגט נישט ווייט אַוועקגיין, ווייל דער סאָציאַליסט פלעגט שטענדיק אַרויספירן אויף קאַרל מאַרקסן, צו וועלכן קריסטאָף איז געווען לחלוטין גלייכגילטיק. אגב, האָט קריסטאָף ווידער אַמאָל געפונען אין די רייד פון אַ פרייען מענטשן — חוץ דעם מאַטעריאַליזם, וואָס איז אים נישט איבעריק שטאַרק געווען צום האַרצן — אַ פּעדאַנטישע קפדנות און געדאַנקען־דעספּאָטיזם, אַ פאַרבאָר־גענעם קולט פאַרן פויסט, אַ מיליטאַריזם אפילו, מיט איין וואָרט: אייגנשאַפטן, וואָס האָבן זיך כמעט נישט אונטערגעשיידט פון די, וועל־כע ער פלעגט יעדן טאָג הערן אין דייטשלאַנד.

דאָך איז אים דער דאָזיקער זשורנאַל געקומען אויפן זינען, בעת ער האָט געזען, אַז מען פאַרמאַכט פאַר אים די טירן פון אַלע רע־דאַקציעס. ער האָט געוווּסט, אַז זיין האַנדלונג וועט אַרויסרופן אַ סקאַנדאַל: דער זשורנאַל איז געווען העזהדיק, פול מיט שנאה און פון אַלעמען מיט פאַראַכטונג פאַרשטויסן; נאָר אַזוי־ווי קריסטאָף האָט אים נישט געלייענט, האָט ער נאָר געטראַכט וועגן דער דרייסטקייט פון די מיינונגען, וואָס האָט אים דווקא נישט אָפּגעשראָקן, און נישט וועגן דער גראָבקייט פון טאָן, אין וועלכן די מיינונגען פלעגן זיך אויס־דריקן. איבעריקנס, איז ער געווען אַזוי אויפגעבראַכט אויף דעם ביטערן הסכם פון די איבעריקע זשורנאַלן צו דערשטיקן די סאָציאַליסטישע צייטשריפט, אַז ער וואָלט אפשר סיי־ווי־סיי גענומען אין איר מיטאַר־

בעטן, אפי׳ו ווען ער לייענט זי יאָ. ער האָט געוואָלט ווייזן די מענטשן, אַז ס׳איז נישט אַזוי לייכט פּטור צו ווערן פון אים. — ער האָט דעריבער אַוועקגעטראָגן דעם אַרטיקל אין דער סאָציאַליסטישער רעדאַקציע, ווו מ׳האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. צומאָרגנס איז דער אַרטיקל דערשינען, און דער זשורנאַל האָט אָנגעזאָגט די בשורה, אין פּאַטעטישער מליצה, אַז ער האָט איינגעלאַדן מיטצואַר־בעטן דעם יונגן טאַלענטירטן מייסטער, דעם חבר זשאַן—קריסטאָף קראַפט, וואָס זיינע סימפּאַטיעס צו דער באַוועגונג פונם אַרבעטער־קלאַס זענען אַלעמען גוט באַקאַנט.

קריסטאָף האָט נישט געלייענט נישט די נאָטיץ, נישט דעם אַר־טיקל, ווייל דעם זעלבן פרימאָרגן, ס׳איז גראָד אויסגעפאַלן זונטיק, — איז ער פאַרטאָג אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער די פעלדער. ער איז געווען ווונדערלעך געשטימט. ווען ער האָט געזען דעם זון־אויפגאַנג, האָט ער געשריען, געלאַכט, געיובלט, געשפּרונגען און געטאַנצט. אויס צייטשריפטן, אויף כּפּרות די קריטיקער! ס׳איז געווען פרילינג, און די שענסטע מוזיק אויף דער וועלט האָט זיך צוריק אומגעקערט צום הימל און צו דער ערד. אַ סוף צו די טונקעלע קאָנצערט־זייגן, וואָס שטיקן מיט זייער שלעכטן ריח. אַ סוף צו די בייזע שכנים און נאַ־רישע ווירטואָזן! מ׳האָט געהערט, ווי ס׳דערהויבט זיך די ווונדערלעכע מוזיק פון די מורמלענדיקע וועלדער; און איבער די פעלדער האָבן זיך געצויגן, ווי כוואַליעס, די פאַרשיכּורנדיקע שטראָמען פון לעבן, וואָס האָבן צעשפּאָלטן די שאָלעכץ פון דער ערד און זענען אַרויס פון קבר.

ער איז צוריקגעקומען פונם שפּאַציר, אין קאָפּ האָט גערוישט אַ שפע פון ליכט און מוזיק, — ווען זיין מאַמע האָט אים דערלאַנגט אַ בריוו, וואָס מ׳האָט אים געבראַכט פון שלאָס, בעת ער איז נישט גע־ווען אין שטוב. דער בריוו, געשריבן סתּם, נישט פערזענלעך צו אים, האָט איינגעלאַדן דעם הער קראַפט צו קומען אינדערפרי אין שלאָס אַריין. — דער פרימאָרגן איז שוין געווען פאַרביי: ס׳איז שוין געווען באַלד איינס אַ זייגער. קריסטאָפן האָט עס נישט אָנגעהויבן צו אַרן.

— ס׳איז שוין איצט שפּעט, — האָט ער געזאָגט. — מירן עס איבערלאָזן אויף מאָרגן.

נאָר די מאַמע איז געווען אומרויק:

— ניין, ניין, מ׳קאָן נישט אָפּלעגן די איינלאַדונג פון זיין הויל־

קײַט; מ'דאַרף צו גײן װאָס פריער, אפשר האַנדלט זיך עס װעגן אַ װיכטיקן ענין.

קריסטאָף האָט געהױבן מיט די אַקסלען:

— אַ װיכטיקן, זאָגסטו? פונקט װי די דאָזיקע פאַרשװינגען װאָלטן געקאָנט אַמאָל האָבן עפּעס אַ װיכטיקע זאַך דיר צו זאָגן!... ער װיל מיר איבערגעבן זײַנע מײנונגען װעגן מוזיק. עס װעט זײַן פרײלעך!... אַבי ס'זאָל אים נישט קומען אין קאָפּ אַרײַן צו קאָנקורירן מיט זיגפריד מײער, *) און ער זאָל מיר נישט װעלן אַמאָל װײזן אױך אַ „הימן צו עזשיר"! איך שװער דיר, איך װעל אים נישט שװײַגן. איך װעל אים זאָגן: „פאַרנעמט זיך בעסער מיט אײער פּאָליטיק דאָרט זענט איר אַ מײסטער: איר זענט שטענדיק גערעכט. אָבער אין דער קונסט, — היט אײַך די בײנער. אין דער קונסט זעט מען אײַך אָן דעם באַפּוצטן קאַסקעט, אָן אוניפאָרם, אָן געלט, אָן טיטלען, אָן זכות-אבות, אָן זשאַנדאַרמען... און אַ סוף! פאַרטראַכט זיך נאָר אַביסל, װאָס פאַר אַ צורה װעט איר אָן דעם אַלעם האָבן?

די גוטע לואיזע, װאָס האָט אַלץ גענומען פאַר ערנסט, האָט אױפגעהױבן די הענט צום הימל:

— װעסט עס נישט זאָגן!... ביסט משוגע! ביסט חסר-דעה!

ער האָט זיך געװײלט מיט איר לײַכטגלױביקײט און זי װײַטער באַאומרויקט, ביז זײַנע משונהדיקע רײד האָבן געגעבן לואיזען צו פאַרשטײן, אַז ער מאַכט חוזק פון איר. זי האָט געהױבן מיט די אַקסלען:

— דו ביסט אַ נאַרעלע, מײַן אָרעם ייִנגל!

ער האָט זי אַ קוש געטון, לאַכנדיק. ער איז געװען אין אַ גע-הױבענער שטימונג. ער האָט געפונען בעתן שפּאַציר אַ שײנע מוזיקאַלישע טעמע, און ער האָט געפילט, װי זי צאַפּלט אין אים, װי אַ פיש אין װאַסער. ער האָט נישט געװאָלט גײן אין שלאָס, אײדער ער װעט אָפּעסן: ער איז געװען הונגעריק, װי אַ הונט. לואיזע האָט זיך געפּאָרעט אַרום זײַנע קלײדער. ער האָט זי גענומען מאַטערן: ער האָט געטענהט, אַז ער קאָן גײן אַהין אין

---

*) אַ צונעמעניש, מיט װעלכן די דײַטשע פּאַמפלעטיסטן פלעגט רופן צײַטן זיך ז.

פ.„ דאָס הײסט זײַן מאַיעסטעט: — דעם קײזער.

זיינע אָפּגעקראָכענע קליידער און פאַרשטויבטע שיך. דאָס האָט אים דאָך נישט געשטערט איבערצוטון זיך און אָפּצופּוצן זיינע שטיוול, פייפנדיק בשעת מעשה, ווי אַ קאָס, און נאָכמאַכנדיק אַלערליי אָרקעסטר אינסטרומענטן. ווען ער האָט געענדיקט, האָט אים די מאַמע באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס און מיט אַ וויכטיקער מינע פאַרריכט אים דעם שניפּס. ער איז געווען זייער געדולדיק, נישט ווי זיין שטייגער, ווייל ער איז געווען צופרידן פון זיך, — אַ זאַך, וואָס פלעגט זייער זעלטן זיך טרעפן. ער איז אַרויסגעגאַנגען, זאָגנדיק, אַז ער גייט פאַרפירן די פרינצעסין אַדעלאַידאַ, —דעם גרויספירשטס טאָכטער, אַ גאַנץ שיינע פרוי, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ דייטשן פירשטל און איז צוזאַמען מיט אים געקומען צו אירע עלטערן פאַרברענגען עטלעכע וואָכן. זי האָט אַמאָל געהאַט אַרויסגעוויזן קריסטאָפן אַ סימפּאַטיע, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, און דעריבער האָט ער געהאַט צו איר אַ שוואַכקייט. לואיזע האָט געזאָגט, אַז ער איז פאַרליבט; און ער האָט אין שפּאַס זיך געמאַכט באמת פאַר אַ פאַרליבטן.

ער האָט זיך נישט געאיילט און אַרומגעשלעפּט זיך פאַר די געוועלבן, געבליבן שטיין אין גאַס, כדי אַ גלעט צו טון אַ הונט פון זיינע באַקאַנטע, וואָס האָט זיך אויך אַרומגעשלעפּט, ווי ער, און לסוף זיך אויסגעצויגן אויף אַ זייט און געוואַרעמט זיך אויף דער זון. ער איז אַריבערגעשפּרונגען די אומגעפּער׳עכע דראָט-צוימען, וואָס האָבן אָרומגענומען דעם פּלאַץ פון שלאָס, — אַ גרויסן, פּוסטן פיר-עק, אַרומגערינגלט פון הייזער, מיט צוויי איינגעשלאָפענע פאָנטאַנען, צוויי סימעטרישע שטעגלעך אָן שאָטן, אָפּגעטייל׳ט, ווי מיט אַ שרינט אויפן שטערן, מיט אַ קרוין פון אָראַנזש-בוימער; אינמיטן, אויף אַ דעקאָרירטן פּלויט מיט פיר פליגל, — אַלעגאָריעס פון דער צניעות — איז געשטאַנען די בראָנז-סטאַטוע פון אַן אומבאַקאַנטן גרויספירשט, אָנגעטון ווי לואי-פיליפּ. אויף אַ באַנק האָט אַן איינזאַמער מענטש געדרימלט אויף זיין צייטונג. ביים אַריינגאַנג אין שלאָס זענען געשלאָפן לחלוטין איבעריקע זעלנער אויף דער וואַך. הינטער די גריבער פון דער שלאָסטעראַסע האָבן צוויי שלעפעריקע אַרמאַטן אַזש ביז געלעכטער געגענעצט אויף דער דרימלענדיקער שטאָט. קריסטאָף האָט זיי אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין.

ער איז אַריין אין שלאָס. נישט זאָרגנדיק אויסצוזען מער אָפיציעל: אַלץ, וואָס ער האָט געטון, איז געווען אויפצוהערן צו

פייפן; אין אים גופא האָבן די געדאַנקען נישט אויפגעהערט צו טאַנצן. ער האָט אַ וואָרף געטון זיין היטל אויפן טיש אין פּאָדערצימער און היימיש געשמועסט מיטן אַלטן טיר-וועכטער, וועלכן ער האָט נאָך געקענט פון די קינדער-יאָרן: — (דער ווילדער מענטש איז שוין דאָרט געווען, בעת דעם ערשטן באַזוך, וואָס קריסטאָף האָט צוזאַמען מיטן זיידן געמאַכט אין שלאָס, יענעם אוונט, ווען זיי האָבן געזען האַסלערן): — נאָר דער אַלטער, וואָס פלעגט שטענדיק גוטמוטיק ענטפערן אויף קריסטאָפס אַ ביסל חוצפּהדיקער פּלוידעריי, האָט דאָסמאָל געמאַכט אַ בייזע מינע. קריסטאָף האָט דערויף קיין אַכטונג נישט געלעגט. אַביסל ווייטער, אינם קאָרידאָר, האָט ער אָנגעטראָפן אַ באַאַמטן פון דער קאַנצעלאַריע, אַ פּלוידערזאַק און זיינעם אַ ידיד, וואָס פלעגט אים שטענדיק אַרויסווייזן גרויס פריינדשאַפט; ער איז געווען פאַרחידושט פון דער איילעניש, מיט וועלכער דער דאָזיקער פאַרשווין איז פאַרבייגעגאַנגען, אויסמיידנדיק אַ שמועס. ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף די איינדרוקן און גייענדיק ווייטער זיין וועג, האָט ער געבעטן, מ׳זאָל אים אַריינפירן צום פירשט.

ער איז אַריין. דער מיטאָג האָט זיך געענדיקט. זיין הויכקייט איז געווען אין איינעם פון די סאַלאָנען. אָנגעשפּאַרט אָן קאַמין, האָט ער גערויכערט, און בעת מעשה געשמועסט מיט די שכנים, צווישן וועלכע קריסטאָף האָט דערקענט די פּרינצעסין, וואָס האָט אויך גערויכערט; פויל אויסגעצויגן אינם פּאָטער-שטול, האָט זי זייער הויך גערעדט מיט עטלעכע אָפיצירן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום איר אין אַ קרייז. די געזעלשאַפט איז געווען מונטער. אַלע זענען געווען שטאַרק פריילעך, און אַריינגייענדיק, האָט קריסטאָף געהערט דעם גרויספירשטס פוילן געלעכטער. אָבער דאָס לאַכן איז תיכף איבערגעריסן געוואָרן, ווען דער פירשט האָט דערזען קריסטאָפן. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ ברום און איז אָנגעפאַלן גלייך אויף אים.

— אַ, דאָס זענט איר, איר! — האָט ער געשריגן. — איר האָט באַוויליקט ענדלעך צו קומען? איר מיינט, אַז איך וועל לאַנג לאָזן חוזקן פון מיר? איר זענט אַ לץ, מיין הער!

קריסטאָף איז געווען אַזוי איבערראַשט פון דער דאָזיקער ווענדונג, וואָס האָט אים געטראָפן, ווי אַ דונער, — אַז ער האָט אַ ווײַלע נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. ער האָט געטראַכט בשעת מעשה נאָר וועגן זיין פאַרשפּעטיקונג, וואָס האָט בשום אופן נישט געקאָנט

פאַרענטפערן אַזאַ אויפרעגונג. ער האָט געשטאַמלט:

— הויכקייט, וואָס האָב איך אַזוינס געטון?

זיין הויכקייט האָט נישט געהערט און האָט ווייטער גערעדט אויפגערעגט:

— שווייגט! איך וועל לאָזן אַ לץ מאַכן פון מיר חוזק.

קריסטאָף, אינגאַנצן בלייך, האָט זיך געראַנגלט מיט זיין דערשטיקטן האַלז, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רעדן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט און אויסגעשריען:

— הויכקייט, איר האָט נישט דאָס רעכט... איר האָט נישט דאָס רעכט מיך אַזוי צו זידלען און נישט צו זאָגן פאַרוואָס.

דער גרויספירשט האָט זיך אויסגעדרייט צום סעקרעטאַר, וואָס האָט אַרויסגענומען פון טאַש אַ זשורנאַל און אים דערלאַנגט. ער איז געווען אין אַ צושטאַנד פון אַזאַ אויפרעגונג, וואָס מ'האָט בלויז מיט זיין כעס נישט געקאָנט דערקלערן: דער שטאַרקער וויין האָט, אַפּנים, אויך געהאַט אַ חלק אין פירשטס צושטאַנד. ער האָט זיך געשטעלט פאַר קריסטאָפן, און ווי אַ טאָרעאַדאָר שאָקלט מיט זיין הוט, אַזוי האָט ער בייז אַ וואָרף געטון דעם צעקנייטשטן, צעדרייטן זשורנאַל קרי־סטאָפן פאַרן נאָז, שרייענדיק:

— אייער שמוץ, מיין הער!... איר האָט פאַרדינט, מ'זאָל אייך עס לעגן פאַר דער נאָז!

קריסטאָף האָט דערקענט דעם סאָציאַליסטישן זשורנאַל:

— איך זע נישט אין דעם קיין בייז, — האָט ער געזאָגט.

— וואָס! וואָס! — האָט געברומט דער גרויספירשט, אויסער זיך. — איר זענט אומפאַרשעמט!... אָט דער זשורנאַל פון די מנוולים, וואָס זידלען מיך טאָג־טעגלעך, וואָס לאָזן אויס צו מיין קאָפּ אַלערליי מיאוסע זלזולים!...

— האַר! — האָט קריסטאָף געזאָגט. — איך האָב עס נישט געלייענט.

— אַ ליגן! — האָט געשריען דער גרויספירשט.

— איך וויל נישט, איר זאָלט מיך חושד זיין אין אַ ליגן, — האָט קריסטאָף געזאָגט. — כ'האָב עס נישט געלייענט, איך פאַרנעם זיך נאָר מיט מוזיק. און איבעריקנס, האָב איך דאָס רעכט צו שרייבן, וווּ איך וויל.

— איר האָט נישט קיין רעכט צו טון קיין שום זאַך, אויסער

צו שווייגן. איך בין געווען צו גוט צו אייך. איך האָב אייך צע־פּיעשטשעט מיט מיינע טובות, אייך און אייערע אייגענע, נישט גע־קוקט דערויף, וואָס אייער און אייער פּאַטערס אויפפירונג האָט מיר געגעבן גענוג סיבות, מיט אייך זיך צו שיידן. איך פאַרווער אייך ווי־טער צו שרייבן אין אַ זשורנאַל, וואָס איז מיר אַ דם־שונא, און נאָכ־מער: איך פאַרווער אייך בכלל צו שרייבן אין דער צוקונפט וואָס־עס־איז אָן מיין דערלויבעניש. כ׳האָב שוין גענוג אייער מוזיקאַלישע פּאָ־לעמיק. איך דערלויב נישט, אַז עמעצער, וואָס געניסט פון מיין פּראָ־טעקציע, זאָל פאַרברענגען זיין צייט אויף אָנגרייפן אַלץ, וואָס איז טייער יעדן מענטשן, וואָס פאַרמאָגט האַרץ און געשמאַק, יעדן אמתן דייטש. שרייבט בעסער אייער אייגענע מוזיק, און אויב ס׳איז פאַר אייך אוממעגלעך, אַרבעט איבער אייערע גאַמען און איבונגען. איך וויל נישט קיין מוזיקאַלישן בעבעל, וואָס שפּייט קלעק אויף אַלע נאַציאָנאַלע רומפולע גדולים און ברענגט אַריין אַ מיש־מאַש אין די מוחות. מיר וויסן, דאַנקען גאָט, וואָס גוט איז! מיר האָבן נישט גע־וואַרט, כדי עס צו וויסן, פון אייך. און איצט — צום פּיאַנינאָ. מיין הער, און לאָזט אונז צורו...

דער דיקער מאַן, וואָס איז געשטאַנען גלייך קעגן קריסטאָפן, האָט אים אָנגעקוקט מיט אַרויספאָדערנדיקע אויגן. קריסטאָף, אַ בליי־כער, האָט געפרווווט רעדן; זיינע ליפּן האָבן געציטערט; ער האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— איך בין נישט אייער שקלאַף, איך וועל זאָגן, וואָס איך וויל, איך וועל שרייבן, וואָס איך וויל...

ער האָט זיך געשטיקט און כמעט געוואָלט וויינען פאַר חרפה און כעס; זיינע פיס האָבן געציטערט. מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג פון עלנבויגן האָט ער אומגעוואָרפן עפּעס אַ מעבל. ער האָט זיך אָפּ־געגעבן אַ חשבון, ווי לעכערלעך ער איז; און באמת, ער האָט דער־הערט אַ געלעכטער: ער האָט געוואָרפן אַ בליק טיף אין סאַלאָן און געזען, ווי דורך אַ נעפּל, די פּרינצעסין, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דער סצענע, און אַרויסגעזאָגט פאַר אירע שכנים איראָנישע מיינונגען. פון יענער מינוט אָן האָט ער פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין פאַר זיינע מעשים, וואָס זענען דערנאָך פאָרגעקומען. דער גרויספירשט האָט גע־שריגן. קריסטאָף האָט געשריגן נאָך שטאַרקער פון אים און אַליין נישט געוווסט, וואָס ער רעדט. דעם פירשטס סעקרעטאַר און אַ

צווייטער באַאַמטער זענען צו אים צוגעגאַנגען און געפּרוּווט אים איינצושטילן: ער האָט זיי אָפּגעשטויסן; ער האָט געקלאַפּט, בעת זיין רעדן, מיט אַן אַש־בעכער אָן אַ טיש, אָן וועלכן ער איז געווען אָנגעשפּאַרט, ער האָט געהערט, ווי דער סעקרעטאַר זאָגט אים:

— הערט נאָר, לאָזט עס אָפּ, לאָזט עס אָפּ!..

און ער האָט געהערט, ווי ער שרייט ווערטער אָן אַ סוף און קלאַפּט מיטן אַש־בעכער אָן ראַנד פון טיש.

— אַרויס! — האָט דער גרויספּירשט געברילט אין העכסטן צאָרן. — אַרויס! אַרויס! איך וואַרף אייך אַרויס פון דאַנען!

די אָפּיצירן האָבן זיך דערנענטערט צום פּירשט און געפּרוּווט אים צו באַרויקן. דער גרויספּירשט האָט שיר נישט געקריגן קיין האַרץ־שלאָג, די אויגן זענען אים אַרויס פון קאָפּ, ער האָט געשריגן, מ'זאָל דעם אויסוואורף אַרויסוואַרפן הינטער דער טיר. קריסטאָף האָט נישט געוווסט, וואָס ס'טוט זיך מיט אים: ער איז גרייט געווען אויפצוהויבן זיין פויסט אויף גרויספּירשטס פּרצוף; נאָר אַ כאַאָס פון סתירותדיקע געפילן האָט געריסן פון אים שטיקער: די חרפּה, דער פּאַרדרוס, אַביסל שעמעוודיקייט, דער דייטשער לאָיאַליזם, דער טראַדיציאָנעלער דרך־ארץ און הכנעה פאַרן פּירשט. ער האָט געוואָלט רעדן און נישט געקאָנט; ער האָט געוואָלט טון עפּעס און נישט געקאָנט; ער האָט נישט געזען, ער האָט נישט געהערט: ער האָט זיך געלאָזט שטופּן — און איז אַרויס.

ער איז דורכגעגאַנגען צווישן אומבאַוועגלעכע דינער, וואָס זענען געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך צוגעהערט צום רעש. די דרייסיק טריט, וואָס ער האָט געדאַרפט מאַכן אין קאָרידאָר, האָבן ביי אים אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געדויערט אַ גאַנץ לעבן. דאָס פּאָדערהויז האָט זיך דערווייטערט, וואָס נענטער ער איז צוגעקומען צום אַרויסגאַנג. ער וועט קיינמאָל נישט אַרויסגיין!... דאָס ליכט פון דרויסן, וואָס ער האָט אונטן געזען, דורך דער טיר־שטוב, איז געווען פאַר אים אַן אמתע דערלייזונג. ער איז מיט ציטערנדיקע פיס אַראָפּ פון די טרעפּ; ער האָט פאַרגעסן, אַז ער גייט מיט אַ הוילן קאָפּ: דער אַלטער וועכטער האָט אים דערמאַנט, ער זאָל נעמען דעם הוט, ער האָט זיך געמוזט אָנטון אַ כּוח אַרויסצוגיין פון שלאָס, דורכצוגיין דעם גאַנצן הויף און אומצוקערן זיך אַהיים. ס'האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. ווען ער האָט געעפנט די טיר פון

שטוב, האָט זיך זיין מאַמע שטאַרק דערשראָקן, אַזוי שלעכט האָט ער אויסגעזען און געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. ער האָט זי אָפּגעשטויסן און נישט געוואָלט געבן קיין תשובה אויף די פראַגן. ער איז אַרויף צו זיך אין צימער, פאַרשפּאַרט זיך און געלייגט שלאָפן. ער האָט אַזוי געציטערט, אַז ער האָט קיין כּוח נישט געהאַט זיך אויסצוטון; ער האָט קוים געאָטעמט, און אַלע אבֿרים זענען געווען צעבראָכן... אַך! מער נישט זען, מער נישט פילן, אויפהערן צו טראָגן מיט זיך דעם דאָזיקן אומגליקלעכן גוף, אויפהערן צו ראַנגלען זיך קעגן דעם אומבאַקאַנטן לעבן, פאַלן, פאַלן אָן אָטעם, אָן געדאַנק, אויפהערן צו עקסיסטירן!.. — מיט אַ שרעקלעכער מאַטערניש האָט ער אַראָפּגעריסן פון זיך די קליידער און צעוואָרפן זיי אָן אָרדנונג אַרום זיך, דערנאָך האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אין בעט און פאַרטיפט זיך, פאַרזונקען אין אים, ביז איבער די אויגן. אַלץ אַרום איז שטיל געוואָרן אין צימער: מ'האָט נאָר געהערט, ווי דאָס אייזערנע בעטל סקריפּעט.

לואיזע האָט זיך צוגעהערט הינטער דער טיר; אומזיסט האָט זי געקלאַפּט און גערופן, ער האָט נישט געענטפערט; זי האָט געוואַרט מיט שטילער אַנגסט; דערנאָך איז זי אַוועק. איינס אָדער צוויי מאָל אין משך פונם טאָג איז זי געקומען הערן, און אין אָוונט, פאַרן שלאָף, נאָך איין מאָל. ס'איז אַריבער דער טאָג, אַריבער די נאַכט: די שטוב איז געווען שטום. קריסטאָף האָט געציטערט פון קדחת; פון צייט צו צייט האָט ער געוויינט: און אין מיטן דער נאַכט האָט ער זיך אויפגעהויבן, כּדי צו ווייזן דער וואַנט אַ פויסט. אַרום צוויי אַ זייגער פאַרטאָג איז ער, אין אַן אָנפאַל פון ווילדן צאָרן, אַראָפּ פאַרשוויצט און האַלב־נאַקעט פון בעט: ער האָט געוואָלט דערהרגענען דעם גרויספירשט. האַס און שנאה האָט אים אויפגעפרעסן; זיין גוף און זיין האַרץ האָבן זיך געקאָרטשעט אינם פלאַם. — אין דרויסן האָט מען נישט געהערט דעם מינדסטן גערויש פונם דאָזיקן שטורעם: קיין איין וואָרט נישט, קיין איין קלאַנג. מיט צונויפגעדריקטע ציין האָט ער אַלץ פאַרזיגלט אין זיך.

צומאָרגנס אין דער פרי איז ער, ווי שטענדיק, אַראָפּ אונטן. ער איז געווען אויס מענטש. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, און די מוטער האָט נישט געהאַט קיין העזה אים צו פרעגן: זי האָט שוין געוווּסט דאָס, וואָס האָט געטראָפן, פון די שכנות. אַ גאַנצן טאָג איז ער געבליבן זיצן אויפן שטול, אַרום דעם פייער, אין היץ, מיט אַ געבויגענעם רוקן, ווי אַן אַלטער מאַן; און ווען ער איז געבליבן אַליין, האָט ער שטילערהייט געוויינט.

פאַרנאַכט איז געקומען צו אים דער רעדאַקטאָר פונם סאָציאַליסטישן זשורנאַל. ער איז געווען, נאַטירלעך, באַהאַוונט אינם גאַנצן ענין און געוואָלט דערגיין די פּרטים. קריסטאָף, גערירט פון זיין באַזוך, האָט עס נאַיוו אויסגעטייטשט, אַלס אַן אויסדרוק פון סימפּאַטיע און אַנטשולדיקונג מצד די, וואָס האָבן אים קאָמפּראָמיטירט; מיט זיין גאַנצער אייגנליבע האָט ער פאַרבאַהאַלטן זיין געדריקטע שטימונג און גענומען אים דערציילן אַלץ, וואָס ס׳איז אים געלעגן אויפן האַרצן: ס׳איז געווען פאַר אים אַ דערלייכטערונג צו רעדן פריי מיט אייגעם, וואָס האָט פיינט די אונטערדריקונג, פונקט ווי ער. יענער האָט אים געצויגן פאַר דער צונג: ער האָט אין דער דאָזיקער געשעעניש געזען אַ גוטן עסק פאַר זיין צייטונג, אַ געלעגנהייט צו אַ סקאַנדאַליעזן אַרטיקל, און ער האָט געוואַרט, אַז קריסטאָף זאָל אים אויפגעבן די פּרטים אָדער אפילו אַליין אָנשרייבן דעם אַרטיקל; ווייל ער האָט זיך גערעכנט, אַז נאָך אַזאַ סקאַנדאַל, וועט דער הויף-מוזיקער, אין דינסט פאַר זייער „זאַך", אויסנוצן זיין זייער אָנגעזעענעם פּאָלעמישן טאַלענט, און אויך די אַלע געהיימע סודות פונם הויף-לעבן, וואָס זענען נאָך ווילכטיקער. אַזוי-ווי ער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין איבעריקער איידלקייט, האָט ער פאָרגעשטעלט די זאַך אַזוי-ווי זי איז, אָן קיין שום קונצן. קריסטאָף האָט אַ שפּרונג געטון פון אָרט: ער האָט דערקלערט, אַז ער וועט נישט שרייבן קיין איין וואָרט, און צוגעגעבן, אַז יעדער אָנגריף פון זיין זייט קעגן דעם גרויספירשט וועט איצט אויסגעטייטשט ווערן, ווי אַן אַקט פון פּערזענלעכער נקמה, און אַז איצט, בעת ער איז פריי, מוז ער זיך גיכער היטן, ווי דעמאָלט, ווען ער איז נישט געווען פריי; ס׳איז אים פּשוט אַ סכּנה צו זאָגן דאָס, וואָס ער טראַכט. דער זשורנאַליסט האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט אים אָפּ צו פאַרעפנטלעכן דעם ענין; ער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז קריסטאָף איז אַביסל באַגרענעצט און אין האַרצן איז ער

אַ קלעריקאַל; קודם־כּל האָט ער געטראַכט, אַז קריסטאָף האָט מורא. ער האָט געזאָגט:

— לאָזט אונדז טון: איך וועל עס אַליין אָנשרייבן. אייך גייט עס נישט אָן.

קריסטאָף האָט אים געבעטן, ער זאָל שווייגן; ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מיטל אים צו צווינגען. אגב האָט אים דער זשורנאַליסט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער ענין גייט אָן נישט נאָר אים אַליין: די באַליידיקונג איז נוגע דעם זשורנאַל, וואָס האָט דאָס רעכט זיך נוקם צו זיין. דערויף איז נישט געווען, וואָס צו ענטפערן; אַלץ, וואָס קריסטאָף האָט געקענט טון, איז געווען צו נעמען ביי אים אַ וואָרט, אַז ער וועט נישט אויסנוצן געוויסע זאַכן, וואָס ער האָט אים אָנפאַרטרויט ווי אַ פריינד, אָבער נישט ווי אַ זשורנאַליסט. יענער האָט אים לייכט געגעבן דאָס וואָרט. דאָך האָט זיך קריסטאָף נישט באַרויקט; ער האָט זיך צו שפּעט אָפּגעגעבן אַ חשבון פון זיין אומפאָרזיכטיקייט. — ווען ער איז געבליבן אַליין, האָט ער איבערגערעכנט אַלץ, וואָס ער האָט אים געזאָגט, און האָט אַ ציטער געטון. נישט קלערנדיק קיין איין ווילע, האָט ער אָנגעשריבן צום זשורנאַליסט, פאַרשווערנדיק אים נאָכאַמאָל, ער זאָל נישט איבערדערציילן דאָס, וואָס ער האָט אים אָנפאַרטרויט: (דער אומגליקלעכער קריסטאָף האָט אים אַליין טיילווייז איבערגעחזרט די גאַנצע מעשה אין בריוו).

צומאָרגנס, עפענענדיק מיט אַ היציקער אומגעדולדיקייט דעם זשורנאַל, האָט ער איבערגעלייענט די גאַנצע געשיכטע פון אָנהויב ביזן סוף, איבערגעגעבן אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג. אַלץ, וואָס ער האָט אין דעם פאָריקן אָוונט דערציילט, איז דאָ געוואָרן איבערדערציילט אין אַ גראָבן טאָן און מיט פיל גוזמא, אין דער ספּעציעלער ענדערונג, וואָס די געשיכטע האָט דורכגעמאַכט אינעם מוח פונם זשורנאַליסט. דער אַרטיקל האָט אָנגעגריפן און געשפּיגן קלעק אויפן גרויספירשט און זיין הויף. באַשטימטע פּרטים, וואָס נאָר איין קריסטאָף האָט זיי געוווסט, האָבן געלאָזט דרינגען, אַז ס'איז זיין אייגענע אַרבעט.

אָט דער נייער קלאַפּ האָט קריסטאָפן דערשלאָגן. וואָס ווייטער ער האָט געלייענט, איז אים אַלץ מער אַרויס אַ קאַלטער שווייס אויפן שטערן. ווען ער האָט געענדיקט לייענען, איז ער געבליבן זיצן, ווי משוגע. ער האָט געוואָלט לויפן אין דער רעדאַקציע: נאָר

זיין מאַמע האָט אים אָפּגעהאַלטן, זי האָט מורא געהאַט, און מיט רעכט, פֿאַר זיין האַסטיקער נאַטור. ער אַליין האָט אויך מורא געהאַט; ער האָט געפֿילט, אַז אויב ער וועט אַהין גיין, וועט ער ווידער אָפּטון אַ נאַרישקייט: און ער איז געבליבן אין שטוב, — כּדי צו באַגיין אַן אַנדער שטות. ער האָט אָנגעשריבן צום זשורנאַליסט אַן אויפֿגערעגטן בריוו, ווו ער האָט אים אין באַליידיקנדיקע ווערטער פֿאָרגעוואָרפֿן זיין האַנדלונג, דערקלערט, אַז דער אַרטיקל איז נישט זיינער און איבערגעריסן מיט דער פּאַרטיי. די דערקלערונג איז נישט דערשינען. קריסטאָף האָט נאָכאַמאָל אָנגעשריבן צו דער צייטונג, מ׳זאָל פֿאַרעפֿנטלעכן זיין בריוו. מ׳האָט אים דערויף צוגעשיקט אַ קאָפּיע פֿון זיין ערשטן בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין יענעם אָוונט פֿון זייער שמועס און וואָס איז געווען אַ באַשטעטיקונג פֿון די פֿאַקטן, וואָס די צייטונג האָט געדרוקט; מ׳האָט אים דערביי געפֿרעגט, צי דאַרפֿן זיי אויך דעם בריוו פֿאַרעפֿנטלעכן. ער האָט געפֿילט, אַז ער איז אין זייערע הענט. צו די צרות, האָט ער באַגעגנט אין גאַס דעם חוצפּהדיקן זשורנאַליסט; ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעדריקט אים זיין פֿאַראַכטונג. צומאָרגנס האָט דער זשורנאַל געדרוקט אַן אַרטיקל, פֿול מיט זלזולים, ווו ס׳איז געוואָרן דערציילט וועגן די הויף־משרתים, וואָס אפֿילו ווען זיי ווערן אַרויסגעוואָרפֿן הינטער דער טיר, בלייבן זיי נאָך אַלץ טרייע דינער און זענען נישט פֿעיק צו ווערן פֿריי. עטלעכע אָנצוהערענישן צו דער לעצטער געשעעניש האָבן נישט געלאָזט צווייפֿלען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן קריסטאָפֿן.

ווען ס׳איז געוואָרן פֿאַר אַלעמען קלאָר, אַז קריסטאָף האָט פֿאַרלוירן די לעצטע שטיצע, האָט זיך פּלוצלינג אַרויסבאַוויזן אַן ערבֿ־רבֿ פֿון שונאים, וואָס קריסטאָף האָט זיך אויף זיי קיינמאָל נישט געריכט. די אַלע, וואָס האָבן זיך געפֿילט באַליידיקט, דירעקט אָדער אומדירעקט, סיי דורך זיין פּערזענלעכער קריטיק, סיי דורך דעם, וואָס ער איז באַפֿאַלן זייערע מיינונגען און זייער געשמאַק, זענען אַרויס קעגן אים אין אַן אָפֿענעם קאַמף און גענומען זיך נוקם זיין

אין אים. דער גרויסער עולם, וועלכן קריסטאָף האָט געפּרוווט אויפ־צוטרייסלען פון דער אַפּאַטיע, האָט זיך מיט פאַרגעניגן צוגעקוקט צו דער גרויסער תּוכחה אויף דעם חוצפּהדיקן יונגנמאַן, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו רעפאָרמירן די עפנטלעכע מיינונג און צו שטערן די פיינע לייט זייער שלאָף. קריסטאָף האָט זיך געטרונקען, יעדער איינער האָט זיך באַמיט אַראָפּצושטויסן זיין קאָפּ אונטערן וואַסער.

זיי זענען אים באַפאַלן נישט אַלע צוזאַמען. תּחילת האָט איי־גער אָנגעהויבן, כּדי צו פּרוון דעם באָדן, ווען קריסטאָף האָט דע־רויף נישט געענטפערט, האָבן זיך די קלעפּ פאַרטאָפּלט. דעמאָלט האָבן זיך אַ לאָז געטון די איבעריקע. און דערנאָך — די גאַנצע כאָפּטע. אַנדערע זענען געקומען סתּם פון הנאה וועגן, ווי יונגע הינט, וואָס האָבן הנאה אָנצושמוצן אין אַ שיינעם אָרט; ס׳איז געווען אַ פליענדיקע מחנה פון נישט־באַהאַוונטע זשורנאַליסטן, וואָס האָבן קיין זאַך נישט געקענט און זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כּוחות, דער עולם זאָל אָן דעם פאַרגעסן. דורך דעם, וואָס זיי האָבן גע־טיילט שבחים דעם באַזיגער און געוואָרפן באַליידיקונגען דעם באַ־זיגטן. די איבעריקע האָבן אַרויסגעשלעפּט די גאַנצע משא פון זיי־ערע פּרינציפּן; ווו זיי זענען דורכגעגאַנגען, האָבן זיי איבערגעלאָזט חורבות: ס׳איז געווען די גרויסע קריטיק, — די קריטיק, וואָס פאַר־ניכטעט.

צו זיין גליק, האָט קריסטאָף נישט געלייענט די צייטונגען, עטלעכע טרייע פריינד האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב אַריינצושיקן אים די צייטונגען, וואָס האָבן פאַרעפנטלעכט די ווייטיקלעכסטע אַר־טיקלען. נאָר ער האָט זיי געלאָזט ליגן אויפן טיש און אפילו נישט בדעה געהאַט זיי צו עפענען; נאָר לסוף איז זיין בליק געפאַלן אויף אַ גרויסן רויטן שטריך, וואָס האָט אַרומגעפּאַסט אַן אַרטיקל: ער האָט איבערגעלייענט, אַז זיינע „לידער" זענען ענלעך צום ברום פון אַ ווילדער חיה, אַז זיינע סימפאָניעס זעען אויס, ווי זיי וואָלטן אַרויס פון אַ משוגעים־הויז, זיין קונסט איז היסטעריש, אַז זיינע האַרמאָני־שע ספּאַזמען ווילן פאַרדעקן די טרוקנקייט פון זיין האַרץ און די נישטיקייט פון זיין געדאַנק. דער קריטיקער, זייער אַ באַוווסטער, האָט געענדיקט מיט די ווערטער:

„הער קראַפט האָט נישט לאַנג געגעבן, אַלס רעפאָרטער. עט־לעכע דערשטוינלעכע מוסטערן פון זיין סטיל און געשמאַק, וואָס

האָבן אַרויסגערופן אין די מוזיקאַלישע קרייזן אַ שטאַרקע פריילעכקייט. מ׳האָט אים דעמאָלט געגעבן אַ פריינדלעכע עצה, ער זאָל זיך בעסער אָפּגעבן מיט זיינע קאָמפּאָזיציעס. די לעצטע פּראָדוקציעס פון זיין מוזע האָבן באַוויזן, אַז די עצה, וואָס האָט געהאַט אַ גוטע כוונה, איז געווען אַ שלעכטע. ה׳ קראַפּט דאַרף זיך בלי־ספק איבערגעבן דעם רעפּאָרטאַזש.״

נאָכן איבערלייענען דאָס אַלץ, וואָס האָט אַ גאַנצן פרימאָרגן געשטערט קריסטאָפן צו אַרבעטן, האָט ער זיך, נאַטירלעך, גענומען צו די איבעריקע פריינטלעכע צייטונגען, כדי זיך נאָך מער צו דערדריקן. אָבער לואיזע, וואָס האָט געהאַט אַ טבע אויפצוראָמען די זאַכן, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט, מיטן אויסרייד, אַז „זי מאַכט אָרדנונג״, האָט זיי שוין געהאַט פאַרברענט. פון אָנהויב האָט ער זיך געבייזערט, נאָר דערנאָך איז אים לייכטער געוואָרן; ער האָט דערלאַנגט דער מאַמען דעם לעצטן פאַרבליבענעם זשורנאַל און געזאָגט, זי זאָל טון מיט אים דאָס, וואָס זי האָט געטון מיט די איבעריקע.

אַנדערע אָנפאַלן זענען געווען נאָך ווייטיקלעכער. אַ קוואַרטעט, וואָס ער האָט אין כתב־יד געהאַט אָפּגעשיקט צו אַ באַקאַנטער געזעלשאַפט אין פראַנקפורט, איז, מיט דער איינשטימיקער הסכמה, און אָן שום דערקלערונגען, אומגעקערט געוואָרן. אַן אוווערטיור, וואָס אַן אָרקעסטער אין קעלן האָט געזאָלט שפּילן, איז אים געוואָרן אָפּגעשיקט צוריק, נאָך אַ חודש וואַרטן, אַלס אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך נישט אויפפירן. די ערגסטע אַנטוישונג האָט ער געליטן פון דער שטאָטישער אָרקעסטער-געזעלשאַפט. דער קאַפּעלמייסטער, ה. אייפּראַט איז געווען אַ גאַנץ גוטער מוזיקער: נאָר ווי ס׳רוב אָרקעסטער־דיריגענטן, האָט ער נישט פאַרמאָגט קיין ביסל שאַרפזין; ער האָט געליטן — (ער האָט עס אַפילו געהאַלטן פאַר אַ מעלה) — אויף דער ספּעציעלער פוילקייט פון זיין געזעלשאַפט, וואָס האָט אָן אויפהער מעלה־גרה געווען די שוין־באַקאַנטע ווערק און איז אַנטלאָפן, ווי פאַר פייער, פון יעדן באמת־נייעם ווערק. ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו אָרגאַניזירן בעטהאָווענס, מאָצאַרטס אָדער שומאַנס קאָנצערטן: אין די דאָזיקע ווערק האָט מען זיך נאָר באַדאַרפט לאָזן מיטן שטראָם פון היימישע ריטמען. דערפאַר האָט ער נישט געקאָנט סובל זיין די מוזיק פון זיין צייט. ער האָט קיין מוט נישט געהאַט

זיך מודה צו זיין, הגם ער האָט כלומרשט פריינדלעך אויפגענומען
אַלע יונגע טאַלאַנטן: באמת, ווען מ׳פלעגט אים ברענגען אַ ווערק,
געבויט אויף די אַלטע מייסטער, — אַ מין נאָכמאַכונג פון ווערק,
וואָס זענען געווען ביי מיט פופציק יאָר צוריק, — פלעגט ער עס
זייער פריינדלעך אויפנעמען; ער פלעגט זיך אַפילו באַמיען באַליבט
צו מאַכן עס ביים עולם. דאָס האָט נישט געענדערט נישט דעם אַרט
פון זיינע עפעקטן, נישט דעם סדר, לויט וועלכן דער עולם איז גע־
וווינט געווען זיך צו באַגייסטערן. דערפאַר האָט ער געפילט אַ גע־
מיש פון פאַראַכטונג און האַס צו אַלץ, וואָס האָט געדראָט צו ענ־
דערן די שיינע אָרדנונג און ברענגען אים צו נייער מאַטערניש.
אויב דער נייער מייסטער האָט נישט געהאַט קיין אויסזיכטן אַרויס־
צוגיין פון שאָטן, איז געווען שטאַרקער די פאַראַכטונג. אויב ס׳איז
געווען אַ געפאַר, אים זאָל עס יאָ געלינגען, איז געווען שטאַרקער
די שנאה, — ביזן מאָמענט, נאַטירלעך, ווען עס פלעגט זיך יענעם
איינגעבן באַרימט צו ווערן..

קריסטאָף איז נאָך געווען גאַנץ ווייט דערפון: ס׳האָט אים נאָך
געפעלט אַ סך צו זיין אַ באַרימטער מוזיקער. דעריבער איז זיין
דערשטוינונג געווען אַזוי גרויס, ווען ער האָט זיך דורך אַ זייטיקער
ידיעה דערוווּסט, אַז הער ה. אייפראַט וויל שפּילן איינע פון זיינע
זאַכן. ער האָט זיך דערויף לחלוטין נישט געריכט, ווייל דער קאַ־
פעלמייסטער איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון בראַהמסן און פון
עטלעכע אַנדערע מוזיקער, וועלכע ער איז באַפאַלן אין זיין קריטיק.
אַזוי־ווי ער איז געווען אַ ווױלער יונגערמאַן, האָט ער געמיינט, אַז
זיינע קעגנער פאַרמאָגן די זעלבע אייגענע געפילן, וואָס ער. ער
האָט זיך משער געווען, אַז זיי האָבן געזען זיין דערשלאָגנקייט און
געוואָלט אים באַווייזן, אז זיי שטייען איבער דער קליינלעכקייט
פון דער געזעלשאַפט: ער איז געווען גערירט. ער האָט אנגעשריבן
אַ באַגייסטערטן בריוו צו ה. אייפראַטן און צוגעשיקט אים אַ סימ־
פאָנישע פּאָעמע. יענער האט אים דורך זיין סעקרעטאַר געענטפערט
אַ קאַלטן, אָבער העפלעכן בריוו, אז ער האָט דערהאלטן זיין ווערק,
און צוגעגעבן, אז לויט די כּללים פון דער געזעלשאַפט, מוז די
סימפאָניע פריער געפרווּט ווערן אויף אַ רעפּעטיציע פונם אָרקע־
סטער, איידער זי וועט ווערן געשפּילט פארןברייטן עולם. אַ כּלל
איז א כּלל. קריסטאָף האָט דערצו גארנישט געקאָנט העלפן. דאס

איז געווען אַ ריינע פאָרמאַליטעט, וואָס האָט פאַרלייכטערט אויסצומיידן אַמאַטאָרישע שאַפונגען, וועלכע האָבן אָפטמאָל אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט.

אַ צוויי-דריי וואָכן שפעטער, האָט קריסטאָף דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז זיין ווערק וועט ווערן רעפעטירט. לויטן געזעץ פלעגן די רעפעטיציעס פאָרקומען ביי פאַרמאַכטע טירן, און אפילו דער מחבר האָט נישט געטאָרט זיין דערביי. נאָר די אַלגעמיינע טאָלעראַנץ האָט דערלויבט דעם מחבר בייצוזיין, בתנאי, ער זאָל זיך נישט באַווייזן פאַרן עולם. יעדער האָט עס געוווסט, נאָר מ'האָט זיך געמאַכט נישט-וויסנדיק, אינם באַשטימטן טאָג איז אַ פריינד געקומען צו קריסטאָפן אים מיטגענומען און אַריינגעפירט אים אין זאַל, ווו ער האָט פאַרנומען אַ פלאַץ טיף אין אַ לאָזשע. ער איז געווען פאַרחידושט צו זען, אַז אויף דער דאָזיקער פאַרשלאָסענער פאָרשטעלונג איז דער זאַל — לפחות די אונטערשטע ערטער — געווען כמעט פול געפאַקט: אַ המון דילעטאַנטן, ליידיקגייער און קריטיקער האָבן זיך אַרומגעדרייט און אָנגעמאַכט אַ טומל. דער אָרקעסטער האָט כלומרשט נישט באַמערקט זייער געגנוואַרט.

מ'האָט אָנגעהויבן מיט דער „ראַפסאָדיע” פון בראַהמס פאַר אַלט-שטימען, מענער-כאָר און אָרקעסטער; אַ פראַגמענט פון געטהעס „האַרץ-רייזע אין ווינטער”. קריסטאָף, וואָס האָט שטאַרק פיינט געהאַט די מאַיעסטעטישע סענטימענטאַלקייט פונם דאָזיקן ווערק, האָט געזאָגט צו זיך, אַז דאָס איז אפשר מצד די „בראַהמינער” אַ מין ביטערע שפיצל זיך נוקם צו זיין אָן אים, דערמיט, וואָס מ'צווינגט אים אויסצוהערן אַ קאָמפאָזיציע, וואָס ער האָט אָן רחמנות קריטיקירט. דער איינפאַל האָט אים געבערענגט צו אַ שמייכל, און זיין גוטע שטימונג האָט זיך דערהויבן, ווען נאָך דער „ראַפסאָדיע” זענען געשפילט געוואָרן צוויי אַנדערע פראָדוקציעס פון באַקאַנטע מוזיקער, וואָס ער האָט אַרונטערגעריסן: די אָנצוהערעניש איז געווען אַ קלאָרע. ער האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן זיינע גרימאַסן און געטראַכט, אַז נאָך אַלעמען איז עס אַן אָפענע מלחמה; מילא, אויב נישט קיין מוזיק, איז עס געווען לפחות אַ פריילעכער פאַרס. ער האָט אפילו מיט הנאה אַפלאָדירט צוזאַמען מיטן עולם, וואָס האָט געמאַכט בראַהמסן און זיינע אָנהענגער אַ באַגייסטערטע מאַניפעסטאַציע.

לסוף איז געקומען די ריי פון קריסטאָפס סימפאָניע. עטלעכע

בליקן פונעם אָרקעסטער און עולם האָבן אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מ'האָט אים באַמערקט. ער האָט זיך באַהאַלטן. ער האָט געוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, פּונקט ווי יעדער מוזיקער אינם מאָמענט, ווען דאָס שטעקעלע הויבט זיך אויף, און דער שטראָם פון מוזיק דערהויבט זיך אין דער שטילקייט, גרייט צו צעברעכן די צוימען. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט זיינע ווערק שפּילן אין אָרקעסטער. ווי וועלן זיינע טרוימען אויסזען אין דער ווירקלעכקייט? ווי וועט קלינגען זייער שטים? ער האָט געפּילט, ווי זיי ברומען אין זיין האַרצן; און געבויגן איבערן תהום פון קלאַנגען, האָט ער מיט אַ ציטער געוואַרט, וואָס פון דאָרט וועט אַרויסשווימען.

דאָס, וואָס האָט אַרויסגעטויכט, איז געווען אַ זאַך אָן אַ נאָמען, אַ געשטאַלטלאָזע פאַרזעעניש. אָנשטאָט די שטאַרקע זיילן, וואָס האָבן געדאַרפט אונטערהאַלטן די גאַנצע געביידע, זענען די אַקאָרדן געפאַלן איינער איבערן אַנדערן, ווי צעפאַלנדיקע חורבות; מ'האָט געקאָנט אונטערשיידן בלויז דעם שטויב פון די חרובע ווענט. קריסטאָף האָט לאַנג געצווייפּלט, צי שפּילט מען עס זיין ווערק. ער האָט געזוכט די ליניע, דעם געדאַנקען-ריטם: ער האָט אים נישט דערקענט; די ליניע איז נעגאַנגען, מיט וואַקלענדיקע טריט, ווי אַ שיכור, וואָס כאַפּט זיך אָן די ווענט; ער האָט זיך געפּילט צעבראָכן פון חרפּה, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט געווען אין דעם דאָזיקן מצב. אומזיסט האָט ער זיך אַליין געטרייסט, אַז נישט דאָס האָט ער געשריבן: ווען אַ נאַרישער אויספּירער דרייט איבער זיינע ווערטער, לעבט מען איבער אַ רגע פון ספק, מ'פרעגט ביי זיך אַליין מיט צער, צי איז מען נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דאָזיקער נאַרישקייט. דעם עולם גייט עס קיינמאָל נישט אָן: ער גלויבט דעם אויספּירער, די זינגער, דעם אָרקעסטער, וועלכן ער איז געוווינט צו געהאָרכן, פּונקט ווי ער גלויבט זיין צייטונג: זיי קאָנען זיך נישט טועה זיין; אויב זיי זאָגן שטותעריי, איז דער מחבר נאַריש. בפרט, ווען ביי דער געלעגנהייט זענען זיי דווקא געוווינט צו גלויבן אין דעם. — קריסטאָף האָט געפּרווט זיך איינרעדן, אַז דער קאַפּעלמייסטער גיט זיך אָפּ אַ חשבון פונעם מיש-מאַש, און אַז ער וועט באַלד אָפּשטעלן דעם אָרקעסטער און אָנהויבן פונדאָסניי. די אינסטרומענטן האָבן אפילו נישט געשפּילט צוזאַמען. דער האַרפּיסט האָט פאַרפעלט אינמיטן און אָנגעהויבן מיט אַ טאַקט שפּעטער; ער האָט געשפּילט עטלעכע מינוט, דערנאָך איז ער

געבליבן שטיין, כדי אויסצורייניקן זיין אינסטרומענט. כאַראַקטעריס־טישע שטריכן פון די האָבאָיען זענען אינגאַנצן פאַרשלונגען געוואָרן אינם טומל. ס׳איז געווען אוממעגלעך פאַר אַ געאיבטן אויער צו געפינען דעם עיקר פונם מוזיקאַלישן געדאַנק, אפילו זיך פאָרצו־שטעלן, אַז אין אָט דער מוזיק איז בכלל דאָ וועלכער־עס־איז גע־דאַנק. די משונהדיקע האַוואַיעס פון די אינסטרומענטן, די קאָמישע שפרונגען זענען געוואָרן פשוט לעכערלעך אַ דאַנק דער מגושמדי־קייט פון דער אויספירונג. ס׳איז געווען נאַריש ביז צום וויינען, ס׳איז געווען אַ ווערק פון אַ אידיאָט, אַ שפּאַסן־טרייבער, וואָס האָט קיין שום באַגריף נישט וועגן מוזיק: קריסטאָף האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. ער האָט געוואָלט איבעררייסן, נאָר דער פריינד, וואָס איז מיט אים געזעסן, האָט אים אָפּגעהאַלטן, פאַרזיכערנדיק, אַז דער „הער קאַפּעלמייסטער” באַמערקט אַליין זייער גוט די פעלערן פון דער אויספירונג און ועט זיי פאַרריכטן, — אַז קריסטאָף דאַרף זיך, אגב, נישט באַווייזן פאַרן עולם און אַז זיינע אַ באמערקונג וועט מאַכן דעם ערגסטן איינדרוק. קריסטאָף האָט נאָכגעגעבן, נאָר גע־קלאַפּט זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ; און יעדע נייע אומגעלומפּערט־קייט האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ געכאָרכל פון אויפרעגונג און יסורים.

— אומגליקלעכע! אומגליקלעכע!.. — האָט ער געקרעכצט, און געביסן זיך די הענט, נישט אַרויסצושרייען.

איצט איז דערגאַנגען צו אים, צוזאַמען מיט די פאַלשע טע־נער, דער ברום פון עולם, וואָס האָט זיך גענומען באַוועגן. פון אָנ־הויב אָן איז עס געווען אַ לייכטער געמורמל; נאָר באַלד האָט קרי־סטאָף אויפגעהערט צו צווייפלען: זיי האָבן געלאַכט. די אָרקעסטער־שפּילער האָבן געגעבן דעם סיגנאַל; אַנדערע האָבן נישט באַהאַלטן זייער פריילעכקייט. דער עולם, זייענדיק זיכער, אַז דאָס ווערק איז לעכערלעך, האָט זיך געקייקלט פון געלעכטער. די פרייד האָט אַלעמען אָנגעשטעקט; זי האָט זיך פאַרשטאַרקט אַ דאַנק אַ ריטמישן מאָטיוו, וואָס האָט זיך כסדר איבערגעחזרט, און וואָס דער קאָנטרע־באַס האָט אים באַטאָנט אויף אַ לעכערלעכן שטייגער. נאָר דער קאַפּעלמייסטער איז געבליבן אומבאַוועגלעך און האָט ווייטער גע־געבן דעם טאַקט, צווישן דעם טומל.

לסוף האָט מען געענדיקט: — (די בעסטע זאַכן ענדיקן זיך).—

דאָס וואָרט האָט געהאַט דער עולם. ער האָט געשריען. ס'איז געווען אַן אויסברוך פון פריילעכקייט, וואָס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט. אַנדערע האָבן געפייפט, אַנדערע איראָניש אַפּלאָדירט: די וויציקסטע האָבן געשריען: ביס! אַ באַס־שטים, וואָס איז געקומען טיף פון דער פּאָדער־בינע, האָט גענומען נאָכמאַכן דעם קאָמישן מאָטיוו. אַנדערע קאָ־טאָוועס־טרייבער האָבן זיך אָנגעשטעקט און אויך גענומען נאָכמאַכן די מוזיק. עמעצער האָט אַ געשריי געטון: „דער מחבר"! — שוין לאַנג האָבן זיך די וויצלינגען אַזוי גוט נישט געווילט.

נאָכן טומל איז געוואָרן אַביסל רויקער. דער קאַפּעלמייסטער, אומבאַוועגלעך און געווענדט מיט דריי־פערטל פּנים צום פּובליקום, (ער האָט זיך אַלץ געמאַכט, אַז ער באַמערקט נישט דעם עולם, פּונקט ווי עס וואָלט נישט עקזיסטירט), האָט געגעבן אַ צייכן דעם אָרקעס־טער, אַז ער וויל עפּעס זאָגן. מ'האָט געשריען: „שאַ"! און אַלע זע־נען שטיל געוואָרן. ער האָט נאָך אַ ווײַלע געוואַרט; דערנאָך (זיין שטים אוז געווען קלאָר, קאַלט און דורכדרינגלעך) האָט ער זיך אָנ־גערופן:

— מיינע הערן, איך וואָלט זיכער נישט געלאָזט שפּילן „די זאַך" ביזן סוף, ווען נישט דער ווילן צו באַקענען אייך מיט די ווערק פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך לוסטיק געמאַכט איבערן מייסטער בראַהמס.

ער האָט עס געזאָגט און אַריבערשפּרינגענדיק די בינע, איז ער אַרויס ביי אָוואַציעס פונם פריילעכן עולם. מ'האָט אים גערופן, ער זאָל ווידער דערשיינען; די געשרייען האָבן זיך געצויגן אַ מינוט אָדער צוויי. נאָר ער איז נישט צוריקגעקומען. דער אָרקעסטער איז אַוועק. דער עולם האָט לסוף אויך געפּועלט ביי זיך אַרויסצוגיין. דער קאָנ־צערט איז געווען געענדיקט.

ס'איז געווען אַ ווילער טאָג.

קריסטאָף איז אַרויסגעגאַנגען, ווי־נאָר ער האָט דערזען דעם נע־בעכדיקן אָרקעסטער־שעף, וואָס האָט פאַרלאָזן זיין שטענדער, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון דער לאָזשע, גיך אַראָפּ דורך די טרעפּ פון

ערשטן שטאָק און געוואָלט אָניאָגן און צעפּאַטשן דעם קאַפּעלמייסטער. דער פריינד, וואָס האָט אים באַגלייט, איז מיט אים מיטגעלאָפן און געפּרוווט אים פאַרהאַלטן; קריסטאָף אָבער האָט אים אָפּגעשטופּט און כמעט אים אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ. (ער האָט געהאַט אַ גרונט צו גלויבן, אַז דער דאָזיקער פאַרשוין איז פאַרמישט אין זיין מפלה). צו ה. אייפאַרטס און צו זיין אייגענעם גליק איז די טיר, וואָס האָט געפירט אויף דער בינע, געווען פאַרשפּאַרט, און זיינע קלעפּ מיט דער פויסט האָבן זי בשום-אופן נישט געקאָנט אויפמאַכן. דערווייל האָט דער עולם אָנגעהויבן אַרויסגיין פון זאַל. קריסטאָף האָט נישט געקאָנט דאָרט בלייבן. ער איז אַנטלאָפן.

ער איז געווען אין אַ צושטאַנד, וואָס לאָזט זיך נישט באַשרייבן. ער איז געגאַנגען, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן, געמאַכט מיט די הענט, געדרייט מיט די אויגן און גערעדט אויפן קול, ווי אַ משוגענער; ער האָט געשריען פון כעס און אויפרעגונג. די גאַס איז געווען כמעט פוסט. דער קאָנצערט-זאַל מיט אַ יאר פריער געבויט, אין אַ נייער שטאָט-טייל, אַביסל הינטערן שטאָט; און קריסטאָף, געטריבן אינסטינקטיוו, איז אַרויסגעלאָפן אין די פעלדער, דורך אַ פּוסט לאַנד, ווו עס זענען געשטאַנען ליידיקע באַראַקן און עטלעכע נישט-פאַרענדיקטע הייזער, אַרומגעצוימט מיט אַ פּלויט פון ברעטער. ער האָט געטראַכט וועגן מאָרד, געוואָלט הרגענען דעם מענטשן, וואָס האָט אים געמאַכט אַזעלכע בזיונות... אוי! און ווען ער זאָל אים שוין הרגענען, וואָלט זיך דען געענדערט די הייטערקייט פון די מענטשן, וואָס זייערע אומנערעכטע געלעכטערס האָבן אים נאָך געקלונגען אין די אויערן? זיי זענען געווען צו פיל, ער האָט איינער אַליין גאָרנישט געקאָנט אויפטון קעגן זיי; זיי, וואָס האָבן זיך אונטערגעשיידט צווישן זיך אין אַזוי פיל זאַכן, האָבן זיך דאָך אַלע צוזאַמענגערעדט און שלום געמאַכט, כדי אים צו באַליידיקן און דערנידעריקן. ס'איז געווען מער, ווי אַ מיספאַרשטייעניש: אין דעם איז געווען שנאה. וואָס האָט ער זיי אַזוינס געטון? ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך שיינע זאַכן, זאַכן, וואָס וואָלטן דערפרייט דאָס האַרץ; ער האָט זיי עס געוואָלט זאָגן, דערפרייען די איבעריקע מענטשן; ער האָט געגלויבט, אַז זיי וואָלטן געווען אַזוי גליקלעך, ווי ער. אויב ס'איז זיי אפילו נישט געפעלן געוואָרן, האָבן זיי אים באַדאַרפט לפּחות דאַנקבאַר זיין פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט; זיי האָבן געקאָנט, למשל, ווייזן אים פריינדלעך, אַז ער

האָט זיך טועה געווען; אָבער די דאָזיקע רשעותדיקע פרייד, מיט וועלכער זיי האָבן איבערגעדרייט און אויסגעלאַכט זיינע געדאַנקען, און געטראַטן אים מיט די פיס, דערהרגעט מיט זייער געלעכטער, — ווי אַזוי איז עס מעגלעך? אין זיין אויפרעגונג האָט ער נאָך איבער־געטריבן זייער האַס; ער האָט זיך באַצויגן ערנסט דערצו, וואָס די דורכשניטלעכע ברואים זענען עס נישט מסוגל צו פאַרשטיין. ער האָט געכליפּעט: „וואָס האָב איך זיי אַזוינס געטון?" ער האָט זיך גע־שטיקט, געפילט, אַז ער איז פאַרלוירן, ווי אין די קינדער־יאָרן, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערקענט די מענטשלעכע רשעות.

און אַזוי־ווי ער האָט געקוקט גלייך פאר זיך, האָט ער באַ־מערקט אונטער זיינע פיס דעם ברעג פונם מיל־טייכל. און דעם אָרט, וווּ זיין טאַטע האָט זיך מיט עטלעכע יאָר צוריק דערטרונקען. און פלוצלונג האָט ער באשלאָסן זיך אויך צו טרינקען. ער האָט גלייך געוואלט אַריינשפּרינגען.

אָבער ווען ער האָט זיך איבערגעבויגן איבערן ברעג, צוגע־צויגן מיט דער רויקייט און לויטערקייט פונם וואַסער, האָט אַ קליין פייגעלע גענומען זינגען אויף אַ נאָענטן בוים — זינגען אָן אויפהער. ער איז שטיל געוואָרן, כּדי צו הערן. דאָס וואַסער האָט געמורמלט. מ׳האָט געהערט דעם שאָרך פון דער בליענדיקער תּבואה, וואָס האט זיך געכוואליעט אונטער די לייכטע גלעטן פון ווינט; די דעמבעס האָבן געציטערט. הינטער אַ פּלויט אויף דעם וועג, אין אַ גאָרטן, האָבן בינשטאָקן אָנגעפילט די לופט מיט זייער שמעקעדיקער מוזיק. אויף יענער זייט טייכל האָט געחלומט אַ קו מיט שיינע, אַכאַט־גע־זוימטע אויגן, אַ בלאָנד מיידל איז געזעסן אויפן ראַנד פון פּלויט מיט אַ לייכטן קויש אויף די אַקסלען, ווי אַ מלאכל מיט פליגל, און אויך געטרוימט, שאָקלענדיק די באָרוועסע פיסלעך און זינגענדיק בעת מעשה אַ ניגון אָן אַ שום זין. ווייט, אויף דער לאָנקע, איז אַרומגעלאָפן אין קרייזן אַ ווייסער הונט. קריסטאָף האָט זיך צוגע־הערט, אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, געקוקט אויף דער פרילינגדיקער ערד; ס׳האָט אים אַרומגענומען די שלווה און פרייד פון די באַשע־פעניש: ער האָט פאַרגעסן, פאַרגעסן... פלוצלונג האָט ער אַרומגענו־מען מיט די הענט דעם שיינעם בוים, אָן וועלכן ער האט געהאַלטן אנגעשפּאַרט זיין באַק. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף דר׳ערד, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין גראָז, און נערוועיש געלאַכט, געלאַכט

פון גליק, די גאַנצע שיינקייט, דער חן, דער צויבער פון לעבן האָט אים אַרומגענומען, איינגעזאַפּט זיך אין אים, דורכגעדרונגען אים, ווי אַ שוואָם.

ער האָט געטראַכט:

— פאַרוואָס ביסטו [illegible] שיין, און זיי — די מענטשן — אַזוי מיאוס?

נישט וויכטיק! ער האָט זי ליב געהאַט, ער האָט געפילט, אַז ער וועט זי שטענדיק ליב האָבן, אַז קיין זאַך וועט זי ביי אים נישט צונעמען. ער האָט אַרומגענומען פאַרשיכורט די ערד. ער האָט אַרומגענומען דאָס לעבן.

— כ'האָב דיך! ביסט מיינע. זיי וועלן דיך נישט צונעמען ביי מיר. זאָלן זיי טון, וואָס זיי ווילן! זאָלן זיי מיר אָנטון יסורים!... ליידן — איז נאָך אַלץ לעבן!

קריסטאָף האָט זיך גענומען מוטיק צו דער אַרבעט. ער האָט נישט געוואָלט מער האָבן צו טון מיט די באַרימטע „שרייבער", פראַזעאָלאָגן, אומפּרוכטבאַרע פּלאַפּלער, זשורנאַליסטן, קריטיקער און קונסט-מעקלער. וואָס שייך די מוזיקער, האָט ער מער נישט פאַרלוירן זיין צייט צו באַקעמפן זייערע פּאָראורטיילן און קנאָה. זיי ווילן אים נישט? — גוט! ער וויל זיי אויך נישט. ער האָט זיין שאַפונג: דאָ וועט ער אַרבעטן. דער פירשטלעכער הויף האָט אים אומגעקערט זיין פרייהייט: ער איז אים געווען דאַנקבאַר. ער איז געווען דאַנקבאַר די מענטשן פאַר זייער שנאה: ער האָט זיך גענומען רויק צו דער אַרבעט.

לואיזע האָט דערויף מסכּים געווען מיטן גאַנצן האַרצן. זי האָט נישט פאַרמאָגט קיין שום אַמביציע: זי איז נישט געווען פון דער משפחה קראַפט; זי איז נישט געווען ענלעך נישט צום טאַטן, נישט צום זיידן. זי האָט נישט פאַרלאַנגט קיין כבוד און רום פאַר איר זון. אוודאי, ווען ער איז רייך און באַרימט, וואָלט זי זיך זייער געפרייט; נאָר אויב די דערגרייכונגען האָבן געדאַרפט קומען פאַרן פרייז פון אַזוי פיל צרות, האָט זי בעסער געוואָלט פטור ווערן

דערפון. זי האָט מער געליטן פון קריסטאָפס עגמת-נפש נאָך דעם סכסוך מיטן שלאָס, ווי פון דער געשעעניש גופא; אין האַרצן איז זי געווען גליקלעך, וואָס ער האָט איבערגעריסן מיט די ציַיטונג-מענטשן און זשורנאַלן. זי האָט געהאַט אַ פויערשן אומצוטרוי צו די קליינע אותיות: ס'איז ביי איר אויסגעקומען, אַז מ'פאַרלירט און מ'שלעפּט אָן אויף זיך נאָר עגמת-נפש. זי האָט אָפטמאָל געהערט, ווי קריסטאָף שמועסט מיט די יונגעלייט פון דער צייטונג, ווו ער האָט געאַרבעט: זי איז געווען דערשלאָגן פון זייער רשעות; זיי האָבן אויף אַלץ גאַנץ רויק געשפּיגן קלעק, זיי האָבן נאָר פאַרשוואַרצט אַנדערע; און וואָס מער זיי האָבן גערעדט, אַלץ צופרידענער זענען זיי געווען. זי האָט זיי נישט ליב געהאַט. זיי זענען געווען בלי ספק זייער קלוג און זייער געבילדעט, אָבער זיי זענען נישט געווען קיין גוטע. זי האָט זיך דעריבער געפרייט, וואָס קריסטאָף זעט זיך מער נישט מיט זיי. זי האָט זיך עקשנותדיק געטראַכט: וואָס דאַרף ער זיי?

— זיי מעגן רעדן, שרייבן און טראַכטן וועגן ... וואָס זייער האַרץ גלוסט, — פלעגט קריסטאָף זאָגן — זיי קענען מיר נישט שטערן צו בלייבן איך. זייער קונסט, זייערע געדאַנקען, וואָס גייט עס מיך אָן? איך לייקן זיי אָפּ!

ס'איז זייער שיין צו פאַרלייקענען די וועלט. אָבער די וועלט לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט פאַרלייקענען פון אַ יונגנמאַנס גאווה. קריסטאָף איז געווען אויפריכטיק, נאָר ער האָט זיך גענאַרט, ער האָט זיך נישט געקענט. ער איז נישט געווען קיין נזיר, ער האָט פאַרמאָגט אַ טעמפּעראַמענט, וואָס האָט אים נישט געלאָזט אָפּזונדערן זיך פון דער וועלט; בפרט אין אַזאַ יונגן עלטער. די ערשטע צייטן האָט ער דערפון לגמרי נישט געליטן: ער איז געווען פאַרטון מיט זיין קאָמפּאָזיציע, און כל־זמן די אַרבעט האָט געדויערט, האָט אים קיין זאַך נישט געפעלט. נאָר ווען ער איז דערגאַנגען ביזן מצב פון דערדריקונג, וואָס קומט שטענדיק נאָכן פאַרענדיקן אַ ווערק און וואָס דויערט אַזוי לאַנג, ביז אַ ניי ווערק הויבט אָן אויפצוואַכן אין גייסט, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך און איז פאַרגליווערט געוואָרן

פון זיין איינזאַמקייט. ער האָט געפרעגט ביי זיך, וואָס ער שרייבט. בעת מ׳שרייבט, איז די פראַגע נישטאָ: מ׳דאַרף שרייבן, אָן שום וויכּוחים. דערנאָך דערפילט מען נעבן זיך דאָס געבוירענע ווערק; דער מעכטיקער אינסטינקט, וואָס טרייבט צו שאַפן, ווערט אַנטשוויגן: מ׳הערט אויף צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דאָס ווערק איז באַשאַפן געוואָרן; קוים וואָס מ׳דערקענט אין אים זיך אַליין, עס איז כמעט איינגאַנצן פרעמד, מ׳וויל עס פאַרגעסן, און דאָס איז אוממעגלעך, כּל-זמן דאָס ווערק איז נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אָדער געשפּילט, כּל-זמן עס לעבט נישט זיין אייגן לעבן אויף דער וועלט. ביז דעמאָלט איז דער ניי-געבוירענער צוגעבונדן צו דער מאַמען, ווי אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס איז צונויפגעוואַקסן מיט אַ לעבעדיקן קערפּער: מ׳מוז עס פאַר יעדן פּרייז אָפּשניידן פון זיך, כּדי ווייטער צו לעבן. וואָס מער קריסטאָף האָט געשאַפן, אַלץ מער האָט אים געדריקט די משא פון די באַשעפעניש, וואָס זענען פון אים אַרויס און נישט געקאָנט, נישט לעבן און נישט שטאַרבן. ווער וועט אים דערפון באַפרייען? אַ טונקעלע קראַפט האָט באַוועגט די פרוכטן פון זיין געדאַנק; זיי האָבן פאַרצווייפלט געשטרעבט זיך אָפּצורייסן פון אים, צו פאַרוואַנדלען זיך אין באַזונדערע נשמות, ווי די לעבעדיקע, פרוכטבאַרע זריעה, וואָס דער ווינט צעזייט איבער דער וועלט. וועט ער בלייבן פאַרמויערט אין זיין אומפרוכטבאַרקייט? ער וואָלט זיך אַ מעשה אָנגעטון.

אַזוי-ווי אַלע אויסוועגן — טעאַטער, קאָנצערטן — זענען פאַר אים פאַרשלאָסן, און אַזוי-ווי ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אומקערן זיך צוריק צו די דירעקטאָרן, וואָס האָבן אים שוין איין מאָל פאַרפירט, איז אים נישט געבליבן קיין אַנדער מיטל, ווי צו פאַרעפנטלעכן דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן; ער האָט זיך נישט געקאָנט איינרעדן, אַז ס׳וועט אים אָנקומען לייכט צו געפינען אַן אָרקעסטער, וואָס זאָל אויספירן זיינע זאַכן; לייכטער איז געווען צו געפינען אַ פאַרלעגער. די צוויי אָדער דריי פרוון, וואָס ער האָט געמאַכט, ווי ווייט מעגלעך אומגעלומפּערט, האָבן אים געקלעקט; אָנשטאָט צו באַקומען אַ פרישן אָפּזאָג אָדער זיך אַריינצולאָזן אין וויכּוחים מיט די פאַרלעגער די עם-הארצים און אויסצושטיין פון זיי צרות און אפּיטרופּיסישע אָנשטעלן, האָט ער בעסער געוואָלט אַרויסגעבן די ווערק אויפן אייגענעם חשבון. ס׳איז געווען אַ משוגעת: ער האָט פאַרמאָגט אַ קליינע סומע געלט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פונם געהאַלט אין

זהויף און פון עטלעכע קאָנצערטן; אָבער דער סכום איז געווען זייער קליין, און ס'וואָלט געדויערט אַ לאַנגע צייט, איידער ער וואָלט זיך אָפּגעשפּאָרט נאָך אַזאַ ביסל געלט; און מ'האָט געמוזט זיין שפּאָרזאַם מיטן קליינעם פאַרמעגן, וואָס האָט זיי געדאַרפט העלפן אַדורכצושטופּן די שווערע צייט. ער האָט אָבער דערפון נישט געטראַכט; באַכמער: די סומע געלט האָט נישט געקלעקט צו דעקן אַלע הוצאות פון דער אויסגאַבע, און ער האָט זיך פאַרבאָרגט. לואיזע האָט נישט געהאַט קיין מוט צו רעדן; זי האָט געהאַלטן, אַז ס'האָט נישט קיין שום זין, און זי האָט נישט געקאָנט תופס זיין, ווי אַזוי גיט מען עס אויס אַזוי פיל געלט, כדי צו זען דעם אייגענעם נאָמען אויף אַ בוך; נאָר אַזוי-ווי ס'איז געווען דאָס איינציקע מיטל אים אויסצולערנען געדולד און צו פאַרהאַלטן אים נעבן זיך, איז זי געווען זייער גליקלעך, וואָס ער איז דערפון צופרידן.

אָנשטאָט אַרויסצוגעבן פאַרן עולם קאָמפּאָזיציעס פון אַ באַקאַנטן מין, ווו ער האָט זיך געפילט, ווי ביי זיך אין דער היים, האָט קריסטאָף אויסגעקליבן צווישן זיינע מאַנוסקריפּטן, אַ סעריע שטאַרק סובּיעקטיווע ווערק, פון וועלכע ער האָט זייער געהאַלטן. דאָס זענען געווען ווערק פאַר פּיאַנינאָ, צונויפגעמישט מיט „לידער", וואָס אַנדערע פון זיי זענען געווען זייער קורץ און פאָלקסטימלעך, און אַנדערע — זייער לאַנג און כמעט דראַמאַטיש. דאָס גאַנצע איז באַשטאַנען פון אַ ריי פרייליכע און אומעטיקע אימפּרעסיעס, וואָס האָבן זיך געקלאַמערט איינע אָן דער אַנדערער אויף אַ נאַטירלעכן אופן און וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר פּיאַנינאָ באַזונדער און פאַר געזאַנג באַזונדער, אַליין אָדער מיט באַגלייטונג. „ווייל, — האט קריסטאָף געזאָגט, — ווען איך טרוים, פאָרמוליר איך נישט שטענדיק דאָס, וואָס איך פיל: איך לייד, איך בין גליקלעך, אָן ווערטער; נאָר ס'קומט אַ צייט, ווען איך מוז רעדן, זינגען אָן שום געדאַנקען: טיילמאָל זענען עס פּוסטע ווערטער, אָפּגעהאַקטע פראַזן, טיילמאָל גאַנצע פּאָעמען; דערנאָך טרוים איך ווידער. אָט אַזוי גייט אַדורך דער טאָג: און באמת וויל איך דאָ איבערגעבן אַ טאָג. פאַרוואס זאָל מען אַרויסגעבן נאָר קאָמפּאָנירטע לידער אָדער פּרעלודיעס? ס'איז נישטא קיין קינסטלעכערע און ווייניקער-האַרמאָנישע זאַך. מ'דאַרף זיך אנשטרענגען איבערצוגעבן דאס פרייע שפּיל פון דער נשמה". — דעריבער האָט ער די זאַמלונג אַ נאָמען געגעבן: „איין טאג". די באַזונדערע טיילן פונם

ווערק האָבן געטראָגן באַזונדערע נעמען, וואָס האָבן איבערגעגעבן קורץ דעם צוזאַמענהאַנג פון די אינערלעכע טרוימען. קריסטאָף האָט צוגעשריבן מיסטעריעזע ווידמונגען, ראשי-תיבות, דאַטעס, וואָס נאָר ער אַליין האָט זיי פאַרשטאַנען און וואָס האָבן אים דערמאָנט פּאָעטישע שעהן אָדער געליבטע געשטאַלטן: די לאַכנדיקע קאָרינע, די טרוימענ-דיקע סאַבינע און די קליינע אומבאַקאַנטע פראַנצויזין.

חוץ דעם ווערק, האָט ער אויסגעקליבן אַ דרייסיק פון זיינע „לי-דער״, — די, וואָס זענען אים צום שטאַרקסטן געפעלן געוואָרן און במילא — צום ווייניקסטן נושא חן געווען ביים עולם. ער האָט אויסגעמיטן די „מעלאָדישסטע״ מאָטיוון, און אויסגעקליבן די כאַראַק-טעריסטישסטע. (ס׳איז אַ באַוווסטע זאַך, אַז פיינע לייט האָבן שטאַרק מורא פאַר אַ זאַך, וואָס איז „כאַראַקטעריסטיש״. דאָס, וואָס איז אָן כאַ-ראַקטער, קאָן בעסער געפעלן ווערן).

די „לידער״ זענען געווען געשריבן צו פערזן פון די אַלטע שלעזישע דיכטער פון XVII-טן יאָרהונדערט, וואָס קריסטאָף האָט גע-לייענט אין אַ פּאָפּולערער אויסגאַבע און וואָס זייער פשטות האָט ער שטאַרק ליב געהאַט. דער עיקר זענען אים טייער געווען צוויי פּאָעטן, פשוט ווי ברידער, צוויי מענטשן, ביידע פול מיט גאונות, ביידע גע-שטאָרבן צו דרייסיק יאָר: דער באַחנטער פּאָל פלעמינג, דער פרייער רייזנדער איבער קאַווקאַז און איספּאַהאַן, וואָס האָט אייביק פאַרמאָגט אַ ריינע, ליבנדיקע און לויטערע נשמה, צווישן דער פאַרווילדערונג פון דער מלחמה-צייט, צרות פון לעבן און אויסגעלאַסנקייט פון זיין צייט, — און זשאַן-קריסטיאַן גינטער, דער גאון אָן געזעצן, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אין אָרגיעס און פאַרצווייפלונג, וואַרפנדיק זיין לעבן אויפן ווינט. פון גינטערן האט ער איבערגעזעצט די געשרייען פון פראטעסט און נקמה פולער איראָניע קעגן גאָט, דעם שונא, וואס אונטערדריקט אים, דיווילדע לעסטערונג פון אַ דערדריקטן טיטאַן, וואָס וואַרפט זיין בליץ צום הימל. פון פלאַמינגן האט ער גענומען די ליבע-לידער צו אַנעמאנע און באַזילענע, חנעוודיקע און זיסע, ווי בלומען, — און דעם קרייז פון די שטערן, דאס „טאַנץ-ליד״ פון לויטערע פריילעכע הער-צער, און דעם העלדישן, סאנעט: „צו זיך אַליין״, וואס קריסטאף פלעגט אים אן אויפהער איבערחזרן, ווי די מארגן-תפילה.

דער שמייכלענדיקער אָפּטימיזם פונם פרומן פּאָל געהאַרט האָט אויך גערייצט קריסטאָפן. ס׳איז געווען פאַר אים אַן אָפּרו נאָך

אַלע צרות. ער האָט ליב געהאַט די אומשולדיקע וויזיע פון דער נאַטור אין גאָט, די פרישע לאָנקעס, ווו די שטאָרכן האָבן מיט וויכטיקייט שפּאַצירט צווישן טולפּאַנען און ווייסע נאַרציזן, אויפן ברעג פון קליינע טײַכלעך, וואָס האָבן געזונגען אויפן זאַמד, די דורכזיכטיקע לופט, ווו שוואַלבן זענען מיט זייערע גרויסע פליגל אַרומגעפלויגן, און דעם פלי פון די טויבן, די פריילעכקייט פון אַ זונשטראַל, וואָס האָט דורכגעשפּאָלטן דעם רעגן און דעם לייכטנדיקן הימל, וואָס האָט געלאַכט צווישן די וואָלקנס, און די מאַיעסטעטישע לויטערקייט פונם אָוונט, די שלווה פון די וועלדער, סטאַדעס, שטעט און פעלדער. קריסטאָף האָט אַפילו מיט חוצפּה אָנגעשריבן מוזיק צו אַ סך רעליגיעזע לידער, וואָס מ׳האָט נאָך דעמאָלט געזונגען אין די פּראָטעסטאַנטישע געמיינדעס. ער האָט שטאַרק אויסגעמיטן זייער כאָראַלן כאַראַקטער. ס׳איז געווען גאַנץ ווייט דערפון: דאָס וואָלט געווען שרעקלעך; ער האָט זיי צוגעגעבן אַ פרייען, לעבעדיקן אויסדרוק. דער אַלטער גערהאַרט וואָלט אַ ציטער געטון פון דעם טייוולאָנישן שטאָלץ, מיט וועלכן ס׳האָבן איצט געשטעמט אייניקע סטראָפן פון זיין „ליד פון אַ קריסטלעכן וואַנדערער", אָדער פון דער געצנדינערשער פרייד, וואָס האָט פאַרפלייצט די ברעגעס, ווי אַ מעכטיקער שטראָם, — אַזוי האָט איצט אויסגעזען זיין „זומער־געזאַנג".

די זאַמלונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, נאַטירלעך נישט באַרעכנטערהייט. דער אַרויסגעבער, וועמען קריסטאָף האָט באַצאָלט פאַר דער אויסגאַבע און פאַרקויף פון זיינע „לידער", האָט געהאַט דעם דאָזיקן מזל בלויז דערפאַר, וואָס ער איז געווען זיין שכן. ער איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו אַזאַ וויכטיקער אַרבעט: ס׳האָט זיך געשלעפּט לאַנגע חדשים; עס זענען געווען אין דער זאַמלונג פעלערן, און דאָס פאַרריכטן האָט טייער געקאָסט. קריסטאָף, וואָס האָט נישט געהאַט קיין ידיעה אין אָט די ענינים, האָט געצאָלט דערפאַר טאָפּלט, ווי ס׳האָט געדאַרפט קאָסטן; די הוצאות האָבן באַטראָפן פיל מער, ווי ער האָט זיך גערעכנט. דערנאָך, ווען ס׳איז דערשינען, האָט קריסטאָף געהאַט פאַר זיך אַ ריזיקע אויסגאַבע, און ער האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט איר צו טון. דער אַרויסגעבער האָט נישט געהאַט קיין קונים; ער האָט נישט געטון קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, צו פאַרשפּרייטן דאָס ווערק. זיין אַפּאַטיע איז געגאַנגען זייט־ביי־זייט מיט קריסטאָפס נאָכלאָזיקייט. ווען ער האָט געבעטן, כדי צו באַרויקן

זיין געוויסן, קריסטאָף זאָל אָבשרייבן עטלעכע רעקלאַמע-שורות, האָט קריסטאָף געענטפערט, אַז „ער וויל נישט קיין רעקלאַמע: אויב די מוזיק איז גוט, וועט זי רעדן פאַר זיך אַליין”. יענער האָט פרום אָפגעהיט זיין ווילן: ער האָט פאַרלעגט די אויסגאַבע טיף אין זיין לאַגער. זי איז געווען גוט אָפגעהיט, ווייל אין משך פון זעקס חדשים האָט זיך נישט פאַרקויפט קיין איין עקזעמפלאַר.

וואַרטנדיק, אַז דער עולם זאָל קומען קויפן זיין ווערק, האָט קריסטאָף דערווייל געמוזט געפינען אַ מיטל, ווי צו פאַרשטעקן דעם לאָך, וואָס ער האָט געמאַכט אין זיין קליין פאַרמעגן; מ׳האָט נישט געקאָנט זיין קיין מפונק, ווייל ער האָט געדאַרפט לעבן און צאָלן זיינע חובות. די חובות זענען געווען פיל גרעסער, ווי ער האָט זיך גערעכנט; דערצו האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער קוואַל, אויף וועלכן ער האָט גערעכנט, גיט אויך שוואַכע האָפענונגען. צי האָט ער סתם אַזוי פאַרלוירן דאָס געלט, אָדער — דאָס לעגט זיך גיכער אויפן שכל — צי האָט ער זיך טועה געווען אין חשבון? (ער האָט קיינמאָל געווי נישט באַרעכנט). נישט וויכטיק, פאַרוואָס ס׳האָט אים געפעלט געלט: ס׳האָט פשוט געפעלט, דאָס איז געווען אַ זיכערע זאַך. לואיזע האָט זיך באַמיט צו הילף צו קומען איר זון. אים האָט געמאַטערט דאָס געוויסן, און ער האָט פאַר יעדן פרייז געזוכט עפעס צו פאַרדינען. ער האָט גענומען זוכן לעקציעס, ווי שווער ס׳איז אים נישט געווען פאָרצולייגן און צו באַקומען אַן אָפזאָג. זיין נאָמען אין שטאָט איז געפאַלן: ס׳איז אים אָנגעקומען זייער שווער צו געפינען עטלעכע שילער. דעריבער איז ער געווען גליקלעך, ווען מ׳האָט אים פאָרגעלעגט אַ שטעלע אין אַ שולע.

דאָס איז געווען אַ האַלב-רעליגיעזע אינסטיטוציע. דער דירעקטאָר, אַ קלוגער מענטש, וואָס איז געווען אַ קנאַפער מבין אויף מוזיק, האָט געוווסט, וויאַזוי וואָס מער אויסצונוצן קריסטאָפן אין זיין איצטיקן מצב. ער איז געווען ליבנסווירדיק, נאָר ווייניק געצאָלט. ווען קריסטאָף האָט געפרווט, שעמעוודיק, צו מאַכן אים אַ באַמערקונג, האָט אים דער דירעקטאָר מיט זיין העפלעך שמייכל׳ע געגעבן אָנצוהערן, אַז קריסטאָף

טאָר נישט האָבן קיין טענות, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלוירן די אָפּיציעלע שטעלע.

אַ טרויעריקע באַשעפטיקונג! ס'איז נישט געגאַנגען אַזוי שטאַרק אין דעם, די שילער זאָלן זיך באמת אויסלערנען מוזיק, ווי איינצורעדן די עלטערן און זיי אַליין, אַז זיי קענען עפּעס. דער עיקר האָט מען זיי געדאַרפט אויסלערנען זינגען צו די קאָנצערטן, וואָס זענען פאָרגעקומען פאַר דער עפנטלעכקייט. נישט וויכטיק מיט וועלכע מיטלען. קריסטאָפן איז עס געווען שטאַרק נישט צום האַרצן; ער האָט אפילו נישט געקאָנט זיך טרייסטן, אַז ער דערפילט זיינע פליכטן און טוט אַ נוצלעכע אַרבעט: ער האָט דערפון געליטן, ווי פון צביעות. ער האָט געפּרוווט מיט די קינדער לערנען סאָליד, כדי זיי זאָלן דערקענען און ליב קריגן די ערנסטע מוזיק; אָבער די תּלמידים האָבן געהאַט אַ קנאַפּע דאגה מיט דער מוזיק. קריסטאָפן האָט זיך נישט איינגעגעבן זיי זאָלן אויסהערן די לעקציע; ס'האָט אים געפעלט אויטאָריטעט; און באמת איז ער נישט געווען באַשאַפן פאַר אַ לערער פון קינדער. זייער בלומרשטער געזאַנג איז אים נישט אָנגעגאַנגען, ער האָט זיי געוואָלט אויסלערנען די מוזיק-טעאָריע. ווען ער האָט זיי געגעבן אַ לעקציע פון פּיאַנינאָ, פלעגט ער הייסן אַ שילער שפּילן בעטהאָווענס אַ סימפאָניע, וועלכע זיי פלעגן ביידע שפּילן אויף פיר הענט. נאַטירלעך, האָט זיך עס נישט איינגעגעבן; ער פלעגט שרייען פון כעס, אַוועקטרייבן דעם שילער פון קלאַוויר און אַ לאַנגע צייט שפּילן אַליין אויף זיין אָרט. פּונקט אַזוי פלעגט ער זיך באַגיין מיט די איינצעלנע שילער, אויסער דער שול. ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין ביסעלע געדולד: ער פלעגט אַריינזאָגן, למשל, אַ ווויל מיידל, וואָס האָט זיך געגרויסט מיט איר אַריסטאָקראַטישער באַנעמונג, אַז זי שפּילט ווי אַ קעכין; אָדער ער פלעגט אָנשרייבן צו איר מוטער, אַז ער וועט שטאַרבן, אויב ער וועט נאָך לאַנג מוזן לערנען אַזאַ באַשעפעניש, ווי איר טאָכטער, וואָס פאַרמאָגט קיין שום סימן נישט פון טאַלאַנט.—דאָס האָט, נאַטירלעך, נישט פאַרבעסערט זיין לאַגע. די עטלעכע שילער, וואָס ער האָט געהאַט, האָבן אים פאַרלאָזן, ס'האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו דערהאַלטן אַ לעקציע לענגער; ווי אַ צוויי חדשים. די מוטער פלעגט אים וואָרענען, ער זאָל זיך אַזוי נישט באַגיין; ער אַליין האָט אויך אַזוי געטראַכט. לואיזע האָט ביי אים געבעטן אַ וואָרט, ער זאָל לפּחות נישט איבעררייסן מיט דער שול, ווי ער אַרבעט; ווייל ווען ער זאָל פאַר-

לירן אָט די שטעלע אויך, וואָלטן זיי געבליבן לחלוטין אָן קיין שום מיטלען צום לעבן. דעריבער האָט ער זיך געצוווּנגען צו לעבן אין דער שול בשלום, נישט געקוקט אויף דעם עקל: ער האָט זיך אויס-געצייכנט מיט אַ מוסטערהאַפטער פּינקטלעכקייט. אָבער ווי האָט ער געקאָנט באַהאַלטן, וואָס ער טראַכט, בעת אַ שילער, אַן אייזל, האָט איבערגעחזרט צען מאָל די זעלבע שטעל, אָדער בעת ער האָט איינ-געחזרט מיטן קלאַס, צום נאָענטן קאָנצערט, אַ נאַרישן כאָר-געזאַנג, (מ'האָט אים אַפילו נישט געלאָזט אַליין אויסקלייבן דעם פּראָגראַם מחמת אומצוטרוי צו זיין געשמאַק). פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט גע-אַרבעט אָן שום אינטערעס. פונדעסטוועגן האָט ער זיך, אַ שווייגנדי-קער און אָנגעבלאָזענער, איינגעעקשנט נישט אַרויסצוווייזן זיין אינער-לעכן כעס אויף אַן אַנדער אופן, ווי מיט אַ קלאַפּ מיט דער פויסט אָן טיש, וואָס האָט געוואָרפן אַן אימה אויף די שילער. אָבער טייל-מאָל האָט די פאַרביטערונג איבערגעכאַפּט די מאָס: ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. אין מיטן אַ שטיק, פלעגט ער פּלוצלונג איבער-רייסן די זינגער:

— לאָזט אָפּ! לאָזט אָפּ! איך וועל אייך בעסער שפּילן עפּעס פון וואַגנערן.

מער האָבן חברה נישט געדאַרפט. זיי האָבן הינטער זיינע פּליי-צעס געשפּילט אין קאָרטן. ס'האָט זיך שטענדיק געפונען איינער, וואָס פלעגט עס דערטראָגן צום דירעקטאָר; קריסטאָף האָט אויסגעהערט דעם מוסר, אַז ער דאַרף נישט דערוועקן ביי די שילער קיין ליבע צו מוזיק, נאָר פּשוט אויסלערנען זיי צו זינגען. ציטערנדיק, פלעגט ער אויסהערן די באַמערקונג, — אָבער נישט געוואָלט זיך איינרייסן.— ווער וואָלט אים געקאָנט זאָגן, מיט עטלעכע יאָר צוריק, בעת זיין קאַריערע האָט געגלאַנצט, און ער איז געווען זיכער (דעמאָלט, ווען ער האָט גאָרנישט געטון), אַז ער וועט דערלעבן צו אַזעלכע בזיונות, דווקא דאַן, ווען זיין ווערט הויבט אָן באמת צו שטייגן?

צווישן די יסורים, וואָס די שול האָט אים גורם געווען, איז איינע פון די שווערסטע זאַכן געווען ביי אים, — וואָס ער האָט גע-מוזט מאַכן באַזוכן ביי די קאָלעגן. צופעליק האָט ער צוויי פון זיי באַזוכט, און ס'האָט אַזוי געלאַנגווייליקט, אַז ער האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט צו גיין מער אויף וויזיטן. די צוויי אויסגעקליבענע, וועלכע ער האָט באַזוכט, האָבן אים נישט אַרויסגעוויזן קיין שום

דאַנקבאַרקייט; נאָר די איבעריקע האָבן זיך געפֿילט פּערזענ׳עך באַליידיקט. אַלע האָבן געקוקט אויף קריסטאָפֿן, ווי אויף אַ מענטשן, וואָס שטייט נידעריקער פֿון זיי, סיי אין זיין מצב, סיי אין אינטעליגענץ; און זיי האָבן געקוקט אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ. מאָמענטאַנווייז האָט עס אים אַ׳יין אויך אָנגעשטעקט: זיי זענען געווען אַזוי זיכער אין זיך און אין זייער מיינונג וועגן אים, אַז ער האָט מסכּים געווען מיט זיי; ער האָט זיך געפֿילט נאַריש לגבי זיי: וואָס קאָן ער זיי זאָגן? זיי זענען אַלע געווען דורכגענומען מיט זייער פֿאַך און נישט געזען קיין שום זאַך חוץ דעם. זיי זענען נישט געווען קיין מענטשן בכלל. ווען זיי וואָלטן לפּחות געווען ביכער! אָבער זיי זענען געווען בלויז אותיות פֿון ביכער, פֿילאָלאָגישע קאָמענטאַרן!

קריסטאָף האָט אויסגעמיטן יעדע געלעגנהייט צו טרעפֿן זיך מיט זיי. נאָר טיילמאָל האָט ער עס געמוזט. דער דירעקטאָר פֿלעגט אויפֿנעמען די לערער איין טאָג אין חודש, נאָך מיטאָג, און ער האָט דווקא געוואָלט, אַז אַלע זאָלן זיין. קריסטאָף, וואָס האָט זיך פֿון דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג אַרויסגעדרייט אָן אַנטשולדיקונג און געמאַכט זיך געפּגרט, אין דער פֿאַלשער האָפֿענונג, אַז מ׳וועט עס נישט באַמערקן, האָט צומאָרגנס באַקומען אַ ביטערלעך-זיסן פֿאָרוואורף. צום צווייטן מאָל האָט אים די מאַמע געראָטן צו גיין, און ער איז אַוועק; ער איז געגאַנגען פּונקט ווי אויף אַ לויה.

ער האָט געטראָפֿן אַלע לערער פֿון דער שול און פֿון אַנדערע שולן אין שטאָט, מיט זייערע ווייבער און טעכטער. הגם זיי זענען אַלע געזעסן צוזאַמען אין אַ קליינעם זאַל, האָבן זיך דאָך געשאַפֿן היעראַרכישע גרופּעס, און קיינער האָט אים נישט באַמערקט. די נאָענטסטע גרופּע האָט גערעדט מכּח פּעדאַגאָגיע און קיך. אַלע ווייבער פֿון די פּראָפֿעסאָרן האָבן געהאַט זייערע אייגענע קיך-רעצעפּטן, וועגן וועלכע זיי האָבן גערעדט מיט איבערגעטריבענעם, התפּעלותדיקן פּעדאַנטיזם. די מענער האָט עס נישט ווייניקער אינטערעסירט, זיי זענען געווען נישט ערגער באַהאַוונט אין קיך-ענינים. זיי זענען געווען פּונקט אַזוי שטאָלץ מיט די שטוב-טאַלאַנטן פֿון זייערע ווייבער, ווי די ווייבער האָבן זיך געגרויסט מיט דער חכמה פֿון זייערע מענער. שטענדיק ביים פֿענסטער, אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט, האָט קריסטאָף נישט געוווסט, וואָס צו טון; ער האָט נאַריש געשמייכלט, אָדער פֿינסטער געקוקט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און צוזאַמענגעצויגענע שטריכן און

געגנעצט פון לאַנגווייליקייט. עטלעכע טריט פון אים, ביים פענסטער, איז געזעסן אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט מיט קיינעם נישט גערעדט און זיך געלאַנגווייליקט, ווי ער. ביידע האָבן געקוקט אויפן זאַל. זיי האָבן זיך נישט באַמערקט. נאָר שפּעטער אַביסל האָבן זיי זיך איבערגעקוקט, אין אַ מאָמענט, ווען זיי האָבן זיך ביידע אויסגעדרייט, כּדי אַ געניץ צו טון. אין דער רגע האָבן זיך זייערע אויגן געטראָפן. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט פריינדלעכער פאַרשטענדיקונג. ער האָט געמאַכט אַ שריט נעענטער. זי האָט אים שטיל אַ זאָג געטון:

— מ'ווייַלט זיך?

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום זאַל און געקוקט אויפן פענסטער, האָט ער אַרויסגעשטעקט אַ צונג. זי האָט זיך הויך צעלאַכט, איז פלוצלונג געוואָרן לעבעדיק און געגעבן אים אַ צייכן, ער זאָל זיך זעצן לעבן איר. זי איז געווען די פרוי פון פּראָפעסאָר ריינהאַרט, אַ לערער פון באַטורוויסנשאַפט אין דער שול. זיי זענען ערשט נישט לאַנג אָנגעקומען אין שטאָט און האָבן נאָך קיינעם נישט געקענט. זי איז געווען ווייט נישט קיין שיינע, מיט אַ גרויסער נאָז, מיאוסע צדן, אָן פרישקייט, נאָר מיט לעבעדיקע, גאַנץ-קלוגע אויגן און מיט אַ קינדערשן שמייכל. זי האָט נישט אויפגעהערט צו פּלוידערן; זי האָט פאַרמאָגט אַ רייצנדיקע אויפריכטיקייט, מיט וויציקע ווערטלעך; זיי האָבן, לאַכנדיק, זיך געטיילט מיט די איינדרוקן, אויפן קול, אָן שום זאָרג, וואָס אַרום זיי זיצן מענטשן. די שכנים, וואָס האָבן נישט באַמערקט זייער געגנוואַרט, כּל-זמן יעדערער פון זיי איז געזעסן איינזאַם, האָבן איצט געוואָרפן אויף זיי אומדיסקרעטע, בייזע בליקן: ס'איז נישט געווען אין גוטן טאָן זיך אַזוי אונטערצוהאַלטן... נאָר פאַר די צוויי פּלאַפּלער איז געווען גאַנץ גלייכגילטיק, וואָס מ'קאָן וועגן זיי טראַכטן; זיי האָבן זיך נוקם געווען אין די איבעריקע.

לסוף האָט מאַדאַם ריינהאַרט פאָרגעשטעלט פאַר קריסטאָפן איר מאַן. ער איז געווען זייער מיאוס: אַ בלייך, געשטופּלט פּנים אָן אַ באָרד, וואָס האָט געמאַכט אַביסל אַ וויסטן איינדרוק, נאָר מיט אַן אויסדרוק פון טיפער גוטסקייט. ער האָט גערעדט מיט אַ טיפער האַלז-שטים און האָט געציילט די ווערטער לויטן שטייגער פון אַ שול-לערער, באַטאָנענדיק און מאַכנדיק הפסקות צווישן די זילבן.

עס איז געווען ערשט עטלעכע חדשים נאָך זייער חתונה, און אָט די צוויי מיאוסע מענטשן זענען געווען איינער אין צווייטן פאַר-

ליבט: זיי האָבן זיך מיט ליבשאַפט אָנגעקוקט, גערעדט, גענומען זיך פאַר די הענט, אַלעמען אין די אויגן,—ס׳איז געווען קאָמיש און רירנ-דיק. דאָס, וואָס איינער האָט געוואָלט, האָט אויך געוואָלט דער צווייטער. זיי האָבן באַלד פאַרבעטן קריסטאָפן צו זיך אויף אָוונט-ברויט, נאָך דער פאַרזאַמלונג. קריסטאָף האָט געפּרוווט מיט אַ שפּאַס אָפּזאָגן; ער האָט געטענהט, אַז דעם אָוונט איז די בעסטע זאַך צו גיין שלאָפן: מ׳איז מיד פון לאַנגווײַליקייט, ווי מ׳וואָלט געמאַכט אַ שפּאַציר פון צען מייל. נאָר מאַדאַם ריינהאַרט האָט געענטפערט, אַז דווקא דערפאַר דאַרף מען נישט בלייבן; ס׳איז געפערלעך צו פאַרברענגען די נאַכט מיט אַזעלכע טרויעריקע געדאַנקען. קריסטאָף האָט זיך געלאָזט איבער-רעדן. אין זיין איינזאַמקייט האָט ער זיך געפילט פשוט גליקלעך, וואָס ער האָט באַגעגנט די דאָזיקע ווילע מענטשן, הגם אויסערלעך נישט זייער קיין אָנגעזעענע, אָבער איינפאַכע און געמיטלעכע.

די קליינע דירה פון די ריינהאַרטס איז געווען געמיטלעך, ווי זיי אַליין. ס׳האָט געהערשט דאָרט אַביסל אַ פלוידערנדיקער געמיט, אַ געמיט מיט אויפשריפטן. דאָס מעבל, די כלים, דאָס געשיר — אַלץ האָט גערעדט און גישט מיד געוואָרן איבערצוגעבן די פרייד פון מקבל פנים זיין „דעם ליבן גאַסט״, זיך נאָכצופרעגן אויף זיין געזונט, צו געבן אים גוטע, צניעותדיקע עצות. אויף דער סאָפקע — וואָס איז געווען, אגב, צו גרויס — איז געלעגן אַ קישעלע, וואָס האָט פריינד-לעך געמורמלט:

— נאָר איין פערטל שעה!

די קאַווע-טאַץ, וואָס מ׳האָט קריסטאָפן דערלאַנגט, האָט אָן אויפ-הער איבערגעחזרט:

— נאָר איין שלונג!

די טעלער האָבן געדרשנט וועגן קיך-מאָראַל, וואָס איז געווען גרויסאַרטיק. איין טעלער האָט געטענהט:

— טראַכט וועגן אַלץ: אַנדערש ווערסטו קיין גוטס נישט דער-לעבן.

אַ צווייטער:

— האַרציקייט און דאַנקבאַרקייט זענען שיינע מידות. אומדאַנק-באַרקייט איז מיאוס.

הגם קריסטאָף האָט נישט געריוויכערט, האָט זיך דער אַש-בעכער נישט געקאָנט איינהאַלטן און זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים:

— אַ קליין רו-אָרט פאַר ברענענדיקע פאַפיראָסן.

ער האָט געוואָלט וואַשן די הענט. דאָס שטיקל זייף אויפן וואַש-טישל האָט גערעדט:

— פאַר אונזער ליבן גאַסט.

און דער מוסר-השכלדיקער האַנטוך האָט זייער העפלעך אויסגע-מיטן צו רעדן וועגן זיך, נאָר ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער מיט אַ מוסר-השכל, אַז „מ'דאַרף זיך אויפהויבן פרי, כדי הנאה צו האָבן פון פרימאָרגן".

— Morgenstund hat Gold im Mund

(— די מאָרגן-שעה האָט גאָלד אין מויל)

קריסטאָף האָט לסוף קיין מוט נישט געהאַט זיך אַ ריר צו טון אויף זיין שטול, מחמת מורא, ער זאָל נישט דערהערן פון אַלע ווינק-לען פון צימער קיין רופנדיקע שטימען. ער האָט חשק געהאַט זיי צו זאָגן:

— זייט שטיל, קליינע שדים! איר לאָזט דאָך קיין וואָרט נישט זאָגן.

און ס'האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ווילדער געלעכטער, וועלכן ער האָט זיך באַמיט צו דערקלערן דערמיט, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט אין דער פאַרזאַמלונג ביים דירעקטאָר, ער האָט בשום אופן נישט גע-וואָלט זיי באַליידיקן. אגב האָט ער שוין אויפגעהערט צו זיין עמפּינד-לעך אויף דער לעכערלעכקייט. ער האָט זיך באַלד צוגעוויינט צו דער באַרעדעווודיקער האַרציקייט פון די שטוב-זאַכן. פאַרוואָס זאָל ער זיי נישט מוחל זיין! זיי זענען דאָך אַזעלכע גוטע מענטשן! זיי זענען אים, איבעריקנס, נישט געווען לאַנגווייליק; אויב ס'האָט זיי געפעלט געשמאַק, האָט זיי נישט געפעלט קיין אינטעליגענץ.

זיי האָבן זיך געפילט אַביסל איינזאַם אין דעם לאַנד, ווו זיי זענען ערשט נישט לאַנג אָנגעקומען. די אומדערטרעגלעכע פילבאַרקייט פון דער קליינער פּראָווינץ-שטאָט האָט זיי נישט געלאָזט אַריינקומען, ווי אין אַ רשות הרבים, נאָר האָט זיי געצוווּנגען, לויטן געזעץ, צו בעטן ביי אַלעמען דערלויבעניש אַריינצוגיין. די ריינהאַרטס האָבן נישט

געהאַלטן פונם פּראָווינציאַנעלן רעגולאַמין, וואָס האָט רעגירט איבער די פּליכטן פון די ניי-אָנגעקומענע לגבי די אַלטע בירגער פון שטאָט. העכסטנס האָט עס ריינהאַרט געטון מעכאַניש. אָבער זיין פרוי, וואָס האָט נישט סובל געווען די צוואַנגס-באַזוכן און האָט ליב געהאַט צו פילן זיך פריי, האָט עס אָפּגעלעגט פון איין טאָג אויפן צווייטן. זי האָט אין דעם צעטל פון די וויזיטן אויסגעקליבן די וויניקער לאַנגווייליקע; די אַנדערע — האָט זי אָפּגעלעגט אויף אַן אומבאַשטימטע צייט. די פּני פון שטאָט, וואָס האָבן געהערט ביי איר צו דער לעצטער קאַטעגאָריע, האָבן זיך געפילט אָנגערירט פון אַזאַ לייכטער באַציונג. אַנגעליקאַ ריינהאַרט (איר מאַן האָט גערופן די פרוי צערטלעך: לילי) האָט געהאַט גאַנץ פרייע מאַניערן; זי האָט נישט געקאָנט אַרויפּציִען אויף זיך קיין אָפּיציעלן טאָן. זי פלעגט היימיש שמועסן מיט די מיוחסים, וואָס פלעגן רויט ווערן פון אויפרעגונג; זי האָט נישט מורא געהאַט אפילו צו שפּאַרן זיך מיט זיי, ווען מ׳האָט באַדאַרפט. זי האָט געהאַט אַ צינגל, ווי אויף שרויפן, און האָט געפילט אַ באַדערפעניש צו זאָגן אַלץ, וואָס זי טראַכט: טיילמאָל זענען איר געקומען אין קאָפּ אַריין גרויסע נאַרישקייטן, וואָס מ׳פלעגט הינטער אירע פּלייצעס אויסלאַכן; ס׳זענען אויך געווען שאַרפע, בייזוויליקע ווערטלעך, וואָס פלעגן יענעם טרעפן אין סאַמע האַרץ און מיט וואָס זי האָט זיך געקויפט שונאים. זי פלעגט זיך בייסן אין צונג, ווען זי האָט עס געזאָגט, און געוואָלט עס כאַפּן צוריק: נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט. איר מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ ווייכערע נאַטור מיט מער דרך-ארץ פאַר מענטשן, פלעגט איר, פאַרשעמט, מאַכן אָפּטמאָל פאָרוווּרפן. זי פלעגט אים אַ קוש טון און זאָגן, אַז זי איז אַ גרויסער נאַר און אַז ער איז גערעכט. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום פלעגט זי ווידער אָנהויבן אירס, און דווקא דעמאָלט, ווען זי האָט נישט געדאַרפט רעדן דאָס, וואָס האָט זיך איר אַרויסגעכאַפּט: זי וואָלט געפּלאַצט, ווען זי זאָגט עס נישט אַרויס. — זי איז געווען ווי באַשאַפן צו פאַרשטענדיקן זיך מיט קריסטאָפן.

צווישן די אומצייטיקע נישט אָנגענעמע זאַכן, וואָס זי האָט ליב געהאַט צו רעדן, איז געווען ביי איר דער פאַרגלייך צווישן לעבן אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך. אַליין אַ דייטשקע (זי איז עס געווען מער, ווי אַנדערע) נאָר דערצויגן אין עלזאַס און אין פריינדלעכע באַציונגען מיט די עלזאַסישע פראַנצויזן, איז זי געווען באַאיינ-

פלוסט פון דער צוציונגס-קראַפט פון דער לאַטיינישער ציוויליזאַציע, וואָס האָט אַ גרויסע השפּעה אין די אנעקסירטע לענדער אויף אַזוי פיל דייטשן, און גראָד אויף אַזעלכע, וואָס דאַרפן צום ווייניקסטן ווערן באַאיינפלוסט. דעם אמת זאָגנדיק, איז אפשר אָט די צוציונגס-קראַפט געווען שטאַרקער צו-להכעיס דעם, וואָס אַנגעליקאָ האָט חתונה געהאַט מיט אַ דייטש פון צפון און איז אַריבער אין אַ ריין-דייטשער סביבה.

אין ערשטן אָוונט פון איר באַקאַנטשאַפט מיט קריסטאָפן איז זי באַלד אַריבער צו איר באַליבטער דיסקוסיע. זי האָט גערימט די וווּלע פרייהייט פון די פראַנצויזישע שמועסן. קריסטאָף האָט איינגעשטימט. פראַנקרייך איז פאַר אים געווען — קאָרינע; שיינע, לויכטנדיקע אויגן, אַ שיין, לאַכנדיק מויל, אַ פרייע אויפריכטיקע האַלטונג, אַ וויל-קלינגענדיקע שטים: ער האָט נאָך מער חשק באַקומען צו דערקענען דאָס דאָזיקע לאַנד.

לילי ריינהאַרט האָט אַ פּאַטש געטון פון שמחה אין די הענט, וואָס קריסטאָף איז מיט איר מסכים.

— ס'אַראַ שאָד,—האָט זי געזאָגט, — וואָס מיין קליינע פריינדין, די פראַנצויזין, איז שוין נישטאָ; נאָר זי האָט זיך דאָ נישט געקאָנט מער אויפהאַלטן: זי איז אַוועקגעפאָרן.

קאָרינעס בילד איז די מינוט פאַרלאָשן געוואָרן. ווי אַ ראַקעט, וואָס שטאַרבט פלוצלינג אויפן הימל און דעקט אָפּ די שיינע, טיף-שיינענדיקע שטערן, האָט ער דערזען פאַר זיך אַן אַנדער בילד, אַנדערע אויגן.

— ווער? — האָט קריסטאָף געפרעגט אויפשפרינגענדיק פון אָרט. — די קליינע לערערין?

— וואָס! — האָט מאַדאַם ריינהאַרט געענטפערט, — איר האָט זי אויך געקענט?

זיי האָבן זי ביידע געשילדערט: ביידע פּאָרטרעטן האָבן געשטימט.

מאַדאַם ריינהאַרט האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, אַז זיי זענען געווען אינטימע פריינדינס, און אַז יענע פלעגט איר אַלץ אָנפאַרטרויען. נאָר ווען זי האָט געדאַרפט דערציילן פּרטים, האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז זי ווייס וועגן איר זייער ווייניק. זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן בעת אַ באַזוך ביי עמעצן. מאַדאַם ריינהאַרט

האָט געפילט צום מיידל אַ סימפאַטיע, און מיט איר שטענדיקער האַרציקייט פאַרבעטן צו זיך. דאָס מיידל איז געקומען אַ צוויי־דריי מאָל, און זיי האָבן געשמועסט. נאָר קוים מיט צרות האָט זיך איינגעגעבן דער נייגעריקער לילי צו דערוויסן זיך עפעס וועגן לעבן פון דער קליינער פראַנצויזין: דאָס מיידל איז געווען צוריקגעהאַלטן; מ'האָט געדאַרפט פון איר אַרויסציען איר געשיכטע, אַ שטיק נאָך אַ שטיק. מאַדאַם ריינהאַרט האָט גענוי געוווּסט, אַז זי הייסט אַנטואַנעט זשאַנען; זי האָט נישט געהאַט קיין שום פאַרמעגן, און איר גאַנצע פאַמיליע איז באַשטאַנען פון איין ברודער אין פאַריז, וועלכן זי האָט אויסגעהאַלטן. זי האָט אָן אויפהער פון אים גערעדט: ס'איז געווען דער איינציקער ענין, וועגן וועלכן זי פלעגט רעדן מער, ווי געוויינלעך; און לילי ריינהאַרט האָט געוווּנען איר צוטרוי דערמיט, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן מיטלייד און סימפאַטיע צום יונגן יינגל, וואָס איז געווען אַליין אין פאַריז, אָן עלטערן, אָן פריינד, אַ שילער אין אַ ליציי. אַנטואַנעט האָט אָנגענומען אַ שטעלע אין אויסלאַנד, כדי פאָרטצוזעצן די בילדונג פון איר ברודער. נאָר די צוויי אָרעמע קינדער האָבן נישט געקאָנט לעבן איינס אָן צווייטן; זיי האָבן געשריבן איינער צום אַנדערן יעדן טאָג; און די מינדסטע פאַרשפעטיקונג פון אַן אָפגעוואַרטענעם בריוו פלעגט זיי אַריינברענגען אין אַ צושטאַנד פון קרענקלעכער אומרו. אַנטואַנעט האָט נישט אויפגעהערט זיך צו פייניקן צוליבן ברודער: דאָס יינגל האָט נישט געהאַט קיין מוט צו באַהאַלטן זיין טרויער און איינזאַמקייט; יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט זיך באַקלאָגן, פלעגט עס איר אַ שטאָך טון אין האַרצן; ס'האָט זי געפייניקט דער געדאַנק, אַז ער ליידט, און זי פלעגט זיך אָפט איינרעדן, אַז ער איז קראַנק, נאָר ער וויל איר נישט אויסזאָגן. די גוטע מאַדאַם ריינהאַרט האָט זיך אָפט פריינדלעך אויף איר געבייזערט, וואָס זי שרעקט זיך אָן אַ שום סיבה; און ס'פלעגט זיך איר איינגעבן אויף אַ ווײלע צו געווינען איר צוטרוי. — וועגן אַנטואַנעטס משפחה, וועגן איר סביבה און נשמה האָט זי גאָרנישט געוווּסט. ביי דער ערשטער פראַגע פלעגט זיך דאָס מיידל צוריקציען און פאַרשליסן אין זיך מיט אַ שעמעוודיקער שווערמוטיקייט. דאָס ביסל, וואָס זי האָט גערעדט, האָט עדות געזאָגט, אַז זי איז געלערנט און אינטעליגענט; ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי האָט זייער פרי דערוווּסט זיך פון צרות; זי האָט אויסגעזען גלייכצייטיק נאַיוו און דערפאַרן, תמימותדיק

און אָן אילוזיעס. זי איז נישט געווען גליקלעך דאָ, ביי אַ טאַקטלאָזער
און נישט קיין גוטער פאַמיליע. זי האָט זיך דערויף נישט באַקלאָגט,
אָבער מ'האָט געזען, אַז זי ליידט. — פאַרוואָס איז זי אַוועקגעפאָרן,
האָט מאַדאַם ריינהאַרט גענוי נישט געוווסט. מ'האָט געמורמלט, אַז זי
האָט זיך שלעכט אויפגעפירט. אַנגעליקאַ האָט אין דעם נישט גע-
גלויבט: זי וואָלט אַריינגעשטעקט אַ האַנט אין פייער און געשוווירן,
אַז דאָס איז קליינשטעטלדיקע, בייזע רכילות, נאָר מ'האָט דערציילט
וועגן איר פאַרשידענע מעשות; נישט וויכטיק וואָס, נישט אמת?

— יאָ, — האָט קריסטאָף געענטפערט און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— לסוף איז זי אַוועקגעפאָרן.

— און וואָס האָט זי אייך געזאָגט פאַר איר אָפּפאָרן?

— אַך, — האָט געענטפערט לילי ריינהאַרט, — כ'האָב נישט גע-
האַט קיין מזל. גראָד בין איך אַוועקגעפאָרן אויף צוויי טעג קיין
קעלן! צוריקגעקומען... צו שפּעט! — האָט זי איבערגעריסן, כדי אָנ-
צומוסרן די דינסט, וואָס האָט איר געבראַכט צו שפּעט ציטרין, נאָכ-
דעם ווי זי האָט שוין געהאַט אויסגעטרונקען איר טיי.

און זי האָט צוגעגעבן מיט מוסר-השכל, לויטן שטייגער פון די
אמת-דייטשע נאַטורן, וואָס רעדן מיט אַ נאַטירלעכער פייערלעכקייט
וועגן די היימישע ענינים פון זייער טאָג-טעגלעכן לעבן:

— צו שפּעט, ווי אָפט אין לעבן!

(מ'האָט נישט געוווסט, צי עס האַנדלט זיך וועגן ציטרין אָדער
וועגן דער איבערגעריסענער געשיכטע.)

זי האָט זיך ווידער אָנגערופן:

— ווען איך בין געקומען צוריק, האָב איך געפונען אַ פּאָר
ווערטער פון איר, ווו זי דאַנקט מיר פאַר אַלץ, וואָס כ'האָב פאַר אירט-
וועגן געטון, און זי גיט מיר צו וויסן, אַז זי פאָרט אַוועק: זי קערט
זיך אום קיין פאַריז. קיין אַדרעס האָט זי נישט איבערגעלאָזן.

—און מער האָט זי שוין נישט געשריבן?

—גאָרנישט.

קריסטאָף האָט ווידער דערזען פאַר זיך דאָס מעלאַנכאָלישע
פּנים, וואָס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער נאַכט, און די אויגן, ווי
ער האָט זיי אין איין רגע געזען צום לעצטן מאָל, קוקנדיק דורך
דער שויב פון וואַגאָן.

דאָס פראַנקרייך-רעטעניש האָט זיך ווידער געשטעלט פאַר קרי-סטאָפן, און דאָס מאָל — מיט מער עקשנות ווי פריער. קריסטאָף איז נישט מיד געוואָרן אויסצופרעגן ביי דער פרוי ריינהאַרט מכח אָט דעם לאַנד, וואָס זי האָט, לויט אירע רייד, אַזוי גוט געקענט. און מאַדאַם ריינהאַרדט, וואָס איז אויף איר לעבן נאָך דאָרטן נישט גע-ווען, איז נישט מיד געוואָרן אים צו דערציילן. ריינהאַרט, אַן אויסגע-צייכנטער פאַטריאָט און פול מיט אַלערליי פאָראורטיילן קעגן פראַנק-רייך, וואָס ער האָט געקענט נישט בעסער פון זיין ווייב, פלעגט זיך ווען-נישט-ווען פאַרגינען אַריינצוואַרפן אַ פּאָר באַמערקונגען, כדי אַביסל אָפּצוקילן איר התפעלות. אָבער זי פלעגט אַריינפאַלן נאָך אין אַ גרע-סערער התלהבות און נאָך מיט מער ענערגיע פאַרשטאַרקט אירע מיי-נונגען. קריסטאָף, נישט וויסנדיק פאַרוואָס, האָט איר געטרויט און איינגעשטימט מיט איר.

נאָך טייערער פון לילי ריינהאַרטס רייד, זענען אים געווען — אירע ביכער. זי האָט פאַרמאָגט אַ קליינע ביבליאָטעק פון פראַנצויזי-שע ביכער: לערן-ביכער, עטלעכע ראָמאַנען און עטלעכע טעאַטער-שטיק, וואָס זי האָט צופעליק געקויפט. בעת ריינהאַרט האָט זיי אַרויסגענומען און זיי געשטעלט אין קריסטאָפס רשות, האָט זיך עס אים באַוויזן ווי אַ גאַנצער אוצר, ער איז געווען דורשטיק נאָך ביל-דונג און גאָרנישט ניט געוווסט וועגן פראַנקרייך.

קודם-כל האָט ער זיך גענומען צו די לערנביכער מיט די אויסגעקליבענע שטיקער צום לייענען, מיט וועלכע ס'האָבן זיך באַנוצט לילי ריינהאַרט און איר מאַן, בעת זיי זענען געגאַנגען אין שול. ריינ-האַרט האָט אים אָנגעוויזן, אַז ער מוז אָנהויבן מיט אָט דעם לייען-שטאָף, אויב ער וויל אַרויף אויף אַ וועג אין דער קלאַסיקער ליטעראַ-טור, וואָס איז אים נאָך אינגאַנצן פרעמד. קריסטאָף האָט שטאַרק דרך-ארץ געהאַט פאַר די, וואָס ווייסן מער פון אים, ער האָט זיי גע-גלויבט אויפן וואָרט, און נאָך אין דעם אייגענעם אָוונט האָט ער זיך גענומען לייענען. צוערשט האָט ער דורכגעקוקט זיין פאַרמעגן, יעדערן אַדורכגעוואָרפן באַזונדער און אויף גיך.

ער האָט זיך באַקענט מיט עטלעכע פראַנצויזישע שריפטשטע-
לער, זיי האָבן געהייסן: טעאָדאָר-האַנרי באַראָ, פראַנסואַ פעטי-דעלאַ-
קרואַ, פרידריך באָדרי, עמיל דעלעראָ, שאַרל-אויגוסט-דעזירע פילאָן,
סאַמועל דעקאָמבאַ און פראָספער באַר. ער האָט געלייענט די לידער
פון גלה זשאָזעף רייר, פון פיער לאַשאַמבאָדי דעם הערצאָג פון ניווער-
נואַ, פון אַנדרע-וואַן האַסעל, פון מאַדאַם קאָלע, קאָנסטאַנ-
ציע מאַרי, די פרינצעסין פון סאַלם-דיק, העגריעטע האַלאַר, פון גאַב-
ריעל זשאַן באַפטיסט, ערנעסט-ווילפריד-לעגוווע, היפּאָליט וויאָלאָ, זשאַן
רעבול, זשאַן ראַסין, זשאַן בעראַנזשע, פרידריק בעשאַר, גוסטאַוו
נאַדאָ, עדוואַרד פּלוויע, אייזשען מאַנועל, הוגאָ, מילוואַיי, שענעדאָלע
זשיימס לאַקור דעלאַטר, פעליקס שאַוואַן, פראַנסואַ עדוואַרד יאָאַכים, באַ-
קאַנט אונטערן נאָמען פראַנסואַ קאָפּען און לואי בעלמאָנטע. קריסטאָף, וואָס
האָט זיך אין דעם פּאָעטישן ים אינגאַנצן פאַרלוירן, איז איבערגעגאַנ-
גען צו דער פּראָזע. דאָרט האָט ער געפונען: גוסטאַוו דע מאָלינאַרי,
פלעשיע, פערדינאַנד-עדוואַרד ביוסאָן, פראָספער מערימע, מאַלט-ברון,
וואָלטער, לאַמע פלערי, דומא דער פאָטער, זשאַן-זשאַק רוסאָ, מעזיער,
מיראַבאָ, דע מאַזאַד, קלאַרעטי, קאָטאַמבער, פרידריך דעם צווייטן, און
דע וואָגיע. פון די פראַנצויזישע היסטאָריקער איז צום מערסטן באַ-
רימט געווען און ציטירט געוואָרן דער היסטאָריקער מאַקסימיליאַן-
סאַמסאָן-פרעדעריק שעל. אין אָט דער פראַנצויזישער אַנטאָלאָגיע האָט
קריסטאָף געפונען די דייטשע קייזער-פראָקלאַמאַציע און ער האָט גע-
לייענט פרעדעריק קאָנסטאַן דע רוזשעמאָנס אַ שילדערונג, אַ פּראָטעסט
פון די דייטשן, פון וועלכן ער האָט זיך דערוווּסט, אַז „דער דייטש
איז געבוירן צו לעבן אין דער מלוכה פון גייסט, אים איז פרעמד די
שרייענדיקע פריילעכקייט און די לייכטזיניקייט פון די פראַנצויזן. דער
דייטש פאַרמאָגט אַ גרויסע נשמה. זיינע געפילן זענען צאַרט און טיף.
ער איז אומדערמידלעך בעת זיין אַרבעט און איז פאַרעקשנט און
אויסדויערנדיק אין זיין טעטיקייט. ס'איז נישטאָ נאָך אַזאַ מאָראַליש
פאָלק, וואָס זאָל דערביי אַזוי מאַריך-ימים זיין. דייטשלאַנד פאַרמאָגט
אַן אויסערגעוויינלעכע צאָל שריפטשטעלער. פאַר קונסט איז דאָס פאָלק
באַזונדערס באַגאַבט. אין דער צייט, וואָס אַנדערע פעלקער האַלטן זיך
גרויס דערמיט, וואָס זיי זענען פראַנצויזן, ענגלענדער, שפּאַניער, נעמט
אַרום דער דייטש די גאַנצע מענטשהייט מיט אַ ליבשאַפט, וואָס איז
ווייט פון קיינע פניות. קורץ גערעדט, בלויז לויט זיין לאַגע אין

צענטער פון אייראָפּע איז שוין דאָס דייטשע פאָלק דאָס האַרץ און דער מוח פון דער מענטשהייט".

מיד און דערשטוינט האָט קריסטאָף צוגעמאַכט דאָס בוך און געקלערט:

„די פראַנצויזן זענען גאַנץ פיינע מענטשן, אָבער נישט קיין שטאַרקע"

ער האָט גענומען אַן אַנדער בוך. דאָס ווערק איז שוין געשטאַנען אויף אַ העכערער מדרגה: ס'איז געווען באַשטימט פאַר אוניווער־סיטעטן. מיוסע איז דאָרטן געווען פאַרטראָטן מיט דריי זייטן און וויקטאָר דיוורוט — מיט דרייסיק. לאַמאַרטין האָט געהאַט זיבן און טיערס — כמעט פערציק. „סידן" האָט מען געגעבן איינגאַנצן (נאָר די מאַנאָלאָגן, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפן, ווייל זיי זענען צו לאַנג). לאַנפרע האָט געליבט פרייסן אַנטקעגן נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, און דערפאַר האָט מען פאַר אים נישט געקאַרגט קיין אָרט. ער אַליין האָט פאַרנומען מער אָרט, ווי אַלע גרויסע קלאַסיקער פון אַכצנטן יאָרהונ־דערט צוזאַמען. געצוויע באַשרייבונגען פון דער פראַנצויזישער מפּלה אין 1870 זענען אַרויסגענומען פון זאָלאַס „לאַ דעבאַקל" (דער חורבן). ס'איז נישט געווען קיין סימן פון מאָנטיין, פון לאַ ראָשפוקאָ, פון לאַ בריער, דידראָ, סטענדהאַל, באַלזאַק אָדער פלאָבער. דערפאַר אָבער פּאַסקאַל, וואָס אין קיין אַנדער בוך האָט מען אפילו נישט דערמאָנט זיין נאָמען, איז דאָ יאָ געווען ווי אַ יקר־המציאות. קריסטאָף האָט זיך, אגב, דערביי דערוווּסט, אַז אָט דער רעליגיעזער בעל־חלומות איז גע־ווען איינער פון די מדריכים אין פּאָרט רויאַל, אַן אַנשטאַלט פאַר יונגע מיידלעך נעבן פּאַריז...

קריסטאָף איז גרייט געווען צו וואַרפן אַלץ אין דער ערד אַריין. דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, און ער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער האָט געקלערט: איך וועל קיינמאָל דערפון נישט אַרויסקריכן. ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט שאַפן קיין אייגענעם אורטייל. עטלעכע שעה האָט ער געבלעטערט דאָס בוך גלאַט אין דער וועלט אַריין און אַליין נישט געוווּסט, צוליב וואָס. עס איז אים אָנגעקומען שווער דאָס לייענען פראַנצויזיש, און ווען ער האָט נאָך אַ סך מאַטערניש קוים תופס געווען אַ זייטל, איז דאָס כמעט אַלע מאָל געווען אַ פּוסטע און אָנגעבלאָזענע מליצה.

פונדעסטוועגן האָבן דאך פון דעם כאַאָס וועןּ־נישט־וועןּ אַרויס־געבליצט ליכט שטראַלן, שווערדן־שאַרפע, שניידנדיקע, דורכבויערנ־דיקע ווערטער, ווי דאָס געלעכטער פון ריזן. אָט די ערשטע לעקטור לאָזט אפשר איבער דורך דעם טענדענציעזן אופן פון דער זאַמלונג אַן איינדרוק. די דייטשע פאַרלעגער האָבן בכיוון אָדער נישט ווילנ־דיק אויסגעקליבן אַזעלכע ווערק פון די פראַנצויזישע שרייבער, וואָס האָבן געקענט ווייזן פאַר די פראַנצויזן אַליין די פראַנצויזישע חסרונות לגבי די מעלות פון די דייטשן. ס'האָט זיי אָבער נישט גע־קענט איינפאַלן, אַז זיי ווילן דערמיט אין די אויגן פון אַזאַ אומאָפּ־העננגיקן גייסט, ווי קריסטאָף, ווייזן די ווונדערלעכע פרייקייט פון די פראַנצויזן, וואָס ביי זיך אַליין קריטיקירן זיי אַלץ און דעם קעגנער לויבן זיי. מישעלע באַזינגט פרידריק דעם צווייטן. לאַנפריי לויבט די ענגלענדער ביי טראַפאַלגאַר, שאַראַס — די פּרייסן פון 1813. קיין שום שונא האָט זיך נישט דערוועגן צו רעדן אַזוי וועגן נאַפּאָלעאָ־נען ווי ער. די וויכטיקסטע זאַכן זענען אין די אויגן פון די דאָזיקע מחמירים נישט געווען הייליק. אפילו אויפן סאמע מלך דערוועגן זיי אויפצוהויבן זייער פריי וואָרט, אָט די דיכטער. מאָליער האָט גארנישט נישט געשוינט. לאפאנטען האָט פון אַלץ אָפּגעחוזקט. בואלא מוסרט די אַריסטאָקראטיע. וואָלטער רייסט אַראָפּ מלחמות, מאַכט לצנות פון דער רעליגיע און מאַכט לעכערלעך דאָס פאָטערלאַנד. מאָראַליסטן, סאַטיריקער, פּאמפלעטיסטן און הומאָריסטן יאָגן איבער איינער דעם אַנדערן אין פריילעכער אָדער טראַגישער דרייסטקייט. ביי זיי אַלעמען האָט זיך אַרויסגעוויזן דער מאַנגל פון איבעריקער יראת־הכבוד. די בראַווע דייטשע פאַרלעגער האָט עס טיילמאָל אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט. זיי האָבן געפילט, אַז זיי דאַרפן באַרויקן זייער געוויסן און זיי האָבן מוחל געווען פאסקאַלן, וואָס ער האָט אין איין טאָפּ אויסגעמישט קוכערס, טרעגערס, סאָלדאַטן און סתם האָלאָדרילעס, און בדרך־אגב האָבן זיי געטענהט, אַז פאסקאַל וואָלט איינגאַנצן אַנדערש גערעדט, ווען ער זאָל זען די הערלעכע מאָדערנע אַרמעען. זיי האָבן אויך נישט אויסגעמיטן צו דערמאָנען, ווי גליקלעך לעסינג האָט קאָרעגירט לאפאָנטענס משלים, ווי ער האָט, למשל, געפּאָלגט די עצה פון דעם געגנפער רוס, צו פאַרבייטן דעם קעז פון דער קראָ אויף אַ שטיק פאַרסמט פלייש, פון וועלכן דער בייזער

פוקס פגרט. „הלוואי זאָלט איר שטענדיק סם קריגן. איר פֿאַרשאָל־טענע חנופהניקעס".

אנטקעגן דעם נאַקעטן אמת האָבן זיי געפּינטלט מיט די אויגן. קריסטאָף האָט זיך אָבער געפרייט, ער האָט ליב געהאַט דאָס ליכט. טיילמאָל האָט ער זיך פון צייט צו צייט אָפּגעשטעלט. ער איז נישט געוווינט געווען צו אַזאַ גרענעצלאָזע אומגעבונדענע פרייהייט, וואָס אין די אויגן פון דעם פרייסטן דייטש, וועלכער, נישט געקוקט אויף אַלעמען, איז דאָך אויפגעוואַקסן אין אָרדנונג און דיסציפלין, זעט עס אויס ווי אַנאַרכיע. די פראנצויזישע איראָניע האָט אים גאָר צע־מישט. טייל זאַכן האָט ער אויפגענומען צו ערנסט. און אַנדערע, וואָס זענען באמת אומפשרהדיקע כּפירה, האָט ביי אים אויסגעזען ווי וויציקע פּאראַדאָקסן, אָבער ווי ס'זאָל נישט זיין, דורך פאַרוואונדע־רונג, צי דורך שטוינונג האָט דאָס אים פּאָרט צוגעצויגן וואָס־אַמאָל מער. ער האָט אויפגעהערט איינצוטיילן זיינע איינדרוקן, פון איין געפיל איז ער אַריבער צו אַ צווייטן. ער האָט געלעבט. די מונטער־קייט פון דער פראַנצויזישער דערציילונג, שאַמפּאַר, סעגור, דומא דער פאָטער, מערימע, — אויסגעמישט אַלע צוזאמען — האָבן אים דערהויבן דאָס האַרץ; פון צייט צו צייט האָט פון די זייטלעך פונקט ווי אַ ווינט־כוואַליע, אַ יאָג געטאָן דער שיכּורער, ווילדער ריח פון דער רעוואָלוציע.

ס'איז שוין געווען פאַרטאָג, ווען לואיזע, וואָס איז געשלאָפן אין דעם שכנותדיקן צימער, האָט זיך אויפגעכאַפּט און דורך די שפּאַלטן פון טיר האָט זי באמערקט דאָס שוואַכע ליכט אין קריי־סטאָפס צימער. זי האָט אים אָנגעקלאַפּט אין וואַנט און אים גע־פרעגט, צי ער איז נישט געזונט. אַ שטול האָט אַ סקריפּ געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע; די טיר האָט זיך געעפנט, און קריסטאָף איז אַרויסגעקומען אַ בלאַסער, אין העמד, האלטנדיק אַ לייכטער און אַ בוך אין די הענט און אָנגעהויבן מאכן משונהדיקע זשעסטן. לואיזע האָט זיך דערשראָקן, זיך אויפגעזעצט אין בעט און געטראַכט, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען. ער האָט אָנגעהויבן לאַכן און צו דעקלאַ־מירן אַ סצענע פון מאָליערן. שאָקלענדיק דערביי מיט דעם ליכט. אין מיטן אַ זאַץ האָט ער אַרויסגעשאָסן מיט נאָך אַ גרעסערן גע־לעכטער; ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע ביי לואי־זעס בעט, כּדי אָפּצוכאַפּן אָטעם. דאָס ליכט האָט אים געציטערט אין

די הענט, לואיזע האָט זיך באַרויקט און מיט אַ צערטלעך קול זיך צעשריגן אויף אים:

— וואָס איז דיר? וואָס איז דיר? גיי שוין שלאָפן, אומגליקלעך יינגל, דו ווייסט שוין גאָרנישט, וואָס מיט דיר טוט זיך.

ער אָבער האָט ווייטער געלאַכט:

— הער נאָר אויס אָט דאָס!

ער האָט זיך אַנטקעגנגעזעצט צו קאָפּנס פון בעט און איר נאָכאַמאָל אָנגעהויבן צו לייענען דעם פראַגמענט פון אָנהויב. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט קאָרינען, ער הערט איר שטיפערישע, קלינגענדיקע, און דורכדרינגלעכע שטים, לואיזע האָט זיך געוועדט:

— גיי שוין, גיי שוין, לייג זיך שלאָפן, דו וועסט זיך פאַרקילן, דו מאַטערסט מיך, לאָז מיך שלאָפן.

ער האָט נישט געפאָלגט און ווייטער געלייענט, ער האָט אויפגעהויבן זיין קול, געמאַכט מיט די הענט און זיך געשטיקט פון געלעכטער; יעדע ווײַלע האָט ער געפרעגט זיין מאַמען; „איז דאָס נישט וווּנדערלעך״? לואיזע האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן, זיך איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע און געענטפערט, זיך צוהאַלטנדיק די אויערן:

— טשעפּע זיך אָפּ פון מיר!

אָבער הערנדיק, ווי ער האָט געלאַכט, האָט זי שטיל געמוזט מיטלאַכן. לסוף האָט זי זיך אויפגעהערט צו ווערן. און ווען קריסטאָף האָט פאַרענדיקט לייענען דעם אַקט און אומזיסט געוואַרט, אַז זי זאָל אויסדריקן איר התפעלות, האָט ער זיך איינגעבויגן צו איר און דערזען, אַז זי שלאָפט. ער האָט אַ שמייכל געטאָן, אַ קוש געטאָן שטילערהייט אירע האָר און איז אויף די שפּיץ פינגער אַריין צו זיך אין צימער.

ער האָט זיך ווייטער געגריבלט אין די ביכער פון רייַנהאַרטס ביבליאָטעק: — פאַרשידענע ביכער, אָן קיין שום סדר האָט ער גענומען איין בוך נאָכן אַנדערן, ווי זיי זענען אים געקומען אין דער האַנט. קריסטאָף האָט אַלץ געשלונגען. עס איז אַזוי אויפגעוואַקסן אין

אים דאָס באַדערפעניש ליב צו באַקומען דאָס לאַנד פון קאָרינען און פון דער אומבאַקאַנטער, אַזוי שטאַרק איז געווען זיין באַגייסטערונג, אַז אפילו אין ווערק פון צווייטער מדרגה האָט ער אויך געפונען אַ זייטל אָדער אַן אויסדרוק, וואָס האָט אויף אים געווירקט, ווי דאָס בלאָזן פון אַ פריי, אָפּפרישנדיק ווינטל. ער האָט איבערגעטריבן, באַזונדערס, בעת ער האָט גערעדט מיט דער מאַדאַם ריינהאַרט, וועלכע האָט נישט אויפגעהערט איבערצוטרייבן נאָך מער פון אים. באמת איז זי געווען אומוויסנדיק ווי אַ גאַנז, פונדעסטוועגן האָט זי הנאה געהאַט צו ליבן די פראַנצויזישע קולטור ביזן הימל לגבי דער דייטשער קונסט, וואָס זי האָט מבטל געמאַכט אויף צופיקעניש איר מאַן, אין וועלכן זי האָט זיך אויף אַזאַ אופן נוקם געווען פאַר איר לאַנגווייליקייט אין קליינעם שטעטל.

ריינהאַרטן האָט עס פאַרדראָסן. אַ חוץ זיינע פאַך-קענטענישן איז ער געבליבן ביי די אַלגעמיינע השגות, וואָס ער האָט געקריגן אין שול. פאַר אים זענען די פראַנצויזן געווען געשיקט, קלוג אין פראַקטישן לעבן, פריינטלעך, באַרעדעוודיק, אָבער דערפאַר לייכטזיניק, נישט פעיק צו ערנסטע עמפינדונגען, נישט אויפריכטיק, אָן פילאָזאָפיע, אָן מוזיק. (אַ חוץ L'art poetique פון בעראַנזשע און פראַנסואַ קאָפּע), — אַ פאָלק מיט פאַטאָס און גרויסע זשעסטן, מיט ווערטער-גוזמאות און נבול-פה. ער האָט נישט פאַרמאָגט גענוג ווערטער צו זידלען די לאַטייבישע צעלאָזנקייט, און ס'האָט אים געפעלט אַן אַנדער וואָרט זיך אויסצודריקן, האָט ער אייביק גערעדט וועגן זייער „פריוואָליטעט", וואָס האָט אין זיינע אויגן, ווי אין די אויגן פון ס'רוב דייטשן געהאַט עפעס גאָר אַ העסלעכע באַדייטונג. לסוף פלעגט ער פאַרענדיקן מיט זיין געווינלעכן לויב-געזאַנג צום איידעלען דייטשן פאָלק, דאָס מאָראַלישע פאָלק, (מיט דעם, זאָגט הערדער, שיידט זיך עס אונטער פון אַלע אַנדערע פעלקער), דאָס געטרייע פאָלק (טריי — דאָס באַטייט אַלצדינג: אמתדיק, איבערגעגעבן, לאָיאַל, גערעכט), דאָס פאָלק איבער אמתן זין פון דעם וואָרט. ווי פיכטע האָט געזאָגט, — דער דייטשער כח איז דער סימבאָל פון יושר און אמת, — דער דייטשער געדאַנק, דאָס דייטשע געמיט, די דייטשע שפּראַך, — אָט די איינציקע אָריגינעלע שפּראַך, וואָס איז אָפּגעהיט אין איר ריינקייט ווי די ראַסע גופא, די דייטשע פרויען, דער דייטשער וויין, דער דייטשער

געזאַנג... „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס, איבער אַלעס אין דער וועלט!"

קריסטאָף האָט זיך געוועדט. מאַדאַם רייַנהאַרט האָט געפּילדערט. אַלע דריי האָבן זיי געשריגן און געליאַרעמט און פונדעסטוועגן זענען זיי דורכגעקומען צווישן זיך, אין תוך האָבן זיי אַלע דריי גאַנץ גוט געוווּסט, אַז זיי זענען גוטע דייטשן.

קריסטאָף פלעגט קומען אַ ביסל פלוידערן, עסן און שפּאַצירן מיט זיינע נייע פריינד. לילי רייַנהאַרט האָט אים צעפּיעשטשעט און געקאָכט פאַר אים פראַכטפולע מאָלצייטן. זי האָט זיך פּשוט מחיה גע- ווען, געפינענדיק אַן אויסרייד איר אייגענעם מאָגן-אַפּעטיט אָנצושטאָפּן. איר אויפמערקזאַמקייט צו אים האָט זי אויסגעדריקט מיט אירע גע- פילן אין קאָך-קונסט: צו קריסטאָפס געבורטסטאָג האָט זי אָפּגעבאַקן אַ טאָרט, מיט צוואַנציק אַריינגעשטעקטע ליכט אין אים, און אין מיטן איז געשטאַנען אַ גריכיש-געקליידעטע צוקער-פיגור, וואָס האָט געזאָלט פאָרשטעלן איפיגעניע מיט בלומען אין דער האַנט. קריסטאָף, אין טיפן האַרצן אַ דייטש, איז גערירט געוואָרן פון דעם דאָזיקן שרייענדיקן און גראָבלעכן אויסדרוק פון אויפריכטיקער האַרציקייט.

אָט די אויסגעצייכנטע רייַנהאַרטס האָבן אויסגעפונען נאָך אַנ- דערע צאַרטערע המצאות אים אַרויסצווייזן זייער אַקטיווע פריינטלעכ- קייט. רייַנהאַרט וואָס האָט אַליין קיין נאָטן נישט פאַרשטאַנען, האָט לויט דער עצה פון זיין פרוי אויסגעקויפט, ביי אַ צוואַנציק עקזעמפּ- ליאַרן פון קריסטאָפס „לידער" (די ערשטע עקזעמפּלאַרן, וואָס זענען בכלל פאַרקויפט געוואָרן) און האָט זיי צעשיקט איבער דייטשלאַנד אין פאַרשידענע ערטער צו זיינע באַקאַנטע אין די אוניווערזיטעטן, אויך האָט ער זיי געשיקט אין לייפּציק און אין בערלין צו די בוכהענדלער, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג צוליב זיינע שול- ביכער. אָט דער דאָזיקער רירענדער און אומגעשיקטער פּרווו האָט, אגב, נישט געבראַכט קיין שום פּעולה, לכל הפּחות אין דער ערשטער צייט. די צעשיקטע „לידער" זענען דאָרטן ווי אין וואַסער אַריין: קיינער האָט זיי נישט דערמאָנט. די רייַנהאַרטס האָבן זיך דאָס גע- נומען שטאַרק צום האַרצן, און זיי האָט הנאה געטאָן, וואָס זיי האָבן קריסטאָפן נישט דערציילט וועגן דעם, עס וואָלט אים בלי ספק שטאַרק געקרענקט. אין דער אמתן אָבער גייט קיין שום זאַך אויף דער וועלט, ווי דער שטייגער איז, — נישט פאַרלוירן. קיין שום אָנ-

שטרענגונג גייט נישט לאיבוד. יאָרן קאָנען אַוועק, מיזאָל גאָרנישט נישט הערן. און פּלוצלינג — אין אַ שיינעם פרימאָרגן, דערזעט מען, אַז דער געדאַנק האָט זיך דורכגעשלאָגן זיין וועג. ווער קאָן וויסן, צי קריסטאָפס „לידער" האָבן נישט דערגרייכט די הערצער פון עטלעכע בראַווע, עמפינדלעכע מענטשן, וואָס שטעקן ערגעץ אין דער פּראָווינץ, וועלכע זענען צו שעמעוודיק אָדער ווייניק ענערגיש זיך אָפּצורופן?

איין און איינציקער נאָר האָט געשריבן. צוויי-דריי חדשים נאָכ־דעם, ווי ריינהאַרט האָט די „לידער" פונאַנדערגעשיקט, איז אָנגעקומען אַ געפיל-פולער, צערעמאָניאַלער און באַגייסטערטער בריוו, צו קריסטאָפן. דער בריוו איז אָנגעשריבן געווען אין אַלטמאָדישן סטיל, ער איז געקומען פון אַ קליינער שטאָט אין טורינגען, געחתמעט פון:

אוניווערזיטעט-מוזיק-דירעקטאָר

פּראָפעסאָר ד"ר פּעטער שולץ.

ס'איז געווען אַ גרויסע שמחה פאַר קריסטאָפן און נאָך מער פאַר ריינהאַרטן, ווען ער האָט דעם בריוו, וואָס ער האָט צוויי טאָג פאַרגעסן ביי זיך אין קעשענע, געעפנט ביי זיך אין שטוב. זיי האָבן אים צוזאַמען געלייענט. שטילערהייט האָט זיך ריינהאַרט באַדייטנדיק איבערגעקוקט מיט זיין פרוי. קריסטאָף האָט עס נישט באַמערקט. ער האָט געשטראַלט. פּלוצלינג האָט ריינהאַרט באַמערקט, ווי זיין פּנים פאַרוואָלקנט זיך. ער האָט אויפגעהערט צו לייענען.

— נו. פאַרוואָס לייענסטו נישט ווייטער? — האָט אים ריינ־האַרט געפרעגט.

(זיי האָבן זיך שוין געדוצט)

קריסטאָף האָט אַ וואָרף געטון דעם בריוו אויפן טיש מיט כּעס.

— ניין, צום טייוול! ס'איז אַן אומזין! — האָט ער געענט־פערט.

— וואָס איז?

— לייען!

ער האָט זיך אויסגעדרייט צום טיש מיטן רוקן און אַן אויפגע־רעגטער זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל.

ריינהאַרט מיט זיין פרוי האָבן ווייטער געלייענט און גאָרנישט נישט געפונען אַ חוץ אויסדרוקן פון גרעסטער התפּעלות.

—איך זע גאָרנישט, — האָט ער געזאָגט פאַרווונדערט.

— דו זעסט נישט? דו זעסט נישט?... — האָט קריסטאָף גע־

שריגן, האַלטנדיק דעם בריוו אים פאַר די אויגן. — קענסט נישט לייענען? זעסט נישט, אַז ער איז בראַהמס אַן אָנהענגער?

ערשט דאַן האָט ריינהאַרדט דערזען, אַז דער מוזיק־דירעקטאָר פאַרגלייכט קריסטאָפס לידער צו די לידער פון בראַהמסן. קריסטאָף האָט זיך געקלאָגט:

— אַ שיינער פריינט! געפין איך ווען אַ פריינט, איז איידער וואָס ווען פאַרליר אים איך גלייך.

ער איז געווען אויסער זיך פון דעם פאַרגלייך. וואָלט מען אים נישט אָפּגעהאַלטן תיכף ומיד צו ענטפערן, וואָלט ער געווען אָנגעשריבן יענעם אַ בריוו פיל מיט זלזולים. גאַנץ מעגלעך, ווען ער טראַכט זיך איבער וועגן דעם, וואָלט ער בכלל נישט געענטפערט און דאָס וואָלט ביי אים אויסגעזען פיין און שכלדיק. צו זיין גליק האָבן אים די ריינהאַרטס, אַמוזירנדיק זיך מיט זיין שלעכטער שטי־מונג, אָפּגעהאַלטן פון צו באַגיין אַ נייעם שטות. עס האָט זיך זיי אפילו איינגעגעבן צו ווירקן אויף אים ער זאָל ענטפערן מיט אַ דאַנק־בריוו. דער ענטפער אָבער איז נישט געווען געשריבן מיטן גאַנצן האַרצן. ער איז געווען קאַלט און אָנגעצויגן. אָבער דאָס האָט די באַגייסטערונג פון פעטער שולץ נישט אָפּגעקילט. ער האָט גע־שיקט נאָך צוויי־דריי בריוו, וואָס זענען געווען זייער האַרציק. קרי־סטאָף איז נישט געווען קיין גוטער בריוו־שרייבער; און הגם ער האָט זיך שוין לאַנג געלאָזט איבערבעטן מיט זיין אומבאַקאַנטן פריינד, צוליב דער אויפריכטיקער האַרציקייט און ליבשאַפט, וואָס ער האָט אַרויסגעפילט צווישן די שורות פון יענעמס בריוו, האָט ער דאָך איבערגעריסן די קאָראַספּאָדענץ. סוף־כל־סוף איז שולץ אויך פאַרשוויגן געוואָרן. קריסטאָף האָט מער וועגן אים נישט געטראַכט.

---

ער האָט זיך געזען מיט די ריינהאַרטס יעדן טאָג, און אַמאָל— אויך עטלעכע מאָל אין טאָג. כמעט יעדן אָוונט האָבן זיי פאַרבראַכט צוזאַמען. נאָך אַ גאַנצן איינזאַמען טאָג, אַריינגעטאָן אין זיך אַליין, האָט ער געהאַט די פסיכישע באַדערפעניש צו רעדן, צו דערציילן אַלץ, וואָס ביי אים אויפן רעיון אפילו דאַן, ווען מען האָט אים

נישט פאַרשטאַנען; ער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש צו לאַכן פון וואָס עס זאָל נישט זיין אָדער בכלל אָן אַ סיבה, זיך אויסצולאָדן, זיך צעשטרייטן.

ער האָט פאַר זיי געשפילט, ווייל ער האָט נישט געוווסט קיין אַנדער אופן, ווי זיי אויסצודריקן זיין דאַנקבאַרקייט. פלעגט ער זיך אַוועקזעצן ביי דער פיאַנע און אָפּשפילן גאַנצע שעהן. מאַדאַם רייגהאַרט איז איבגאַנצן נישט געווען מוזיקאַליש און מיט גרויס מי האָט זי זיך איינגעהאַלטן פון געגעצן. אָבער פון ליבשאַפט צו קריסטאָפן האָט זי זיך געמאַכט, ווי זי וואָלט זיך מיט זיין שפילן, געבלומרשט, שטאַרק פאַראינטערעסירט. רייגהאַרט, וואָס איז נישט געווען מער מוזיקאַליש, ווי זיין פרוי, איז אָבער אַמאָל גערירט געוואָרן פון געוויסע פראַגמענטן, זייטלעך אָדער מוזיקאַלישע זאַצן; דעמאָלט איז זיין התפעלות דערגאַנגען ביז טרערן, און דאָס האָט ביי אים אויסגעזען שרעקלעך נאַריש. ווייטער האָט ער להלוטין גאָרנישט געפילט, ס'איז געווען ביי אים אַ פוסטער גערויש. ער האָט געכאַפּט התפעלות דווקא פון די ערגערע ערטער, פון די שטעלן, וואָס האָבן גאָרנישט נישט אויסגעדריקט. ביידע האָבן זיי זיך איינגערעדט, אַז זיי פאַרשטייען קריסטאָפן, און אויך קריסטאָף האָט זיך עס געוואָלט איינרעדן, צייטנווייז אָבער פלעגט אים אָנפאַלן אַ בייזוויליקער פאַרלאַנג צו טרייבן פון זיי קאַטאָוועס: ער פלעגט זיי אונטערשטעלן אַ פיסל און שפילן גלאַט אין דער וועלט אַריין, וואָס האָט קיין שום זין נישט געהאַט, עפּעס אַ שטות פון פאָפּערי און זיי איינגערעדט, אַז דאָס איז זיינס... ערשט ווען זיי האָבן געגומען כאַפּן גרויס התפעלות, האָט ער זיי אויסגעזאָגט דעם אמת. דערנאָך האָבן זיי זיך שוין גענומען צו היטן: ווען קריסטאָף פלעגט מיט אַ געהיימניספולער מינע ווידער נעמען עפּעס שפילן פאַר זיי, זענען זיי זיכער געווען, אַז ער וויל זיי ווידער אַריינגאַרן אין זאַק אַריין, און זיי האָבן אָנגעהויבן קריטיקירן. קריסטאָף האָט זיי געלאָזט רעדן, האָט זיי צוגעגעבן היץ איינשטימענדיק, אַז די מוזיק האָט קיין שום ווערט נישט, און פלוצלונג פלעגט ער אויסשיסן מיט אַ געלעכטער.

— שלימזלען! איר זענט גערעכט! די מוזיק איז מיינע!

ער האָט זיך געפרײט, ווי מלך אויפן טראָן מיט דעם, וואָס ער האָט זיי אָפּגענאַרט. די פרוי רייגהאַרט האָט עס אַביסל געאַרט

און אים אַ לייכטן קלאַפּ געטאָן; אָבער ער האָט געלאַכט אַזוי האַר־ציק, אַז זיי ביידע האָבן געמוזט מיטלאַכן. זיי האָבן זיך בכלל נישט איינגערעדט, אַז זיי זענען פריי פון פעלערן. און מחמת זיי האָבן נישט געקאָנט אַריינטרעפן אין קאַרב, האָט לילי ריינהאַרט אָפּגעמאַכט ביי זיך אַלץ צו קריטיקירן, און דער מאַן — אַלץ צו לויבן. אויף אַזאַ אופן זענען זיי זיכער געווען, אַז מיט איינעם פון זיי וועט דאָך קריסטאָף מוזן מסכים זיין.

אין דער אמתן האָט זיי נישט צוגעצויגן קריסטאָף דער מוזי־קער, נאָר קריסטאָף דער ווילדער יונגערמאַן, דער אַ ביסל־משוגענער, אָנגענעמער און לעבעדיקער. וואָס מער זיי האָבן געהערט, ווי מען רעדט אויס אויף אים אַלדאָסבייז, האָבן זיי אים מער מקרב געווען. זיי האָט אויך געדריקט די שטעטלדיקע לופט, פונקט ווי אים, זיי זענען אויך געווען, ווי ער, אָפנהאַרציק, מיט אַ זעלבסטשטענדיקער מיינונג און געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ גרויס קינד, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט צום לעבן און וואָס פאַלט אַ קרבן פון זיין פרייען גייסט.

קריסטאָף האָט זיך נישט געמאַכט קיין שום אילוזיעס בנוגע זיינע נייע פריינד. ס'האָט אים אַריינגעבראַכט אין מרה שחורה ווען ער האָט דערפילט, אַז זיי פאַרשטייען נישט דאָס טיפע פון זיין מהות און אַז זיי וועלן עס קיינמאָל נישט פאַרשטיין. אָבער ער איז שוין אַזוי אָפּגעוויינט געווען פון יעדער פריינדשאַפט, אַז ער האָט פאַרמאָגט אַזאַ באַדערפעניש דערצו, אַז ער האָט געפילט צו זיי די גרעסטע דאַנקבאַרקייט דערפאַר, וואָס זיי זענען אַזוי גוט און ווייזן אַרויס צו אים אַ קליין ביסעלע ליבע. די נסיונות פון לעצטן יאָר האָבן אים עפּעס אויסגעלערנט. ער האָט אויפגעהערט צו אָנערקענען זיין רעכט אויף צו בלייבן. מיט צוויי יאָר צוריק וואָלט ער נישט געווען אַזוי געדולדיק. מיט אַ שמייכל פון חרטה האָט ער געטראַכט וועגן זיין שטרענגקייט בנוגע די בראַווע און לאַנגווייליקע איילערס. אַך! ווי קלוג ער איז געוואָרן. ער האָט אַ שטילן זיפץ געטאָן, אָבער אַ פאַרבאָרגענע שטימע האָט אים אַריינגעשעפּטשעט:

— יאָ, אָבער אויף ווי לאַנג?

דאָס האָט אים געבראַכט צו אַ שמייכל און אים געטרייסט.

וואָס וואָלט ער נישט אַוועקגעגעבן פאַר אַ פריינד, אַן איינציקן פריינד, וואָס זאָל אים פאַרשטיין און אָנטייל נעמען אין זיין לעבן!—

הגם ער איז נאָך געווען גענוג יונג, האָט ער שוין פאַרמאָגט אַזוי־ פיל לעבנס־דערפאַרונג צו וויסן, אַז דאָס איז אַזאַ ווונש, וואָס דאָס לעבן גיט זעלטן־ווען נאָך, און אַז ער האָט נישט פאַרדינט צו זיין גליקלעכער, ווי די גרעסטע צאָל אמתע קינסטלער, וואָס האָבן געלעבט פאַר אים. ער האָט געלייענט די לעבנס־געשיכטע פון עלטערע קינס־ טלער. פון די ביכער אין ריינהאַרטס ביבליאָטעק האָט ער זיך דער־ וווסט וועגן די מוראדיקע יסורים, וואָס עס זענען אויסגעשטאַנען די דייטשע מוזיקער פון זיבעצעטן י״ה. אויף דער אינערלעכער רויקייט און פעסטקייט פון די דאָזיקע גרויסע גייסטער, האָט עדות געזאָגט דער גרעסטער פון זיי, דער אייזערנער שוץ, וואָס האָט זיך דורכ־ געשלאָגן זיין וועג צווישן מלחמות, דורך ברענענדיקע שטעט, דורך די פראָווינצן, ווו די מגפה האָט געבושעוועט, בעת דאָס גאַנצע פאָ־ טערלאַנד איז געווען באַלאַגערט פון מחנות מיליטער, צעטראָטן אונ־ טער די פיס פון אייראָפע, פאַרמאַטערט, אויסגעשעפּט, דערשלאָגן, דערנידעריקט אין איר אומגליק, אָן כּוח מער זיך ווידערצושטעלן, אונטער אַלעמען אונטערטעניק און אָן יעדן פאַרלאַנג, אויסער דעם פאַרלאַנג נאָך רו. קריסטאָף האָט געטראַכט: ווער האָט עס, נאָך אַזאַ מין ביישפּיל, דאָס רעכט זיך צו באַקלאָגן? קיין צוהערער האָבן זיי נישט פאַרמאָגט, קיין צוקונפט האָט פאַר זיי נישט געשיינט. אָבער זיי האָבן געשריבן פאַר זיך און פאַר גאָט. וואָס זיי האָבן געשריבן היינט, האָט דער מאָרגנדיקער טאָג געקאָנט צעשטערן. און פונדעסט־ וועגן האָבן זיי כּסדר געשריבן און זענען אפילו נישט געווען טרויע־ ריק; קיין שום זאַך אויף דער וועלט איז נישט בכּוח געווען זיי אַראָפּצושלאָגן פון זייער גוטמוטיקייט און דרייסטקייט, זיי האָבן זיך באַנוגנט מיט זייער געזאַנג, און פונם לעבן האָבן זיי נישט מער פאַרלאַנגט — ווי דאָס לעבן, צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, אויסצודריקן זייערע געדאַנקען און צו געפינען אַ צוויי דריי מענטשן, ווילע, פשוטע, אמתע נישט דווקא קיין קינסטלער, וועלכע האָבן זיי געוויס נישט פאַרשטאַנען, אָבער וואָס האָבן פאַרדינט צוטרויען.

ער האָט נאָך נישט געקענט די רשעות פון די קליינע שטעט־לעך. די שנאה ביי די קליינשטעטלדיקע איינוווינער איז אַן איינגע־געסענע, און נאָך מער דערעסן איז זי, ווייל זי איז אַ שנאת־חינם. דער געוויינלעכער האַס, דער האַס צוליב עפּעס אַ סיבה ווערט איינ־געשטילט אין דער מינוט, בעת ער האָט דערגרייכט זיין פאַרלאַנג. אָבער מענטשן, וואָס טוען בייז פאַר לאַנגווייליקייט, לייגן קיינמאָל דאָס געווער נישט אַוועק, ווייל זיי הערן קיינמאָל נישט אויף זיך צו לאַנגווייליקן. פאַר זייער וויסטער גיריקייט איז קריסטאָף געווען אַ פּאַרטיקע שפּייז. ער איז בלי ספק געווען אַ געשלאָגענער, אָבער ער האָט געהאַט דעם מוט צו באַהאַלטן עס פון פרעמדע אויגן. ער האָט קיינעם נישט אָנגערירט, אָבער קיינער איז אים נישט אָנגעגאַנ־גען. ער האָט גאָרנישט פאַרלאַנגט, האָט מען אים במילא גאָרנישט געקאָנט טון. ער איז געווען גליקלעך מיט זיינע נייע פריינד, און ער פלעגט גלייכגילטיק אויפנעמען אַלץ, וואָס אַנדערע האָבן אויף זיי גערעדט אָדער געטראַכט. אַזאַ זאַך האָט מען נישט געקאָנט אים מוחל זיין. נאָך שטאַרקער פאַרדראָסן האָט זיי די מאַדאַם ריינהאַרט. די פריינדשאַפט, וואָס זי האָט, צו להכעיס דאָס גאַנצע שטעטל, אַרויס־געוויזן צו קריסטאָפן, און בכלל איר גאַנצע הנהגה האָט ביי זיי אויס־געזען, ווי אַן אַרויספאָדערונג דער גאַנצער עפנטלעכער מיינונג. אין דער אמתן אָבער האָט די גוטע לילי ריינהאַרט נישט געמיינט קיינעם צו טון צו־להכעיס און מיט קיינעם נישט זיך צו רייצן. זי האָט נאָר געטון דאָס, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר גוט, נישט געזאָרגט דערביי וועגן דער מיינונג פון אַנדערע. אָבער דאָס טאַקע האָט זיי צום מערסטן פאַרדראָסן.

מען האָט זיי גענומען נאָכשפּירן, אָבער זיי האָבן זיך אויף דעם נישט אומגעקוקט. ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען אָדער אפילו בעת זיי זענען געזעסן אין שטוב אויפן באַלקאָן, געלאַכט און געפּלוידערט, האָט זי מיט איר שטיפעריי און ער מיט זיין איבעריקן מוט פאַרגעסן יעדע פאָרזיכטיקייט. אין דער פאַרטרוילעכקייט פון זייערע ווערטער און באַנעמונגען האָבן זיי זיך אויף אַ תמימותדיקן אופן געלאָזט גיין אַזוי ווייט, אַז עס איז געוואָרן אַ גוטער גרונט פאַר אַלערליי רכילות.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט קריסטאָף באַקומען אַן אַנאָנימען בריוו, אין וועלכן מען האָט אים אויף אַ מיאוסן, דערנידערנדיקן

אופן פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז דער פרוי ריינהאַרטס אַ געליבטער. ער איז געוואָרן אינגאַנצן אַפּהענטיק. ס'איז אים קיינמאָל אין לעבן אויפן רעיון נישט אַרויפגעקומען צו פאַרפירן מיט איר אַ ליבע, און אַפילו אַ פלירט. ער איז געווען דערויף צופיל ערלעך. צו פאַראַט און צו זנות האָט ער געפילט אַן עקל פון אַ פוריטאַנער. בלויז דער געדאַנק וועגן אַזאַ מין ברודיקן שותפות האָט אין אים דערוועקט אַ פיזישן און אַ מאָראַלישן עקל. צו באַזיצן די פרוי פון זיין פריינד איז ביי אים געווען אַ שווער פאַרברעכן, און לילי ריינהאַרט איז בלי ספק געווען פון די לעצטע, וואָס וואָלט געפועלט ביי זיך אים צו דערפירן דערצו! די פרוי, נעבעך, איז אפילו נישט געווען שיין פאַר אַן אויסרייד, און אפילו אַ שאָטן פון ליבע איז ביי זיי נישט געווען.

פאַרשעמטערהייט און פאַרלעגן איז ער ווידער געגאַנגען צו זיינע פריינט. אָבער ער האָט זיי געפונען פונקט אין דער זעלביקער שטימונג, וואָס ער. יעדער איינציקער פון זיי האָט באַזונדער דער־האַלטן אַזאַ אַנאָנימען בריוו, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין מוט איינער דעם אַנדערן צו פאַרטרויען עס. אַלע דריי האָבן געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן, זיך מורא געהאַט אַ ריר צו טון, נאָכ־געקוקט זיך און אָפּגעטון נאַרישקייטן. ווען לילי ריינהאַרט מיט איר זאָרגלאָזער נאַטור האָט אַ ווײַלע פאַרגעסן און האָט ווידער ווי אַמאָל גענומען שפּאַסן און טרייבן קאַטאָוועס, האָט זי זיך פּלוצלינג אָנגע־טראָפן מיט איר מאַנס בליק אָדער מיט קריסטאָפס, די מעשה מיטן בריוו האָט איר אַ שלאָג געטון אין מוח, און צעטומלטערהייט איז זי געבליבן שטיל מיט אַ פאַרגליווערטן שמייכל אויף איר פנים. פונקט אַזוי איז געווען מיט קריסטאָפן און ריינהאַרטן; יעדערער פון זיי האָט געטראַכט:

— ווייסן זיי אויך דערפון?

פונדעסטוועגן האָבן זיי באַרנישט נישט געזאָגט און געפּרוווט ווייטער לעבן צוזאַמען, ווי ביז איצט.

אָבער די אַנאָנימע בריוולעך האָבן נישט אויפגעהערט צו קומען. און וואָס אַמאָל זענען זיי געוואָרן מער חוצפּהדיק און אומפאַרשעמט. אַלע דריי זענען אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון שטענדיקער חרפּה און אומדערטרעגלעכער שעמעוודיקייט. ווען די בריוו זענען אָנגעקו־מען, האָבן זיי נישט געהאַט גענוג פעסטקייט זיי צו פאַרברענען. זיי האָבן זיך באַהאַלטן און אויפגעעפנט זיי מיט ציטערנדיקע הענט.

דאָס האַרץ האָט זיי אויפגעהערט צו שלאָגן, בעת זיי האָבן פונאַנדערגענומען די זייטלעך פּאַפּיר און געלייענט דאָס, וואָס זיי האָבן מורא געהאַט — פּקחותדיקע געמיינע דערפינדונגען, אַלץ אין דער זעלביקער טעמע, נאָר מיט אַ נייער וואַריאַציע פון אַ מענטשן, וואָס זוכט אָנצוטון רשעות. האָבן זיי שטיל געוויינט. זיי האָבן אָן אויפהער, ביז משוגעת, געבראָכן דעם קאָפּ, ווער קאָן עס זיין אָט דער מנוול, וואָס האָט זיך פאַרנומען אַזוי עקשנותדיק צו רודפן זיי.

איינמאָל האָט מאַדאַם רייַנהאַרט זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און זיך געקלאָגט פאַר איר מאַן, ווי מען פייניקט זי. און ער דערציילט איר מיט טרערן אין די אויגן, אַז אויך ער ליידט דערפון. זאָל מען רעדן וועגן דעם מיט קריסטאָפן? זיי האָבן נישט געהאַט דערצו קיין מוט, מען מוז אים אָבער דאָך וואָרענען, אַז ער זאָל זיך היטן.

נאָך די ערשטע עטלעכע ווערטער, וואָס די רויט געוואָרענע מאַדאַם רייַנהאַרט האָט קריסטאָפן געזאָגט, האָט זי צו איר שרעק דערזען, אַז אויך ער דערהאַלט אַזעלכע מיני בריוו. אַזאַ פאַרביסענע רשעות האָט זיי אַרויסגעבראַכט פון די כּלים. פרוי רייַנהאַרט האָט מער נישט געצווייפלט, אַז די גאַנצע שטאָט גייט כּאַדאָראָם. און אָנשטאָט זיך אויפצומונטערן, האָבן זיי איינער ביים אַנדערן אָפּגענומען דעם מוט. זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו טון. קריסטאָף האָט זיך געקאָכט, אַז ער וועט עמעצן דעם קאָפּ צעשפּאַלטן. אָבער וועמען? דערצו אָבער וועט מען דעם סקאַנדאַל נאָך מער צעפלאַקערן!... איבערגעבן די בריוו צו דער פּאָליציי? וועט מען דאָס נאָך מער צעפּויקן. זיך מאַכן נישט וויסנדיק — ס'איז שוין געוואָרן פּשוט אוממעגלעך. זייערע פריינטלעכע באַציונגען זענען שוין צעשטערט געווען. הגם רייַנהאַרט האָט געגלויבט באמונה שלמה אין דער ריינקייט פון די באַציונגען צווישן קריסטאָפן מיט זיין פרוי, האָט ער קעגן זיין ווילן זיי דאָך חושד געווען. ער האָט געפילט, ווי מיאוס און נאַריש עס איז, וואָס ער האָט אַזעלכע געדאַנקען. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט נישט צו לייגן קיין אַכט אויף דעם און צו לאָזן אַליין קריסטאָפן מיט זיין פרוי, אָבער ער האָט געליטן דערפון, און זיין פרוי האָט עס באַמערקט.

און מיט איר איז געווען נאָך ערגער. ביז איצט האָט זי קיינמאָל נישט געטראַכט צו פלירטעווען מיט קריסטאָפן, און פּונקט אַזוי

ווייניק אויך קריסטאָף מיט איר. די דאָזיקע געמיינע בריוו אָבער האָבן אין איר דערוועקט דעם לעכערלעכן געדאַנק, אַז קריסטאָף איז אפשר סוף כּל סוף פאַרליבט אין איר. און הגם ער איז געווען הימל־ווייט איר עפּעס אַזוינס צו דערקלערן, האָט זי דאָך געהאַלטן, אַז ס'איז גלייכער זיך צו היטן פון אים. זי האָט עס נישט געטון אויף אַ פּשוטן שטייגער, נישט מיט קיין אנצוהערענישן אפילו, נאר מיט אַן אומגעלומפּערטער פאַרזיכטיקייט, וואָס קריסטאָף האָט לכתּחילה נישט פאַרשטאַנען, און ווען ער האָט זיך שפּעטער געכאַפּט אויף דעם, איז ער געוואָרן אש־להבה. ס'איז געווען נאַריש ביז צו לאַכן און צום וויינען. ער זאָל זיין פאַרליבט אין אָט דער בראַוווער, בירגערלעכער פרוי, וואָס איז אפילו גוט, אָבער אַזוי מיאוס און איינפאַך. און זי האָט עס געקאָנט גלויבן! ווען ער וואָלט זיך כאָטש פאַרטיידיקן און אַ זאָג טון צו איר מאַן:

— קינדער, זייט רויק, עס איז אויסער יעדער געפאַר...

אָבער ניין, ער קאָן אָט די דאָזיקע אויסגעצייכנטע מענטשן נישט פאַרשאַפן קיין יסורים. דערצו האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אויב ז' שטעלט זיך אַנטקעגן דער מורא, ער זאָל זי ליב קריגן, איז אַ סימן, אַז זי איז שוין פון פריער געניי̆גט אים ליב צו האָבן שטילערהייט. די אַנאָנימע בריוו האָבן גורם געווען, אַז אים זאָל איינפאַלן אַזאַ ראָמאַנטישער, נאַרישער געדאַנק.

זייערע באַציונגען זענען דערווייל געוואָרן אַזוי נאַריש און אָנגעשטרענגט, אַז ס'איז נישט געווען צו דערטראָגן. לילי ריינהאַרט, וואָס איר גאַנצער כּוח איז געווען איר מויל־מלאכה, און דערצו געהאַט אַ שוואַכן ווילן, האָט סוף כּל סוף געבויגן איר קאָפּ אונטער דער שטעטלדיקער רשעות. זי און איר מאַן האָבן אָנגעהויבן צו געפינען אַלערליי מיאוסע אויסריידן, כּדי זיך נישט צוזאַמענצוקומען מיט קריסטאָפן.

„די מאַדאַם ריינהאַרט איז קראַנק... ריינהאַרט איז פאַרנומען.. זיי זענען אָפּגעפאָרן אויף עטלעכע טעג".

אומגעלומפּערטע ליגנס, וואָס דער צופאַל האָט מיט צולהכעיסדיקן פאַרגעניגן אויפגעדעקט.

אָבער קריסטאָף, וואָס איז געווען מער אָפנהאַרציק איידער זיי, האָט געזאָגט:

— לאָמיר זיך צעשיידן, טייערינקע! מיר זענען נישט גענוג שטאַרק.

די ריינהאַרטס האָבן געוויינט. נאָך דעם צעשיידן זיך האָבן זיי זיך אָבער געפילט דערלייכטערט.

די שטאָט האָט זיך געקאָנט פרייען מיט איר נצחון. דאָס מאָל איז שוין קריסטאָף אינגאַנצן געבליבן אַליין. מען האָט צוגערויבט ביי אים דעם לעצטן אָטעם, דאָס ביסל, וואָס אָן דעם קאָן קיין מענטש-לעך האַרץ נישט לעבן, — די פריינטשאַפט פון מענטשן

ער האָט מער קיינעם נישט געהאַט. אַלע זיינע פריינד זענען פון אים אַוועק. דער טייערער גאָטפריד, וואָס פלעגט אַמאָל אים קו-מען צו-הילף אין שווערע שעהן און וואָס אין זיין הילף האָט ער זיך איצט אַזוי שטאַרק גענויטיקט, איז שוין זינט עטלעכע חדשים אַוועק פון אים, — און דאָסמאָל אויף אייביק. אַ געווויסן אָוונט, דעם לעצטן זומער, האָט אַ בריוו, געשריבן מיט אַ גרויסן כתב און מיט אַן אַד-רעס פון אַ ווייטער געגנט, געבראַכט לואיזען די ידיעה, אַז איר ברו-דער איז געשטאָרבן, בעת איינער פון זיינע וואַנדערונגען, וואָס דער דאָרף-גייער האָט עקשנותדיק געמאַכט, נישט געקוקט אויף זיין שלעכטן געזונט-צושטאַנד. מ׳האָט אים דאָרטן געבראַכט צו קבורה אויפן אָר-טיקן בית-עולם. די לעצטע אמתע און ערנסטע פריינדשאַפט, וואָס איז מסוגל געווען אַרויסצוהעלפן קריסטאָפן, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין קבר. ער איז געבליבן איינער אַליין מיט זיין אַלטער מאַמע, וואָס איז געווען גלייכגילטיק צו זיינע געדאַנקען, — וואָס האָט געקאָנט אים נאָר ליב האָבן, אָבער נישט פאַרשטיין. אַרום אים — דער ריזיקער דייטשער פליין, דער טונקעלער אָקעאַן. ביי יעדער אָנשטרענגונג זיך אַרויסצורייסן, איז ער נאָך טיפער געזונקען אין זומפּ. און די פיינט-לעכע שטאָט האָט זיך צוגעקוקט, ווי ער טרינקט זיך...

און בעת ער האָט זיך אַזוי געראַנגלט, איז אים, ווי אַ בליץ אין מיטן דער נאַכט דערשינען דאָס בילד פון האַסלערן דעם גרויסן מו-זיקער, וואָס ער האָט אַמאָל, אין די קינדער-יאָרן, ליב באַקומען, און וואָס זיין רום האָט איצט געשטראַלט אין גאַנץ דייטשלאַנד. ער האָט זיך דערמאָנט אָן האַסלערס אַמאָליקע הבטחות, און ער האָט זיך מיט אַ פאַרצווייפלטער עקשנות אָנגעקלאַמערט אָן דעם דאָזיקן רעטונגס-ברעט.

האַסלער האָט אים געקאָנט ראַטעווען! האַסלער מוז אים ראַטעווען! וואָס פֿאַרלאַנגט ער דען פֿון אים? נישט קיין שטיצע, נישט קיין געלט, נישט קיין מאַטעריעלע שטיצע פֿון אַן אַנדער מין. גאָרנישט, בלויז — ער זאָל אים פֿאַרשטיין. האַסלער איז געווען פֿאַרפֿאָלגט, ווי ער. האַסלער איז געווען אַ פֿרייער מענטש, ער וועט זיכער פֿאַרשטיין אַ פֿרייען מענטשן, וואָס די דייטשע דורכשניטלעכקייט איז ביייזוויליק רודף און וויל אים צעברעכן. ביידע האָבן זיי געפֿירט איין מלחמה.

ווי־נאָר דער געדאַנק האָט אין זיין קאָפּ אויפֿגעבליצט, האָט ער אים תיכף גענומען אויספֿירן. ער האָט געזאָגט דער מאַמע, אַז ער וועט אַכט טאָג נישט זיין אין דער היים; און אין דעם זעלבן אָוונט האָט ער זיך געזעצט אויף דעם צוג, וואָס איז געגאַנגען אין דער גרויסער צפֿון־דייטשער שטאָט, ווו האַסלער איז געווען קאַפּעלמייסטער. ער האָט לענגער נישט געקאָנט וואַרטן. ס'איז געווען דער לעצטער פּרווו אָפּצואָטעמען פֿריי.

האַסלער איז געווען באַרימט. ער האָט געהאַט זייער פֿיל קעגנער; זיינע פֿריינד אָבער האָבן געשריען, אַז ער איז דער גרעסטער מוזיקער אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, געגנוואַרט און צוקונפֿט. ער איז געווען אַרומגערינגלט פֿון אָנהענגער און קעגנער, אָבער סיי די ערשטע, סיי די צווייטע זענען אין דער זעלבער מאָס געווען נאַריש און אָן אַ טעם. אַזוי־ווי ער האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין שטאַרקע נאַטור, האָבן אים די שונאים פֿאַרביטערט דאָס לעבן און די פֿריינד — אים אינגאַנצן צעפּיעשטשעט. ער האָט געטון אַלץ אין דער וועלט, כּדי צו דערגיין זיינע קריטיקער די יאָרן און אַרויסרופֿן ביי זיי אַ טומל; ער איז געווען, ווי אַ גאַסן־יינגל, וואָס טוט אָפּ כּלערליי שפּיצלעך. זיינע שפּיצלעך זענען זייער אָפֿט געווען געשמאַקלאָז און מיאוס: ער האָט נישט נאָר אויסגענוצט זיין שטאַרקן טאַלאַנט אויף עקסצענטרישער מוזיק, פֿון וועלכער ס'האָבן זיך געשטעלט די האָר ביי אַלע מוזיק־פּריסטער; ער האָט נאָך דערצו אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע נייגונג צו משונהדיקע טעקסטן, פֿרעמדע טעמעס, אָפֿט אפֿילו צו לעכערלעכע סיטואַציעס, — מיט איין וואָרט, צו אַלץ, וואָס האָט געקאָנט

טרעפן דעם גוטן חוש און דעם דורכשניטלעכן מענטשן. ער איז גע-
ווען צופרידן, ווען דער פיליסטער האָט געמאַכט געוואַלדן; און דער
פיליסטער האָט עס שטענדיק געטון. אפילו דער קייזער בכבודו
ובעצמו, וואָס פלעגט זיך, ווי באַוווסט, אַריינמישן אין קונסט-ענינים
מיט דער חוצפּהדיקער גאווה פון אַלע מיוחסים און פירשטן, — האָט
געקוקט אויף האַסלערס רום, ווי אויף אַ געזעלשאַפטלעכן סקאַנדאַל,
און נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט אַרויסצווייזן זיינע שטאַר-
קע ווערק אַ פאַראַכטאַטלעכע גלייכגילטיקייט. האַסלער איז געווען בייז,
אָבער גלייכצייטיק — צופרידן פון אָט דער אָפּאָזיציע, וואָס איז ביי
די פּראָגרעסיווע דייטשע קונסט-פּאַרטייען געווען כמעט געהייליקט,—און ער
האָט ווייטער „געבראָכן שויבן”. ביי יעדער נייער נאַרישקייט, וואָס האַס-
לער איז באַגאַנגען, פלעגן זיינע פריינד כאַפּן נייע התפעלות פון זיין
גאונות.

האַסלערס אָנהענגער זענען באַשטאַנען דער עיקר פון שרייבער,
מאָלער און דעקאַדענטן-קריטיקער, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט — און
דאָס איז זייער אמתער פאַרדינסט — די פּאַרטיי פון פּראָטעסט קעגן
דער רעאַקציע, וואָס האָט אייביק געדראָט אין דרום-דייטשלאַנד, קעגן
דער הכנעה פון גייסט און קעגן דער מלוכה-מאָראַל; אָבער זייער
אומאָפּהענגיקייט איז אין קאַמף דערגאַנגען צו גוזמא, צו לעכערלעכ-
קייט, און זיי האָבן דערפון נישט געוווסט; הגם פיל פון זיי האָבן
פאַרמאָגט אַ געניוג שטאַרקן טאַלאַנט, האָט זיי דאָך געפעלט אינטעלי-
גענץ און נאָכמער — געשמאַק. זיי האָבן נישט געקאָנט אַרויסגיין פון
דער קינסטלערישער סביבה, וואָס זיי האָבן אַ״יין געשאַפן; און ווי אַלע
פאַרברענטע פּאַרטיי-לייט, האָבן זיי אינגאַנצן פאַרלוירן דעם חוש פאַרן
ווירקלעכן לעבן. זיי האָבן געשאַפן געזעצן פאַר זיך גופא און פאַר
די אַלע לייט, וואָס האָבן געלייענט זייערע אַרטיקלען און אויפגענו-
מען מיט אַן אָפּן מויל דאָס אַלץ, וואָס איז זיי נאָר געקומען אין
קאָפּ אַריין. זייער חניפה איז געווען אַן אמתע מפּלה פאַר האַסלערן,
וואָס האָט אַליין אָנגעהויבן שטאַרק צו האַלטן פון זיך. ער האָט אָן
קיין שום איבערקלויב פאַרעפנטלעכט אַלע מוזיקאַלישע אידעען, וואָס
זענען אים נאָר געקומען אין קאָפּ; ער האָט זיך אין האַרצן געטראַכט,
אַז סיי-ווי-סיי אַלץ וואָס ער שרייבט, אַפילו זיינע ערגסטע זאַכן,
שטייט פיל העכער פון די ווערק פון די איבעריקע מוזיקער. דער דאָ-
זיקער געדאַנק איז, צום אומגליק, געווען על פי רוב אַן אמת, אָבער

דערפון דריבגט נאָך נישט אַרויס, אַז ער איז געווען רילטיק פאַר האַטלערן און פאַר זיינע ווערק. האַסלער האָט אין האַרצן געפילט אַ שטאַרקע פאַראַכטונג צו אַלעמען, צו פריינד און פיינט; און אָט די ביטערע, חוזקדיקע פאַראַכטונג האָט זיך באַצויגן אויך אויף אים גופא און אויף זיין אייגן לעבן. זיין איראָנישער סקעפּטיציזם איז נאָך שטאַרקער געווען דערפאַר, וואָס ער האָט אַמאָל געגלויבט אין איידע־לע און נאַיווע זאַכן. נישט האָבנדיק מער קיין כוח זיך אַנטקעגנצו־שטעלן דעם פאַמעלעכן חורבן פון זיין לעבן, און — נישט קיין צביעות זיך איינצורעדן, אַז ער גלויבט אין דעם, אין וואָס ער האָט באמת נישט געגלויבט, — האָט ער געפרווט חוזק מאַכן פון זיינע אייגענע זכרונות. ער האָט פאַרמאָגט אַ דרום־דייטשע נאַטור, אַ שוואַכע און נאָכגעביקע. אָן כוח זיך קעגנצושטעלן סיי דער הצלחה, סיי דעם דורכפאַל, סיי דער היץ, סיי דער קעלט; כדי צו געווינען גלייכגעוויכט האָט ער זיך גענויטיקט אין א מיטלמעסיקער טעמפּעראַטור, אַ פוילער האָט ער זיך געלאָזט מיטשלעפּן און פאַרשפּילט זיין לעבן: ער האָט ליב געהאַט גוט צו עסן, צו טרינקען, ליידיקערהייט זיך אַרומצושלעפּן און פאַסיוו צו טראַכטן. ס׳האָט זיך געלאָזט פילן אין זיין גאַנצער קונסט, הגם ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ גרויסן טאַלאַנט, בליצן פון זיין גאונות האָבן זיך באַוויזן אויך אין זיין שוואַכער מוזיק, וואָס איז נזָ5:עגאַנגען נאָך דער מאָדע. קיינער האָט נישט געפילט זיין ירידה מער ווי ער אַליין. דעם אמת געזאָגט, איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט עס געפילט, — אין די זעלטענע מינוטן, וואָס ער האָט. נאַטירלעך, געפרווט אויסצומיידן. דעריבער האָט ער זיך אָפּבאַזונדערט פון מענטשן, פאַרזונקען אין זיינע שוואַרצע שטימונ־גען, עגאָיסטישע עסקים און דאגות וועגן געזונט, — גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס האָט אַמאָל געוועקט זיין התפעלות אָדער זיין האַס.

אָט אַזאַ איז געווען דער מענטש, ביי וועלכן קריסטאָף האָט געזוכט שוץ. מיט וואָס פאַרא פרייד און מיט וויפל האָפנונג ער איז אַריין, אין איינעם אַ קאַלטן, רעגנדיקן פרימאָרגן אין דער שטאָט, ווו ס׳האָט געוווינט דער, וואָס האָט אין קונסט סימבאָליזירט דעם

גייסט פון אומאָפּהענגיקייט! קריסטאָף האָט דערוואַרט פון אים דאָס וואָרט פון פריינדשאַפט און טרייסט, אין וועלכן ער האָט זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט, כּדי צו פירן ווייטער דעם אומדאַנקבאַרן, נויט־ווענדיקן קאַמף, וואָס יעדער קינסטלער מוז פירן מיט דער וועלט ביזן לעצטן צוג פון זיין אָטעם, נישט אַרויסלאָזנדיק אויף קיין איין טאָג דאָס געווער פון האַנט; ווי שילער האָט געזאָגט: „די איינציקע באַציונג צום פּובליקום, וועלכע מ'באַדויערט קיינמאָל נישט, — איז דער קאַמף“.

קריסטאָף איז געווען אַזוי אומגעדולדיק, אַז ער האָט קוים באַוויזן איבערצולאָזן זיין פּעקל אינם ערשטן־בעסטן האָטעל, נאָענט צו דער באַן, און איז תּיכּף אַוועקגעלאָפן אין טעאַטער, כּדי צו דערוויסן זיך האַסלערס אַדרעס. האַסלער האָט געוווינט גאַנץ ווייט פון צענטער שטאָט, אין איינער פון די פאָרשטעט. קריסטאָף איז אַריין אין אַ טראַמוויי, און געביסן בשעת־מעשה אַ שטיקל ברויט. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט, בעת ער האָט זיך דערנענטערט צום ציל.

די געגנט, ווו האַסלער האָט געוווינט, איז כּמעט אינגאַנצן געווען געבויט אין אַ משונהדיקן נייעם סטיל, אין וועלכן דאָס יונגע דייטשלאַנד ווייזט אַרויס אַ באַרבאַרישע בקיאות, וואָס באַמיט זיך צו זיין געניאַל. אין מיטן דער באַנאַלער שטאָט, אויף גלייכע, כאַראַקטערלאָזע גאַסן, האָבן זיך אומגעלומפּערט געהויבן עגיפּטישע טעמפּלען, נאָרוועגישע פּויער־הייזלעך, קלויסטערס, פעסטונגען, אוניווערסאַלע אויסשטעלונג־פּאַווילאָנען, דיקע, בייכיקע הייזער, ווי בעכערס אַריינגעגראָבענע אין דר'ערד, מיט אַ סטיללאָזן אויסזען און איין איינציקן, ריזיקן אויג, מיט שטאַבעס, איינגעפּאַלענע טירן, ווי אונטערוואַסער־שיפלעך, אייזערנע שטאַנגען, גילדערנע ציפערן אויף די פאַרריגלטע פענסטער, שפּייענדיקע פאַרזעענישן איבער דער אַריינגאַנגס־טיר, פּלאַטן פון בלויען פאַיאַנס, צעוואָרפן דאָ און דאָרט, און דווקא אין אַזעלכע ערטער, ווו מ'ריכט זיך נישט אויף זיי, פאַרביקע מאָזאַיקס, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט אָדמען און חוהן, און דעכער, באַדעקטע מיט בונטפאַרביקע שינדלען; הייזער ווי פעסטונגען, מיט אַ מייסטערהאַפטן הויכן שטאָק, וואָס אויף זיין שפּיץ זענען געווען משונהדיקע חיות. איין זייט — לחלוטין אָן פענסטער, און ביי דער צווייטער זייט — פּלוצים ריזיקע, פירקאַנטיקע, גלייכע און דרייקאַנטיקע לעכער, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי ווונדן; גרויסע פּוסטע

ווענט, ווי ס'איז אומגעלומפערט אַראָפּגעהאָנגען אַ שווערער־
באַלקאָן, — אַ באַלקאָן, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף ניבעלונגישע
קאַריאַטידן, ווי ס'זענען געשטאַנען, אויסער דער שטיינערנער ראַמ־
פּע, צוויי שפּיציקע קעפּ פון בערדיקע און האָריקע זקנים, בעקקינס
פיש־מענטשן. אין פראָנט פון אַזאַ מין תּפיסה, — אַ הויז אין פּאַראַ־
אָנישן סטיל, מיט אַ נידעריקן שטאָק און צוויי נאַקעטע ריזן ביים
אַריינגאַנג, — האָט דער אַרכיטעקט געשריבן:

„זאָל דער קינסטלער ווייזן זיין וועלט,
וואָס איז קיינמאָל נישט געווען און וועט קיינמאָל נישט זיין".

(„Seine Welt zeige der Künstler,
Die niemals war noch jemals sein wird")

קריסטאָף איז געווען פאַרנומען נאָר מיטן געדאַנק וועגן האַס־
לערן, ער האָט געקוקט מיט אַ צעטומלטן בליק און נישט געפּרוווט
אפילו צו פאַרשטיין, וואָס ער זעט. ער איז אַריין אין הויז, ווו ער
האָט געדאַרפט, איינס פון די איינפאַכסטע, — אין קאַראָלינגישן
סטיל, אינעווייניק איז געווען אַן איבעריקער, באַנאַלער לוקסוס;
אויף די טרעפּ איז די לופט געווען שווער פון צו־הייסן קאַלאָריפער;
קריסטאָף האָט נישט געוואָלט אַרויף מיט דער ווינדע, כּדי אין משך
פון דער צייט, וואָס ער איז געגאַנגען אויפן פערטן שטאָק זיך צו־
צוגרייטן צו זיין באַזוך; ער האָט מיט זיינע וואַקלענדיקע פיס גע־
שטעלט קליינע טריט, און זיין האַרץ האָט געקלאַפּט פון אויפרעגונג.
בעת זיין קורצן וועג איז אים געקומען אויפן זכּרון זיין אַמאָליקע
באַגעגעניש מיט האַסלערן, זיין קינדערשע התפּעלות, דאָס בילד פונם
זיידן, — פונקט ווי ס'וואָלט ערשט נעכטן פאָרגעקומען.

ס'איז געווען פאַר עלף דער זייגער, ווען ער האָט אָנגעקלונגען
ס'האָט אים אויפגענומען אַ יונגע שטוב־מיידל, מיט דער באַנע־
מונג פון אַ serva patrona, וואָס האָט אים פון קאָפּ ביז די פיס
חוצפּהדיק באַטראַכט און דערקלערט, אַז „דער הער קאָן נישט אויפ־
נעמען, ווייל דער הער איז פאַרמאַטערט". באַלד אָבער האָט, ווייזט
אויס, די נאַיווע אַנטוישונג אויף קריסטאָפס פּנים זי גענומען ווײלן,
נאָכדעם, ווי זי האָט געענדיקט אומדיסקרעט באַטראַכטן זיין גאַנצע
פּערזאָן, איז זי פּלוצלינג ווייך געוואָרן, אַריינגעפירט קריסטאָפן אין
האַסלערס קאַבינעט און געזאָגט, אַז זי וועט טון אַלץ, דער הער זאָל

אים אויפֿנעמען. דערנאָך האָט זי אים אַ ווינק געטון מיט אַן אויגל און פֿאַרמאַכט די טיר.

אויף די ווענט זענען געהאָנגען עטליכע אימפּרעסיאָניסטישע בילדער און שיינע גראַווירן פֿונם אַכצנטן יאָרהונדערט אין פֿראַנקרייך; האַסלער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ מבין אויף אַלע מינים קונסט; זיין געשמאַק האָט צוזאַמענגעבראַכט מאַנעטן און וואַטאָ, לויט די עצות, וואָס די אָנהענגער האָבן אים געגעבן. דער זעלבער געמיש פֿון סטילן האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דעם מעבל, ווו אַ גרויסער שיינער טיש אין סטיל פֿון לואי דעם XV-טן איז געווען אַרומגעשטעלט מיט פּאָ־טער־שטולן פֿון דער „בייער קונסט" און מיט אַן אָריענטאַלישן דיוואַן מיט אַ הויפֿן פֿילפֿאַרביקע קישעלעך. די טירן זענען געווען באַפּוצט מיט שפּיגלען; און אַ יאַפּאַנישער ביבעלאָט האָט באַדעקט די עטאַזשערקעס און דעם קאַמין, ווו ס'איז געשטאַנען האַסלערס ביוסט. אויף אַ טישל האָט זיך געוואַלגערט אַ באַרג פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון זינגערינס, אָנהענגע־רינס און פֿריינד, מיט שאַרפֿזיניקע און התפּעלותדיקע צושריפֿטן. אַן אומבאַשרייבלעכע אומאָרדנונג האָט געהערשט אויפֿן טיש; דאָס פּיאַנינאָ איז געווען אָפֿן; אויף די עטאַזשערקעס איז געלעגן שטויב, און האַלב אָפּ־געברענטע פּאַפּיראָסן האָבן זיך געוואַלגערט אין אַלע ווינקעלעך.

קריסטאָף האָט דערהערט פֿונם שכנותדיקן צימער אַ גראָבע שטים, וואָס בייזערט זיך; די דאָזיקע שטים איז אַלעמאָל איבערגע־ריסן געוואָרן פֿון דעם שטוב־מיידל, וואָס האָט עפּעס געענטפֿערט. ס'איז געווען קלאָר, אַז האַסלער האָט ווייניק חשק צו זען דעם גאַסט. ס'איז אויך געווען קלאָר, אַז דאָס מיידל איז צוגעשטאַנען, האַסלער זאָל זיך דווקא ווייזן; זי האָט אים געענטפֿערט מיט אַ שטאַרקער היי־מישקייט: איר שאַרפֿע שטים האָט דורכגעדרונגען די ווענט. קריסטאָפֿן איז נישט געווען באַקוועם צו הערן אייניקע באַמערקונגען, וואָס זי האָט געמאַכט איר באַלעבאָס. נאָך יענעם האָט עס, אַפּנים נישט גע־אַרט. להיפּוך: מ'האָט געקאָנט זאָגן, אַז איר חוצפּה ווילט אים; און נישט אויפֿהערנדיק זיך צו בייזערן, האָט ער גערייצט דאָס מיידל אין דערפֿון הנאה געהאַט. לסוף האָט קריסטאָף דערהערט, ווי די טיר עפֿנט זיך, און ווי האַסלער, נאָך אַלץ שפּאַסנדיק און אַ בייזער, שלעפּט די פֿיס.

ער איז אַריין. קריסטאָפֿן האָט אַ קלעם געטון אין האַרצן. ער האָט אים דערקענט. נאָר הלוואי וואָלט ער אים נישט דערקענט! ס'איז

טאַקע געווען האַסלער, — און דאָך איז עס נישט געווען דער זעל-
בער. ער האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם הויכן שטערן אָן איין קנייטש
און אַ גלאַט פּנים, ווי ביי אַ קינד; ער איז אָבער געווען דיק, מיט
אַ פּליך, מיט אַ געלער הויט און פאַרשלאָפן; די אונטערשטע ליפּ איז
אים אַראָפּגעהאָנגען, דאָס מויל געגעצנדיק און אָנגעבלאָזן. ער האָט גע-
האַט איינגעבויגענע אַקסלען, ביידע הענט פאַרשטעקט אין די קעשע-
נעס פון זיין אויפגעשפּילעטן בגד; זיין העמד איז אַרויסגעקראָכן אי-
בער די שלעכט-פאַרקנעפּלטע הויזן. ער האָט אָנגעקוקט קריסטאָפן מיט
פאַרשלאָפענע אויגן, וואָס זענען נישט ליכטיקער געוואָרן, ווען דער
יונגער מענטש האָט אַרויסגעשטאַמלט זיין נאָמען. אויטאָמאַטיש אָן איין
וואָרט האָט ער אים באַגריסט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אָנגעוויזן קרי-
סטאָפן אַן אָרט צום זיצן און זיך מיט אַ זיפץ אַראָפּגעלאָזן אויפן די-
וואַן, צונויפנעמענדיק די קישנס אַרום זיך. קריסטאָף האָט איבערגע-
חזרט:

— כ'האָב שוין געהאַט דעם כבוד... איר זענט געווען אַזוי
גוט... איך בין קריסטאָף קראַפט...

פאַרזונקען אין דער סאָפע, מיט לאַנגע, פאַרלענטע פיס, מיט די
מאָגערע הענט אויף דער רעכטער קני, וואָס האָט געגרייכט ביז זיין
קין, האָט האַסלער געענטפערט:

— איך קען אייך נישט.

מיט אַ פאַרשטיקטן האַלז האָט אים קריסטאָף געפּרוווט דערמאָ-
נען זייער אַמאָליקע באַגעגעניש. אין אַנדערע אומשטענדן וואָלט אים
אייך שווער געווען צו רעדן וועגן אינטימע זכרונות; דאָ איז עס גע-
ווען אַן אמתע מאַטערניש: ער האָט זיך געמישט אין די זאַצן, נישט
געפונען קיין ווערטער, גערעדט נאַרישקייטן און רויט געוואָרן. האַס-
לער האָט אים געלאָזט שטאַמלען, נישט אויפהערנדיק אים אָנצוקוקן
מיט זיינע פאַרנעפּלטע, גלייכגילטיקע אויגן. ווען קריסטאָף האָט געענ-
דיקט צו רעדן, האָט האַסלער אַ ווײַלע נאָך געשאָקלט מיט זיין קני
ווי ער וואָלט אָפּגעוואַרט, קריסטאָף זאָל רעדן ווייטער. דערנאָך האָט
ער געזאָגט:

— יאָ... דאָס מאַכט אונז נישט יונגער...

און האָט זיך אויסגעצויגן.

ער האָט אַ געגעניץ געטון און צוגעגעבן:

— זייט מוחל... נישט געשלאָפן... געזעסן אין טעאַטער, שפּעט ביינאַכט...

און ווידער אַ גענעץ געטון.

קריסטאָף האָט געהאָפט, אַז האַסלער וועט אָנקניפּן דעם פריער־דיקן שמועס; נאָר האַסלער, וועמען די גאַנצע מעשה איז נישט אָנ־געגאַנגען, האָט נישט גערעדט און נישט געשטע/ט קריסטאָפן קיין שום פראַגן וועגן זיין לעבן. ווען ער האָט געענדיקט גענעצן, האָט ער אים אַ פרעג געטון:

— זענט איר שוין לאַנג אין בערלין?

— כ׳בין היינט אין דער פרי געקומען, — האָט קריסטאָף גע־זאָגט.

— אַהאַ! — האָט האַסלער נישט־פאַרחידושט געענטפערט — אין וועלכן האָטעל?

נישט וואַרטנדיק אויף זיין ענטפער, האָט ער זיך פויל אויפגע־הויבן, אַ דריק געטון דאָס עלעקטרישע קנעפל און אָנגעקלונגען.

— דערלויבט, — האָט ער געזאָגט.

דאָס מיידל איז אַריין מיט אַ חוצפּהדיקער מינע.

— קיטי, — האָט ער געזאָגט, — דו האָסט בדעה צו לאָזן מיך היינט אָן פרישטיק?

— איר רעכנט דאָך מסתמא נישט, — האָט זי געענטפערט — איך זאָל אייך ברענגען אַהער עסן, בעת איר האָט אַ גאַסט?

— פאַרוואָס טאַקע נישט? — האָט ער געענטפערט, און אָנגע־וויזן מיט אַ חוזק בליק אויף קריסטאָפן. — ער וועט שפּייזן מיין גייסט און איך וויל שפּייזן מיין קערפּער.

— צי שעמט איר זיך נישט, בעת עמעצער זיצט דערביי, צו עסן, ווי אַ חיה אין שטייג?

אָנשטאָט זיך אויפצורעגן, האָט זיך האַסלער צעלאַכט און פאַר־ריכט:

— ווי אַ געצוימטע חיה...

— אַלנפאַלס, ברענג אַריין, — האָט ער צוגעגעבן, — איך וועל עסן צוזאַמען מיט מיין חרפּה.

זי האָט זיך אויסגעדרייט, הויבנדיק מיט די אַקסלען.

ווען קריסטאָף האָט געזען, אַז האַסלער פרעגט זיך אַלץ נישט נאָך אויף זיין לעבן, האָט ער געפּרוווט צו באַנייען דעם שמועס.

ער האָט גערעדט וועגן די צרות פונם פּראָחינץ-לעבן, וועגן דער מענטשלעכער דורכשניטלעכקייט, וועגן זייער גייסטיקער באַגרענעצקייט, וועגן זיין איינזאַמקייט. ער האָט אים געפּרווט פּאַראינטערעסירן מיט זיינע מאָראַלישע ליידן. אָבער האַסלער, אויסגעצויגן אויף דער סאָפע, מיט אַ פּאַרוואָרפענעם קאָפּ אויף אַ קישן און האַלב-געשלאָסענע אויגן, האָט אים געלאָזט רעדן, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט נישט אַפילו. ער האָט אויך אויפגעהויבן אויף אַ ווײַלע די וויעס און גע-זאָגט עטלעכע ווערטער מיט אַ קאַלטער איראָניע און חוזק וועגן די פּראָווינץ-מענטשן, — וואָס האָט אָפּגענומען ביי קריסטאָפן יעדן חשק צו רעדן ווייטער אינטים. — קיטי איז צוריקגעקומען און געבראַכט פרישטיק אויף אַ טאַץ: קאַווע, ביר, ווורשט און א.אַ.וו. אָנגעבלאָזן האָט זי עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש צווישן די פּאַפּירן, וואָס האָבן זיך אין אומאָרדנונג אַרומגעוואַלגערט. קריסטאָף האָט געוואַרט, די זאָל אַרויסגיין, כדי ווידער אָנצוהויבן זיין טרויעריקע דערציילונג, וואָס איז אים אָנגעקומען מיט צרות.

האַסלער האָט צוגעצויגן צו זיך די טאַץ; ער האָט זיך אָנגע-גאָסן קאַווע און איינגעטונקט די ליפּן; דערנאָך האָט ער היימיש און גוטמוטיק, נאָר אַביסל גרינגשעצנדיק, איבערגעריסן קריסטאָפן אין מיטן אַ זאַץ, כדי אים פאָרצולייגן:

— אַ גלאָז קאַווע?

קריסטאָף האָט אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו כאַפּן דעם פריערדיקן פאָדעם; נאָר ער איז אַלץ מער צעטומלט געוואָרן און נישט געוווסט, וואָס צו רעדן. ס'האָט אים צעמישט האַסלערס ספּעקטאַקל: האַסלער האָט געהאַלטן דעם טעלער אונטערן מויל, גע-טרונקען ווי אַ קינד, געשלונגען שטיקלעך ברויט מיט חזיר-פלייש, וואָס ער האָט געהאַלטן מיט די פינגער. פונדעסטוועגן האָט זיך אים איינגעגעבן צו דערציילן, אַז ער איז אַ קאָמפּאָזיטאָר און אַז ער האָט אָנגע-שריבן אַן אוווערטיור צו העבעלס „יהודית״. האַסלער האָט צעטומלט אויסגעהערט:

— וואָס? — האָט ער איבערגעפרעגט.

קריסטאָף האָט איבערגעחזרט דעם נאָמען פון ווערק.

— אַך! אַזוי, אַזוי! — האָט האַסלער געענטפערט, איינטונקענ-דיק דאָס ברויט צוזאַמען מיט די פינגער אין זיין טעצל

דאָס איז געווען אַלץ.

קריסטאָף איז אַזוי ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, אַז ער האָט חשק געהאַט זיך אויפצוהויבן און אַרויסצוגיין; ער האָט אָבער אַ טראַכט געטון וועגן זיין לאַנגער אומזיסטער רייזע; ער האָט זיך געשטאַרקט און שטאַמלענדיק פאָרגעלייגט האַסלערן, אַז ער וועט אים שפּילן עטלעכע פון זיינע ווערק. ביי די ערשטע ווערטער האָט אים האַסלער איבערגעריסן.

— ניין, ניין, איך בין דאָ נישט קיין מבין! — האָט ער געזאָגט מיט חוזק און אַביסל מיט אַ באַליידיקנדיקער איראָניע. — און אויסערדעם האָב איך קיין צייט נישט.

קריסטאָפן האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן. נאָר ער האָט זיך געשוווירן נישט אַרויסצוגיין פון דאַנען, איידער ער וועט נישט ווייזן האַסלערן זיינע ווערק. ער האָט געזאָגט מיט אַ געמיש פון צעטומלטקייט און כעס:

— זייט מיר מוחל: אָבער איר האָט מיר אַמאָל צוגעזאָגט אויסצוהערן; איך בין נאָר צוליב דעם געקומען אַהער פון טיף דייטשלאַנד: איר וועט מיך אויסהערן.

האַסלער איז נישט געוווינט געווען צו אַזאַ באַנעמונג, ער האָט אָנגעקוקט דעם יונגנמאַן, וואָס איז געשטאַנען פאַרשעמט, בייז, פאַררויטלט און כמעט געהאַלטן ביים וויינען; ס'האָט אים געוויילט; הויבנדיק פאַרמאַטערט מיט די אַקסלען, האָט ער אים אָנגעוויזן מיטן פינגער דאָס פּיאַנינאָ און געזאָגט מיט אַ מינע פון קאָמישער הכנעה:

— נו... גוט!...

באַלד האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אין זיין סאָפע, ווי אַ מענטש, וואָס לעגט זיך שלאָפן, צעקלאַפּט די קישנס מיט דער פויסט, אַרונטערגעלעגט זיי אונטער די אויסגעצויגענע אָרעמס, האַלב פאַרמאַכט די אויגן און ווידער זיי אויף אַ ווײַלע אויפגעעפנט, כדי אָפּצושאַצן די גרויס פונם פעקל-נאָטן, וואָס קריסטאָף האָט אַרויסגעצויגן פון טאַש, ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ לייכטן זיפץ און מיט גרויס לאַנגווייליקייט זיך געגרייט אויסצוהערן יענעמס מוזיק.

קריסטאָף, פאַרשעמט און צערודערט, האָט אָנגעהויבן שפּילן. האַסלער האָט באַלד אויפגעעפנט אויג און אויער, מיטן פּראָפעסיאָנעלן אינטערעס פון אַ קינסטלער, וואָס ווערט פאַרכאַפּט, קעגן זיין ווילן, פון אַ שיינער זאַך. פון אָנהויב האָט ער גאָרנישט גערעדט און געבליבן אומבאַוועגלעך; נאָר די אויגן האָבן אויפגעהערט אַזוי פוסט צו

קוקן, און די אָנגעבלאָזענע ליפּן האָבן זיך גענומען באַוועגן. דערנאָך האָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט, ברומענדיק פון דערשטוינונג און אָנערקענונג. דאָס זענען געווען אָפּגעהאַקטע הברות; נאָר זייער טאָן האָט נישט געלאָזט צווייפלען אין זיינע געפילן. קריסטאָף האָט דערפילט אַן אומבאַשרייבלעכן תענוג. האַסלער האָט איצט אויפגעהערט צו באַרעכענען די צאָל זייטן, וואָס ער האָט אָפּגעשפּילט, און די צאָל, וואָס איז נאָך געבליבן צו שפּילן. ווען קריסטאָף האָט געענדיקט אַ שטיק, האָט ער געזאָגט:

— ווייטער!... ווייטער!...

ער האָט גענומען רעדן מיט אַ מענטשלעכן לשון

— ס'איז גוט, אָט דאָס! גוט!... (האָט ער געשריען פון התפּעלות) אויסגעצייכנט! שרעקלעך אויסגעצייכנט! (Schrecklich famos)... נאָר צום טייוול? (האָט ער פאַרחידושט געבר'מט), וואָס איז עס אַזוינס?

ער האָט זיך באַקוועמער געמאַכט אויף זיין אָרט, געבויגן דעם קאָפּ פאָרויס, צוגעלעגט די האַנט צום אויער, גערעדט צו זיך אַליין, געלאַכט פון הנאה און ביי געוויסע האַרמאָנישע מערקווירדיקייטן אַרויסגעשטעקט ברייט די צונג, ווי צו באַנעצן די ליפּן. אַן אומגעריכטער איבערשפּרונג האָט געמאַכט אויף אים אַזאַ איינדרוק, אַז ער האָט זיך פּלוצלינג מיט אַן אויסגעשריי אויפגעכאַפּט פון אָרט און געזעצט זיך ביים פּיאַנינאָ, נעבן קריסטאָפן. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער באַמערקט נישט קריסטאָפס ביי-זיין. ס'האָט אים פאַרכאַפּט נאָר די מוזיק; ווען קריסטאָף האָט געענדיקט דאָס שטיק, האָט האַסלער אַ כאַפּ געטון די נאָטן, איבערגעלייענט די זייט, דערנאָך די ווייטערדיקע זייטן און אָן אויפהער אויסגעדריקט זיין התפּעלות און באַוווּנדערונג, ווי ער וואָלט געווען איינער אַליין אין צימער.

— צום טייוול! — האָט ער גערעדט — ווו האָט עס דער חברה-מאַן געפונען?

אָפּגעשטויסן קריסטאָפן מיטן אַקסל, האָט ער אַליין גענומען שפּילן איניקע שטעלן. ער האָט געהאַלטן אויפן פּיאַנינאָ זיינע וואַרעמע, זיסע, גלעטנדיקע, לייכטע פינגער. קריסטאָף האָט באַמערקט זיינע שיינע הענט, וואָס זענען געווען לאַנג, קרענקלעך-אַריסטאָקראַטיש און נישט צוגעפּאַסט צו זיין גאַנצער געשטאַלט. האַסלער איז געבליבן שטיין ביי געוויסע אַקאָרדן, איבערגעחזרט, מאַכנדיק מיט די אויגן

און געדרייט מיט דער צונג; ער האָט עפּעס געמורמלט מיט די ליפּן, אָנגעמאַכט די טענער פון אינסטרומענטן, און ווייטער צוגעוואָרפן דער מוזיק זיינע באַמערקונגען, אין וועלכע ס׳האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרגעניגן אָדער עקל: ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרטיידיקן קעגן אַ פאַרבאָרגענער אויפרעגונג, קעגן דער קנאה, וועלכע ער האָט אין האַרצן נישט מודה געווען; אין דער זעלבער צייט האָט ער דורכגעלעבט אמתע פרייד.

הגם ער האָט ווייטער גערעדט נאָר צו זיך אַליין, פונקט ווי קריסטאָף וואָלט נישט עקזיסטירט, האָט זיך קריסטאָף געריויטלט פון תענוג, נישט געקאָנט מער איינהאַלטן נישט צו נעמען האַסלערס התפעלות אויף זיין חשבון, און ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס ער האָט געוואָלט דערמיט אויסדריקן. אין אָנהויב האָט זיך געדאַכט, אַז האַסלער לייגט נישט קיין שום אַכט אויף דעם, וואָס דער יונגערמאַן זאָגט, ער האָט אַליך גערעדט זיינע געדאַנקען אויפן קול; דערנאָך האָבן אים קריסטאָפס עטלעכע ווערטער אָפּגעשטעלט, און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, נאָך אַלץ פאַרקוקט אין מוזיק-העפט, וואָס ער האָט געבלעטערט; ער האָט געהערט און געמאַכט זיך, אַז ער הערט אים כלומרשט נישט. קריסטאָף האָט ביסלעכווייז אויפגעלעבט: ער האָט גערעדט מיט נאַיווע התלהבות וועגן זיינע ווייטערדיקע פּלענער אין לעבן.

האַסלער האָט געשוויגן און ווידער איז ער באַהערשט געוואָרן פון זיין איראָניע. ער האָט אַרויסגעלאָזט דאָס העפט פון די פינגער; מיטן רוקן אָנגעשפּאַרט אָן דער פּיאַנינאָ און מיט דער האַנט אויף דעם שטערן, האָט ער אָנגעקוקט קריסטאָפן, וועלכער האָט דערקלערט זיין ווערק מיט יוגנטלעכן ברען און פאַרלעגנהייט. האַסלער האָט ביטער געלאַכט, געטראַכט בעת מעשה וועגן זיינע אייגענע דעביוטן, האָפנונגען, און וועגן קריסטאָפס האָפנונגען און אַנטוישונגען, וואָס האָבן יענעם דערוואַרט.

קריסטאָף האָט גערעדט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, און זיך געשראָקן, טאָמער ווייסט ער נישט, וואָס ער רעדט. האַסלערס שווייגן האָט אים צוגעגעבן מוט. ער האָט געטראַכט, אַז האַסלער קוקט אויף אים און פאַרלירט גישט קיין איין וואָרט זיינס; ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס׳האָט געפּלאַצט דאָס אייז, וואָס האָט זיי צעשיידט; זיין האַרץ האָט געיובלט. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער פאַרשעמט —

און מיט צוטרוי — אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעקוקט האַסלערן. מיט איין מאָל איז זיין גאַנצע דערוואַכטע פרייד פאַרשווונדן געוואָרן, ווי אַ געוויקס, וואָס איז פריצייטיק פאַרפרוירן געוואָרן, — בעת ער האָט דערזען די טונקעלע אויגן, וואָס האָבן אים מיט חוזק אָנגעקוקט. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

נאָך אַן אייז-קאַלטער הפסקה, האָט האַסלער גענומען רעדן מיט אַ טרוקענער שטים. ער האָט זיך ווידער געענדערט: ער האָט אַרויס-געוויזן דעם יונגן מענטשן שטרענגקייט; ער האָט אַכזריותדיק אָפּגעשלאָגן פון זיינע פלענער, פון זיינע האָפענונגען אויף ערפאָלג, ווי ער וואָלט דערמיט פון זיך אַליין געוואָלט אָפּלאַכן, ווייל אין אים האָט ער געפונען זיך אַליין. ער האָט זיך באַמיט קאַלטבלוטיק צו צעשטערן זיין גלויבן אין לעבן, אין דער קונסט און אין זיך אַליין. ער האָט געגעבן אַ ביישפּיל פון זיך גופא, רעדנדיק מיט פאַרביטערונג און אויף אַ באַליידיקנדיקן אופן וועגן זיינע איצטיקע ווערק.

— חזיריי! — האָט ער געזאָגט. — אָט, וואָס מ׳דאַרף שרייבן פאַר די דאָזיקע חזירים. צי גלויבסט איר דען, אַז עס זענען דאָ צען מענטשן אויף דער וועלט, וואָס האָבן ליב מוזיק? צי איז דאָ איין מענטש?

— איך בין דאָ! — האָט קריסטאָף מיט התלהבות געזאָגט.

האַסלער האָט אים אָנגעקוקט, ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען און געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטים:

— איר וועט זיין, ווי זיי. איר וועט טון דאָס, וואָס אַנדערע. איר וועט טראַכטן וועגן ערפאָלג, איר וועט זיך וועלן ווייזן, ווי די אַנדערע... און איר וועט זיין גערעכט...

קריסטאָף האָט געפּרוּווט פּראָטעסטירן; אָבער האַסלער האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד, און נעמענדיק דאָס העפט, אָנגעהויבן שאַרף צו קריטיקירן די זאַכן, וואָס ער האָט מיט אַ ווײַלע פריער געלויבט. ניט נאָר וואָס ער האָט באַרירט מיט אַ האַרבקייט, וועלכע האָט באַליידיקט, די אמתע פעלערן, טעותים אין שרייבן, פעלערן פון געשמאַק אָדער אויסדרוק, וואָס דער יונגער מענטש האָט ניט באַמערקט פריער; נאָר ער האָט אויך קריטיקירט אָן אַ שום זין, אויפגעוואָרפן אים אַזעלכע גרייזן, וועלכע ס׳וואָלט געקענט מאַכן דער באַגרענעצסטער און ערגסטער מוזיקער. און פון וועלכע ער אַליין, האַסלער, האָט געליטן זיין גאַנץ לעבן. ער האָט געפרעגט, צו וואָס מ׳דאַרף

אָט דאָס אַלץ האָבן. ער האָט אַפּילו נישט קריטיקירט, ער האָט פּשוט אָפּגעלייקנט: מ׳וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ער שטרענגט אָן אַלע זיינע כּוחות אָפּצווישן מיט שנאה דעם איינדרוק, וואָס די ווערק האָבן אויף אים, קעגן זיין ווילן, געמאַכט.

אַ צעטומלטער האָט קריסטאָף געפּרוווט ענטפערן. אָבער ווי זאָל ער ענטפערן אויף די נאַרישקייטן, וואָס מ׳ווערט רויט הערנדיק זיי אין מויל פון איינעם, וועלכן מ׳שעצט און מ׳האָט ליב? אגב, האָט האַס׳ער נישט געהערט קריסטאָפס רייד. ער איז געבליבן זיצן איינגעבויגן, מיטן פאַרמאַכטן העפט צווישן די הענט, מיט אויגן אָן אַ שום אויסדרוק, מיט אַ ביטער-פאַרקרומטן מויל. לסוף האָט ער געזאָגט, פּונקט ווי ער וואָלט ווידער פאַרגעסן קריסטאָפס געגנוואַרט:

— אַך! דאָס ערגסטע איז, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין מענטש, וועלכער זאָל זיין מסוגל אייך צו פאַרשטיין!

קריסטאָף האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ צעגייט אין אים; ער האָט זיך פּלוצלינג אויסגעדרייט, אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויף האַסלערס האַנט און מיט א האַרץ איבערגעפולט פון ליבע, האָט ער איבערגעחזרט:

— איך בין דאָ!

האַסלערס האַנט האָט זיך קיין ריר נישט געטון; און אויב עפּעס האָט אויף אַ רגע אַ ציטער געטון אין זיין האַרצן ביי אָט דעם יוגנטלעכן אויסגעשריי, האָט אָבער קיין שום שיין קיין גלאַנץ נישט געטון אין זיינע אויסגעלאָשענע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט אויף קריסטאָפן. ער האָט זיך לייכט פאַרנויגט, צערעמאָניאַל און קאָמיש, און געזאָגט:

— בעסטן דאַנק!

ער האָט געטראַכט:

— כ׳לאַך זיך אויס פון דיר! גלויבסטו, אַז פאַר דיר האָב איך עס פאַרלוירן מיין לעבן?

האַסלער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ וואָרף געטון דאָס העפט אויפן פּיאַנינאָ און מיט זיינע לאַנגע פיס, וואָס האָבן זיך געשלעפּט, איז ער געגאַנגען צוריק צום סאָפע. קריסטאָף האָט תּופס געווען זיין געדאַנק און געפילט דערביי, ווי ווייט דאָס באַליידיקט אים; ער האָט געפּרוווט ענטפערן שטאָלץ, אַז ס׳איז נישט נויטיק צו ווערן פאַרשטאַנען פון אַלעמען; געוויסע נשמות וועגן איבער מיט זייער ווערט אַ גאַנץ

פאָלק; זיי טראַכטן פאַרן פאָלק; און דאָס, וואָס זיי טראַכטן, דאַרף ער טראַכטן. — אָבער האַסלער האָט נישט געהערט. ער איז פאַרזונקען געוואָרן אין זיין אַפּאַטיע, דערדריקט פון דער לעבנס-שוואַכקייט, וואָס האָט געדרימלט אין אים. קריסטאָף, וואָס איז געווען גענוג געזונט צו פאַרשטיין די פּלוצלינגדיקע ענדערונג, האָט דערפילט, אַז ער האָט פאַרשפּילט די פּאַרטיי; נאָר ער האָט נישט געקאָנט דערמיט שלום מאַכן, באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט אין דעם נצחון. ער האָט געמאַכט פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגען אויפצווועקן האַסלערס אויפמערקזאַמקייט; ער האָט צוגענומען זיינע נאָטן און געפּרוווט צו דערקלערן האַסלערס טעותים בנוגע זיין מוזיק. האַסלער איז פאַרזונקען געווען אין דער סאָפּע און מרה-שחורהדיק געשוויגן; ער האָט נישט מודה געווען און נישט אָפּגעלייקנט: ער האָט געוואַרט, עס זאָל זיך ענדיקן.

קריסטאָף האָט געזען, אַז ער האָט דאָ מער נישט, וואָס צו טון. ער איז געבליבן שטיין אינמיטן זאַץ. ער האָט איינגעוויקלט זיין העפט און זיך אויפגעהויבן. האַסלער האָט זיך אויך אויפגעהויבן. פאַרשעמט, האָט זיך קריסטאָף, שטאַמלענדיק אַנטשולדיקט. האַסלער האָט לייכט מיט אַ געוויסן אויסדרוק פון שטאָלץ און לאַנגווייל זיך פאַרנויגט, אויסגעצויגן צו קריסטאָפן די האַנט, קאַלט העפלעך, באַגלייט אים ביז דער אַרויסגאַנגס-טיר, און נישט פאַרהאַלטן אים מיט קיין איין וואָרט און נישט איינגעלאַדן אים צו קומען נאָך אַמאָל.

קריסטאָף האָט זיך געפונען אין גאַס, איינגאַנצן אַ צעבראָכענער. ער איז געגאַנגען, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן, ער האָט נישט געוווּסט, וווהין ער גייט. מעכאַניש איז ער אַדורך צוויי-דריי גאַסן און געבליבן שטיין ביי דער סטאַציע פון טראַמוויי, וואָס האָט אים אַהער געבראַכט. ער איז אַריין אין טראַמוויי און נישט געטראַכט, וואָס ער טוט. ער האָט זיך געזעצט אויף דער באַנק, מיט אונטערגעבראָכענע הענט און פיס. ס'איז געווען אוממעגלעך צו טראַכטן, צוזאַמענצונעמען די געדאַנקען: ער האָט וועגן גאָרנישט נישט געטראַכט; ער האָט בעסער געוואָלט נישט טראַכטן. ער האָט מורא געהאַט זיך אומצוקוקן,

הינטער זיך. ס'איז געווען אַ חלל. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער חלל איז אומעטום, אַרום אים, אין דער שטאָט; ער האָט נישט געקאָנט אָטעמען: דער נעפּל, די מאַסיווע הייזער האָבן אם געשטיקט. ער האָט געטראַכט נאָר איין מחשבה: אַנטלויפן, אַנטלויפן וואָס גיכער, — פּונקט ווי ער וואָלט, אַנט־ויפנדיק פון דער שטאָט, געלאָזן הינטער זיך די ביטערע אילוזיע, וואָט ער האָט דאָ געטראָפן.

ער האָט זיך אומגעקערט אין האָטעל. ס'איז געווען אַ האַלבע שעה נאָך מיטאָג. ערשט צוויי שעה, ווי ער איז דאָרט אַריין, — און מיט וויפל ליכטיקייט אין האַרצן! — איצט איז אַלץ פאַרלאָשן געוואָרן.

ער האָט נישט געגעסן. ער איז נישט אַריין צו זיך אין צימער. צו דער דערשטוינונג פון די מענטשן, האָט ער געבעטן אַ חשבון, באַצאָלט, פּונקט ווי ער וואָלט דאָ איבערגענעכטיקט, און געזאָגט, אַז ער וויל אָפּפאָרן. אומזיסט האָט מען אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער האָט זיך נישט, וואָס צו איילן, אַז זיין צוג גייט ערשט אָפּ אין עטלעכע שעה אַרום, אַז ער דאַרף בעסער וואַרטן אין האָטעל. ער האָט געוואָלט וואָס־גיכער גיין צום באַן: ער איז געווען, ווי אַ קינד, געוואָלט פאָרן מיטן ערשטן צוג, נישט וויכטיק מיט וועלכן, אַבי נישט צו בלייבן קיין איבעריקע שעה אין שטאָט. נאָך דער לאַנגער רייזע און די גרויסע הוצאות, — הגם ער האָט בדעה געהאַט נישט נאָר צו זען האַסלערן, נאָר אויך צו באַזוכן מוזייען, הערן קאָנצערטן, באַקענען זיך מיט פאַרשידענע מענטשן, — האָט ער געהאַט נאָר איין געדאַנק אין קאָפּ: אָפּפאָרן...

ער איז אָנגעקומען צום וואָקזאַל. ווי מ'האָט אים געזאָגט אין האָטעל, האָט טאַקע זיין צוג געדאָרפט אָפּגיין אין דריי שעה אַרום. נאָך אַ צוג, נישט קיין עקספּרעס, — (ווייל קריסטאָף איז געווען געצווונגען צו פאָרן מיט דער ביליקסטער קלאַס)—וואָס פלעגט זיך אָפּשטעלן כסדר אין וועג; קריסטאָף וואָלט אַריין אין אַ צווייטן צוג. וואָס גייט אָפּ צוויי שעה שפּעטער און קומט פריער, ווי יענער. נאָר דאָס וואָלט געהייסן: פאַרבלייבן דאָ נאָך צוויי שעה, און דאָס האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן. ער האָט געוואַרט אויפן וואָקזאַל און נישט געוואָלט פון דאָרטן אַרויסגיין. — דאָס אומעטיקע וואַרטן אין די געראַומע, פּוסטע זאַלן, וואָס זענען געווען טונקל און פול מיט רעש, ווו ס'זענען כסדר אַריין און אַרויס, שטענדיק פאַרטון און

ליופנדיק, פרעמדע געשטאַלטן, אינגאַנצן פרעמדע, אינגאַנצן גלייכגילטיקע — אָן איין באַקאַנטן, אָן אַ פריינדלעך פנים... דער בלייכער טאָג איז אויסגעגאַנגען. די עלעקטרישע לאָמפּן, איינגעהילט אין נעפּל, האָבן געליויכטן אין דער נאַכט און געמאַכט זי, דאַכט זיך, נאָך פינסטערער. קריסטאָף האָט זיך פון שעה צו שעה געפילט אַלץ מער דערדריקט און מיט אַנגסט געוואַרט אויף דער רגע פון אָפּפאָרן. ער איז געגאַנגען צען מאָל אין אַ שעה איבערלייענען דעם פּלאַן פון די צוגן, כּדי צו זיין זיכער, אַז ער האָט נישט קיין טעות. ווען ער האָט אַזוי געלייענט, האָט אים איינמאָל אָפּגעשטעלט אַ נאָמען פון אַ שטאָט: ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די שטאָט איז אים באַקאַנט; ערשט אין אַ ווייַלע אַרום האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז געווען די וווינשטאָט פונם אַלטן שולץ, וואָס האָט געהאַט געשריבן צו אים אַזעלכע גוטע, באַגייסטערטע בריוו. פון גרויס צעטומלטקייט איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו באַזוכן דעם דאָזיקן אומבאַקאַנטן פריינד. די שטאָט איז נישט געלעגן דירעקט אויף זיין צוריקוועג, נאָר אַ שעה אָדער צוויי שעה רייזע מיט אַן אָרטיקן צוג; ס'איז געווען אַ רייזע אויף אַ גאַנצער נאַכט, מיט צוויי-דריי איבערשטייגונגען, און מ'האָט געדאַרפט לאַנג וואַרטן אין וועג: קריסטאָף האָט עס נישט אויסגערעכנט. ער האָט תּיכּף ומיד באַשלאָסן צו פאָרן אַהין: ס'איז געווען פאַר אים אַן אינסטינקטיווע נויטווענדיקייט זיך אָנצוקלאַמערן אָן וועלכער עס איז סימפּאַטיע. אָן אַ שום ישוב האָט ער אַרויסגעשיקט צו שולצן אַ טעלעגראַמע, ווו ער האָט אים מודיע געווען, אַז ער קומט צו אים דעם אַנדערן טאָג אין דער פרי. ווי-נאָר ער האָט אַוועקגעשיקט די ידיעה האָט ער שוין חרטה געהאַט. ער האָט זיך ביטער פאָרגעוואָרפן זיינע אייביקע אילוזיעס. צו וואָס גיין אַנטקעגן אַ נייעם עגמת נפש? — נאָר איצט איז עס שוין פאַרפאַלן. ס'איז געווען צו שפּעט צו כאַפּן עס צוריק.

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן אים באַשעפטיקט די לעצטע שעה פון זיין וואַרטן. — זיין צוג איז שוין געשטאַנען גרייט. ער איז אַריין דער ערשטער און אין זיין קינדערישקייט האָט ער זיך ערשט דעמאָלט באַרויקט, ווען דער צוג האָט זיך אַ ריר געטון פון אָרט, און ער, קריסטאָף, האָט דורכן וואַגאָן-פענסטער געזען, ווי ס'מעקט זיך אָפּ הינטער אים אויפן גרויען הימל, הינטער די טרויעריקע שאָטנס, דער סילועט פון דער שטאָט, אויף וועלכער ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט.

ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וואָלט געשטאָרבן, ווען ער וואָלט איבערגענעכטיקט אין שטאָט.

אין דער זעלבער צייט, — אַרום זעקס אַ זייגער אין אָוונט, — איז געקומען פון האַסלערן אַ בריוו צו קריסטאָפן אין האָטעל. קרי־סטאָפס באַזוך האָט אָנגעריירט אין אים פיל זאַכן. אין משך פון אַ גאַנצן נאָכמיטאָג האָט ער מיט פאַרביטערונג און מיט אַ געוויסער סימפּאַטיע געטראַכט וועגן אָרעמען יינגל, וואָס איז געקומען צו אים מיט אַזוי פיל התלהבות און וועלכן ער האָט אַזוי אייז־קאַלט מקבל פּנים געווען. ער האָט זיך אַליין פאָרגעוואָרפן די דאָזיקע אויפנאַם. דעם אמת זאָגנדיק, איז עס געווען פון זיין זייט איינער פון די וויל־דע אָנפאַלן, צו וועלכע ער איז געווען געוווינט. ער האָט עס געוואָלט פאַרריכטן און צוגעשיקט קריסטאָפן, צוזאַמען מיט אַ בילעט אין דער אָפּערע, אַ בריוו, ווו ער רעדט אָפּ מיט אים צו טרעפן זיך נאָך דער פאָרשטעלונג. — קריסטאָף האָט זיך דערפון קיינמאָל נישט דערוווסט. ווען האַסלער האָט אים אין טעאַטער נישט געזען, האָט ער גע־טראַכט:

— ער איז ברוגז. ס׳איז ערגער פאַר אים!

ער האָט געהויבן מיט די אַקסלען און אים מער נישט געזוכט. אויף מאָרגן האָט ער דערפון מער נישט געטראַכט.

צומאָרגנס איז קריסטאָף געווען ווייט פון אים, — אַזוי ווייט, אַז די גאַנצע אייביקייט וואָלט נישט געקלעקט צו דערנענטערן זיי איינעם צום צווייטן. און ביידע זענען אויף אייביק געבליבן איינזאַם

פּעטער שולץ איז אַלט געווען אַ יאָר פינף און זיבעציק. ער איז שטענדיק געווען שוואַך אין געזונט, און די עלטער האָט אים אויך נישט געשוינט. אַ גאַנץ הויכער, אָבער צוגעבויגענער, מיט אַ קאָפּ, וואָס איז אים אַראָפּגעפאַלן אויפן האַרץ, האָט ער געהאַט אַ שוואַכע ברוסט און שווער געאָטעמט. אַסטמע, קאַטאַר, בראָנכיט האָבן אים שטענדיק געמאַטערט, און די שפּור פון די מלחמות, וואָס ער האָט דורכגע־מאַכט גאַנצע נעכט, ווען ער איז געזעסן אין בעט מיט אַ פאָרויס־געבויגענעם גוף, נאַס פון שוויס, כדי אַריינצואָטעמען אַביסל לופט

אין דער ברוסט, וואָס האָט זיך געשטיקט — דאָס אַלץ האָט זיך אויסגעקריצט אין די ווייטיקלעכע קנייטשן אויף זיין לאַנגן, מאָגערן, ראַזירטן פּנים. זיין נאָז איז געווען לאַנג און געשוואָלן ביים שפּיץ. טיפע קנייטשן האָבן זיך געצויגן אונטער זיינע אויגן און קרום דורכגעשניטן זיינע באַקן, וואָס זענען געווען איינגעפאַלן צוליב זיין ליידיקן מויל. די זקנה און די קראַנקהייטן זענען נישט געווען די איינציקע סקולפּטאָרן פון דער דאָזיקער אָרעמער, צעבראָכענער מאַסקע; די צרות פון לעבן האָבן זיך אויך אין דעם באַטייליקט. — און דאָך איז ער נישט געווען אומעטיק. דאָס גרויסע, שטילע מויל האָט אויסגעדריקט ערנסטע גוטסקייט. דער עיקר האָבן די אויגן צוגעגעבן זיין פּנים אַ רירנדיקע זיסקייט; זיי זענען געווען רויק, דורכזיכטיק און קלאָר-גרוי; זיי האָבן געקוקט גלייך, מיט אַ רויקייט און שלווה; זיי האָבן נישט באַהאַלטן קיין איין קעמערל פון דער נשמה: מ׳האָט געקאָנט טיף אין איר לייענען.

זיין לעבן איז געווען אָרעם אין געשעענישן. ער איז געווען איינזאַם זינט פיל יאָרן, זיין פרוי איז אים געשטאָרבן. זי איז נישט געווען זייער גוט, נישט זייער אינטעליגענט און לחלוטין נישט שיין. נאָר ער פלעגט זי צערטלעך דערמאָנען. שוין פינף און צוואַנציק יאָר, ווי ער האָט זי פאַרלוירן: און ס׳איז נישט געווען קיין איין אָוונט, ער זאָל גיין שלאָפן, איידער ער זאָל מיט איר נישט האָבן קיין טרויעריקן, צערטלעכן, גייסטיקן שמועס; ער האָט זי געמאַכט פאַר אַ שותּף פון זיין גאַנץ לעבן. — ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער: ס׳איז געווען דער גרויסער צער פון זיין לעבן. ער האָט אַריבערגעטראָגן די ליבע-באַדערפעניש אויף זיינע תּלמידים, צו וועלכע ער איז געווען צוגעבונדן, ווי אַ פאָטער צו זיינע זין, זיי האָבן אים טיילווייז אָפּגעצאָלט מיט ליבע. אַן אַלט האַרץ פילט זיך זייער נאָענט צו אַ יונגן, ווי זיי וואָלטן ביידע געווען אין איין עלטער: עס ווייסט גוט, ווי קורץ עס זענען די יאָרן, וואָס שיידן זיי אָפּ. אָבער אַ יונגער מענטש ווייסט עס נישט: דער זקן איז פאַר אים אַ מענטש פון אַן אַנדער עפּאָכע: אַגב איז ער צו שטאַרק פאַרנומען מיט די אומדירעקטע דאגות און אינסטינקטיוו קערט ער אָפּ זיינע אויגן פונם מעלאַנכאָלישן ציל פון זיינע אָנשטרענגונגען. דער אַלטער שולץ פלעגט אָפט געפינען דאַנקבאַרקייט ביי זיינע שילער, וואָס דעם אַלטנס לעבעדיקער, פרישער אינטערעס צו זייערע ליידן און פריידן פלעגט זיי

דירן; זיי זענען געקומען צו אים פון צייט צו צייט; זיי פלעגן אים שרייבן, דאַנקען נאָכדעם, ווי זיי האָבן פאַרלאָזט די אוניווערזיטעט; אַנדערע האָבן אים נאָך געשריבן אַ פּאָר מאָל אויך אין די שפּעטער-דיקע יאָרן. דערנאָך פלעגט דער אַלטער שולץ נישט האָבן פון זיי מער קיין שום ידיעה, סיידן דורך די צייטונגען, ווו ער פלעגט ליי-ענען וועגן זייערע ערפאָלגן: און ער האָט זיך געפרייט מיט זייער הצלחה, פונקט ווי ס׳וואָלט געווען זיין אייגענע. ער איז נישט געווען אויף זיי אין כעס, וואָס זיי שווייגן: ער האָט געפונען טויזנט תרוצים זיי מוחל צו זיין; ער האָט נישט געצווייפלט אין זייער פריינדשאַפט און געטראַכט וועגן אַ סך עגאָיסטן, אַז זיי האָבן די זעלבע געפילן, וואָס ער האָט צו זיי.

נאָר די ביכער זענען געווען פאַר אים די בעסטע פריינד: זיי האָבן אים נישט פאַרגעסן און נישט גענאַרט. די נשמות, וואָס ער האָט אין זיי ליב געהאַט, זענען שוין געווען אויסערן שטראָם פון דער צייט. זיי זענען געווען אומבאַוועגלעך, אויף אייביק געשמידט אין דער ליבע, וואָס האָט פון זיי געאָטעמט און וואָס זיי האָבן, דאַכט זיך, פונדאָסניי געפילט צו די, וואָס האָבן זיי ליב געהאַט. אַלס פּראָפעסאָר פון עסטעטיק און מוזיק-געשיכטע, איז ער געווען ווי אַן אַלטער בוים, אויף וועלכן עס טאַנצן אַרום זינגענדיקע פויגל. אַנדערע געזאַנגען האָבן אָפּגעקלונגען פון גאַנץ ווייט, זיי זענען געקומען פון דער טיפעניש פון דורות: זיי זענען נישט געווען די שוואַכסטע מיט זייער האַרציקייט און מיסטישן צויבער. — אַנדערע זענען אים געווען היימיש און אינטים: דאָס זענען געווען טייערע חברים; יעדער זאַץ האָט אים דערמאָנט די פריידן און ליידן פון זיין פאַרגאַנגען לעבן, באַוווּסטזיניק אָדער אומבאַוווּסטזיניק (ווייל אונטער יעדן טאָג, וואָס די זון-שיין באַלויכט, פליסן אַנדערע טעג, באַלויכטן פון אַן אומבאַ-קאַנט ליכט). עס זענען לסוף געווען אַזעלכע, וואָס מ׳האָט זיי נאָך קיינמאָל נישט געהערט, נאָר מ׳האָט געוואַרט אויף זיי און געגנויטיקט זיך אין זיי: דאָס האַרץ עפנט זיך, כּדי זיי אויפצונעמען, ווי די ערד אונטערן רעגן. אָט אַזוי האָט זיך דער אַלטער שולץ צוגעהערט, אין דער שטילקייט פון זיין איינזאַם לעבן, צום וואַלד, פול מיט פייגל; און ווי דער נזיר פון דער מעשה, וואָס שלאָפט-איין אין באַגייסטערונג ביים געזאַנג פונם צויבער-פויגל, זענען די יאָרן געגאַנגען איבער אים, און ס׳איז אָנגעקומען דער אָוונט פון זיין לעבן: אָבער שטענדיק האָט

ער אַלץ פֿאַרמאָגט זיין צוואַנציק יעריקע נשמה.

ער איז געווען רייך נישט נאָר אין מוזיק. ער האָט ליב געהאַט אויך די דיכטער — די אַלטע און די נייע. אַ באַזונדערע ליבשאַפֿט האָט ער געפֿילט צו די פּאָעטן פֿון זיין לאַנד, דער עיקר צו געטהען; ער האָט אויך ליב געהאַט די דיכטער פֿון אַנדערע לענדער. ער איז געווען אַ געלערנטער מענטש און געלייענט אין פֿיל שפּראַכן. לויטן גייסט איז ער געווען פֿון דעם דור פֿון הערדערן און די גרויסע „וועלט-בירגער" אין סוף אַכצנטן יאָרהונדערט. ער האָט געלעבט אין די יאָרן פֿון די מלחמות פֿאַר און נאָך 1870, און איז געווען איינגעהילט אין זייער גרויסן געדאַנק. און הגם ער האָט ליב געהאַט דייטשלאַנד, איז ער נישט געווען „שטאָלץ" דערויף. ער האָט געטראַכט, ווי הערדער, אַז „צווישן די שטאָלצע איז דער גרעסטער נאַר דער, וואָס גרויסט זיך מיט זיין נאַציאָנאַליטעט" און ווי שילער, אַז „ס'איז אַן אָרעמער אידעאַל צו שרייבן נאָר פֿאַר איין פֿאָלק". זיין גייסט איז טיילמאָל געווען שעמעוודיק; נאָר זיין האַרץ האָט פֿאַרמאָגט אַ ווונדערלעכע רחבות און איז גרייט געווען אויפֿצונעמען מיט ליבע אַלץ, וואָס אויף דער וועלט איז געווען שיין. אפֿשר איז ער געווען צו ווייניק שטרענג צו דער מענטשלעכער דורכשניטלעכקייט; אָבער זיין אינסטינקט האָט געוווסט, וואָס גוט איז און וואָס שלעכט; און אויב ער האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין כּוח צו פֿאַראורטיילן די פֿאַלשע קינסטלער, וואָס די עפֿנטלעכע מיינונג האָט זיך מיט זיי באַגייסטערט, האָט ער אָבער שטענדיק געהאַט גענוג כּוח צו פֿאַרטיידיקן די אָריגינעלע און שטאַרקע קינסטלער, וואָס די עפֿנטלעכע מיינונג האָט זיי מבטל געמאַכט. זיין גוטסקייט האָט אים אָפּטמאָל באַאומרויקט: ער האָט געציטערט, טאָמער באַגייט ער אַן עוולה; און ווען ער האָט נישט ליב געהאַט דאָס, וואָס אַנדערע האָבן יאָ ליב געהאַט, האָט ער נישט געצווייפֿלט, אַז ער איז זיך טועה און נישט זיי, — און לסוף פֿלעגט ער עס אויך ליב באַקומען. ס'איז אים געווען אַזוי גוט ליב צו האָבן! די ליבע און התפּעלות זענען געווען נאָך נויטווענדיקער פֿאַר זיין גייסטיקן לעבן, ווי די לופֿט פֿאַר זיין אָרעמער ברוסט. און דעריבער, וויפֿל דאַנקבאַרקייט האָט ער געפֿילט צו די, וואָס האָבן אים געגעבן דערצו אַ נייע געלעגנהייט! — קריסטאָף האָט זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, וואָס זיינע „לידער" זענען פֿאַרן אַלטן שולץ. ווען ער האָט זיי געשאַפֿן, האָט ער זיי אַליין נישט געפֿילט אַזוי טיף. זיי זענען געווען

פֿאַר קריסטאָפֿן פֿונקען, אויסגעשמידטע אין זיין אינערלעכער קוזשניע: ער האָט אויסגעשמידט און ער וועט נאָך שמידן אַנדערע. אָבער פֿאַרן אַלטן שולץ איז עס געווען אַ גאַנצע וועלט, וואָס האָט אין אים פּלוצלינג דערוואַכט, — אַ גאַנצע וועלט ליב צו באַקומען, מיט איין מאָל איז זיין לעבן באַלויכטן געוואָרן.

שוין אַ יאָר צייט, ווי ער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פֿון זיינע פּראָפֿעסאָר-פֿונקציעס: זיין געזונט איז געוואָרן אַלץ ערגער און נישט דערלויבט אים צו לערנען. ער איז געווען קראַנק און געלעגן אין בעט, ווען דער בוכהענדלער וואָלף האָט אים געבראַכט, ווי שטענדיק, אַ פּעקל לעצטע מוזיקאַלישע נייעס, וואָס ער האָט באַקומען און אין וועלכן ס'האָבן זיך דאָס מאָל געפֿונען קריסטאָפֿס „לידער". ער איז געווען אַליין. קיין איינער פֿון זיינע קרובים איז ביי אים נישט געווען! זיי זענען שוין לאַנג אויסגעשטאָרבן. ער איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פֿון אַן אַלטער דינסט, וואָס האָט אויסגענוצט זיין שוואַכקייט און געטון, וואָס איר האַרץ גלוסט. אַ צוויי-דריי פֿריינד, כּמעט אין זיינע יאָרן, פֿלעגן קומען פֿון צייט צו צייט אים צו באַזוכן; נאָר זיי זענען אויך נישט געווען ביים בעסטן געזונט, און ווען דאָס וועטער איז געווען שלעכט, פֿלעגן זיי זיך אויך פֿאַרשפּאַרן אין שטוב און אָפּגעלעגט זייערע וויזיטן. דעמאָלט איז גראָד געווען ווינטער, די גאַסן זענען געווען באַדעקט מיט צעגייענדיקן שניי: שולץ האָט דעם גאַנצן טאָג קיינעם נישט געזען. ס'איז געוואָרן טונקל אין צימער: אַ געלער נעפּל האָט זיך אויסגעצויגן אויף די שויבן, ווי אַן עקראַן, און פֿאַרמויערט די בליקן: די וואַרעמקייט פֿון אויוון איז געווען שווער און זי האָט אויסגעמאַטערט. פֿון דער שכנותדיקער קירך האָט אַן אַלטער גלאָק פֿון זיבעצנטן יאָרהונדערט יעדע פֿערטל שעה אויסגעזונגען מיט אַ הייזעריקער, שרעקלעך פֿאַלשער שטים שטיקער מאָנאָטאָנע כאָר-תּפֿילות, וואָס זייער פֿריילעכקייט האָט זיך שווער געלעגט אויפֿן האַרצן, בעת מ'איז אַליין נישט איבעריק פֿריילעך. אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן אַ הויפֿן קישנס, האָט דער אַלטער שולץ געהוסט. ער האָט געפּרוווט נאָך אַמאָל איבערלייענען מאָנטעניען, וועלכן ער האָט ליב געהאַט;

אָבער דאָס לייענען האָט אים היינט פאַרשאַפט וויניקער נחת-רוח ווי שטענ-דיק; ער האָט אַרויסגעלאָזן דאָס ביכל, שווער געאָטעמט און געטרוימט. דאָס פעקל מוזיק איז געלעגן דאָ, אויף זיין בעט: ער האָט נישט גע-האַט קיין מוט עס צו עפענען; ס'איז אים געווען טרויעריק אויפן האַרצן. לסוף האָט ער אָפּגעזיפצט און נאָכדעם, ווי ער האָט פּאָרזיכ-טיק אויפגעבונדן דאָס שנירל, האָט ער אָנגעטון די ברילן און גענו-מען לייענען די מוזיקאַלישע ווערק. זיין געדאַנק איז געווען ערגעץ אַנדערש: ער האָט זיך כּסדר אומגעקערט צו די זכרונות, וועלכע ער האָט געוואָלט פאַרטרייבן פון זיך.

דאָס העפט, וואָס ער האָט געהאַלטן, איז געווען קריסטאָפס. זיינע אויגן זענען געפאַלן אויף אַן אַלט ליד, וואָס זיינע ווערטער האָט קריסטאָף גענומען ביי אַ נאַיוון, פרומען פּאָעט פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, ענדערנדיק זייער אויסדרוק: „דאָס קריסטלעכע וואַנ־דער־ליד" פון פּאָל גערהאַרט.

Hoff, o du arme Seele,
Hoff und sei unverzagt!

— — — — — — — —

Erwarte nur der Zeit,
So wirst du schon erblicken
Die Sonn der schönsten Freud.

— — — — — — — —

(האָף, אָ, דו אָרעמע נשמה,
האָף און בלייב אומדערשראָקן!

— — — — — — — —

וואַרט נאָר אָפּ די צייט,
ווען דו וועסט אויך דערזען
די זון פון שענסטער פרייד.)

— — — — — — — —

דער אַלטער שולץ האָט גוט געקענט די דאָזיקע איינפאַכע ווערטער; נאָר קיינמאָל האָבן זיי נישט גערעדט צו אים אַט אַזוי... ס'איז נישט געווען די שטילע פרומקייט, וואָס באַרויקט און פאַר־שלעפערט מיט איר איינטאָניקייט. דאָס איז געווען אַ נשמה, ווי זיי־נע, ס'איז געווען זיין אייגענע נשמה, נאָר אַ יונגערע און שטאַר־קערע, וואָס האָט געליטן, געוואָלט האָפן, געוואָלט זען די פרייד

און זי ווירקלעך געזען. זיינע הענט האָבן געציטערט, גוויסע טרערן האָבן זיך געקייקלט לענג־אויס זיינע באַקן, ער האָט ווייטער געלייענט:

Auf, auf! gieb deinem Schmerze
Und Sorgen gute Nacht!
Lass fahren, was das Herze
Betrübt und traurig macht!

(שטיי אויף און טרייב אַוועק
דיין שמערץ און דיינע זאָרגן!
וואַרף אָפּ דאָס, וואָס באַטריבט
און מאַכט טרויעריק דיין האַרץ!

קריסטאָף האָט צוגעגעבן צו אָט די געדאַנקען אַ יונגע, שטאַרקע התלהבות, וואָס איז אין די לעצטע גלויבנדיקע, נאַיווע פערזן אויסגעוואַקסן צו אַ העלדישן געלעכטער:

Bist du doch nicht Regente,
Der alles führen soll,
Gott sitzt in Regimente
Und führet alles wohl.

(דו ביסט נישט קיין הערשער,
וואָס פירט אָן מיט דער וועלט,
גאָט זיצט אויף זיין טראָן
און הערשט, ווי אים געפעלט.)

און ווען ס'איז געקומען דער סטראָף פון דער העכסטער אַרויספאָדערונג, וואָס קריסטאָף האָט, מיט דער חוצפה פון אַ יונגן באַרבאַר, שטיל אַרויסגעריסן פון איר פרימיטיוון אָרט אין דער גאַנצקייט פון דער פּאָעמע, כדי צו פאַרענדיקן זיין „ליד“:

Und ob gleich alle Teufel
Hier wollten widerstehn
So wird doch ohne Zweifel
Gott nicht zurücke gehn:

Was er ihm vorgenommen
Und was er haben will,
Das muss doch endlich kommen
Zu seinem Zweck und Ziel.

(אפילו ווען אַלע טייוואָלים
זאָלן קעגן דיר זיך שטעלן,
וועט זיך אָן שום צווייפל
גאָט נישט ציען צוריק.

וואָס ער האָט פאָרגענומען
און וואָס ער האָבן וויל,
דאָס מוז דאָך ענדלעך קומען
צו זיין צוועק און ציל.)

...דעמאָלט איז עס געווען אַן אויסגעשריי פון פרייד, מלחמה־שכּרות, נצחון פון אַ רוימישן אימפּעראַטאָר.

דער זקן האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. ער האָט ווייטער הוסטנדיק, געלייענט די מעכטיקע מוזיק, ווי אַ קינד, וואָס לאָזט זיך מיטשלעפּן פון אַ חבר און לויפט־מיט, האַלטנדיק אים פאַר דער האַנט. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן. ער האָט געשטאַמלט:

— אָ, גאָט מיינער!.. אָ, גאָט מיינער!..

ער האָט גענומען כליפּען, ער האָט געלאַכט: ער איז געווען גליקלעך. ס'האָט אים געשטיקט. אַ שטאַרקער הוסט איז אים באַפאַלן. סאַלאָמע, די אַלטע דינסט, איז געקומען צולויפן, און געמיינט, אַז דער אַלטער שטאַרבט. ער האָט אָן אויפהער געוויינט, געהוסט און איבערגעחזרט:

— אָך, גאָט מיינער!.. גאָט מיינער!....

און אין די קורצע הפסקות, צווישן צוויי הוסט־אָנפאַלן, האָט ער געלאַכט מיט אַ שאַרפן, זיסן געלעכטער.

סאַלאָמע האָט געמיינט, אַז ער איז פון זינען אַראָפּ. ווען זי האָט תּופס געווען די סיבה פון זיין אויפרעגונג, האָט זי זיך גענומען בייזערן:

— איז כדאי צוליב עפּעס אַ נאַרישקייט צו קומען אין אַזאַ מצב!.. ווייזט עס אַהער! כ'וועל עס אַרויסטראָגן. איר וועט עס מער נישט אָנזען פאַר די אויגן.

אָבער דער אַלטער האָט עס פעסט געהאַלטן, נאָך אַלץ הוסטנ־דיק, און געשריגן צו סאַלאָמען, זי זאָל אים לאָזן צורו. ווען זי איז צוגעשטאַנען, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ צאָרן, געשאָלטן און גע־שטיקט זיך פון אויפרעגונג. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען, ער זאָל זיין אַזוי בייז און עקשנותדיק. דערשטוינט האָט זי אים צורו געלאָזן, נאָר נישט געשווינט אים קיין בייזע ווערטער: זי האָט אים אָנגערופן אַלטער משוגענער, געזאָגט, כּאשר זי האָט געמיינט, אַז זי איז אָנגעקומען אויף אַ שטעלע צו אַ דערצויגענעם מענטשן, איצט זעט זי, אַז זי האָט אַ טעות, ווייל ער האָט גערעדט גראָבע רייד, וואָס האָבן געקאָנט רויט מאַכן אַ בעל־עגלה, און אַז די אויגן זענען אים אַרויס פון קאָפּ, און ווען דאָס זאָלן זיין ביקסן, וואָלטן זיי זי דערהרגעט"... זי וואָלט נאָך לאַנג נישט איבערגעריסן דעם מענה־לשון, ווען ער זאָל זיך נישט אויפהויבן אויף די קישנס און נישט אַ געשריי טון:

— אַרויס!

מיט אַזאַ שטאַרקן טאָן, אַז זי איז תּיכּף אַרויס, פאַרקלאַפּט די טיר און דערקלערט, אַז ער מעג זי איצט רופן ביז מאָרגן, וועט זי נישט קומען און אַז זי וועט לאָזן אים אינגאַנצן אַליין.

דעמאָלט איז די שטילקייט ווידער צוגעפאַלן אין צימער, ווו ס'איז שוין געווען נאַכט. ווידער האָט דער גלאָק אַריינגעטריפט אין דער אָוונט־שטילקייט זיינע הייזעריקע, משונהדיקע קלאַנגען. אַביסל פאַרשעמט פון זיין כּעס, האָט דער אַלטער שולץ, אומבאַוועגלעך און אויסגעצויגן אויפן רוקן, געוואַרט, שווער אָטעמענדיק, דאָס האַרץ זאָל זיך אים באַרויקן: ער האָט צוגעדריקט צו זיין ברוסט די טייערע „לידער" און געלאַכט, ווי אַ קינד.

די שפּעטערדיקע איינזאַמע טעג האָט ער פאַרבראַכט אין אַ מין עקסטאַז. ער האָט מער נישט געטראַכט וועגן זיין קרענק, וועגן ווינ־

טער, וועגן טרויעריקן טאָג-ליכט, וועגן זיין איינזאַמקייט. אַלץ אַרום אים איז געווען מיט ליכט און ליבע. גאַנץ נאָענט צום טויט, האָט ער זיך געפילט ווידער אויפגעלעבט אין דער יונגער נשמה פון אַן אומבאַקאַנטן פריינד.

ער האָט געפרווט פאָרצושטעלן פאַר זיך קריסטאָפן. ער האָט לחלוטין אים נישט געזען אַזאַ, ווי ער איז באמת געווען. ער האָט אים אַביסל געזען לויט זיין אייגענעם אידעאַליזירטן בילד, אַזאַ, ווי ער האָט אַליין געוואָלט זיין: בלאָנד, שלאַנק, מיט בלויע אויגן, מיט אַ ביסל אַ שוואַכער און פאַרשלייערטער שטים, צאַרט, שעמעוודיק און האַרציק. נאָר ווי קריסטאָף זאָל נישט זיין, איז דער אַלטער גרייט געווען אים צו אידעאַליזירן. ער האָט אידעאַליזירט אַלץ, וואָס אַרום זיך: זיינע תּלמידים, שכנים, פריינד, די אַלטע דינסט. זיין לעכערלעכע צאַרטקייט און מאַנגל אין קריטיק — וואָס האָט זיך טיילווייז געענדערט פון פונם ווילן אויסצומעקן יעדע בייזע מחשבה — האָבן געוועבט אַרום אים בילדער ערנסטע און ריינע, ווי זיין אייגן בילד. ס'איז געווען אַ ליגן פון גוטסקייט וועגן, אין וועלכן זיין לעבן האָט זיך גענויטיקט. ער האָט זיך נישט גענאַרט, און אָפט ביינאַכט, ליגנדיק אין בעט, האָט ער געזיפצט, טראַכטנדיק וועגן די טויזנט קליינקייטן, וואָס האָבן אין דעם טאָג פּאַסירט און וואָס זענען סותר זיין אידעאַליזם. ער האָט גוט געוווסט, אַז די אַלטע סאַלאָמע מאַכט הינטער זיינע פּלייצעס חוזק פון אים, מיט די שכנטעס פון דער געגנט, און אַז זי נאַרט אים רעגלמעסיק אָפּ מיט די חשבונות פון דער וואָך. ער האָט גוט געוווסט, אַז זיינע תּלמידים חנפענען אים, כּל-זמן זיי דאַרפן אים האָבן, און דערנאָך, ווען זיי ציען פון אים אַרויס אַלע נוצן, וואָס ער קאָן זיי ברענגען, לאָזן זיי אים אין דער זייט. ער האָט געוווסט, אַז זיינע אַלטע אוניווערזיטעט-קאָלעגן האָבן אים, זינט ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער אַרבעט, אינגאַנצן פאַרגעסן, און אַז זיין יורש באַרויבט אים זיינע אַרטיקלען, נישט דערמאָנענדיק זיין נאָמען אָדער דערמאָנענדיק אים בכּיוון, כּדי צו ציטירן אַ זאַץ אַן אַ שום ווערט און אויפצווייזן זיינע פעלערן: (אַ זאַך, וואָס טרעפט אָפט אין דער קריטיק) ער האָט געוווסט, אַז זיין אַלטער פריינד קונץ האָט אים יענעם טאָג נאָך מיטאָג געזאָגט אַ ליגן, און אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל מער נישט אָנזען מיט די ביכער, וואָס זיין צווייטער פריינד פּאָטפּעטשמיד האָט ביי אים אויף עטלעכע

טעג געבאָרגט, — און דאָס איז געווען זייער ווייטיקלעך פאַר אים, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו זיינע ביכער, פונקט ווי צו לעבעדיקע מענטשן. פיל אַנדערע טרויעריקע זאַכן, אַלטע און נייע, זענען אים געקומען אויפן זינען; ער האָט נישט געוואָלט דערפון טראַכטן, נאָר זיי זענען געווען אין אים, — ער האָט זיי געפילט. די ערינערונג פלעגט אים טיילמאָל טיף אַדורכדרינגען, ווי אַ שטעכעדיקער ווייטיק.

— אוי, רבונו של עולם! — האָט ער געקרעכצט אין דער נאַכט־שטילקייט. —

דערנאָך האָט ער אָפּגעשטויסן די בייזע מחשבות: ער האָט זיי אָפּגעלייקנט; ער האָט געוואָלט האָבן צוטרוי און זיין אַן אָפּטימיסט און גלויבן אין מענטשן: און ער האָט אין זיי געגלויבט. וויפל מאָל זענען זיינע אילוזיעס אכזריותדיק חרוב געוואָרן! — נאָר ער האָט גיך געשאַפן אַנדערע, שטענדיק, שטענדיקע... ער האָט אָן זיי נישט געקאָנט לעבן.

דער אומבאַקאַנטער קריסטאָף איז געוואָרן דאָס לייכטנדיקע פייער אין זיין לעבן. דער ערשטער קאַלטער, בייזער בריוו, וואָס ער האָט פון אים דערהאַלטן, האָט אים באַדאַרפט פאַרשאַפן עגמת־נפש — (אפשר האָט עס טאַקע פאַרשאַפט): — נאָר ער האָט עס נישט געוואָלט מודה זיין און געפרייט זיך, ווי אַ קינד. ער איז גע־ווען אַזוי באַשיידן און געפאָדערט פון מענטשן אַזוי ווייניק, אַז דאָס ביסל, וואָס ער האָט באַקומען, האָט געקלעקט צו שפייזן זיין באַ־דערפעניש ליב צו האָבן זיי און צו זיין זיי דאַנקבאַר. זען קריי־סטאָפן — דאָס איז געווען אַ גליק, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו האָפן דערויף. ער איז איצט געווען צו אַלט פאָרצונעמען אַ רייזע צו די רהיין־ברעגעס; און וואָס שייך איינלאַדן אים צו זיך — דער געדאַנק איז אים קיינמאָל אפילו אויפן זינען נישט אַרויף.

קריסטאפס טעלעגראַמע איז געקומען צו אים אין אָוונט, בעת ער איז געזעסן ביים טיש. אין אָנהויב האָט ער נישט פאַרשטאַנען: די אונטערשריפט האָט אים אויסגעזען אומבאַקאַנט, ער האָט גע־טראַכט, אַז ס'איז אַ טעות, די טעלעגראַמע איז נישט פאַר אים; ער האָט זי דריי מאָל איבערגעלייענט; פון גרויס צערודערטקייט האָבן זיך זיינע ברילן נישט געוואָלט האַלטן אויף דער נאָז, דער לאָמפּ האָט שלעכט געלויכטן, די אותיות האָבן אים געטאַנצט פאַר די אויגן. ווען ער האָט פאַרשטאַנען, איז ער געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ער־

האָט גאָר פאַרגעסן עפּעס צו עסן. אומזיסט האָט סאַלאָמע אויף אים געשריגן: ס׳איז אים געווען אוממעגלעך אַראָפּצושלינגען אַ ביסן. ער האָט אַ וואָרף געטון דאָס סערוועטל אויפן טיש, נישט צונויפגעלייגט עס, ווי ער פלעגט שטענדיק טון; שטאַרק צערודערט האָט ער זיך אויפגעהויבן, געגאַנגען זוכן זיין הוט און שטעקן — און איז אַרויס. דער ערשטער געדאַנק פונם גוטן שולץ, בעת ס׳האָט אים געטראָפן אַזאַ גליק, איז געווען צו טיילן זיך דערמיט מיט אַנדערע און מודיע צו זיין זיינע פריינד וועגן קריסטאָפס קומען.

ער האָט געהאַט צוויי ידידים, ביידע מוזיק־ליבהאָבער, ווי ער, ביי וועמען ס׳איז אים געלונגען אַרויסצורופן התפעלות פאַר קריסטאָפן: דער ריכטער סאַמועל קונץ און דער דענטיסט אָסקאַר פּאָדפּעטשמיד, וואָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער זינגער. די דריי אַלטע חברים פלעגן אָפט רעדן וועגן קריסטאָפן און שפּילן זיין גאַנצע מוזיק, וואָס זיי האָבן געקריגן. פּאָדפּעטשמיד פלעגט זינגען, שולץ באַגלייטן און קונץ — הערן. זיי פלעגן כאַפּן התפעלות אין משך פון לאַנגע שעהן. וויפל מאָל האָבן זיי בעתן שפּילן איבערגעחזרט:

— אַך, ווען קראַפט וואָלט דאָ געווען!

שולץ האָט געלאַכט צו זיך אין גאַס — פון דער הנאה, וואָס ער וועט פאַרשאַפן זיינע פריינד. ס׳איז געווען אָונט, און קונץ האָט געוווינט אין אַ דערפל, אַ האַלבע שעה גאַנג פון דער שטאָט. נאָר דער הימל איז געווען קלאָר: ס׳איז געווען אַ שיינער אַפּריל־אָוונט; די נאַכטיגאַלן האָבן געזונגען. דעם אַלטן שולץ איז דאָס האַרץ פאַר־פלייצט געוואָרן פון גליק; ער האָט אָן שווערקייט געאָטעמט, זיינע פיס זענען געגאַנגען לייכט, ווי ביי אַ צוואַנציקיעריקן בחור. ער איז געגאַנגען גרינג, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די שטיינער, אָן וועלכע ער איז אַלעמאָל געשטרויכלט געוואָרן אין דער פינסטערניש. ער האָט געשיקט אויסגעמיטן אין וועג די פּירלעך, וואָס זענען גע־פאָרן און פריילעך זיך באַגריסט מיטן פורמאַן, וואָס האָט אים דער־שטוינט אָנגעקוקט, בעת די לאַמטערנע האָט באַלויכטן דעם גייענדיקן זקן, וואָס איז געקראָכן איבער אַ מייל־שטיין.

ס׳איז שוין געווען נאַכט, ווען ער איז אָנגעקומען צו קונצס הויז, אַביסל הינטער דער שטאָט, אין אַ קליין גערטנדל. ער האָט אָנגע־קלאַפּט אין טיר און גערופן אויפן קול: אַ פענסטער האָט זיך גע־

עפּנס, און אַ דערשראָקענער האָט זיך קונץ באַוויזן. ער האָט גע־פּרוווט זען אין דער פינסטער און געפרעגט:

— ווער איז דאָרט? וואָס וויל מען פון מיר?

סאַפּענדיק האָט שולץ פריילעך געשריגן:

— קראַפּט... קראַפּט קומט מאָרגן...

קונץ האָט נישט פאַרשטאַנען, נאָר ער האָט דערקענט די שטים:

— שולץ!.. וואָס: אַזוי שפּעט? וואָס איז געשען?

שולץ האָט איבערגעחזרט:

— ער קומט מאָרגן, מאָרגן אינדערפרי!...

— וואָס? — האָט קונץ אַלץ פאַרחידושט איבערגעפרעגט.

— קראַפּט! — האָט געשריגן שולץ.

קונץ האָט אַ ווײַלע נאָכגעקלערט די באַדײַטונג פונם דאָזיקן וואָרט; דערנאָך האָט אַ שטאַרקער אויסגעשריי עדות געזאָגט, אַז ער האָט פאַרשטאַנען.

— כ׳גיי שוין אַראָפּ! — האָט ער געשריגן.

דאָס פענסטער האָט זיך פאַרמאַכט. קונץ האָט זיך באַוויזן אויפן באַלקאָן פון די טרעפּ מיט אַ לאָמפּ אין דער האַנט און אַראָפּ אין גאָרטן. ער איז געווען אַן אַלטיטשקער מיט אַ גרויסן גרויען קאָפּ, מיט אַ רויטער באָרד און שפּרענקעלעך אויף דעם פּנים און הענט. ער איז געגאַנגען מיט קליינע טריט, רויכערנדיק זײַן פאָרצע־לייענע לולקע. דער דאָזיקער גוטמוטיקער און אַביסל פאַרשלאָפענער מענטש האָט זיך קיין זאַך אין לעבן נישט גענומען שטאַרק צום האַרצן. די ידיעה, וואָס שולץ האָט אים געבראַכט, איז אָבער געווען בכוח אים אַרויסצוברענגען פון זײַן רויקייט; כרעגנדיק האָט ער גע־מאַכט מיט די קורצע הענט און מיטן לאָמפּ.

— וואָס? ס׳איז אמת? ער קומט טאַקע?

— מאָרגן פרי! — האָט שולץ איבערגעחזרט, טריומפירנדיק און ווײַזנדיק די טעלעגראַמע.

ביידע אַלטע פריינד האָבן זיך געזעצט אויף אַ באַנק, אונטער אַ סוכּה. שולץ האָט גענומען דעם לאָמפּ. קונץ האָט אויפמערקזאַם אויפגעעפנט די טעלעגראַמע און געלייענט פּאַמעלעך און שטיל: שולץ האָט איבערגעלייענט נאָך אַמאָל אויפן קול, איבער זײַן אַקסל. קונץ האָט באַטראַכט די צייכנס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די טעלע־

גראַמע, די שעה, ווען זי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן, די שעה, ווען זי איז אָנגעקומען, די צאָל פון די ווערטער. דערנאָך האָט ער דאָס פּאַפּיר צוריקגעגעבן שולצן, וואָס האָט בנעימותדיק געלאַכט, אָנגעקוקט אים און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ איבערגעחזרט:

— אַך, ווי גוט!... ווי גוט!...

ער האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט, אַרײַנזויגנדיק און אַרויסלאָזנדיק אַ געדיכטן רויך פון זײַן לולקע, דערנאָך אַרויפגעלעגט זײַן האַנט אויף שולצס קני און געזאָגט:

— מ'דאַרף מודיע זײַן פּאָטפּעטשמידן.

— איך גיי אַהין. — האָט שולץ געזאָגט.

— כ'גיי מיט דיר, — האָט געזאָגט קונץ.

ער איז אַרײַן אַוועקשטעלן דעם לאָמפּ און איז באַלד צוריקגעקומען. די צוויי זקנים זענען געגאַנגען, האַלטנדיק זיך אונטערן אָרעם. פּאָטפּעטשמיד האָט געוווינט אין צווייטן עק שטאָט. שולץ און קונץ האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט צערודערטע ווערטער, איבערקײַענדיק די ידיעה. פּלוצלינג איז קונץ געבליבן שטיין און אַ קלאַפּ געטון מיטן שטעקן אין דר'ערד:

— אַך, צום טײַוול! — האָט ער געזאָגט — ער איז דאָך נישטאָ הי!...

ער האָט זיך איצט דערמאָנט, אַז פּאָטפּעטשמיד איז נאָכמיטאָג אַרויסגעפאָרן אויף אַן אָפּעראַציע אין אַ שכנותדיקן שטעטל, וווּ ער האָט געזאָלט נעכטיקן און פאַרבלײַבן אויף אַ טאָג־צוויי. זיי האָבן זיך געגרויסט מיט פּאָטפּעטשמידס חברשאַפט און געוואָלט זיך באַווײַזן מיט אָט דעם כבוד. זיי זענען געבליבן שטיין אין וועג, נישט וויסנדיק, וואָס צו באַשליסן.

— וואָס זאָל מען טון? וואָס זאָל מען טון? — האָט קונץ געפרעגט.

— קראַפּט מוז אומבאַדינגט הערן פּאָטפּעטשמידן, — האָט שולץ געזאָגט.

ער האָט נאָכגעקלערט און צוגעגעבן:

—מ'דאַרף אים שיקן אַ טעלעגראַמע.

זיי זענען אַוועק אין טעלעגראַפישן אַמט און צוזאַמען צונויפגעשטעלט אַ לאַנגע, רירנדיקע טעלעגראַמע, פון וועלכער ס'איז שווער

געווען עפעס-וואָס צו פֿאַרשטיין. דערנאָך זענען זיי געגאַנגען צוריק; שולץ האָט געחשבונט:

— ער וואָלט דאָ געקאָנט זיין מאָרגן אין דער פֿרי, ווען ער זאָל אַרויספֿאָרן מיטן ערשטן צוג.

אָבער קונץ האָט באַמערקט, אַז ס'איז שוין צו שפּעט, און אַז די טעלעגראַמע וועט בלי ספק אַוועק ערשט מאָרגן. שולץ האָט גע־שאָקלט מיטן קאָפּ, און זיי האָבן איבערגעחזרט:

— ס'אַ שאָד!

זיי האָבן זיך געשיידט ביי קונצן פֿאַר דער טיר; ווי גרויס קונצס פֿריינטשאַפֿט איז נישט געווען צו שולצן, איז זי דאָך נישט דער־גאַנגען ביז אַזאַ אומפּאַרזיכלעכקייט, ער זאָל אַרויסבאַגלייטן שולצן פֿון דאָרף אָדער אַזוי צופֿירן אַ שטיקל וועג, וואָס ער וואָלט שפּעטער געמוזט דורכמאַכן אַליין ביינאַכט, ס'איז געבליבן, אַז קונץ וועט צו־מאָרגנס קומען אויף מיטאָג צו שולצן. שולץ האָט געקוקט אויפֿן הימל מיט עגמת־נפֿש:

— הלוואי זאָל כאָטש מאָרגן זיין שיין!

און אַ שטיין איז אים אַראָפּ פֿון האַרצן, ווען קונץ, וועלכן מ'האָט געהאַלטן פֿאַר אַ גוטן מבין אויף מעטעאָראָלאָגיע, האָט באַטראַכט גענוי דעם הימל (אים איז, פּונקט ווי שולצן, געגאַנגען אין לעבן, אַז קריסטאָף זאָל זען זייער שטעטל אין זיין גאַנצער פּראַכט) און גע־זאָגט:

— מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג.

שולץ איז געגאַנגען אַליין שטאָט אַריין מיטן זעלבן וועג, דורך וואַנען ער איז געקומען. ער איז נישט איינמאָל געשטרויכלט געוואָרן אָן די האַרטע וועג-צייכנס און שטיין-בערגלעך, וואָס האָבן בעסטאַרטשעט לענג-אויס דעם וועג. איידער ער איז אַרויף אַהיים, איז ער פֿריער אַריין צום בעקער און באַשטעלט אַ ספּעציעלן מין טאָרט, וואָס איז געווען באַרימט אין שטאָט. דערנאָך איז ער געגאַנגען אַהיים; אויפֿן וועג איז ער אָפּגעטראָטן צום וואָקזאַל, כדי גענוי נאָכצוזען, ווען עס קומט דער צוג. לסוף איז ער אַריין אין שטוב, גערופֿן סאַ־

לאָמען און גערעדט מיט איר באריכות וועגן מאָרגעדיקן מיטאָג. ערשט דעמאָלט האָט ער זיך אַ מידער געלעגט שלאָפֿן; ער איז געווען גע-רירט, ווי אַ קינד ערב יום-טוב, און אַ גאַנצע נאַכט האָט ער זיך גע-דרייט אויפֿן געלעגער און נישט געקאָנט אַנטשלאָפֿן ווערן. אַרום איינס אַ זייגער ביינאַכט איז אים איינגעפֿאַלן זיך אויפֿצוהייבן, כדי צו זאָגן סאַלאָמען, זי זאָל מאַכן צו מיטאָג אַ געפּרעגלטן קאַרפּ; ווייל זי פֿלעגט עס מאַכן אויסגעצייכנט. ער האָט עס איר נישט געזאָגט, — און ס'איז געווען בלי-ספק גלייכער. פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך אויפֿגע-הויבן, כדי איינצואָרדענען די זאַכן אינם צימער, וואָס ער האָט באַ-שטימט פֿאַר קריסטאָפֿן; ער איז געווען זייער פֿאָרזיכטיק, נישט אויפֿ-צוּוועקן, חלילה, סאַלאָמען: ער האָט מורא געהאַט, טאָמער בייזערט זי זיך. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געציטערט, טאָמער פֿאַרשפּעטיקט ער דעם צוג, הגם קריסטאָף האָט געדאַרפֿט קומען ערשט אַכט אַ זייגער. ער איז אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿרי. זיין ערשטער בליק איז געפֿאַלן אויפֿן הימל: קונץ האָט זיך נישט טועה געווען, ס'איז געווען אַ גרויס-אַרטיק וועטער. אויף די שפּיץ-פֿינגער איז שולץ אַראָפּ אין קעלער, ווו ער איז שוין אַ לאַנגע צייט נישט געווען, מחמת מורא פֿאַר דער קעלט און פֿאַר די גליטשיקע טרעפּ; ער האָט אויסגעקליבן דעם בעסטן וויין; אַרויפֿגייענדיק אויף די טרעפּ מיטן אָנגעלאָדענעם קויש, האָט ער געגרייכט מיטן קאָפּ ביזן סופיט און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט ווערט ער דערשטיקט. דערנאָך באַוואָפֿנט מיט אַ שער איז ער אַריין אין גאָרטן; ער האָט אומברחמנותדיק אָפּגעשניטן די שענסטע רויזן און די ערשטע צווייגן פֿון די מילך-פֿייג'-בוימעלעך. דערנאָך איז ער אַרויף אין זיין צימער, גיך זיך אָפּגעגאָלט, זיך אַ פּאָר מאָל איינ-געשניטן, זאָרגעוודיק זיך אָנגעטון און אַוועק צום וואָקזאַל. סאַלאָמע האָט אים בשום אופֿן נישט געקאָנט צורעדן, ער זאָל אויסטרינקען אַביסל מילך; ער האָט געטענהט, אַז מסתמא האָט נאָך קריסטאָף אויך נישט געגעסן קיין פֿרישטיק, און ווען זיי וועלן צוזאַמען קומען פֿון וואָקזאַל, וועלן זיי ביידע פֿרישטיקן.

ער איז געקומען אויפֿן וואָקזאַל דריי פֿערטל שעה צו פֿרי. ער האָט פֿאַרצווייפֿלט געוואַרט אויף קריסטאָפֿן און לסוף אים אויס-געמיטן: אָנשטאָט צו בלייבן שטיין געדולדיק ביי דער אַרויסגאַנגס-טיר, איז ער אַרומגעגאַנגען איבערן וואָקזאַל און פֿאַרלוירן זיך אינם טומל פֿון די אָנקומענדיקע און אָפּפֿאָרנדיקע. נישט געקוקט אויף אַלע

גענויע אָנווייזונגען פון דער טעלעגראַמע, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט — איין גאָט ווייס פאַרוואָס! — אַז קריסטאָף וועט קומען נישט מיט דעם צוג, וואָס האָט אים טאַקע געבראַכט, נאָר מיט אַן אַנדערן; און אגב, איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז קריסטאָף קאָן אַרויסשטייגן פון אַ וואַגאָן פון פערטער קלאַס. העכער אַ פערטל שעה איז ער געבליבן וואַרטן אויפן וואָקזאַל, בעת קריסטאָף, וואָס איז שוין לאַנג געהאַט געקומען, איז אַוועק גלייך צו אים אין שטוב אַריין. כּדי צו פאַרגרעסערן דעם אומגליק, איז סאַלאָמע גראָד געהאַט אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק, און קריסטאָף האָט געפונען אַ פאַרשפאַרטע טיר. די שכנה, וואָס סאַלאָמע האָט זי פשוט געבעטן, זי זאָל זאָגן, אויב עמעצער וועט קלינגען, אַז זי קומט באַלד צוריק, — האָט דערפילט איר צוזאָג, נישט צוגעבנדיק דערצו קיין וואָרט. קריסטאָף, וואָס איז נישט געקומען זען סאַלאָמען און נישט געוווּסט, ווער זי איז, — האָט איינגעפונען, אַז ס'איז אַ בייזער שפּאַס; ער האָט זיך געפרעגט, צי דער הער אוניווערזיטעט-מוזיק-דירעקטאָר איז נישטאָ אין שטאָט. מ'האָט אים געענטפערט, אַז ער איז דאָ, נאָר מ'האָט אים נישט געקאָנט אָנווייזן ווו. ער איז אַוועק שטאַרק אויפגעבראַכט.

ווען דער אַלטער שולץ איז צוריקגעקומען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענער נאָז און דערוווּסט זיך פון סאַלאָמען, וואָס איז נאָר וואָס געהאַט געקומען, דאָס געשעענע, איז ער געווען ממש פאַרצווייפלט: ער האָט געהאַלטן ביים וויינען. ער האָט אויסגעלאָזט זיין שווער געמיט צו דער נאַרישקייט פון דער דינסט, וואָס זי איז אַוועק, בעת ער איז נישט געווען אין שטוב, און נישט געהאַט קיין שכל אָנצוזאָגן, אַז מ'זאָל קריסטאָפן פאַרהאַלטן. סאַלאָמע האָט אים געענטפערט אין זעלבן טאָן, אַז זי קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, ער זאָל זיין אַזוי נאַריש און אויסמיידן דעם, וועלכן ער האָט אָפּגעוואַרט. נאָר דער אַלטער האָט נישט געוואָלט פאַרפירן מיט איר אַ שמועס, נישט פאַרלירנדיק קיין איין רגע, איז ער אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און זיך געלאָזט זוכן קריסטאָפן, לויטן אומבאַשטימטן שפור, וואָס די שכנים האָבן אים אָנגעגעבן.

קריסטאָפן האָט געקרענקט, וואָס ער האָט קיינעם נישט געטראָפן, און אפילו אָן קיין וואָרט פון התנצלות. נישט וויסנדיק, וואָס צו טון ביזן נאָענטסטן צוג, האָט ער זיך געלאָזט שפּאַצירן איבער דער שטאָט און איבער די פעלדער, וואָס האָבן אים אויסגעוויזן שיין.

ס'איז געווען אַ קליין שטיל שטעטל, אַ פאַרשלאָפנס, אויסגע־
בעט צווישן ווייכע בערגלעך; אַרום די הייזער־גערטנער, בליענדיקע
קאַרשן־בוימער, גרינע גראָז־פּלעצער, שיינע באַשאָטנטע וועגן,
כּלומרשט אַלטע חורבות, ווייסע ביוסטן פון פירשטינס, טיילמאָל
אויף זיילן פון מירמל־שטיין אין מיטן גרינס, זיסע און איידעלע
פּנימער. אין די צעבלישטע קוסטעס האָבן קאָסן געזונגען אויפן קול.
אויסשפירנדיק קליינע קאָנצערטן פון פרייליכע און קלינגעוודיקע
פליטן: קריסטאָפס בייזע שטימונג איז תּיכּף פאַרשוווּנדן: ער האָט
פאַרגעסן פעטער שולצן.

אומזיסט איז דער אַלטער אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, נאָכ־
פרעגנדיק זיך ביי מענטשן; ער איז דערגאַנגען ביזן אַלטן שלאָס
אויפן בערגל, וואָס איבער דער שטאָט, און אומגליקלעך איז ער גע־
גאַנגען צוריק, ווען ער האָט מיט זיינע דורכדרינגלעכע אויגן, וואָס
האָבן זייער ווייט געזען, באַמערקט אויף אַ געוויסן מהלך אַ מענטשן,
וואָס איז געלעגן אויף אַ לאָנקע, אין שאָטן פון די קוסטעס. ער האָט
נישט געקענט קריסטאָפן: ער האָט נישט געקאָנט וויסן, צי ער איז
עס. דער מענטש איז געווען אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן, דעם
קאָפּ האַלב באַהאַלטן אין גראָז. שולץ איז געגאַנגען אויפן וועג און
מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אַרומגערינגלט הין און צוריק די לאָנקע:

— ס'איז ער... ניין, נישט ער...

ער האָט זיך נישט דערוועגט אים אַ רוף צו טון. ס'איז אים
איינגעפאַלן אַ געדאַנק: ער האָט גענומען זינגען די ערשטע פראַזע
פון קריסטאָפס „ליד".

„שטיי אויף! שטיי אויף!..."

קריסטאָף איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַ פיש פון וואַסער, איז ער
אַרויס און אויפן קול געזונגען דעם המשך. ער האָט זיך אויסגע־
דרייט, איינגאַנצן שטראַלנדיק. ער האָט געהאַט אַ רויט פּנים, און
גראָז אין די האָר. זיי האָבן זיך ביידע אָנגערופן ביי די נעמען און
געלאָפן איינער צום אַנדערן. שולץ איז אַריבערגעשפּרונגען דעם
גרוב, וואָס ביים וועג; קריסטאָף — דעם פּלויט. זיי האָבן זיך וואַ־
רעם געדריקט די הענט, לאַכנדיק און פּלוידערנדיק אויפן גאַנצן
קול. דער אַלטער האָט דערציילט זיין שלימזלדיקע געשיכטע. קרי־
סטאָף, וואָס האָט אַ ווײַלע פריער געהאַט באַשלאָסן צו פאָרן צוריק
און אפילו נישט צו פרווון זיך צו זען מיט שולצן, האָט תּיכּף דער־

פילט די תמימותדיקע גוטסקייט פון דער דאָזיקער נשמה. און ער האָט אים ליב געקראָגן. איידער זיי זענען אָנגעקומען אַהיים, האָבן זיי זיך שוין באַוויזן אָנצופּאַרטרויען זייער פיל זאַכן.

אַריינקומענדיק אין שטוב, האָבן זיי געטראָפן קונצן, וואָס האָט זיך געהאַט דערוווּסט, אַז שולץ איז אַוועק זוכן קריסטאָפן, און ער האָט זיך געזעצט רויק וואַרטן. מ'האָט דערלאַנגט קאַווע מיט מילך. אָבער קריסטאָף האָט געזאָגט, אַז ער האָט שוין געפרישטיקט אין אַ סטאַנציע רעסטאָראַן. דער אַלטער איז געוועזן פאַרצווייפלט; ס'איז געוועזן פאַר אים אַן אמתער צער, וואָס קריסטאָף האָט זיין ערשטן מאָלצייט אין שטאָט נישט געגעסן ביי אים; די דאָזיקע קלייניקייטן האָבן געהאַט אַ גרויסע וויכטיקייט פאַר זיין פריינדלעך האַרץ. קרי־סטאָף האָט עס פאַרשטאַנען, — ס'האָט אים אין האַרצן געוויילט, און ער האָט נאָך מער ליב געקראָגן שולצן. כדי אים צו טרייסטן, האָט ער אים פאַרזיכערט, אַז ער האָט אַ גענוג גוטן אַפּעטיט צו פרישטיקן צוויי מאָל, און ער האָט עס באַוויזן.

קריסטאָפס אַלע צרות זענען אַוועקגעפלויגן: ער האָט זיך גע־פילט צווישן אמתע פריינד, ער האָט ווידער אויפגעלעבט. ער האָט דערציילט וועגן זיין רייזע און פאַרדרוס אויף אַ הומאָריסטישן אופן: ער האָט אויסגעזען, ווי אַ שול־ייִנגל בעת די פעריען. שטראַ־לנדיק האָט שולץ נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים קיין אויג און געלאַכט פונם גאַנצן האַרצן.

דער שמועס איז באַלד אַריבער אויף דעם, וואָס האָט זיי אַלע דריי געבונדן מיט געהיימע פעדעם: קריסטאָפס מוזיק. שולץ איז ממש אויסגעגאַנגען צו הערן קריסטאָפן שפּילן אייניקע פון זיינע ווערק; נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אים צו בעטן. רעדנדיק, איז קריסטאָף אַרומגעגאַנגען איבערן צימער. שולץ האָט נאָכגעקוקט זיינע טריט, בעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם אָפענעם פּיאַנינאָ; און ער האָט תפילה געטון, קריסטאָף זאָל בלייבן שטיין. קונץ האָט געטראַכט דאָס זעלבע. זיי האָבן ביידע געהאַט רעכטע האַרץ־קלאַפּע־ניש, ווען זיי האָבן דערזען, ווי ער זעצט זיך מעכאַניש אויף דעם פּיאַנינאָ בענקל, נישט אויפהערנדיק בשעת מעשה צו פלוידערן, און אַז ער הויבט אָן, נישט קוקנדיק אויפן אינסטרומענט, אָנצורירן בלינד מיט די פינגער די קלאַווישן. שולץ האָט ריכטיק פאָרויסגעזען: קוים האָט קריסטאָף געלאָזט הערן עטלעכע אַפּרעזשן, אַזוי האָט אים

באַלד דער סאָן גובר געווען; ער האָט ווייטער געפּלוידערט, שפּילנדיק אַקאָרדן, דערנאָך — גאַנצע פראַזן; שפּעטער איז ער אַנטשוויגן געוואָרן און גענומען שפּילן. די אַלטע האָבן אויסגעטוישט צווישן זיך אַ ביטערן, גליקלעכן בליק.

— איר קענט עס? — האָט קריסטאָף געפרעגט, שפּילנדיק איינס פון זיינע לידער.

— צי איך קען עס! — האָט שולץ מיט התפעלות געזאָגט.

קריסטאָף האָט אויסגעדרייט ביז אַ העלפט דעם קאָפּ און נישט איבעררייסנדיק געזאָגט:

— עט! זי איז נישט גאָר קיין גוטע, אייער פּיאַנינאָ!

דער אַלטער האָט זיך געפילט דערשלאָגן. ער האָט זיך פאַרענטפערט:

— זי איז אַלט, — האָט ער הכנעהדיק געזאָגט, — זי איז ווי איך.

קריסטאָף האָט זיך אינגאַנצן אויסגעדרייט, אָנגעקוקט דעם אַלטן, וואָס האָט, דאַכט זיך, אים איבערגעבעטן, וואָס ער איז שוין אַלט, און אים לאַכנדיק אָנגענומען פאַרביידע הענט. ער האָט אָנגעקוקט זיינע תמימותדיקע אויגן:

— אָ, איר, — האָט ער געזאָגט, — איר זענט יונגער פון מיר.

שולץ האָט געלאַכט מיט אַ גוט געלעכטערל און דערציילט וועגן זיין אַלטן גוף, וועגן זיינע שוואַכקייטן.

— טאַ-טאַ-טאַ! — האָט קריסטאָף געענטפערט, — ס'האַנדלט זיך נישט וועגן דעם; איך ווייס, וואָס איך רעד. נישט אמת, קונץ?

(ער האָט שוין דורכגעיאָזן דעם „הער").

קונץ האָט מסכים געווען מיט זיין גאַנץ ווען.

שולץ האָט געפרוווט זיך אָננעמען פאַר זיין אַלטער פּיאַנינאָ.

— זי האָט נאָך זייער שיינע טענער, — האָט ער פאַרשעמט געזאָגט.

און ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט: — פיר אָדער פינף גענוג פרישע טענער, אַ האַלבע אָקטאַווע אינם מיטעלן רעגיסטער פון אינסטרומענט. קריסטאָף האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז פאַר אים אַן אַלטער פריינד, און ער האָט פריינדלעך געזאָגט, — טראַכטנדיק וועגן שולצס אויגן:

— יאָ, ער האָט נאָך שיינע אויגן.

שולצס פּנים האָט אויפגעלויכטן. ער האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ ליבע-געזאַנג צו זיין אַלטער פּיאַנינאָ, נאָר ער איז באַלד אַנט-שוויגן געוואָרן, ווייל קריסטאָף האָט גענומען שפּילן. „לידער" זענען געגאַנגען נאָך „לידער": מיט אַ האַלבער שטים האָט קריסטאָף צוגע-זונגען. שולץ האָט מיט פייכטע אויגן נאָכגעקוקט זיין יעדער באַוועגונג. קונץ, מיט הענט געקרייצטע אויפן בויך, האָט פאַרמאַכט די אויגן, כדי מער הנאה צו האָבן. פון צייט צו צייט האָט זיך קרי-סטאָף אויסגעדרייט, אַ שטראַלנדיקער, צו די צוויי אַלטע לייט, וואָס האָבן געכאַפּט התפעלות; ער האָט געזאָגט מיט אַ נאַיווער התפעלות, פון וועלכער זיי האָבן נישט געהאַט בדעה צו לאַכן:

— נו! איז עס נישט שיין! און דאָס! וואָס זאָגט איר דערצו?... און אָט דאָס!... ס'איז דאָס שענסטע פון אַלץ... — איצט וועל איך אייך אויפשפּילן אַ זאַך, וואָס פון איר וועלן זיך אייך די האָר שטעלן קאַפּויר...

ווען ער האָט געענדיקט עפּעס אַ פאַרחלומט שטיק, האָט זיך צעקלונגען דער קוקו-זייגער. קריסטאָף איז אויפגעשפּרונגען און גע-שריען פון כעס. קונץ, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט אַזוי אומגעריכט, האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר גרויסע, דערשראָקענע אויגן. שולץ אַליין האָט תחילת נישט תופס געווען. דערנאָך, ווען ער האָט דערזען, אַז קריסטאָף דראָט מיטן פויסט דעם פויגל, וואָס האָט אים באַגריסט, און שרייט, מ'זאָל אום גאָטעס ווילן אַרויסטראָגן דעם דאָזיקן אידיאָט, דאָס בוילרעדנערישע געשפּענסט, האָט ער אויך איינגעפונען, צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, אַז דער טומל איז באמת אומדערטרעגלעך; ער האָט גענומען אַ שטול און געוואָלט אַרויפקריכן אויבן אַראָפּצונעמען דעם מזיק. נאָר ער האָט געהאַלטן ביים פאַלן, און קונץ האָט אים אָפּגעהאַלטן; ער האָט גערופן סאַלאָמען. זי איז, לויט איר שטייגער, געקומען אָן איילעניש, און איז געווען איבערראַשט, ווען מ'האָט איר אַרונטערגערוקט אונטערן אָרעם דעם זייגער, וועלכן קריסטאָף האָט פון גרויס אומגעדולד אַליין אַראָפּגענומען.

— וואָס ווילט איר, זאָל איך דערמיט טון? — האָט זי גע-פרעגט.

— וואָס דיין האַרץ גלוסט. טראָג עס אַרויס! מ'זאָל עס דאָ

מער נישט אָנזען! — האָט שולץ גערעדט, נישט ווייניקער אומגעדול־דיק פון קריסטאָפן.

ער האָט ביי זיך געפרעגט, ווי אַזוי האָט ער געקאָנט סובל זיין אַזוי לאַנג דאָס דאָזיקע פּאַרזעעניש.

סאַלאָמע האָט געטראַכט, אַז זיי זענען אַלע בלי־ספק פון זינען אַראָפּ.

די מוזיק האָט זיך ווידער אָנגעהויבן. די שעהן זענען פאַרביי. סאַלאָמע איז געקומען אָנזאָגן, אַז דער טיש איז געגרייט צום מיטאָג. שולץ האָט איר געהייסן שווייגן. זי איז אין צען מינוט אַרום ווידער געקומען, דערנאָך אין צען מינוט אַרום, נאָך אַמאָל: דאָסמאָל איז זי געווען אויסער זיך, און פּרוּוונדיק צו מאַכן אַ גלייכגילטיקע מינע, האָט זי געקאָכט פון כּעס; זי איז געבליבן שטיין ווי איינגעגראָבן אינמיטן צימער און נישט געקוקט אויף שולצס פאַרצווייפלטע באַוועגונגען, האָט זי געפרעגט מיט אַ גראָבער שטים:

— צי ווילן די הערן בעסער עסן זייער מיטאָג קאַלט און צו־געברענט; איר איז עס אַלץ איינס; זי וואַרט אויף זייערע באַפעלן.

צעטומלט פון איר מענה־לשון, האָט שולץ געוואָלט מאַכן דער דינסט אַ סצענע; נאָר קריסטאָף האָט זיך צעלאַכט. קונץ האָט אים נאָכגעטון, און אויך שולץ האָט לסוף דאָס אייגענע געטון. צופרידן פון איר ווירקונג, האָט זיך סאַלאָמע אויסגעדרייט אויף די קנאַפּל, מיטן אויסזען פון אַ קעניגין. בעת זי איז מוחל אירע אונטערטעניקע, וואָס האָבן חרטה.

— אָט איז אַ בריה! — האָט קריסטאָף געזאָגט, אויפהויבנדיק זיך פון פּיאַנינאָ. — זי איז גערעכט. נישטאָ קיין אומדערטרעגלעכערע זאַך, ווי אַן עולם, וואָס קומט אינמיטן דעם קאָנצערט.

זיי האָבן זיך געזעצט צום טיש. ס'איז געווען אַ גרויסע, רייכע סעודה. שולץ האָט אָנגערירט סאַלאָמעס אייגנליבע, וואָס האָט נאָר געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו באַווייזן מיט איר קונסט. איבעריקנס האָבן דערצו קיין געלעגנהייטן נישט געפעלט. די אַלטע פריינד זענען געווען גרויסע פרעסער. קונץ איז געווען ביים טיש אַן אַנדער מענטש; ער האָט געשטראַלט, ווי די זון: ער וואָלט געקאָנט דינען אַלס שילד ביי אַ בעל־אכסניה. שולץ האָט פאַרמאָגט נישט ווייניקער חוש פאַר אַ גוטער קיך; נאָר זיין שלעכטער געזונט־צושטאַנד האָט אים געצווונגען צו זיין צוריקגעהאַלטן. אמת, ער האָט זיך סרוב נישט געהיט — און

ער האָט דערפֿאַר טייער באַצאָלט. אין דעם פֿאַל האָט ער זיך נישט באַקלאָגט: אויב ער איז געווען קראַנק, האָט ער געוווּסט לפּחות פֿאַר־וואָס. ער האָט, פּונקט ווי קונץ, געהאַט קיך־פֿאָרשריפֿטן, וואָס זענען אַריבער בירושה, זינט לאַנגע דורות, פֿון פֿאָטער צו זון. סאַלאָמע איז אַלזאָ געוווינט געווען צו גרייטן מאָלצייטן פֿאַר מבינים. נאָר דאָסמאָל האָט זי זיך געבראָכן דעם קאָפּ, אין איין איינציקן פּראָגראַם צו פֿאַרייניקן אַלע אירע מייסטער־ווערק מיטאַמאָל: ס׳איז געווען ווי אַן אויסשטעלונג פֿון דער אומפֿאַרגעסלעכער, ערלעכער, נישט געפֿעלשטער דייטשער קיך, מיט די ריחות פֿון אירע קרייטעכצער און פֿעטע יויכן, קרעפּטיקע זופּן און מוסטערהאַפֿטע פֿלייש־מאכלים, פֿון אירע מאָנומענ־טאַלע קאַרפּן, איר זויער־קרויט, געגנזנס, הויז־טאָרטן, אַניס־און קימל־ברויטן. מיט אַן אָפֿן מויל האָט קריסטאָף געכאַפּט התפּעלות און גע־געסן, ווי אַ וואָלף; ער האָט פֿאַרמאגט די ווונדערבאַרע פֿעיִקייט פֿון זיין טאַטן און זיידן, וואָס האָבן געקאָנט איינשלינגען אַ גאַנצע גאַנז. איבעריקנס האָט ער פּונקט אַזוי גוט געקאנט לעבן אַ גאַנצע וואך פֿון ברויט מיט קעז, ווי זיך אָנצועסן, ווען ער האט געהאַט אַ געלעגנהייט דערצו. האַרציק און פֿייערלעך האָט שולץ נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון אים זיין גערירטן בליק, און ער האט אים מכבד געווען מיט כּלערליי רהיין־ווײַנען. דער רויט־גלאַנצנדיקער קונץ האָט דערזען אין אים אַ ברודער. סאַלאָמעס ברייט פּנים האט געלאַכט פֿון הנאה. — אין ערשטן אויגנבליק איז זי געווען אַנטוישט, ווען קריסטאָף איז אַריינגעקומען. שולץ האט איר פֿריער געהאַט אַזוי פֿיל אָנדערציילט, אַז זי האָט זיך אים פֿאַרגעשטעלט מיט שטריכן פֿון אַן עקסעלענץ, באַהאַנגען מיט טיטלען און אָרדנס. ווען זי האט אים דערזען, האט זי אויסגע־שריען:

— וואס! אט דאס אינגאַנצן?

ביים טיש אבער האט קריסטאָף נושא חן געווען ביי איר; זי האט נאך נישט געזען, עמעצער זאל אַנערקענען אירע טאַלאַנטן מיט אַזאַ אַנטציקונג, ווי ער. אנשטאט זיך אומצוקערן אין קיך, איז זי גע־בליבן שטיין אויף דער שוועל און געקוקט אויף קריסטאפֿן, וואס האט געפֿלוידערט נאַרישקייטן, נישט אויפֿהערנדיק צו קייען; מיט די פֿויסטן אויף די היפֿטן האט זי אויפֿן קול געלאַכט. אַלע זענען געווען פֿריי־לעך. נאר איין קליינער שוואַרצער פּונקט איז געווען אויף זייער גליק:

פּאַטפּעטשמיד איז דאָרט נישט געווען. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט און דערצו אומגעקערט:

— אַ! ווען ער זאָל דאָ זיין! ס׳איז פיל וואָלט ער געגעסן! וואָלט ער שוין געטרונקען! וואָלט ער געזונגען!

זיי האָבן אים נישט געשפּאָרט קיין שבחים.

— ווען קריסטאָף זאָל אים נאָר קאָנען הערן!... נאָר ס׳קאָן זיין, ער וועט עס קאָנען. אפשר וועט פּאַטפּעטשמיד קומען אין אָוונט, שפּעטסטנס ביינאַכט...

— אָ, ביינאַכט וועל איך זיין ווייט, — האָט קריסטאָף געזאָגט.

שולצס שטראַלנדיק געזיכט איז פאַרטונקלט געוואָרן.

— וואָס, ווייט! — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערנדיקער שטים. — אָבער איר פאָרט דאָך נישט אַוועק?

— אָבער יאָ! — האָט קריסטאָף פריילעך געזאָגט, — היינט אין אָוונט פאָר איך אָפּ מיטן צוג.

שולץ איז געווען פאַרצווייפלט. ער האָט גערעכנט, אַז קריסטאָף וועט פאַרברענגען די נאַכט, אפשר אַסאַך נעכט, ביי אים אין שטוב. ער האָט געשטאַמלט:

— ניין, ניין, ס׳איז אוממעגלעך!...

קונץ האָט איבערגעחזרט:

— און פּאַטפּעטשמיד!...

קריסטאָף האָט זיי ביידן אָנגעקוקט: די אַנטוישונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אויף זייערע גוטע, פריינדלעכע פּנימער, האָט אים גערירט; ער האָט געזאָגט:

— ווי ליב איר זענט!... מאָרגן אין דער פרי וועל איך אָפּפאָרן. מסכּים?

שולץ האָט אים געדריקט די האַנט.

— אַך! — האָט ער געזאָגט — ס׳איז אַ גליק! אַ דאַנק! אַ דאַנק!

ער איז געווען ווי אַ קינד, ביי וועמען דער מאָרגן האָט אויסגעזען אַזוי ווייט, אַזוי ווייט, אַז מ׳האָט נישט געדאַרפט דערפון טראַכטן, קריסטאָף פאָרט היינט נישט אַוועק, אַ גאַנצן טאָג געהערט ער צו זיי, זיי וועלן פאַרברענגען צוזאַמען דעם גאַנצן אָוונט, ער וועט שלאָפן אונטער זיין דאַך: דאָס איז אַלץ, וואָס שולץ האָט געזען; ווייטער האָט ער נישט געוואָלט קוקן.

ס׳איז ווידער געוואָרן פריילעך. שולץ האָט זיך פלוצלונג אויפ-

געהויבן, אָנגענומען אַ פֿייערלעכן אויסזען און געהאַלטן אַ רירנדיקן, פּאַטעטישן טאָסט לכּבֿוד זיין גאַסט, וואָס האָט אים אָנגעטון די גרויסע פֿרייד און דאָס גליק און באַזוכט זיין שטעטל און זיין באַשיידן הויז; ער האָט געטרונקען פֿאַר זיין גליקלעכן צוריקקער אַהיים, פֿאַר זיין ערפֿאָלג, פֿאַר זיין רום, פֿאַר זיין גרויס גליק אויף דער ערד, מיט וואָס ער בענטשט אים פֿון טיפֿן האַרצן. לסוף האָט ער געהאַלטן אַ צווייטן טאָסט לכּבֿוד דער „נאָבעלער מוזיק", — נאָך אַ כּוס לכּבֿוד זיין אַלטן פֿריינד קונץ, — נאָך איינעם לכּבֿוד דעם פֿרילינג; — ער האָט אויך אָן פּאַטפּעטשמידן נישט פֿאַרגעסן. קונץ פֿון זיין זייט האָט געטרונקען לכּבֿוד שולצן און אַנדערע; און קריסטאָף, כּדי צו מאַכן אַ סוף צו די טאָסטן, האָט געטרונקען לכּבֿוד דער דאַמע סאַלאָמע, וואָס איז רויט געוואָרן ווי אַ צוויק. באַלד נאָכדעם, נישט לאָזנדיק די רעדנער זיך אָפּרוען, האָט ער אָנגעהויבן זינגען אַ באַקאַנטן ניגון, וואָס די ביידע זקנים האָבן אונטערגעכאַפּט, באַלד נאָכדעם — נאָך אַ ליד און באַלד — נאָך איינס, אויף דריי שטימען, ווו ס'האָט זיך דערציילט וועגן פֿריינדשאַפֿט, מוזיק און וויין; דאָס אַ״ך איז געווען באַגלייט פֿון קלינגענדיקע געלעכטערס און אַ געקלאַנג פֿון די כּסדר זיך-קלאַפּנדיקע גלעזלעך.

ס'איז שוין געווען האַלב פֿיר אַ זייגער, ווען זיי האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון טיש. זיי האָבן זיך געפֿילט שווערלעך, קונץ איז אַראָפּגעזונקען אין אַ פֿאָטער-שטול; ער וואָלט גערן געכאַפּט אַ דרימל. שולצן האָבן געבראָכן די פֿיס פֿון דער פֿרימאָרגנדיקער אויפֿרעגונג און נישט ווינציקער — פֿון די טאָסטן. ביידע האָבן געהאָפֿט, אַז קריסטאָף וועט זיך זעצן צום פּיאַנינאָ און עטלעכע שעה שפּילן, נאָר דער שרעקלעכער יינגל, פֿריילעך און אויסגערוט, האָט אַ דריי־פֿיר מאָל אַ קלאַפּ געטון אין קלאַוויר, פֿאַרמאַכט אים האַסטיק, אַ קוק געטון אין פֿענסטער און געפֿרעגט, צי מ'וואָלט נישט געקאָנט ביזן אָוונטברויט מאַכן אַ שפּאַציר. ס'האָט אים געצויגן הינטער דער שטאָט. קונץ האָט אַרויסגעוויזן ווייניקער התפּעלות; אָבער שולץ האָט תּיכּף געפֿונען, אַז דער איינפֿאַל איז אַן אויסגעצייכנטער און אַז מ'דאַרף ווייזן דעם גאַסט דאָס שפּאַציר-אָרט „שייַנבוך-וועלדער". קונץ האָט זיך אַביסעלע פֿאַרקרומט, נאָר ער האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט און אויפֿגעהויבן זיך צוזאַמען מיט זיי: ס'איז אים פּונקט ווי שולצן געגאַנגען אין לעבן צו ווייזן קריסטאָפֿן די שיינקייט פֿון דער שטאָט.

זיי זענען אַרויס. קריסטאָף האָט גענומען שולצן אונטער דער האַנט און צוליב דעם האָט דער אַלטער געמוזט גיין גיכֿער, ווי ס׳האָט זיך אים געגלוסט. קונץ איז נאָכֿגעגאַנגען, שוויצנדיק. זיי האָבן פריילעך געפלוידערט. די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אויף די שוועלן פאַר דער טיר, האָבן זיי געזען פאַרבייגיין און איינגעפונען, אַז דער הער פּראָפעסאָר שולץ זעט אויס, ווי אַ יונגערמאַנטשיק. די דריי זענען אַרויס פון שטאָט און זיך געלאָזט צו די פעלדער. קונץ האָט זיך באַקלאָגט אויף דער היץ. קריסטאָף האָט אָן רחמנות געטענהט, אַז דאָס וועטער איז גרויסאַרטיק. צום גליק פון די צוויי אַלטע לייט איז מען אַלע ווײַלע געבליבן שטיין, און דער שמועס האָט זיי געמאַכֿט פאַרגעסן, אַז דער וועג איז זייער לאַנג. זיי זענען אַריין אין וואַלד. שולץ האָט ציטירט לידער פון געטהע און מעריקע. קריסטאָף האָט זייער ליב געהאַט פערזן, נאָר ער האָט קיין איין ליד נישט געדענקט: הערנדיק פערזן, פלעגט ער זיך אינגאַנצן איבערגעבן אַן אומקלאָרער טרוימערײַ, ווו מוזיק האָט איינגעהילט די ווערטער און זיי אינגאַנצן אָפּגעווישט. ס׳אַראַ אונטערשיד צווישן דער גייסטיקער לעבעדיקייט פונם קראַנקן אַלטיטשקן, כּמעט אָן כּוחות, וואָס איז דעם גרעסטן טייל פון יאָר פאַרשפּאַרט אין זײַן צימער און וווינט כּמעט דאָס גאַנצע לעבן אין אַ פּראָווינץ־שטאָט — און האַסלערן, וואָס איז יונג, באַרימט, וווינט אינם סאַמע האַרץ פון דער קינסטלערישער באַוועגונג, וואַנדערט אַרום איבער אייראָפּע מיט קאָנצערט־טורנעען און אינטערעסירט זיך נישט מיט גאָרנישט און וויל גאָרנישט וויסן! שולץ איז געווען באַהאַוונט נישט נאָר אין אַלע ריכֿטינגען פון דער געגנוואַרטיקער קונסט, וואָס קריסטאָף האָט געקענט; נאָר ער האָט געוווּסט אָן אַ שיעור זאַכֿן וועגן די אַמאָליקע און פרעמדע מוזיקער, פון וועלכֿע קריסטאָף האָט קיינמאָל נישט געהערט. זײַן זכּרון איז געווען אַ טיפער ברונעם, ווו ס׳זענען אָנגעזאַמלט אַלע שיינע וואַסערן פון הימל. קריסטאָף איז נישט מיד געוואָרן צו שעפּן פון ברונעם. און שולץ איז געווען גליקלעך פון קריסטאָפס לעבעדיקן אינטערעס. ער האָט שוין נישט איינמאָל געטראָפן גוטע צוהערער און אויפמערקזאַמע תּלמידים; נאָר ער האָט קיינמאָל נישט געפונען קיין יונג, ברענענדיק האַרץ, מיט וועמען צו טיילן זײַן התפּעלות, וואָס איז טיילמאָל אָנגעשוואָלן אין אים ביז דערשטיקט צו ווערן.

זיי זענען שוין געווען — בעסטע פריינד אויף דער וועלט.

ווען דער אַלטער האָט אומפּאָרזיכטיק אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג פּאַר בראַהמסן, קריסטאָף איז אַריינגעפאַלן אין אַ קאַלטן צאָרן: ער האָט אַרויסגעצויגן פון שולצן זיין האַנט און געזאָגט מיט אַ שניידנ-דיקן טאָן, אַז ווער ס'האָט ליב בראַהמסן, קאָן נישט זיין זיין פריינד. דאָס האָט פאַרשטערט זייער פרייד. שולץ איז געווען צו באַשיידן צו פאַרפירן אַ וויכוח און צו ערלעך צו זאָגן אַ ליגן, ער האָט געשטאַמלט און געפרוווט צו פאַרענטפערן זיך. אָבער קריסטאָף האָט אים אָפּגע-שטעלט מיט אַ שאַרפן:

— גענוג!

וואָס האָט נישט דערלאָזן קיין שום תשובה. ס'איז אַנטשטאַנען אַ קאַלטע שטילקייט. זיי זענען ווייטער געגאַנגען. די צוויי אַלטיטשקע האָבן נישט געהאַט קיין מוט זיך איבערצוקוקן. קונץ האָט אַ הוסט געטון און געפרוווט צו באַנייען דעם שמועס, ער האָט גערעדט וועגן די וועלדער, וועגן דעם שיינעם וועטער; אָבער קריסטאָף איז געווען אָנגעבלאָזן, ער האָט זיך נישט צוגעהערט צום שמועס און קוים גע-ענטפערט מיט האַלבע ווערטער. נישט געפינענדיק קיין אָפּקלאַנג פון אָט דער זייט, האָט זיך קונץ באַמיט צו שמועסן מיט שולצן; אָבער שולץ האָט געהאַט אַ פאַרשטיקטן האַלז און נישט געקאָנט רעדן. קרי-סטאָף האָט אים אָנגעקוקט מיט איין ווינקל פונם אויג און חשק גע-האַט צו לאַכן: ער האָט אים שוין געהאַט מוחל געווען. ער איז גאָר אויף אים ערנסט אין כּעס נישט געווען; ער האָט אפילו געפונען, אַז ס'איז אַן עוולה צו פאַרשאַפן יסורים דעם בידנעם אַלטיטשקן; נאָר ער האָט צום שלעכטן אויסגענוצט זיין מאַכט און נישט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז ער האָט חרטה אויף זיינע רייד. אָט אַזוי זענען זיי געבליבן ביזן אַרויסגיין פון וואַלד: מ'האָט נאָר געהערט די שלעפּנ-דיקע שריט פון די דערשלאָגענע זקנים; קריסטאָף האָט געפייפט און זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט זיי נישט געזען. פּלוצלינג האָט ער מער נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, אויס-געדרייט זיך צו שולצן און מיט די פעסטע הענט אָנגענומען אים פאַר די אָרעמס:

— מיין גוטער, טייערער, אַלטער שולץ! — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אויף אים מיט ליבשאַפט, — ווי שיין עס איז, ווי שיין!...

ער האָט גערעדט וועגן די פעלדער און וועגן דעם שיינעם טאָג; נאָר זיינע לאַכנדיקע אויגן האָבן, דאַכט זיך, געזאָגט:

— ביסט אַ גוטער. איך בין ברוטאַל. זיי מיר מוחל! כ'האָב דיך ליב.

דעם אַלטנס האַרץ איז צעשמאָלצן געוואָרן פון תענוג. ס'איז געווען, ווי די זון וואָלט זיך באַוויזן נאָך לקוי-חמה. ס'האָט געדויערט אַ ווײלע, איידער ער איז געווען בכּוח אַרויסצורעדן אַ וואָרט. קריסטאָף האָט אים ווידער גענומען אונטערן אָרעם און גערעדט צו אים נאָך פריינדלעכער, ווי פריער; פון גרויס באַגייסטערונג האָט ער אַזש פאַרגיכערט זיינע טריט און נישט געלעגט קיין אַכט, אַז ער מאַטערט אויס זיינע צוויי באַגלייטער. שולץ האָט זיך נישט באַקלאָגט; ער האָט אפילו נישט באַמערקט זיין מידקייט, אַזוי צופרידן איז ער געווען. ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט טייער באַצאָלן פאַר די חטאים פון טאָג; נאָר ער האָט זיך געטראַכט:

— וועט מאָרגן שלעכט זיין! ווען ער וועט אָפּפאָרן, וועל איך האָבן גענוג צייט זיך אויסצורוען.

אָבער קונץ, וואָס איז געווען ווייניקער עקזאַלטירט, איז נאָכגעגאַנגען אַ פופצן טריט הינטער זיי מיט אַ רחמנותדיקער מינע. קריסטאָף האָט זיך לסוף געכאַפּט. אַ צעטומלטער האָט ער זיך אַנטשולדיקט און פאָרגעלעגט אויסצוציען זיך אויף אַ לאָנקע, אינם שאָטן פון הימלבוימער. שולץ האָט, נאַטירלעך, מסכּים געווען, נישט זאָרגנדיק, אַז ער קאָן קריגן אַ בראָנכיט. צום גליק האָט דאַסמאָל קונץ געטראַכט פאַר אים; לפּחות האָט ער געהאַט אַן אויסרייד זיך אַליין נישט צו לעגן אַ פאַרשוויצטער אינם פייכטן גראָז. ער האָט פאָרגעלעגט צו נעמען אין דער שכנותדיקער סטאַציע אַ צוג, וואָס פירט אין שטאָט. אַזוי האָבן זיי טאַקע געטון. נישט געקוקט אויף זייער מידקייט, האָבן זיי זיך דאָך געמוזט צואיילן, כּדי נישט צו פאַרשפּעטיקן. זיי זענען אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל גראָד דעמאָלט, ווען דער צוג איז אָנגעפאָרן.

אַ דיקער מאַן האָט זיי דערזען און זיך אַרויסגעבויגן דורכן וואַגאָן-פענסטער. ער האָט אָנגערופן שולצן און קונצן ביי די נעמען, באַגלייטנדיק זיי מיט אַלע זייערע טיטלען און אַמטן און מאַכנדיק מיט די הענט, ווי אַ משוגענער. שולץ און קונץ האָבן געענטפערט מיט אַ געשריי און אויך גענומען מאַכן מיט די הענט; זיי האָבן זיך געלאָזט צום קופּע פונם דיקן מאַן, וואָס איז פון זיין זייט אַרויסגעלאָפן זיי

אַנקטעגן, פונאַנדערשטופנדיק די מענטשן אויפן וועג. קריסטאָף איז זיי אַ דערשטוינטער נאָכגעלאָפן און געפרעגט:

— וואָס איז?

אויסער זיך פון שמחה האָבן יענע געשריִען:

— ס׳איז פּאָטפּעטשמיד!

דער דאָזיקער נאָמען האָט אים פיל נישט געזאָגט. ער האָט פאַרגעסן די טאָסטן ביים מיטאָג. פּאָטפּעטשמיד אויף דער פּלאַטפאָרם פון וואַגאָן און שולץ און קונץ אויפן טרעפּ האָבן געמאַכט אַ מורא־דיקן טומל: זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן פון גליק. זיי זענען אַריינגעשפּרונגען אין אָפּפאָרנדיקן צוג. שולץ האָט פאָרגעשטעלט דעם גאַסט. פּאָטפּעטשמיד האָט זיך קודם־כל פאַרנויגט, באַקומען אומגעריכטע פאַרשטיינערטע שטריכן און זיך אויסגעצויגן ווי אַ שווערד; אָבער באַלד נאָך די פאָרמאַליטעטן האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צו קריסטאָפס האַנט. געדריקט זי אַ פינף־זעקס מאָל, ווי ער וואָלט זי געהאַט בדעה אויסצורייסן פון שטאַם, און גענומען ברומען מיט זיין גראָבער שטים. קריסטאָף האָט זיך קוים פונאַנדערגעקליבן אין זיינע געשרייען, אַז דאָס דאַנקט ער גאָט און זיין מזל פאַר דער אויסערגעוויינלעכער באַגעגעניש. דאָס האָט אים נישט געשטערט אין אַ ווילע אַרום אַ פּאַטש צו טון זיך אין קני און זיך נעמען באַקלאָגן אויף זיין פינסטער מזל, נעבעך, וואָס האָט אים געטריבן צו פאַרלאָזן די שטאָט, — ער, וואָס פלעגט קיינמאָל נישט אַרויספאָרן, — דווקא דעמאָלט, ווען ס׳איז געקומען צופאָרן דער הער קאַפּעלמייסטער. שולצס טעלעגראַמע האָט ער דערהאַלטן ערשט אין דער פרי, אַ שעה נאָכן אָפּגיין פון צוג; ער איז געשלאָפן, בעת די טעלעגראַמע איז געקומען, און מ׳האָט נישט געהאַלטן פאַר נויטיק אים אויפצוּוועקן. אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט ער געטראָגן אַ האַרץ אויף די מענטשן פון האָטעל. ער איז נאָך איצט אויך אויף זיי אש להבה, ער האָט אָפּגעשיקט זיינע קונדן צו אַלדי רוחות, צוזאַמען מיט אַלע זיינע עסקים און מיטן ערשטן צוג געאיילט אַהיים; נאָר גראָד האָט דער דאָזיקער טייוול־צוג פאַרשפּעטיקט צו דער פאַרבינדונג פון דער גרויסער ליניע: פּאָטפּעטשמיד איז געווען געצוווּנגען צו וואַרטן דריי שעה אויף אַ סטאַנציע; ער האָט אויסגעשאָטן אַלע זידל־ווערטער פון זיין ווערטער־בוך און אַ מאָל צוואַנציק איבערדערציילט זיין שלימזלדיקע געשיכטע די רייזנדע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים געוואַרט, און דעם פאָרטיער פון דער

סטאַציע. לסוף איז מען אָפּגעפאָרן. ער האָט געציטערט, נישט צו קומען, חלילה, צו שפּעט... נאָר גאָט צו דאַנקען! גאָט צו דאַנקען...

ער האָט ווידער אָנגענומען קריסטאָפן פאַר די הענט און געדריקט זיי מיט זיינע גרויסע, באַוואָקסענע לאַפּעס. ער איז געווען לעגענדאַריש גרויס און דיק: אַ פירקאַנטיקער קאָפּ, רויטע, קורץ-געשוירענע האָר, אַ ראַזירט, געשטופּלט פּנים, גרויסע אויגן, אַ גרויסע נאָז, דיקע ליפּן, אַ גוידער, אַ קורצער האַלז, דער רוקן — משונהדיק ברייט, דער בויך ווי אַ פאַס, אָרעמס, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען פון קערפּער, ריזיקע הענט און פיס, אַ גיגאַנטישע פליישמאַסע, צעגאָסן אַ דאַנק דער איבערגעכאַפּטער מאָס פון עסן און ביר, איינס פון יענע פאַרזעענישן בצורת מענטש, וואָס מ׳זעט טיילמאָל זיך קייקלען איבער די גאַסן פון די בייערישע שטעט; די דאָזיקע מענטשן קענען דעם סוד פון זייער באַזונדעראַרטיקער ראַסע, וואָס איז, אַ דאַנק דעם סיסטעם פון שטאָפּן אין זיך וואָס מער אכילה, ענלעך געוואָרן צו געפּאַשעטע גענז. פון פרייד און היץ האָט ער געגלאַנצט ווי אַ שטיק פּוטער; און מיט ביידע הענט אויף די צעשפּרייטע קניעס אָדער אויף די קני פון זיינע שכנים, איז ער נישט מיד געוואָרן צו רעדן, וואַרפנדיק אין דער לופט קלאַנגען מיט דער שטאַרקייט פון אַ קוילן-וואַרפער. פון צייט צו צייט האָט אים אָנגעכאַפּט אַ געלעכטער, וואָס האָט אויפגעטרייסלט זיין גאַנצן גוף: ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן, געעפנט דאָס מויל, געסאַפּעט, געשנאָרכט און געשטיקט זיך. זיין געלעכטער האָט אָנגעשטעקט שולצן און קונצן, וואָס האָבן נאָכן אָנפאַל פון לאַכן אָנגעקוקט קריסטאָפן, אויסווישנדיק בעת-מעשה די אויגן, זיי האָבן, דאַכט זיך, געפרעגט:

— נו?... וואָס זאָגסטו דערויף?

קריסטאָף האָט גאָרנישט ניט גערעדט; ער האָט מיט שרעק געטראַכט:

— אָט דאָס פאַרזעעניש זינגט עס מיין מוזיק?

זיי זענען אַריין צו שולצן. קריסטאָף האָט געהאָפט אויסצומיידן פאָטפּעטשמידס געזאַנג און זיך געמאַכט געפגרט, נישט געקוקט אויף די אָנצוהערענישן פון פאָטפּעטשמידן, וואָס איז ממש אויסגעגאַנגען מ׳זאָל אים הערן. נאָר שולץ און קונץ האָבן זייער שטאַרק געוואָלט אַנטון זייער פריינד כבוד: מ׳האָט געמוזט דאָס אויך אַראָפּשלינגען.

קריסטאָף האָט זיך געזעצט ביים קלאַוויר, נישקשהדיק אָנגעבלאָזן; ער האָט געטראַכט:

— קרובל טייערער, דו ווייסט נישט, וואָס דיך וואַרט: היט זיך די ביינער! כ׳וועל קיין זאַך נישט אַדורכלאָזן.

ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז ער גייט מצער זיין שולצן, און דאָס האט אים געקרענקט; נאָר דאך איז ער געווען אינגאַנצן גרייט בע־סער צו פאַרשאַפן אים צער, איידער צו ליידן, אַז דער דאָזיקער דזשאָן פאַלסטאַף זאָל מאַכן אַ תּל פון זיין מוזיק. נאָר ס׳איז אים נישט באַשערט געווען אָנצוטון צער זיין אַלטן פריינד: דער דיקער מענטש האָט געזונגען מיט אַ וווּנדערלעכער שטימע. באַלד נאָך די ערשטע טאַקטן האָט קריסטאָף געמאַכט אַ באַוועגונג פון איבערראַשונג. שולץ האָט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט און האָט אַ ציטער געטון: ער האָט געמיינט, אַז קריסטאָף איז אומצופרידן און ער האָט זיך באַ־רויקט ערשט דאַן, ווען ער האָט דערזען, אַז קריסטאָפס פּנים ווערט אַלץ מער אויפגעלויכטן, וואָס מער ער שפּילט. ער אַליין האָט אויך געשטראַלט פון פרייד, און ווען דאָס שטיק האָט זיך געענדיקט, און קריסטאָף האָט זיך אויסגעדרייט, שרייענדיק, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געהערט אַזוי זינגען זיינס אַ ליד, איז עס פאַר שולצן געווען אַ גרעסערע און טיפערע פרייד, ווי פאַרן צופרידענעם קריסטאָפן אָדער טריומפירנדיקן קונצן; יעדערער פון זיי האָט געפּילט נאָר זיין אייגענע הנאה, און שולץ האט געפילט די פרייד פון ביידע פריינד. דער קאָנצערט האָט געדויערט ווייטער. קריסטאָף איז געווען דערשטוינט: ער האט נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי אט דער שווע־רער, פּראָסטער פאַרשוין זאָל קאָנען אויסדריקן די אידעע פון זיינע לידער. נו יאָ, ס׳האבן געפעלט ביי אים אייניקע געניויע ניואַנסן; אָבער ס׳איז געווען ביי אים התלהבות, ליידנשאַפט, וואָס ס׳האָט זיך אים נישט איינגעגעבן אַרויסצורופן ביי פאַך־זינגער. ער האָט אגגעקוקט פּאָטפּעטשמידן און געטראַכט אין האַרצן:

— פילט ער טאַקע באמת?

ער האט אָבער נישט געזען אין זיינע אויגן קיין אַנדער פייער, ווי דער פלאַם פון צופרידענער פּוסטער גאווה. אַן אומבאַוווּסטער כוח האט באַרירט די דאזיקע שווערע מאַסע. אט דער בלינדער פּאַסיווער כוח איז געווען, ווי אַן אַרמיי, וואָס שלאָגט זיך, נישט ווויסנדיק געגן וועמען און פאַרוואָס. דער גייסט פון די „לידער” האט זי באַהערשט,

און זי האָט זיך מיט יובל אונטערגעגעבן: זי האָט געפילט די באַ־דערפעניש עפּעס צו טון, און באַפרייט פון זיך אַליין, האָט זי קיינ־מאָל נישט געוווּסט, ווי אַזוי מ׳טוט עס.

קריסטאָף האָט צו זיך געזאָגט, אַז אין טאָג פון שאַפן האָט זיך דער גרויסער סקולפּטאָר נישט געגעבן קיין מי צו ברענגען אין אָר־דנונג די באַזונדערע גלידער פון זיינע מגושמדיקע באַשעפענישן און אַז ער האָט זיי צוזאַמענגעשטעלט, ווי ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט, און נישט געזאָרגט, צי זיי זענען געמאַכט צו גיין צוזאַמען: אַט אַזוי איז יעדערער געמאַכט געוואָרן פון אַ באַזונדערן שטיק, און דער זעלבער מענטש באַשטייט פון פינף אָדער זעקס באַזונדערע מענטשן: איינער האָט דעם מוח, דער צווייטער — דאָס האַרץ, דער דריטער — דעם גוף, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צו דער נשמה; דער אינסטרו־מענט — באַזונדער, דער שפּילער — באַזונדער. אַנדערע באַשעפּע־נישן זענען געבליבן, ווי וווּנדערלעכע פידלען, אייביק פאַרמאַכט אין דער שייד, אָן עמעצן, וואָס זאָל שפּילן אויף זיי. און די, וואָס זע־נען באַשאַפן צו שפּילן, זענען געצוווּנגען צו באַגנוגנען זיך אַ גאַנץ לעבן מיט עלנדע פידלען. קריסטאָף האָט געהאַט נאָכמער סיבות אַזוי צו טראַכטן, ווייל ער איז שטענדיק געווען אויפגעבראַכט אויף זיך אַליין, וואָס ער קען גוט נישט זינגען קיין איין זייטל פון זיין מו־זיק. ער האָט געהאַט אַ פאַלשע שטימע און אָן שרעק נישט געקאָנט הערן זיין אייגענעם געזאַנג.

דערווייל האָט פּאָטפּעטשמיד, שיכּור פון זיין ערפאָלג, אָנגע־הויבן צו זינגען קריסטאָפס לידער „מיט אויסדרוק״, דאָס הייסט, ער האָט געוואָלט צוגעבן זיין אייגנס צו קריסטאָפס מוזיק. יענער האָט, נאַטירלעך, נישט געפונען, אַז די מוזיק געווינט דערפון; און זיין מוט איז געפאַלן. שולץ האָט עס באַמערקט, זיין מאַנגל אין קריטיק און די התפעלות, וואָס ער האָט געכאַפּט פון די פריינד, האָבן אים נישט געלאָזט זיך אָפּגעבן קיין חשבון פון פּאָטפּעטשמידס געשמאַק־לאָזקייט. זיין ליבשאַפט אָבער צו קריסטאָפן האָט אים געצוווּנגען אַדורכצודרינגען די דינסטע ניואַנסן פון קריסטאָפס מחשבות: ער איז נישט געווען מער מיט זיך, ער האָט געלעבט דורך קריסטאָפן; און אויך געליטן פון פּאָטפּעטשמידס איבערגעטריבענער התלהבות. ער האָט זיך באַמיט אים איינצוהאַלטן אויפן דאָזיקן געפערלעכן וועג: ס׳איז נישט געווען אַזוי לייכט איינצושטילן פּאָטפּעטשמידן. ווען דער

זינגער האָט אויסגעשעפּט קריסטאָפס גאַנצן רעפּערטואַר, האָט שולץ געאַרבעט מיט אַלע כּוחות אָפּצוהאַלטן פּאָטפּעטשמידן, ער זאָל נישט נעמען זינגען די מיטלמעסיקע קאָמפּאָזיציעס פון די שוואַכע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס בלויז ביים קלאַנג פון זייערע נעמען פלעגן זיך קריסטאָפן שטעלן די האָר אויפן קאָפּ.

צום גליק האָט מען גערופן צום אָוונט-ברויט, און דאָס האָט פּאָטפּעטשמידן פאַרמאַכט דאָס מויל. אַן אַנדער אַרבעטס-פעלד האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, ווו ער האָט געקענט אַרויסווייזן זיינע פעיקייטן: דאָ איז ער געווען קאָנקורענצלאָז; און קריסטאָף, וואָס איז געווען אַביסל מיד פון די פּרימאָרגן-שפּאַצירן, האָט גאָרנישט געפּרווט מיט אים צו שטרייטן.

דער אָוונט האָט זיך געשאַרט פאָרויס. זיצנדיק אַרום טיש, האָבן די דריי פריינד אָנגעקוקט קריסטאָפן. זיי האָבן ממש געטרונקען זיינע ווערטער. ס׳האָט קריסטאָפן אויסגעזען עפּעס פאַרעמד, וואָס ער געפינט זיך איצט אינם דאָזיקן פאַרוואָרפענעם שטעטל, צווישן די דאָזיקע אַלטע לייט, וואָס ער האָט זיי פריער קיינמאָל נישט געזען און מיט וועלכע ער איז געוואָרן אינטימער, ווי מיט זיין אייגענער משפּחה. ער האָט געטראַכט, ס׳אַראַ ברכה עס איז פאַר אַ קינסטלער, ווען ער קאָן גלויבן אין אומבאַקאַנטע פריינד, וואָס זיין געדאַנק באַגעגנט אין גאָר דער וועלט, — ווי זיין האַרץ וואָלט צעוואַרעמט געוואָרן און זיינע כּוחות וואָלטן אָנגעשוואָלן... ס׳רוב אָבער איז עס גאָרנישט. און יעדער בלייבט איינזאַם און שטאַרבט איינזאַם, מורא האָבנדיק צו זאָגן דאָס, וואָס ער פילט, דווקא דערפאַר, וואָס ער פלט מער און האָט אַ באַדערפעניש צו רעדן. די גראָבע חניפהניקעס קומט אָן לייכט צו רעדן, די, וואָס האָבן שטאַרק ליב, מוזן זיך אָנטון אַ כּוח און קריצן מיט די ציין, איידער זיי זאָגן, אַז זיי האָבן ליב. דערפאַר דאַרף מען זיין דאַנקבאַר יענע, וואָס האָבן מוט צו רעדן: זיי זענען, אַליין נישט ווויסנדיק, די מיטאַרבעטער פונם קינסטלער. — קריסטאָף איז געווען דורכגעדרונגען מיט דאַנקבאַרקייט צום אַלטן שולץ. ער האָט אים נישט צונויפגעמישט מיט זיינע צוויי חברים; ער האָט געפילט, אַז שולץ איז די נשמה פון דער דאָזיקער קליינער גרופּע פריינד; יענע זענען בלויז רעפלעקטן פונם ליבעדיקן פייער פון גוטסקייט און ליבע. די פריינדשאַפט פון קונצן און פּאָטפּעטשמידן איז אים געווען גלייכגילטיק. קונץ איז געווען אַן עגאָיסט: די מוזיק האָט אים פאַרשאַפט

נחת-רוח פון צופרידנקייט, ווי אַ גרויסע קאַץ, וועלכע מ׳טוט אַ גלעט. פּאָטפּעטשמיד האָט דאָ געשעפּט הנאה, ווי אַ פּוסטער בעל-גאווהניק און ווי פון פּיזישער איבונג. אָבער שולץ האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיך אַליין: ער האָט ליב געהאַט אַנדערע.

ס׳איז געווען שפּעט. ביידע געקומענע פריינד האָבן זיך געזעגנט און זענען אַוועק אין דער נאַכט. קריסטאָף איז געבליבן אַליין מיט שולצן. ער האָט אים געזאָגט:

— איצט וועל איך שפּילן פאַר אייך אַליין.

ער האָט זיך געזעצט ביים פּיאַנינא און געשפּילט — ווי ער האָט געקאָנט שפּילן, בעת ס׳איז געווען מיט אים עמעצער, וואָס איז אים זייער טייער. ער האָט געשפּילט זיינע נייע ווערק. דער אַלטער איז נתפעל געווען. זיצנדיק נאָענט נעבן קריסטאָפן, האָט ער פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. אין דער גוטסקייט פון זיין האַרצן, וואָס איז נישט מסוגל געווען צו איינהאַלטן דאָס מינדסטע גליק פאַר זיך אַליין, האָט ער, געגן זיין אייגענעם ווילן, איבערגעהזרט:

— אַך, אַ שאָד, וואָס קונץ איז דאָ נישטא!

(דאָס האט קריסטאפן אַביסל פאַרדראָסן).

ס׳איז אַריבער אַ שעה: קריסטאף האָט אַלץ געשפּילט; זיי האבן צווישן זיך נישט גערעדט. ווען קריסטאף האָט געענדיקט, האבן זיי קיין איין וואָרט נישט געלאזט פאַלן. אַלץ אַרום איז געווען שטיל: די שטוב און די גאַס זענען געשלאָפן. קריסטאף האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען, אַז דער אַלטיטשקער וויינט: ער האט זיך אויפגעהויבן און אים אַרומגענומען. זיי האָבן גערעדט מיט האַלבע שטימען אין דער נאַכט-שטילקייט. דער זייגער האָט אינם שכנותדיקן צימער טרויעריק געקלאַפּט. שולץ האָט גערעדט שטיל, מיט פאַרלעגטע הענט און פאָרויס געבויגענעם גוף; ער האָט דערציילט קריסטאָפן, וועלכער האט אים אויסגעפרעגט, וועגן זיין לעבן, זיינע צרות; אַלע ווייליע האָט ער חרטה געהאַט, וואָס ער באַקלאָגט זיך, ער האט געפילט אַ באַדערפניש צו זאגן:

— כ׳בין אומגערעכט... כ׳האָב נישט קיין רעכט זיך צו באַקלאָגן... די גאַנצע וועלט איז געווען זייער גוט צו מיר...

און ער האט זיך באמת נישט באַקלאגט: ס׳איז נאר געווען— געגן זיין ווילן—אַ מעלאַנכאליע, וואס האט אַרויסגעשוועבט פון דער

שרויעריקער דערציילונג וועגן זיין פשוט לעבן. עס האָט זיך אַריינ־
געמישט אין די וויטיקלעכע מינוטן דער אני־מאמין פון אַ גאַנץ
פאַרנעפּלטן און שטאַרק סענטימענטאַלן אידעאַליזם, וואָס האָט קרי־
סטאָפן פאַרדראָסן, אָבער וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר אַן אכזריות
זיך קעגנצושטעלן. אין דער ווירקלעכקייט איז עס געווען ביי שולצן
גיכער אַ ליידנשאַפטלעכער פאַרלאַנג צו גלויבן, איידער אַ שטאַרקער
גלויבן, — אַן אומזיכערע האָפנונג, אָן וועלכער ער האָט זיך אָנגע־
כאַפּט, ווי אַן אַ שוץ־ברעט. ער האָט געזוכט אַ הסכמה אין קריסטאָפס
בליק. קריסטאָף האָט געהערט דעם רוף פון שולצס אויגן, וועלכע
האָבן זיך אָנגעהאָנגען אָן אים מיט אַ רירנדיקן צוטרוי און געבעטן
ביי אים רחמים און דיקטירט אים זיין ענטפער. דעמאָלט האָט ער
געזאָגט ווערטער פון שטילן גלויבן און פון אַ קראַפט, וואָס איז אין
זיך אַליין זיכער—ווערטער, וואָס דער אַלטער האָט אויף זיי געוואַרט
און וואָס האָבן אים הנאה פאַרשאַפט. דער אַלטער און דער יונגער —
ביידע האָבן פאַרגעסן אָן דעם אונטערשיד פון זייערע יאָרן: זיי זע־
נען געווען איינער נעבן אַנדערן, ווי צוויי ברידער פון איין עלטער,
וואָס האָבן זיך ליב און קומען זיך צו־הילף; דער שוואַכערער זוכט אַ
שוץ ביים שטאַרקערן: דער אַלטער האָט געפונען די שוץ אין דער
נשמה פונם יונגן.

זיי האָבן זיך צעשיידט נאָך האַלבער נאַכט. קריסטאָף האָט זיך
געדאַרפט אויפהויבן פאַרטאָג, כדי אָפּצופאָרן מיטן זעלבן צוג, מיט
וועלכן ער איז געקומען. דערפאַר האָט ער זיך שנעל אויסגעטון. דער
אַלטער האָט געהאַט צוגעגרייט דאָס צימער פאַרן גאַסט, גלייך ווי ער
וואָלט דאָ געדאַרפט פאַרברענגען שיינע עטלעכע חדשים. ער האָט
אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ וואַזע מיט רויזן און אַ לאָרבער־צווייג.
ער האָט אַרויפגעלעגט אַ נייעם בויגן מעק־פּאַפּיר אויפן שרייב־טיש.
צומאָרגנס האָט ער געזאָלט ברענגען אַ גוטע פּיאַנינאָ. ער האָט אויס־
געקליבן און אַוועקגעלעגט אויף אַ ברעטל, צוקאָפּנס פון בעט, עטלעכע
פון זיינע טייערסטע און באַליבטסטע ביכער. ס׳איז נישט געווען דאָ
קיין איין פרט, פון וועלכן ער האָט נישט געטראַכט מיט ליבשאַפט.
נאָר ס׳איז געווען אַרויסגעוואָרפן די אַרבעט: קריסטאָף האָט גאָרנישט
ניט געזען. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט און תיכף איינגע־
שלאָפן.

שולץ איז נישט געשלאָפן. ס׳האָט זיך אים דערמאָנט מיטאַמאָל

די גאַנצע פרייד, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, און דער גאַנצער צער, וואָס זיין פריינד פאָרט אַוועק, ער האָט איבערגעחזרט אין קאָפּ אַלע ווערטער, וואָס זיי האָבן צווישן זיך גערעדט. ער האָט געטראַכט, אַז דער טייערער קריסטאָף שלאָפט נעבן אים, איבער יענער זייט וואַנט, ביי וועלכער ס׳שטייט זיין בעט. ער איז געווען צעבראָכן פון מידקייט, דערשלאָגן און דערדריקט; ער האָט געפילט, אַז בעתן שפּאַציר האָט ער זיך פאַרקילט און אָט-אָט וועט אים אָנכאַפּן דער הוסט; ער האָט בלויז געטראַכט:

— אַבי ס׳זאָל אים נישט אָנכאַפּן פאַר קריסטאָפס אפּפאָרן!

און ער האָט געציטערט, טאָמער כאַפּט אים אָן דער הוסט און ער וועט אויפוועקן קריסטאָפן. ער איז געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו גאָט און געבומען צונויפשטעלן פערזן צו דער מוזיק פונם אַלטן סימעאָן: Nunc dimittis... ער האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאַרשוויצטער, כדי צו פאַרשרייבן די פערזן, און געבליבן זיצן ביים טיש, ביז ער האָט זיי געענדיקט פאַרצייכנט, מיט אַ ווידמונג, איבערגעפולט פון ליבשאַפט, מיט אַ חתימה אונטן און מיט דער דאַטע און שעה. דערנאָך האָט ער זיך געלעגט, געציטערט פון קעלט, און אַ גאַנצע נאַכט זיך נישט געקאָנט דערוואַרעמען.

ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. שולץ האָט געטראַכט מיט פאַרדרוס וועגן דעם נעכטיקן באַגינען. ער האָט זיך געבייזערט אויף זיך אַליין, וואָס ער פאַרשטערט זיך מיט די געדאַנקען די לעצטע מינוטן פון גליק, וואָס זענען אים נאָך פאַרבליבן; ער האָט געוווסט, אַז צומאָרגנס וועט ער באַדויערן די שעה, וואָס ווערט איצט אַנטרינען; ער האָט זיך באַמיט גאָרנישט צו פאַרלירן. ער האָט אָנגעשטעלט דאָס אויער אויפן מינדסטן גערויש פון צווייטן צימער. נאָר קריסטאָף האָט זיך נישט גערירט. ער איז נאָך אַלץ געלעגן; ער האָט זיך קיין ריר נישט געטון. האַלב זיבן האָט געקלונגען, און ער איז נאָך אַלץ געשלאָפן. ס׳איז נישט געווען קיין לייכטערע זאַך, ווי לאָזן אים פאַרשפּעטיקן דעם צוג; און ער וואָלט בלי-ספק אָנגענומען די זאַך מיט אַ געלעכטער. אָבער דער אַלטער איז געווען צו ערלעך אַזוי צו באַהאַנדלען אַ פריינד, אָן זיין הסכמה. אומזיסט האָט ער איבערגעחזרט:

— ס׳איז נישט מיין שולד. איך בין דאָ נישט שולדיק. איך דאַרף נאָר שווייגן. און אַז ער וועט זיך נישט אויפכאַפּן צו דער צייט, וועל איך האָבן נאָך אַ טאָג צו פאַרברענגען מיט אים.

ער האָט זיך געענטפערט:

— ניין, כ'האָב דערצו קיין רעכט נישט.

ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב איפּצוּוועקן אים. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. קריסטאָף האָט אין אָנהויב נישט דערהערט: מ'האָט געמוזט קלאַפּן שטאַרקער. דאָס האָט דעם אַלטן גורם געווען אַ סך צער. ער האָט געטראַכט:

— אַך, ווי געשמאַק ער שלאָפט! ער וואָלט געקאָנט אָפּליגן אַזוי ביז מיטאָג־צייט.

לסוף האָט אָפּגעענטפערט קריסטאָפס פרייליכע שטים פון יענער זייט טיר. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, ווי שפּעט עס איז, איז ער געווען דערשטוינט; מ'האָט געהערט, ווי ער דרייט זיך אַרום איבערן צימער, מאַכט אַ טומל מיטן אָנטון זיך, זינגט אָפּגעהאַקטע שטיקער ניגונים, רופט בשעת־מעשה פריינדלעך שולצן פון הינטער דער וואַנט, שפּאַסנדיק און רופט אַרויס ביים אַלטן געלעכטער, נישט געקוקט אויף זיין צער. די טיר האָט זיך געעפנט: ער האָט זיך באַוויזן אַ פרישער, אַן אויסגערוטער, מיט אַ גליקלעך פּנים; ער האָט נישט געטראַכט וועגן דעם טרויער, וואָס ער איז גורם דעם אַלטן. באמת האָט אים קיין זאַך נישט געיאָגט אָפּצופאָרן, ס'וואָלט נישט געווען קיין אומגליק, ווען ער בלייבט נאָך עטלעכע טעג — און דאָס וואָלט דעם אַלטן שולצן אַזוי פיל פרייד פאַרשאַפט! אָבער קריסטאָף האָט עס נישט געקאָנט געבוי פאַרשטיין. אגב, ווי שטאַרק ער זאָל נישט ליב האָבן דעם אַלטן, האָט ער דאָך געוואָלט שוין אָפּפאָרן: ער איז געווען מיד דעם לעצטן טאָג פון דעם אומאויפהערלעכן שמועס, פון די דאָזיקע נשמות, וואָס האָבן זיך אָן אים אָנגעקלאַמערט מיט אַ פאַרצווייפלטער ליבשאַפט. און אויסערדעם, — ער איז געווען יונג און געטראַכט, אַז זיי האָבן גענוג צייט זיך נאָך אַמאָל צו זען: ער פאָרט נישט אַוועק אין עק וועלט! — דער אַלטער האָט אָבער געוווּסט, אַז ער וועט אינגיכן זיין אַ סך ווייטער, ווי אין עק וועלט; און ער האָט געקוקט אויף קריסטאָפן, כדי זיך מיט אים צו געזעגענען אויף אייביק.

נישט געקוקט אויף זיין שטאַרקער מידקייט, האָט ער אים באַגלייט צום וואָקזאַל. אַ דין, קאַלט רעגנדל איז אָן גערויש געפאַלן. אויפן וואָקזאַל האָט זיך קריסטאָף, עפנענדיק זיין געלט-בייטל, געכאַפּט, אַז ער האָט נישט גענוג געלט אויף אַ בילעט ביז צו זיין

היים־שטאָט. ער האָט געוווּסט, אַז שולץ וועט אים מיט פרייד באָרגן; נאָר ער האָט נישט געוואָלט בײַ אים בעטן... פאַרוואָס? פאַרוואָס צו־נעמען בײַ יענעם, וואָס האָט אייך ליב, די געלעגנהייט — דאָס גליק, אייך מיט עפּעס צו דינען?... ער האָט נישט געוואָלט, צוליב איידלקייט, — אפשר צוליב אייגנליבע. ער האָט גענומען אַ בילעט ביז דער נאָענטסטער סטאַציע, באַשליסנדיק דעם ווייטערדיקן וועג צו מאַכן צופוס.

ס'איז געקומען די שעה פון צעשיידונג. אויפן טרעפּ פון וואַ־גאָן האָבן זיי זיך צעקושט. שולץ האָט אַרײַנגעגליטשט קריסטאָפן אין האַנט אַרײַן די פּאָעזיע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן בײַנאַכט. ער איז געבליבן שטיין בײַם צוג, זיי האָבן זיך שוין מער נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, ווי ס'טרעפט אַלעמאָל, ווען דאָס געזעגענען זיך דויערט צו לאַנג; אָבער שולצס אויגן האָבן נישט אויפגעהערט צו רעדן: זיי האָבן זיך אויף קיין איין ווײַלע נישט אָפּגעריסן פון קרי־סטאָפס געזיכט, ביז דער צוג איז אָפּגעפאָרן.

דער וואַגאָן איז פאַרשווונדן געוואָרן אינעם אויסגעקרומטן וועג. שולץ איז געבליבן אַליין. ער איז געגאַנגען אַהיים דורך גרויסע זומפּן, קוים שלעפּנדיק די פיס: ער האָט פּלוצלונג דערפילט מידקייט, קעלט, דעם טרויער פונם רעגנדיקן טאָג. ער האָט זיך קוים מיט צרות דערשלעפּט אַהיים און איז אַרויף אויף די טרעפּ. ווי נאָר ער איז אַרײַן אין צימער, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שטיקעניש און אַ הוסט. סאַלאָמע איז אים געקומען צו הילף. צווישן די זיפצן, וואָס האָבן זיך אים נישט־ווילנדיק אַרויסגעריסן, האָט ער איבערגעחזרט:

— ס'אַראַ גליק!.. ס'אַראַ גליק, וואָס דער הוסט האָט געוואַרט!..

ער האָט זיך געפילט זייער שלעכט. ער האָט זיך געלייגט. סאַלאָמע איז געגאַנגען זוכן דעם דאָקטאָר. דעם אַלטנס גוף האָט זיך שווער איבערגעגעבן דעם בעט, ווי אַ מאַסע אָן לעבן. ער האָט נישט געקאָנט רירן מיט קיין אבר, נאָר זײַן ברוסט האָט געאָטעמט, ווי אַ בלאָז־זאַק. זײַן קאָפּ איז געווען שווער און געהאַט היץ. ער האָט פאַרבראַכט אַזוי דעם גאַנצן טאָג, דערמאָנענדיק זיך אַ מינוט נאָך אַ מינוט דעם גאַנצן נעכטיקן טאָג: אָט אַזוי האָט ער זיך געפּיי־ניקט, און באַלד געהאַט צו זיך טענות, וואָס ער באַקלאָגט זיך נאָך דעם גליק, וואָס ער האָט געהאַט. מיט פאַרלעגטע הענט און אַ האַרץ וואָס איז געווען אָנגעשוואָלן פון ליבע, האָט ער געדאַנקט גאָט.

אויפגעמונטערט פונם דאָזיקן טאָג און מיט דער צוטרוי צו זיך אַ דאַנק דער נייער פריינדשאַפט, וואָס מ׳האָט אים אַרויסגעוויזן, איז קריסטאָף געפאָרן אַהיים. ווען ער איז אָנגעקומען צו דער סטאַציע, ביז וואַנעט דער בילעט האָט געגילט, איז ער פריילעך אַראָפּ און געלאָזט זיך צופוס אין וועג אַריין. ער האָט געהאַט דורכצימאַכן אַן ערך זעכציק קילאָמעטער. ער האָט זיך נישט געגומען די זאַך צום האַרצן און געגאַנגען, ווי אַ שול-ייִנגל. ס׳איז געווען חודש אפריל. דאָס פעלד האָט נאָך נישט געבליט. די בלעטער האָבן זיך געקאָר-טשעט אויף די שפּיצן פון די שוואַרצע צווייגן, ווי קליינע גערונצל-טע הענטלעך; די עפּלבוימער האָבן געבליט, און די ווילדע רויזן האָבן געשמייכלט לענג-אויס די פּלויטן. איבערן הוילן וואַלד, ווו ס׳האָט אָנגעהויבן שפּראָצן אַ פיינער, צאַרט-גרינער פלוימען-בוים, האָט אויף אַ שפּיץ פון אַ בערגל זיך אויפגעהויבן, ווי אַ טראָפּיי ביים שפּיץ פון אַ שווערד, אַן אַלטער ראָמאַנישער שלאָס. אינם צאַרט-בלויען הימל האָבן זיך געצויגן טיף-שוואַרצע וואָלקנס. די שאָטנס זענען געלאָפן איבערן פריילינגדיקן לאַנד; די רעגן-וואָלקנס זענען פאַרבייגעלאָפן; דערנאָך איז ווידער אויפגעגאַנגען די העלע זון, און די פייגל האָבן געזונגען.

קריסטאָף האָט באַמערקט, אַז זינט אַ געוויסער צייט טראַכט ער וועגן זיין פעטער גאָטפריד. ער האָט ביז אַהער שוין לאַנג נישט געטראַכט וועגן אָט דעם אָרעמען מענטשן; און ער האָט געפרעגט ביי זיך, פאַרוואָס איז ער אים געקומען דווקא איצט אַזוי עקשנותדיק אויפן זינען; בעת ער איז געגאַנגען דורך אַן אַלעע פון הימלבוימער לענג-אויס אַ שפּיגלדיקן גראָבן, איז ער געווען ממש באַצויבערט: דאָס בילד האָט אים אַזוי פאַרפאָלגט, אַז אויסדרייענדיק זיך ביי אַ גרויסן מויער, האָט ער געהאַט דעם איינדרוק: ווי דער מויער וואָלט אים געקומען אַנטקעגן.

דער הימל איז טונקל געוואָרן, אַ געמיש פון רעגן און האָגל האָט זיך אַ לאָז געטון אויף דער ערד, און אינדערווייטנס האָט גע-ברומט דער דונער. קריסטאָף איז געווען נאָענט צו אַ דאָרף, וואָס

זיינע ראָזע וואנט און רויטע דעכער האָבן געגלאַנצט צווישן די בינטלעך בוימער, ער האָט פאַרגיכערט זיינע טריט און זיך באַהאַלטן אונטער אַ דאַך פונם ערשטן הויז. דער האָגל איז מיט רעש געפאַלן; ער האָט געקלאַפּט אין די דעכער־ציגל און איז אַראָפּגעשפּרונגען ווי בליי־קוילן אויף דער גאַס. די וואָגן־קאָליעס זענען געווען פול מיט וואַסער. צווישן די בליענדיקע גערטנער איבער די טיף־בלויע וואָלקנס האָט אַ רעגנבויגן אָנגעצויגן זיין ווילד־לויכטנדיקן פאָן־סטענגע.

אויף דער שוועל פון דער טיר האָט אַ יונג מיידל עפּעס גע־שטריקט. זי האָט פריינדלעך געבעטן קריסטאָפן אַריינצוגיין. ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג. דאָס צימער, ווו ער איז אַריין, האָט גלייכצייטיק געדינט פאַר אַ קיך, עס־צימער און שלאָף-צימער. אין הינטערגרונט, איבער אַ פייער איז געהאָנגען אַ קאָך־קעסל. אַ פויערטע האָט געשאָבן קאַרטאָפל. זי האָט אָפּגעגעבן קריסטאָפן אַ גוטמאָרגן און אים גערופן נעענטער צום פייער, זיך אויסצוטריקענען. דאָס יונגע מיידל האָט געבראַכט אַ פלאַש און געגעבן אים צו טרינקען. זיצנדיק ביים צווייטן עק טיש, האָט זי ווייטער געשטריקט און פאַרנומען זיך בשעת־מעשה מיט צוויי קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט: זיי האָבן זיך געשפּאַרט אין האַלז גראָז-שטענגלעך, — אַ שפּיל, וואָס הייסט אין דאָרף „גנבים" אָדער „רויבער". דאָס מיידל האָט פאַרבונדן מיט קרי־סטאָפן אַ שמועס. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס מיידל איז בלינד. זי איז נישט געווען שיין. זי איז געווען אַ געזונט מיידל מיט רויטע באַקן, ווייסע ציין און שטאַרקע אָרעמס, נאָר אָן רעגלמעסיקע שטריכן: זי האָט געהאַט אַ שמייכלענדיק, אַביסל־אויסדרוקלאָזן פּנים, ווי בכלל בלינדע, און האָט אויך פאַרמאָגט, פּונקט ווי זיי, די מאַניע צו רעדן וועגן זאַכן און מענטשן, גלייך ווי זי וואָלט זיי געזען. אין ערשטן אויגנבליק האָט קריסטאָף געפרעגט ביי זיך, צי מאַכט מען דאָ נישט קיין חוזק פון אים, ווען זי האָט אים געזאָגט אַז ער פאַרמאָגט אַ גוטן אויסדרוק פון געזיכט און אַז אין פעלד איז היינט זייער שיין: נאָר ווען ער האָט גוט אָנגעקוקט די בלינדע און די פרוי, וואָס האָט געשיילט קאַרטאָפל, האָט ער באַמערקט, אַז קיינעם וווּנדערט עס נישט. —ביידע פרויען האָבן פריינדלעך אויסגעפרעגט קריסטאָפן, פון וואַנען ער קומט, דורך וואַנען ער איז געגאַנגען. די בלינדע האָט זיך אַריינגעמישט אינם שמועס מיט אַביסל אָן איבערגעטריבענער התלהבות, זי האָט מסכים געווען מיט קריסטאָפס

מיינונגען וועגן דעם וועג און וועגן די פעלדער, און צוגעגעבן אירע אייגענע נאַטירלעך, זענען אירע באַמערקונגען אָפט געווען פאַלשע. ס'האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך אַליין געוואָלט איינרעדן, אַז זי זעט פונקט אַזוי גוט, ווי ער.

דערווייל זענען אַרייַנגעקומען די איבעריקע מיטגלידער פון דער משפחה: אַ געזונטער פויער פון אַ יאָר דרייסיק און זיין יונג ווייבל. קריסטאָף האָט מיט זיי אַלעמען געשמועסט; און קוקנדיק אויפן הימל, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעלייטערט, האָט ער געוואָרט אויפן מאָמענט, ווען ער וועט קאָנען גיין ווייטער. די בלינדע האָט געזונגען אַ ניגון, שטריקנדיק בשעת־מעשה מיט די שפּיזלען איר זאָק. דער ניגון האָט דערמאָנט קריסטאָפן אַלטע זכרונות.

— וואָס, איר קענט עס אויך? — האָט ער געזאָגט.

(גאָטפריד האָט אים אַמאָל אויסגעלערנט דעם ניגון).

ער האָט געזונגען ווייטער דעמזעלבן ניגון. דאָס מיידל האָט גענומען לאַכן. זי האָט געזונגען די ערשטע העלפט פון זאַץ, און ער האָט מיט הנאה געענדיקט די צווייטע. ער האָט זיך אויפגעהויבן אַ קוק צו טון דעם וועטער און איז אַרומגעגאַנגען איבערן צימער, וואַרפנדיק מעכאַניש זיין בליק אין אַלע ווינקעלעך, — און פּלוצלונג האָט ער באַמערקט אין אַ ווינקל ביים קיך־טיש אַ זאַך, וואָס האָט אים דורכגענומען מיט אַ ציטער. דאָס איז געווען אַ לאַנגער איינגעבויגענער שטעקן, וואָס זיין גראָב אויסגעשניצט הענטל האָט פאָרגעשטעלט אַ געבויגענעם מענטשן, וואָס באַגריסט זיך. קריסטאָף האָט אויסגעצייכנט געקענט דעם דאָזיקן שטעקן: ער האָט זיך געשפּילט מיט אים אין די קינדער־יאָרן. ער האָט אַ שפּרונג געטון צום שטעקן און געפרעגט מיט אַ דערשטיקטער שטים:

— פון וואַנען... פון וואַנען האָט איר עס?

דער מאַן האָט אים אָנגעקוקט און געזאָגט:

— אַ פריינד האָט עס אונז איבערגעלאָזן, אַן אַלטער פריינד, וואָס איז געשטאָרבן.

קריסטאָף האָט אַ געשריי געטון:

— גאָטפריד?

אַלע האָבן זיך אויסגעדרייט צו אים און געפרעגט:

— פון וואַנען ווייסט איר?

און ווען קריסטאָף האָט געזאָגט, אַז גאָטפריד איז זיינער אַ

פעטער, איז געוואָרן אַלגעמיינע איבעראַשונג. די בלינדע האָט זיך אויפגעהויבן; איר בייוול־קנויל האָט זיך געקייקלט איבערן צימער; זי איז געטראָטן איבער איר האַנט־אַרבעט און אָנגענומען קריסטאָפן פאַר די הענט, איבערהזרנדיק פאַרחידושט:

— איר זענט זיין שוועסטערס אַ זון?

אַלע האָבן גערעדט מיטאַמאָל. קריסטאָף האָט פון זיין זייט אַ פרעג געטון:

— אָבער איר, פון וואַנען... פון וואַנען האָט איר אים געקענט?

דער מאַן האָט געענטפערט:

— ער איז דאָ געשטאָרבן.

מ׳האָט זיך ווידער געזעצט. און ווען די אויפרעגונג האָט זיך אַביסל איינגעשטילט, האָט אים די מוטער, נישט איבעררייסנדיק זיך די אַרבעט, דערציילט, אַז גאָטפריד פלעגט קומען צו זיי אין שטוב לאַנגע יאָרן; גייענדיק אין וועג אַריין אָדער אומקערנדיק זיך צוריק, פלעגט ער ביי זיי זיך אָפּשטעלן שטענדיק. דאָס לעצטע מאָל, ווען ער איז געקומען —(ס׳איז געווען דעם לעצטן יולי),— האָט ער אויסגעזען זייער מיד; ער האָט אַראָפּגעוואָרפן זיין פעקל, און ס׳האָט געדויערט לאַנג, איידער ער האָט געקענט אַרויסרעדן אַ וואָרט; נאָר מ׳האָט נישט געלעגט קיין באַזונדער אַכט דערויף. מ׳איז געוווינט געווען צו זען אים אַזוי, ווען ער פלעגט קומען. מ׳האָט געוווּסט, אַז ער האָט אַ קורצן אָטעם. ער האָט זיך נישט געקלאָגט, ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט. ער האָט שטענדיק געפונען אַ זכות אין יעדער נישט־אָנגענעמער זאַך. בעת ער האָט געטון אַ שווערע אַרבעט, האָט ער זיך תּמיד געפרייט, ווי גוט עס וועט אים זיין ביינאַכט אין בעט; און ווען ער האָט געליטן, פלעגט ער זאָגן, ווי גוט עס וועט זיין, ווען ער וועט אויפהערן צו ליידן...

— און ס׳איז גאָרנישט אַזוי רעכט צו זיין אייביק צופרידן, — האָט צוגעגעבן די גוטע פרוי,—ווען מ״באַקלאָגט זיך נישט, האָבן אויך דיר די אַנדערע אויך קיין רחמנות נישט, איך באַקלאָג זיך שטענדיק.

דעריבער האָט מען אויף אים קיין אַכט נישט געלעגט. מ׳האָט אפילו געלאַכט פון זיין אייביק צופרידענער מינע, און מאָדעסטאַ — (אַזוי האָט געהייסן דאָס בלינדע מיידל),— וואָס פלעגט גיין אַראָפּנעמען פון אים זיין פעקל, פלעגט אים פרעגן, צי וועדט ער קיינמאָל נישט מיד ווערן צו לויפן אַזוי, ווי אַ יונגערמאַן. אָנשטאָט צו ענטפערן האָט ער געשמייכלט. ער האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, ער פלעגט

זיך זעצן אויף אַ באַנק פֿאַרן טיר, און יעדער איז אַוועק צו זיין אַרבעט: די מענער אין פעלד, די מוטער אין קיך. מאָדעסטאַ פֿלעגט צוגיין צו זיין באַנק: שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר, מיטן זאָק אין האַנט, פֿלעגט זי שמועסן מיט גאָטפרידן. ער פֿלעגט איר נישט ענטפערן און זי האָט נישט געוואַרט אויף זיין תשובה און דערציילט אים אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען זינט זיין לעצטן באַזוך. ער פֿלעגט שווער אָטעמען; צום לעצטן מאָל האָט זי געהערט, ווי ער שטרענגט זיך אָן צום רעדן. אָנשטאָט זיך צו באַאומרויקן, האָט זי אים געזאָגט:

— רעד נישט, רו זיך אָפּ. וועסט שפּעטער רעדן... ווי קאָן עס אַ מענטש זיך אַזוי אויסמאַטערן!..

דעמאָלט האָט גאָטפריד אויפגעהערט צו רעדן און אַפילו נישט געפּרוווט מער. זי האָט ווידער גענומען אים דערציילן, מיינענדיק, אַז ער הערט. ער האָט אַ קרעכץ געטון און איז אַנטשוויגן געוואָרן. ווען די מוטער איז אַביסל שפּעטער אַרויסגעקומען, האָט זי געטראָפן מאָדעסטאַן אַלץ רעדן, און גאָטפרידן אויף דער באַנק מיטן קאָפּ פֿאַרוואָרפן אויף הינטן און פֿאַרריסן צום הימל: זינט עטלעכע מינוט האָט מאָדעסטאַ גערעדט צו אַ טויטן. דאַן האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז דער אָרעמער מענטש האָט געפּרוווט פֿאַרן טויט צו רעדן עטלעכע ווערטער, נאָר ער האָט נישט געקאָנט; דעמאָלט האָט ער רעזיגנירט און מיט זיין טרויעריקן שמייכל צוגעמאַכט די אויגן אין דער רויִקייט פונם זומער־אָוונט... — — —

דער רעגן האָט אויפגעהערט. די שנור איז אַוועק אין שטאַל; דער זון האָט גענומען די האַק און גערייניקט פֿאַרן טיר די וואַסער־רינע, וואָס דער שמוץ האָט פֿאַרשטאָפּט. מאָדעסטאַ איז אַוועק נאָך אין אָנהויב פון דער מוטערס דערציילונג. קריסטאָף איז געבליבן אַליין מיט דער פרוי אין צימער און גערירט פון דער געשיכטע איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. די אַלטע, וואָס האָט ליב געהאַט צו פּלוידערן, האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן די צו לאַנגע שטילקייט, און זי האָט גענומען דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון איר באַקאַנטשאַפט מיט גאָטפרידן. דאָס איז פאָרגעקומען מיט פיל יאָרן צוריק. ווען זי איז נאָך געווען זייער יונג, האָט גאָטפריד זי ליב געהאַט. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט עס איר צו זאָגן, נאָר מ׳פֿלעגט פון אים חוזק מאַכן צוליב דעם; זי האָט אויך פון אים געלאַכט. — (אַזוי איז מען געוווינט געווען אומעטום, וווּ ער פֿלעגט דורכגיין). — דאָך פֿלעגט

גאָטפריד טריי קומען יעדעס יאָר. ער האָט עס געהאַלטן פאַר נאַטיר-
לעך, וואָס מ׳קאַכט פון אים, נאַטירלעך, וואָס מ׳האָט אים נישט ליב,
וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטן און איז גליקלעך מיט
אים. זי איז געווען צו צופרידן, זי האָט זיך צופיל געגרויסט מיט
איר גליק: ס׳האָט זיך אַן אומגליק דערנענטערט. אומגעריכט איז איר
מאַן געשטאָרבן. דערנאָך האָט איר טאָכטער, — אַ שיין, געזונט מיידל,
וואָס איז אַלעמען געווען געפעלן און וואָס האָט געזאָלט חתונה האָבן
מיטן זון פונם רייכסטן פויער אין דער געגנט — פאַרלוירן נאָך אַ
שווערער קראַנקהייט די אויגן. איינמאָל ווען זי איז אַרויפגעקראָכן
אויף אַ באַרנע-בוים אָפּצורייסן בארן, האָט זיך די לייטער אויסגע-
גליטשט. — זי איז געפאַלן, און אַ צעבראָכענע צווייג האָט איר האַס-
טיק אַ זעץ געטון אין אויג. מ׳האָט אין אָנהויב געמיינט, אַז ס׳וועט
בלויז בלייבן אַ שניט; אָבער זינט דעמאָלט האָט זי נישט אויפגעהערט
צו ליידן אויף קאָפּ-ווייטיק: ס׳איז אָנגעלאָפן איין אויג, שפּעטער—דאָס
צווייטע; און קיין שום רפואות האָבן נישט געהאָלפן. נאַטירלעך איז
שוין די חתונה נישט פאָרגעקומען; דער חתן האָט חרטה געהאַט אָן
קיין שום דערקלערונגען; און פון אַלע יינגלעך, וואָס וואָלטן מיט אַ
חודש צוריק געקעמפט צווישן זיך ביז בלוט, צו טאַנצן מיט איר
אַ טאַנץ, האָט קיין איינער נישט געהאַט קיין מוט—(ס׳איז גאַנץ פאַר-
שטענדלעך) — צו נעמען אויף זיך אַזאַ משא. דעמאָלט איז מאָדעסטאַ,
די אייביק פריילעכע און לאַכנדיקע, אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרצווייפלטן
טרויער און געוואָלט שטאַרבן. זי האָט נישט געוואָלט עסן, און פון
פרי ביז נאַכט נישט אויפגעהערט צו וויינען; אויך ביינאַכט האָט מען
געהערט, ווי זי כליפּעט אויף איר געלעגער. מ׳האָט נישט געוווּסט,
וואָס צו טון, מ׳האָט נאָר געקאָנט מיט איר צוזאַמען אומגליקלעך זיין;
דעמאָלט האָט זי נאָכמער געוויינט. לסוף איז מען מיד געוואָרן פון
איר קלאָגן; מ׳האָט זיך געבייזערט אויף איר, און זי האָט זיך געוואָלט
וואַרפן אין וואַסער אַריין. אָפט פלעגט קומען דער פּאַסטאָר: ער האָט
איר דערציילט וועגן גוטן גאָט, וועגן אייביקן לעבן און דעם שכר,
וואָס מ׳האָט אויף יענער וועלט, ווען מ׳נעמט אָן די יסורים פאַר ליב;
נאָר דאָס האָט זי נישט געטרייסט. איינמאָל איז געקומען גאָטפריד.
מאָדעסטאַ איז קיינמאָל נישט געווען גוט צו אים, נישט דערפאַר,
חלילה, וואָס זי איז בטבע אַ שלעכטע, נאָר זי האָט זיך געהאַלטן
גרויס; און אויטערדעם האָט זי קיין סאַך נישט געקלערט, זי האָט ליב

געהאַט צו לאַכן: נישט געווען קיין לצנות, וואָס זי זאָל אים נישט זאָגן, און קיין בייז שפּיצל, וואָס זי זאָל אים נישט אָפּטון. ווען ער האָט זיך דערוווסט פון איר אומגליק, איז ער געווען שרעקלעך דער־שלאָגן, ווי זי וואָלט געווען זיינע אַ קרובה. דאָך האָט ער איר צום ערשטן מאָל נישט אַרויסגעוויזן, אַז ער באַמערקט עס. ער האָט זיך געזעצט נעבן איר, נישט געמאַכט קיין שום אָנצוהערעניש וועגן איר אומגליק און גענומען רעדן שטיל, ווי ער פלעגט עס טון פריער. ער האָט איר מיט קיין איין וואָרט נישט אויסגעדריקט קיין מיטלייד; ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט באמת נישט באַמערקט, אַז זי איז בלינד; ער האָט גערעדט מיט איר וועגן אַלץ, וואָס זי האָט געקאָנט אין אַזאַ מצב הערן אָדער אויפכאַפּן, נאָר קיינמאָל נישט גערעדט מיט איר וועגן דעם, וואָס זי וואָלט נישט געקאָנט זען; ער האָט עס גע־מאַכט איינפאַך, ווי אַ נאַטירלעכע זאַך: מ'וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ער אַליין איז אויך געווען אַ בלינדער. אין אָנהויב האָט זי נישט געהערט און אָן אויפהער געוויינט. נאָר צומאָרגנס האָט זי שוין געהערט בעסער און אפילו אַליין גענומען אַביסל רעדן...

— און — האָט די מוטער ווייטער גערעדט — איך ווייס נישט, וואָס ער האָט איר אַזוינס געקאָנט זאָגן. מיר האָבן דאַן געשניטן היי, און איך האָב נישט געהאַט קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט איר. נאָר אין אָוונט, ווען מיר זענען געקומען פון פעלד, האָבן מיר זיי ביידן געטראָפן רויק שמועסן. פון דעמאָלט אָן איז איר געוואָרן אַלץ בעסער. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי פאַרגעסט אָן איר אומגליק. דאָך פלעגט זי פון צייט צו צייט ווידער דערפילן דעם ווייטיק: זי פלעגט וויינען אָדער געפרוווט רעדן מיט גאָטפרידן וועגן טרויעריקע זאַכן; נאָר ער — ווי ער הערט נישט, פלעגט איר ענטפערן נישט מיט איר טאָן; ער פלעגט ווייטער רעדן געלאַסן, כמעט פריילעך, וועגן זאַכן, וואָס האָבן זי באַרויקט און אינטערעסירט. לסוף האָט ער געפועלט ביי איר אַרויסצוגיין שפּאַצירן אין דרויסן, זינט דעם אומגליק האָט זי קיינמאָל נישט געוואָלט אַרויסגיין פון שטוב. זי האָט געמאַכט עטלעכע טריט אַרום גאָרטן, דערנאָך לענגערע שפּאַצירן אין די פעלדער. און איצט דערקענט זי שוין יעדעס אָרט און קאָן אונטערשיידן יעדע זאַך, ווי זי וואָלט עס געזען. זי זעט אפילו זאַכן, וואָס מיר באַמערקן נישט; און זי אינטערעסירט זיך מיט אַלץ — זי, וואָס האָט זיך פריער נישט אינטערעסירט מיט קיין שום זאַך, אויסער מיט זיך. דאָסמאָל

איז גאָטפריד געבליבן ביי אונז לענגער, ווי שטענדיק. מיר האָבן נישט געהאַט קיין מוט אים צו בעטן, ער זאָל אָפּלעגן זיין פאָרן; נאָר ער איז געבליבן מיט זיין אייגענעם ווילן, ביז זי האָט זיך אינגאַנצן באַרויקט. און איינמאָל — זי איז געווען דאָרט אין הויף — האָב איך זי געהערט לאַכן. איך קאָן אייך נישט איבערגעבן דעם איינדרוק, וואָס דאָס האָט אויף איר געמאַכט. גאָטפריד האָט אויך אויסגעזען צופרידן. ער האָט זיך געזעצט נעבן מיר. מיר האָבן זיך אנגעקוקט, און איך וועל זיך נישט שעמען אייך צו זאָגן, מיין הער, אַז כ׳האָב אים פון גאַנצן האַרצן אַ קוש געטון. דעמאָלט האָט ער מיר געזאָגט:

— איצט, גלויב איך, קאָן איך שוין גיין. מ׳דאַרף שוין מער נישט.

כ׳האָב אים געפּרוווט פאַרהאַלטן. נאָר ער האָט מיר געזאָגט:

— ניין. איצט מוז איך גיין. איך קאָן מער נישט בלייבן.

אַלע האָבן געוווסט, אַז ער איז, ווי דער ייד, אַן אייביקער וואַנדערער: ער האָט נישט געקאָנט וווינען אויף איין אָרט; מיר זענען נישט צוגעשטאַנען צו אים. דעמאָלט איז ער אַוועק; ער האָט זיך באַמיט וואָס אָפטער צו אונז צו קומען; און שטענדיק איז ער געווען פאַר מאָדעסטאַן אַ גרויסע פרייד: נאָך יעדן מאָל, ווען ער פלעגט דאָ פאַרבייגיין, האָט זי זיך געפילט בעסער. זי האָט זיך גענומען צו באַלעבאַטישקייט; איר ברודער האָט חתונה געהאַט; זי פאַרנעמט זיך מיט זיינע קינדער; און איצט באַקלאָגט זי זיך קיינמאָל נישט און האָט שטענדיק אַ גליקלעך אויסזען, יאָ, אמת, מיין הער, עס טרעפן טעג, ווען מ׳זאָגט זיך, אַז ס׳איז בעסער צו זיין, ווי זי, און נישט צו זען די רשעות פון אַנדערע מענטשן און זייערע בייזע מעשים. די וועלט ווערט מיאוסער, ווערט קאַליע פון טאָג צו טאָג... דאָך האָב איך שטאַרק מורא גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד; און דעם אמת געזאָגט, וויל איך ליבער קוקן ווייטער אויף דער וועלט, הגם זי איז אַזוי מיאוס...

מאָדעסטאַ איז אַריין, און דער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן. איצט, ווען דער וועטער איז געווען אַ גוטער, האָט קריסטאָף זיך געוואָלט לאָזן אין וועג אַריין; אָבער זיי האָבן אים נישט געלאָזט. ער האָט געמוזט אָננעמען זייער איינלאַדונג צו בלייבן ביי זיי אויף אָוונט-ברויט און איבער נאַכט. מאָדעסטאַ האָט זיך געזעצט נעבן קרי-

סטאָפּן און אַ גאַנצן אָוונט אים נישט אָפּגעלאָזן. ער האָט געוואָלט שמועסן אינטים מיטן מיידל, וואָס איר גורל האָט אַרויסגערופן ביי אים שטאַרקן מיטלייד. זי האָט אים אָבער נישט געגעבן דערצו קיין שום געלעגנהייט. זי האָט זיך נאָר אויסגעפּרעגט וועגן גאָטפרידן. ווען קריסטאָף האָט איר דערציילט זאַכן, וואָס זי האָט נישט געוווסט, האָט זי געפילט אַ נחת-רוח און אַביסעלע קנאה... זי אַליין האָט נישט גע־רעדט וועגן גאָטפרידן, סיידן ווען זי האָט געמוזט: מ'האָט געפילט, אַז זי זאָגט נישט אַלץ; אָדער ווען זי האָט געזאָגט עפּעס, האָט זי באַלד חרטה געהאַט: אירע זכרונות זענען געווען איר אייגנטום, זי האָט זיך מיט זיי נישט געוואָלט טיילן מיט אַן אַנדערן; זי האָט אַריינגעלעגט אין איר ליבשאַפט די עקשנות פון אַ פּויערטע, וואָס איז צוגעבונדן צו איר ערד: ס'איז איר געווען נישט אָנגענעם צו טראַכטן, אַז אַ צווייטער האָט ליב גאָטפרידן, פּונקט ווי זי. אייגנטלעך האָט זי גאָרנישט געוואָלט אין דעם גלויבן; קריסטאָף, וואָס האָט געלייענט אין איר נשמה, האָט איר געלאָזט דעם דאָזיקן פאַרגעניגן. הערנדיק אירע רייד, האָט ער באַמערקט, אַז הגם זי האָט אַמאָל געזען גאָטפרידן און דווקא געקוקט אויף אים אומגעדולדיק, פונדעסטוועגן האָט זי זיך גע־מאַכט פון אים זינט זי איז בלינד געוואָרן, אינגאַנצן אַן אַנדער בילד, ווי ער איז געווען באמת אין דער ווירקלעכקייט. און אויף דעם דאָ־זיקן געוועב פון איר דמיון האָט זי אַריבערגעטראָגן די גאַנצע באַ־דערפעניש ליב צו האָבן, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. מיט דער זיכערקייט פון אַ בלינדן, וואָס עמפּינדט דאָס, וואָס עס ווייסט נישט האָט זי גע־זאָגט צו קריסטאָפן:

— איר זענט ענלעך צו אים

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז שוין לאַנגע יאָרן געוווינט צו לעבן אין אַ שטוב מיט פאַרמאַכטע לאָדנס, ווו די ווירקלעכקייט דרינגט נישט אַריין. און איצט, ווען זי האָט זיך אויסגעלערנט צו זען אין דער פינסטערניש, וואָס רינגלט זי אַרום, און אפילו צו פאַרגעסן אָן דער פינסטערניש, האָט זי אפשר מורא געקראָגן פאַרן שטראַל פון ליכט, וואָס רייסט זיך אַריין אין איר חושך. זי האָט דערציילט קרי־סטאָפן אַ סך גאָרנישט-באַדייטנדיקע אָדער נאַרישע זאַכן, רעדנדיק אָפּ־געהאַקט און מיט אַ שמייכל, אַזוי אַז קריסטאָף האָט זיך גאָרנישט גע־קאָנט פונאַנדערקלייבן. ס'האָט אים פאַרדראָסן איר פּלוידעריי, ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַ מענטש, וואָס ליידט אַזעלכע יסורים,

זאָל זיך נישט באַציען ערנסט צו זיין ווייטיק און זאָל געפינען אַ זין אין אַזעלכע נאַרישקייטן, ווי זי דערציילט; ער האָט געפּרווט פון צייט צו צייט רעדן מיט איר וועגן וויכטיקערע ענינים; נאָר זיי האָבן נישט געפונען ביי איר אַן אָפּקלאַנג: מאָדעסטאַ האָט נישט געקאָנט — אָדער נישט געוואָלט — מיטגיין.

מ׳איז געגאַנגען שלאָפן. קריסטאָף האָט אַ לאַנגע צייט נישט גע־קאָנט אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט געטראַכט וועגן גאָטפרידן און באַמיט זיך אַרויפצוברענגען, פון מאָדעסטאַס קינדערשע זכרונות, זיין בילד אויפן זינען. ס׳איז נישט אָנגעקומען לייכט, און ער האָט זיך אויפגע־רעגט. ס׳האָט אים געדריקט אין האַרצן, בעת ער האָט געטראַכט, אַז דער פעטער איז געשטאָרבן דאָ. געוויס איז אין אָט דעם בעט געלעגן זיין קערפּער. ער האָט געפּרווט אויפלעבן די אַנגסט פון זיינע לעצ־טע מינוטן, ווען ער האָט נישט געקאָנט רעדן, און נישט געבן צו פאַרשטיין דער בלינדער, און אַזוי פאַרמאַכט די אויגן אויף אייביק. שטאַרק האָט ער געוואָלט אויפהויבן די דאָזיקע וויעס און אַרויסליי־ענען די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין זיי, די מיסטעריע פון דער דאָזיקער נשמה, וואָס איז אַוועק, נישט לאָזנדיק זיך דער־קענען, נישט קענענדיק זיך אפשר אַליין! זי האָט זיך אַליין נישט געזוכט, און איר גאַנצע חכמה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט קיין חכמה נישט געוואָלט, וואָס זי האָט נישט געוואָלט אָנוואַרפן איר ווילן דעם לעבן, נאָר זיך געלאָזט מיט זיין שטראָם, עס אויפגענומען און ליב געהאַט. אָט אַזוי האָט גאָטפריד, נישט נאָכדענקנדיק, איינגע־זאַפּט אין זיך זיין מיסטעריעזן אינהאַלט; און אויב ער האָט אַזוי פיל גוטס געטון דעם בלינדן מיידל, קריסטאָפן און אַזוי פיל אַנדערע מענטשן, וועגן וועלכע מ׳וועט קיינמאָל נישט וויסן, איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט אָנשטאָט ווערטער פון מענטשלעכן בונט קעגן דער נאַ־טור, געבראַכט אַביסל גלייכמוטיקן פרידן פון דער נאַטור און גע־טרייסט דערמיט זיין אונטערטעניקע נשמה. ער האָט געטון גוטס, ווי די פעלדער, ווי נאַטור אַליין, וואָס האָט זיך אין אים איינגעזאַפּט...
קריסטאָף האָט אַרויסגערופן דעם זכרון פון די אָוונטן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט גאָטפרידן הינטער דער שטאָט, די שפּאַצירן אין די קינ־דער-יאָרן, די דערציילונגען און דעם געזאַנג אין די אָוונטן. ער האָט זיך דערמאָנט דעם לעצטן שפּאַציר מיטן פעטער אויפן בערגל היני־טער דער שטאָט אין אַ פאַרטרויערטן ווינטער-פרימאָרגן; און טרערן האָבן

זיך אים געשטעלט אין די אויגן. ער האָט נישט געוואָלט שלאָפן, כדי צו פאַרבלייבן צוזאַמען מיט די דאָזיקע זכרונות; ער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן גאָרנישט פון דער דאָזיקער הייליקער נאַכט אין דעם דאָרף, וואָס איז פול געווען מיט גאָטפרידס נשמה, וווּהין זיינע טריט האָבן אים געפירט, ווי געטריבן פון אַ פאַרבאָרגענער קראַפט. נאָר בעת ער האָט זיך צוגעהערט צום גערויש פון קוואַל, וואָס האָט גערוישט אין נישט-רעגלמעסיקע שטראָמען, און צום שאַרפן געשריי פון די פלעדערמייז, האָט זיך די געזונטע יוגנט-מידקייט געשטאַרקט און גובר געווען זיין ווילן, — און ער איז איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין געשיינט די זון; אַלע פונם הויף זענען שוין געווען ביי דער אַרבעט. אין צימער האָט ער געפונען נאָר די אַלטע און די קינדער. דאָס יונגע פּאָר-פאָלק איז געווען אין פעלד, און מאָדעסטאַ איז אַרויס מעלקן די קי; אומזיסט האָט מען זי געזוכט, מ'האָט זי אין קיין אָרט נישט געפונען. קריסטאָף האָט נישט געוואָלט וואַרטן אויף איר קומען: אין האַרצן איז אים ווייניק אָנגעגאַנגען, צו זען זי נאָך אַמאָל, און ער האָט געזאָגט, אַז ער איילט זיך. ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, איבערגעבנדיק דער גוטער פרוי אַ גרוס פאַר אירע בני-בית.

ער איז אַרויס פון דאָרף, — און אָט צופוסנס פון אַ דאָרן-קוסט האָט ער דערזען, אויף אַ מייל-שטיין, אינם אָרט, ווו דער וועג פאַרנעמט זיך אין אַ זייט, זיצן דאָס בלינדע מיידל. ביים גערויש פון זיינע טריט האָט זי זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו אים מיט אַ שמייכל, אָנגענומען אים פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קומט!

זיי זענען געגאַנגען קווער איבער לאָנקעס, ביז זיי זענען אָנגעקומען צו אַ קליינעם באַשאָטנטן, בליענדיקן פעלד, אינגאַנצן באַזייט מיט צלמים, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום דאָרף. זי האָט אים צוגעפירט צו אַ קבר און געזאָגט:

— דאָ איז עס.

זיי האָבן זיך ביידע געשטעלט אויף די קני. קריסטאָף האָט זיך דערמאָנט אָן אַן אַנדער קבר, אויף וועלכן ער האָט צוזאַמען מיט גאָטפרידן געקניט; און ער האָט געטראַכט:

— אינגיכן וועט קומען מיין ריי.

נאָר דער געדאַנק האָט אין דעם מאָמענט נישט פאַרמאָגט קיין

טרויער אין זיך. אַ גרויסע רו איז אַראָפּ אויף דער ערד. געבויגן איבערן קבר האָט קריסטאָף שטיל גערופן צו גאָטפרידן:

— קום אַריין אין מיר!..

מאָדעסטאַ האָט מיט פאַרבראָכענע פינגער תּפילה געטון, ריידנ־דיק שטיל מיט די ליפּן. דערנאָך איז זי אַרומגעגאַנגען אויף די קני אַרום קבר, טאַפּנדיק מיט די הענט די גראָזן און בלומען, ווי זי וואָלט זיי געגלעט; אירע קלוגע פינגער האָבן געזען, זיי האָבן שטיל געפליקט די טויטע אַאיר־שטענגלעך און די פאַרוויאַנעטע פיילכלעך. אויפשטייענדיק, האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער האַנט אָן דער מצבה; קריסטאָף האָט געזען, ווי אירע פינגער לויפן גיך אַדורך איבער גאָטפרידס נאָמען, אָנרירנדיק יעדעס אות. זי האָט געזאָגט:

— די ערד איז היינט אינדערפרי ווייך.

זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט; ער האָט איר דערלאַנגט זיינע, זי האָט אָנגערירט זיין האַנט אָן דער ווייכער, וואַרעמער ערד. ער האָט נישט אַוועקגענומען זיין האַנט; זייערע געפלאָכטענע פינגער האָבן זיך איינגעשניטן אין דער ערד. ער האָט אַ קוש געטון מאָדעס־סטאַן. זי האָט אים אויך אַ קוש געטון.

זיי זענען אויפגעשטאַנען. זי האָט אים דערלאַנגט עטלעכע פרי־שע פיילכלעך, וואָס זי האָט אָפּגעריסן, און די פאַרוויאַנעטע באַהאַלטן אין בוזעם. זיי האָבן אָפּגעווישט זייערע קני פון שטויב און זענען אַרויס פון בית־הקברות, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. אין די פעלדער האָבן געזונגען די לערכן. ווייסע זומערפייגעלעך האָבן געטאַנצט אַרום זייערע קעפּ. זיי האָבן זיך געזעצט אויף אַ לאָנקע, עטלעכע טריט איינער פון אַנדערן. פון דאָרף האָבן זיך געהויבן רויך־זיילן גלייך צום הימל, וואָס איז קלאָר געווען נאָכן רעגן. דער רויקער וואַסער־גראָבן האָט געגלאַנצט ווי אַ שפּיגל צווישן די הימלבוימער. אַ ליכטי־קער, בלויער נעפּל האָט איינגעהילט די לאָנקעס און דעם וואַלד.

נאָך אַ ווײַלע פון שווייגן האָט מאָדעסטאַ גענומען רעדן. זי האָט גערעדט מיט אַ נידעריקער שטים וועגן דער שיינקייט פונם טאָג, ווי זי וואָלט אים געזען. מיט האַלב־אָפענע ליפּן האָט זי געטרונקען די לופט; זי האָט זיך צוגעהערט צום רויש פון די באַשעפענישן און זאַכן. קריסטאָף האָט אויך געוווּסט דעם ווערט פון דער דאָזיקער מוזיק. ער האָט געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט געטראַכט, נאָר נישט גע־קאָנט אויסדריקן. ער האָט אָנגערופן ביים נאָמען באַשטימטע געשרייען

און קוים באַמערקבאַרע קלאַנגען, וואָס מ׳האָט געהערט אין גראָז אָדער אין די טיפענישן פון דער לופט. זי האָט אים געזאָגט:

— אָך, איר זעט עס אויך?

ער האָט געענטפערט, אַז גאָטפריד האָט עס אים אויסגעלערנט אונטערצושיידן.

— אייך אויך? — האָט זי געפרעגט מיט אַ געוויסער קרענקונג.

ער האָט געהאַט חשק איר צו זאָגן:

— זייט מיך נישט מקנא.

נאָר ער האָט געזען די געטלעכע שיין, וואָס האָט געשמייכלט אַרום זיי ביידן, ער האָט געקוקט אויף אירע טויטע אויגן און איז געוועזן דורכגעדרונגען מיט רחמנות.

— הייסט עס, — האָט ער געפרעגט, — אַז גאָטפריד האָט עס אייך אויסגעלערנט?

זי האָט געענטפערט, אַז יאָ, אַז איצט פרייט זי זיך מער, ווי פריער... (זי האָט נישט געזאָגט „פריער, ווי״... זי האָט אויסגעמיטן צו זאָגן דאָס וואָרט „אויגן״ אָדער „בלינד״).

זיי זענען אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן. מיט מיטלייד האָט קריסטאָף זי אָנגעקוקט. זי האָט געפילט, אַז ער קוקט אויף איר. ער האָט איר געוואָלט זאָגן, ווי שטאַרק ער באַדויערט זי, ווי וואָלט ער געוואָלט, זי זאָל זיך באַקלאָגן, זי זאָל זיך אים פאַרטרויען. ער האָט האַרציק געזאָגט:

— איר זענט זייער אומגליקלעך געוועזן?

זי איז געבליבן זיצן שטום און שטייף. זי האָט געפליקט גראָז-שטאַנגען און זיי שווייגנדיק געקייט. אין עטלעכע מינוט אַרום (דער געזאַנג פון די לערכן האָט אַ שוועב געטון אין הימל) — האָט איר קריסטאָף דערציילט, אַז ער איז אויך געוועזן אומגליקלעך, און גאָטפריד האָט אים געהאָלפן. ער האָט איר דערציילט זיין צער און פיין, ווי ער וואָלט אויפן קול געטראַכט אָדער גערעדט צו אַ שוועסטער. דאָס פנים פון דער בלינדער האָט געשטראַלט, בעת ער האָט גערעדט, זי האָט אויפמערקזאַם אים געהערט. קריסטאָף האָט געקוקט אויף איר און גע-זען, אַז זי וויל עפּעס זאָגן: זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג זיך צו דערנענטערן צו אים און אויסגעצויגן צו אים די האַנט. ער האָט זיך אייך צוגערוקט; — נאָר באַלד איז זי ווידער אַריין אין איר אומבאַ-

ווערלעכקייט, און ווען ער האָט געענדיקט, האָט זי אים געענטפערט מיט עטלעכע באַנאַלע ווערטער. אונטער איר בולטן, גלאַטן שטערן האָט זיך געפּילט אַ פּויערישע עקשנות, האַרט ווי אַ שטיין. זי האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף שוין גיין אַהיים צו דעם ברודערס קינדער: זי האָט גערעדט רויק און שמייכלענדיק.

ער האָט זי געפרעגט:

— איר זענט גליקלעך?

ס׳האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געווען גליקלעכער, ווי זי זאָגט. זי האָט געזאָגט, אַז יאָ, זי האָט אָנגערופן די סיבות, פאַרוואָס זי איז גליקלעך; זי האָט געפרווט אים איבערצייגן, זי האָט געפרווט זיך אַליין איבערצייגן; זי האָט גערעדט וועגן די קינדער, וועגן דער שטוב, וועגן אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט צו טון אין דער היים.

— אָך, יאָ, — האָט זי געזאָגט, — איך בין זייער גליקלעך!

קריסטאָף האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. זי האָט זיך אויפגעהויבן צוועקצוגיין; ער האָט זיך אויך אויפגעהויבן. זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אַ גלייכגילטיקן, פריילעכן מאָן. מאָדעסטאַס האַנט האָט אַביסל געציטערט אין קריסטאָפס האַנט, זי האָט געזאָגט:

— איר האָט היינט אַ שיינעם וועטער אויפן וועג.

און זי האָט אים דערקלערט, ווי צו גיין אין וועג, מ׳זאָל נישט בלאָנדזען. ס׳האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז פון זייביידן איז קריסטאָף דער בלינדער.

זיי האָבן זיך צעשיידט. ער איז אַראָפּ פון בערגל. ווען ער איז געווען אונטן, האָט ער זיך אויסגעדרייט. זי איז געשטאַנען אויפן שפּיץ בערגל אויפן זעלבן אָרט: זי האָט געפאָכט מיט אַ טיכעלע און געגעבן אים צייכנס, ווי זי וואָלט אים געזען.

אין איר עקשנות אָפּצולייקענען איר אומגליק איז געווען עפּעס העלדישעס און גלייכצייטיק לעכערלעכס, וואָס האָט קריסטאָפן גערירט און וויי געטון. ער האָט געפילט, ווי שטאַרק מאָדעסטאַ איז ווערט, מ׳זאָל אויף איר רחמנות האָבן און אפילו זי באַוווּנדערן; און דאָך האָט ער נישט געקאָנט זיין מיט איר צוזאַמען צוויי טעג. — גייענדיק אין וועג צווישן די בליענדיקע פּלויטן, האָט ער אויך געטראַכט וועגן דעם טייערן אַלטיטשקן שולץ, וועגן זיינע זקנישע אויגן, וואָס זענען קלאָר און צאַרט, וואָס פאַר זיי איז פאַרביי אַזוי פיל צער און וואָס האָבן נישט געוואָלט זען די צרות, די ווייטיקלעכע ווירקלעכקייט.

— ווי קוקט ער אויף מיר? — האָט ער בײַ זיך געפרעגט, — איך בין אַזוי אַנדערש, ווי ער טראַכט וועגן מיר! איך בין פאַר אים דאָס, וואָס ער וויל אין מיר זען. אַלץ איז בײַ אים, ווי זײַן אײגע־נער פּרצוף, ריין און אײדל, ווי ער אַליין. ער וואָלט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס לעבן, ווען ער זעט עס אַזוי ווי עס איז.

און ער האָט געטראַכט וועגן מײדל, וואָס איז אײנגעהילט אין חושך, וואָס לײקנט אָפּ די פינסטערניש און וויל זיך אײנרעדן, אַז דאָס, וואָס איז, — איז נישט, און דאָס, וואָס איז געווען, — איז נישט געווען.

דעמאָלט האָט ער דערזען די גרויסקײט פונם דײטשן אידעאַ־ליזם, וואָס ער האָט אַזוי פיל מאָל געהאַסט, ווײל בײַ די דורכשניט־לעכע נשמות איז עס געוואָרן אַ קוואַל פון צביעות און נאַרישקייט. ער האָט דערזען די שײנקײט פונם דאָזיקן גלויבן, וואָס שאַפט זיך אַ וועלט אין אַ וועלט און איז דאָך אַנדערש פון דער וועלט, ווי די כוואַליע אינם אָקעאַן. — נאָר אין זיך אַלײן האָט ער נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם דאָזיקן גלויבן, ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון אָט דעם טויטן-אינזל... לעבן! ווירקלעך! ער האָט נישט געוואָלט זײַן קײן העלד, וואָס נאַרט זיך. אפשר איז דער דאָזיקער אָפּטימיסטישער שקר, וואָס אײנער אַ דײטשער מאָנאַרך האָט אים געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַ געזעץ פאַר זײַן גאַנצן פאָלק, באמת נויטיק צום לעבן פאַר די שוואַכע באַשעפענישן; קריסטאָף האָט געהאַלטן פאַר אַ פאַרברעכן אָוועקצורויבן בײַ די דאָזיקע אומגליקלעכע די אילוזיע, וואָס האַלט זײ אויף. אָבער ער אַלײן האָט נישט געוואָלט זיך באַנוצן מיט אַזאַ מין מקלט: ער האָט בעסער געוואָלט שטאַרבן, אײדער לעבן מיט אילו־זיעס... איז אַלזאָ די קונסט אויך אַן אילוזיע? — נײן, זי דאַרף עס נישט זײַן. אמת! אמת! מיט גרויסע צעעפנטע אויגן, אַרײנאָטעמען מיט אַלע קעמערלעך דעם אַלמעכטיקן אָטעם פון לעבן, זען די זאַכן אַזוי ווי זײ זענען, קוקן די צרות גלײַך אין די אויגן אַרײַן. — און לאַכן.

עס זענען אַוועק עטלעכע חדשים. קריסטאָף האָט אָנגעווירן

יעדע האָפנונג צו פאַרלאָזן ווען־עס־איז זיין געבורט־שטאָט. דער איינציקער מענטש, וואָס האָט אים געקאָנט ראַטעווען, האַסלער, האָט אים אָפגעזאָגט צו העלפן, און די פריינדשאַפט פונם אַלטן שולץ איז געווען אַזאַ, פון וועלכער מ׳האָט זיך באַלד געמוזט אָפזאָגן.

קריסטאָף האָט אים איין מאָל נאָכן צוריקקער געשריבן, און שפּעטער באַקומען פון אים צוויי פריינדלעכע בריוו; אָבער צוליב עפּעס אַ געפיל פון מידקייט, און דער עיקר ווייל אים איז שווער געווען אויסצודריקן זיינע געדאַנקען אין אַ בריוו, האָט ער אָפּגע־שלעפּט זיין ענטפער אויף דעם פריינדלעכן בריוו; אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג; און ווען ער האָט לסוף באַשלאָסן צו שרייבן, האָט ער באַקומען אַ בריוו פון קונצן, ווו ער האָט אים צו וויסן געטון, אַז זיין אַלטער חבר איז געשטאָרבן. לויט זיינע רייד, איז שולץ ווידער קראַנק געוואָרן אויף בראָנכיט, וואָס איז אַריבער אין אַ לונגען־אָנט־צינדונג: ער האָט פאַרווערט זיינע פריינד אָנצוזאָגן קריסטאָפן די שלעכטע בשורה, אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן פון אים. נישט געקוקט, וואָס ער איז געווען זייער שוואַך און וואָס ער האָט לאַנגע יאָרן געקרענקט, האָט ער נישט אויסגעמיטן קיין לאַנגן, יסורימדיקן טויט. ער האָט באַפּולמעכטיקט קונצן צו וויסן צו געבן קריסטאָפן וועגן זיין טויט און צו זאָגן אים, אַז ביז זיין לעצטער שעה האָט ער פון אים געטראַכט, אַז ער דאַנקט אים פאַר דאָס גאַנצע גליק, וואָס קריסטאָף האָט אים פאַרשאַפט און אַז זיין ברכה וועט קריסטאָפן אייביק באַגלייטן. קונץ האָט אָבער פאַרשוויגן, אַז — דער טאָג, וועלכן שולץ האָט פאַרבראַכט מיט קריסטאָפן איז געווען, וואַרשיינלעך, די סיבה פון זיין קראַנקהייט און טויט.

קריסטאָף האָט שטיל געוויינט, און ערשט דעמאָלט האָט ער דערשפּירט דעם גאַנצן ווערט פון זיין פריינד, וועלכן ער האָט פאַר־לוירן; ער האָט דערפילט, ווי שטאַרק ער האָט אים ליב געהאַט. ער האָט געליטן, ווי זיין שטייגער איז געווען, אלמאי ער האָט אים די ליבע נישט אַרויסגעוויזן שטאַרקער. איצט איז שוין געווען צו שפּעט. און וואָס איז אים געבליבן? דער גוטער שולץ האָט זיך אים אַנט־פּלעקט אין אַ צייט, ווען די פּוסטקייט פון זיין איצטיק לעבן האָט אויסגעזען נאָך פּוסטער, און די פינסטערניש איז געוואָרן נאָך גע־דיכטער, ווען ער האָט אים פאַרלוירן. וואָס שייך קונצן און פּאָטפּעט־שמידן, זיי האָבן געהאַט אַ געוויסן ווערט אין זיינע אויגן, נאָר אַ

דאַנק זייער פריינדשאַפט צו שולצן און דורך שולצנס פריינדשאַפט צו זיי. קריסטאָף האָט זיי ריכטיק אָפּגעשאַצט. ער האָט געשריבן איין בריוו, און דערמיט האָבן זיך זייערע באַציונגען געענדיקט. ער האָט געפּרוּווט שרייבן צו מאָדעסטאַן? אָבער זי האָט אים געענטפערט מיט אַ באַנאַלן בריוו, ווו זי האָט גערערט וועגן סתּם זאַכן אין דער וועלט אַריין, און דעריבער האָט ער איבערגעריסן מיט איר די באַציונגג. ער האָט מער צו קיינעם נישט געשריבן, און קיינער האָט צו אים נישט געשריבן.

שטילקייט. שטילקייט. פון טאָג צו טאָג האָט דער שווייגן־שלייער געגומען אַלץ מער איינהילן קריסטאָפן. ער איז געפאַלן אויף אים, ווי אַן אַש־רעגן. ס׳איז ווי צוגעפאַלן דער פאַרנאַכט; און ערשט איצט האָט קריסטאָף געגומען לעבן. ער האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. ס׳איז נאָך נישט געקומען די צייט פון שלאָף. ער האָט געמוזט לעבן.

און ער האָט מער נישט געקאָנט לעבן אין דייטשלאַנד. די יסורים פון זיין זשעני, וואָס האָט זיך געשטיקט אינם ענגן קרייז פונם שטעטל, האָבן אים געמאַטערט און דערפירט דערצו, אַז ער האָט זיך באַצויגן צום שטעטל אומגערעכט. ס׳האָבן זיך צערייצט זיינע נערוון: אַלץ האָט אים ווי געטון ביז בלוט. ער איז געווען ווי די אומגליקלעכע רויב־חיות, וואָס גייען אויס פון לאַנגווייליקייט אין די שטאָט־גערטנער, ווו זיי זענען איינגעשפּאַרט אין לעכער און שטייגן. קריסטאָף פלעגט אָפט באַזוכן די חיות צוליב אַ געפיל פון מיטלייד; ער האָט זיך איינגעקוקט אין זייערע ווונדערלעכע אויגן, ווו ס׳האָבן געפלאַקערט ווילדע, פאַרצווייפלטע פלאַמען, וואָס זענען פון טאָג צו טאָג אויסגעגאַנגען. אוי! ווי ליבער וואָלט זיי געווען דער גראָבער שאָס פון אַ ביקס, וואָס וואָלט זיי באַפרייט, אָדער דער אייזן, וואָס זאָל בלייבן שטעקן אין זייערע פאַרבלוטיקטע געדערים! אַלץ וואָלט זיי ליבער געווען, ווי אָט די גרויזאַמע גלייכגילטיקייט פון די מענטשן, וואָס לאָזט זיי נישט לעבן און נישט שטאַרבן!

צום שטאַרקסטן האָט קריסטאָפן ווי געטון נישט די מענטש־לעכע שנאה, נאָר זייער נישט־געזעצטע נאַטור, אָן פאָרם און אָן טיפקייט. מ׳ווייס נישט, ווי צוצוטרעטן צו זיי. ס׳איז שווין בעסער דער עקשנותדיקער ווידערשטאַנד פון די מגושמדיקע ראַסן, וואָס

זייער מוח איז ענג און שווער און וויל נישט פאַרשטיין קיין שום נייעם געדאַנק. קעגן דעם דאָזיקן כוח באַנוצט מען אַן אַנדער כּוח; אייזן און שוועבל צערייסן אַ פעלזן-שטיין. אָבער וואָס זאָל מען טון מיט אַ פּאָרמלאָזער מאַסע, וואָס צעגייט ווי גאַלאַרעט, וואָס ווערט איינגעזונקען אונטער יעדן לייכטן דרוק — און דאָך בלייבט נישט איינגעקריצט אויף איר קיין שום סימן? אַלע געדאַנקען, די גאַנצע ענערגיע — אַלץ ווערט נעלם אינם דאָזיקן געמויזעכץ; נאָר ווען אין דעם זומפּיקן גרוב פאַלט אַריין אַ שטיין, טוען אַ לייכטן ציטער עט-לעכע קנייטשן אויף דער אויבערפלאַך פונם תהום; דער פּיסק עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך ווידער, און פון דעם, וואָס איז געווען, בלייבט קיין שום שפור נישט.

די דאָזיקע זענען נישט געווען קיין פיינט. הלוואי וואָלטן זיי געווען שונאים! דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן קיין כוח נישט געהאַט נישט צו ליבן און נישט צו האַסן, נישט צו גלויבן און נישט צו לייקענען — אין זייער גלויבן, רעליגיע, פּאָליטיק, אין זייער טאָג-טעגלעכן לעבן; און זייער גאַנצע קראַפט פאַרשווענדן זיי אויף צו פאַרייניקן דאָס, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרייניקן. דער עיקר — זיינען די דייטשע נצחונות — מאַכן זיי נאָר פשרות, ברענגען אַריין אַן עקלדיקן מיש-מאַש פונם נייעם כוח מיט די אַלטע פּרינציפּן. פונם אַלטן אידעאַליזם האָבן זיי זיך נישט אָפּגעזאָגט. דאָס האָט געהאַלטן, ווי אַ האַנדלונג פון אַ פרייער נאַטור, און דערצו זענען זיי נישט גע-ווען מסוגל; זיי האָבן זיך באַגנוגנט דערמיט, וואָס זיי האָבן דעם אידעאַליזם געפעלשט, כּדי יוצא צו זיין פאַר די דייטשע אינטערעסן. זיי האָבן נאָכגעטון דעםביישפּיל פון העגעל, דעם דאָזיקן לוסטיקן און צוויי פּנימדיקן דייטש, וואָס האָט איבערגעוואַרט לייפּציג און וואַ-טערלאָ, כּדי צוצופּאַסן די יסודות פון זיין פילאָזאָפיע צו דער פּריי-סישער מלוכה, — און איצט, ווען די אינטערעסן האָבן זיך געביטן, האָבן זיי אויך די פּרינציפּן געביטן. ווען זיי זענען געווען באַזיגט, האָבן זיי געטענהט, אַז דער אידעאַל פון דייטשלאַנד איז די מענטש-הייט. איצט, ווען זיי האָבן מנצח געווען די אַנדערע, — האָבן זיי געטענהט, אַז דייטשלאַנד איז דער אידעאַל פון דער מענטשהייט. ווען אַנדערע לענדער זענען געווען שטאַרקער פון דייטשלאַנד, האָבן זיי געזאָגט, ווי לעסינג, אַז די ליבע צום פאָטערלאַנד איז אַ העלדישע שוואַכקייט און מ'קאָן זיך באַגיין אָן איר, און זיי האָבן איינער דעם אַנדערן גערופן

„וועלט-בירגער״. איצט, ווען זיי זענען געוואָרן די וועלט-הערשער־ האָבן זיי נישט געפונען גענוג ווערטער אויסצודריקן זייער עקל פאַר די „פראַנצויזישע״ אוטאָפּיעס: וועלט שלום, ברידערלעכקייט, פרידלעכער פּראָגרעס, מענטשן-רעכט, נאַטירלעכע גלייכהייט; זיי האָבן געטענהט, אַז דער שטאַרקערער צווישן די פעלקער האָט דאָס אַבסאָלוטע רעכט איבער די פעלקער, און אַז די אַנדערע פעלקער, די שוואַכערע, פאַרמאָגן נישט קיין שום רעכט לגבי דעם שטאַרקן. ס'האָט אויסגעזען, ווי דייטשלאַנד וואָלט געוואָרן דער לעבעדיקער גאָט, דער פאַרקערפּערטער גייסט, וואָס זיין פּראָגרעס איז געקומען דורך מלחמה, פויסט און אונטערדריקונג. וועגן דער דאָזיקער מאַכט, בעת זי איז אַריבער אויף זייער זייט, האָט מען גערעדט מיט יראת-הכבוד. די מאַכט האָט פאַרנומען דעם אויבן-אָן פון יעדן אידעאַליזם און פון יעדן שכל.

דעם אמת מוז מען זאָגן: דייטשלאַנד האָט אַזוי פיל געליטן אין משך פון לאַנגע דורות, בעת זי האָט פאַרמאָגט אידעאַליזם און נישט פאַרמאָגט קיין מאַכט, אַז מ'קאָן איצט געפינען אַ פאַרענטפערונג אויף דעם, וואָס נאָך אַזעלכע נסיונות איז זי געקומען צו דער טרויעריקער איבערצייגונג, אַז קודם-כל איז נויטיק מאַכט, וועלכע זי זאָל נישט זיין. אָבער וויפל פאַרבאָרגענע פאַרביטערונג ליגט אין אַזאַ דערקענטעניש ביים פאָלק פון הערדער און געטהע! און ווי שטאַרק אָט דער דאָזיקער דייטשער נצחון האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער מפּלה אין דער דערנידעריקונג פונם דייטשן אידעאַל! און אַך, די דאָזיקע געפאַלנקייט האָט געפונען אַן אָנהאַלט אין דער באַדויערנסווערטער ביי־גונג פון די בעסטע דייטשן זיך אונטערצוּוואַרפן.

„דאָס, וואָס כאַראַקטעריזירט די דייטשן, — האָט מעזער געזאָגט מיט הונדערט יאָר צוריק, — איז די געהאָרכזאַמקייט״.

און פרוי סטאַעל:

„זיי זענען זייער אונטערגעוואָרפן. זיי נעמען צו הילף פילאָסאָפישע שכלדיקע סיבות, כדי צו דערקלערן דאָס אומפילאָסאָפישסטע אויף דער וועלט: דעם רעספּעקט פאַר דער מאַכט און די געוווינהייט צום שרעק, וואָס פאַרוואַנדלט דעם רעספּעקט אין התפעלות״.

קריסטאָף האָט געטראָפן דאָס דאָזיקע געפיל ביי אַלע דייטשן, פון קליין ביז גרויס, אָנהויבנדיק פון שילערס ווילהעלם טעל, דעם באַדענקטן, קליינעם באַלעבאָס מיט די מוסקולן פון אַ טרעגער, וואָס — ווי דער פרייער ייד בערנע האָט געזאָגט — „כדי צו מאַכן

אַ פּשרה צווישן דעם געפיל פון רעספּעקט און פון פּחד, גייט ער פאַרביי דעם סלופּ פונם „ליבן הער" געסלער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, כּדי ער זאָל שפּעטער קענען טענהן, אַז ער האָט נישט געזען דעם סלופּ און נישט געבראָכן די געהאָרכזאַמקייט." — ביז דעם אַלטן, זיבעציקיעריקן, אָנגעזעענעם פּראָפעסאָר ווייסע, איינעם פון די אָנגעזעענסטע געלערנטע פון דער שטאָט, וואָס זעענדיק אַן אָפי־ציר פלעגט ער אים גיך אָפּטרעטן דאָס אָרט אויפן טראָטואַר און אַליין אַראָפּגיין אויפן מיטן גאַס. אין קריסטאָפן האָט דאָס בלוט אויפגעקאָכט, ווען אים איז אויסגעקומען צו זיין אַן עדות פון אַזעל־כע שכלדיקע האַנדלונגען פון קנעכטישער הכנעה, וואָס איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע זאַך. ער האָט געליטן דערפון, ווי ער וואָלט זיך אַליין דערנידעריקט. די גאַוהדיקע באַנעמונג פון די אָפיצירן, וועל־כע ער איז פאַרבייגעגאַנגען אין גאַס, זייער חוצפּהדיק אויפגעהוי־בענער קאָפּ, האָבן דערוועקט אין אים אַן איינגעהאַלטענעם צאָרן: ער האָט זיך באַמיט אַלעמען צו ווייזן, אַז ער טרעט זיי נישט אָפּ דעם וועג, און ווען זיי פלעגן פאַרבייגיין, האָט ער מיט אַ שטאָלצן בליק געענטפערט אויף זייער בליק. נישט איין מאָל איז שיר נישט געקומען צו קיין קריגעריי; מ'האָט כמעט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט געזוכט דערצו אַ געלעגנהייט. ער איז טאַקע געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַרשטאַנען די געפערלעכע אומנוצלעכקייט פון דער דאָ־זיקער קינדערשער שטות, אָבער ס'פלעגן ביי אים טרעפן מינוטן, ווען ער איז אַראָפּ פונם גלייכן שכל: די שנאה און די שטאַרקע כוחות, וואָס האָבן זיך אין אים אָנגעזאַמלט און נישט אַוועק לאיבוד, האָבן פאַרשטאַרקט זיין כעס. דעמאָלט איז ער גרייט געווען אָפּצוטון די גרעסטע נאַרישקייטן; ער האָט געפילט, אַז אויב ער וועט דאָ בלייבן נאָך איין יאָר, איז ער אַ פאַרלוירענער. ער האָט פיינט גע־האַט דעם ברוטאַלן מיליטאַריזם, וואָס ער האָט געפילט אויף זיך, ווי אַ לאַסט, דער געקלאַנג פון די שווערדן אויף דער ערד, די געווער־פּיראַמידן און האַרמאַטן, וואָס זענען געשטאַנען פאַר די קאַזאַרמעס, מיט אָפענע מיילער צו דער שטאָט, ווי זיי וואָלטן געווען גרייט צו שיסן. אין דער זעלבער צייט האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל סקאַנ־דאַליעזע ראָמאַנען, וואָס האָבן אויפגעדעקט די דעמאָראַליזאַציע פון די גרעסערע און קלענערע גאַרניזאָנען; די אָפיצירן זענען דאָרט געווען פאָרגעשטעלט, ווי גראָבע ברואים, וואָס אויסער זייער אוי־

סאָמאַטישן באַרוף האָבן זיי קיין אַנדער זאַך נישט געקאָנט, ווי אַרומגיין ליידיק, טרינקען, שפּילן, מאַכן חובות, פאַלן צו לאַסט זייערע פאַמיליעס, מסרן אייגער דעם אַנדערן, פון אויבן ביז אונטן, דורך דעם גאַנצן לייטער פון ראַנג, צו באַעוולהן די אונטערטעניקע. דער געדאַנק, אַז אַ געוויסן טאָג וועט ער מוזן זיי פאָלגן, האָט קריסטאָפן געשטיקט אין האַלז. ער וועט קיינמאָל נישט קענען פאַרטראָגן זייער עול און זיך דערנידעריקן פאַר זיי. ער האָט נישט געוווסט, וויפל זיטלעכע גרויסקייט עס איז פאַראַן ביי אַנדערע פון זיי, און וויפל זיי אַליין האָבן געליטן יסורים: די אילוזיעס, וואָס זענען חרוב געוואָרן, דער כּוח, די יוגנט, דער רעספּעקט, דער גלויבן, די ברענענדיקע שטרעבונג צו מסירת־נפש — די גאַנצע זינלאָזקייט פון אַ קאַריערע, וואָס אויב זי איז נאָר אַ פּשוטע קאַריערע, נאָר זי פאַרמאָגט נישט קיין קרבנות־גרייטקייט, איז זי אַ טרויעריקע שטרעבונג, אַ געשמאַקלאָזער פאַראַד, אַ פּוסטער ריטואַל אָן אַ גלויבן.

דאָס פאָטערלאַנד האָט שוין קריסטאָפן מער נישט באַפרידיקט. ער האָט געפילט, ווי ס'דערוועקט זיך אין אים יענער פאַרבאָרגענער כּוח, וואָס דערוואַכט אין באַשטימטע צייטן, — אַזוי ווי דער שווונג פונם ים אַרויף און אין זיין אָפּפלוס באַרג־אַראָפּ, — ביי געוויסע פייגל: די שטאַרקע נייגונג צו וואַנדערן. און לייענענדיק די ווערק פון הערדער און פיכטע, וואָס דער אַלטער שולץ האָט אים געבאָרגט, האָט ער דאָרט געפונען נשמות אַזעלכע ווי זיינע, — נישט קיין „זין פון דער ערד", וואָס זענען קנעכטיש צוגעבונדן צום ערד־קויל, נאָר „גייסטער, זין פון דער זון", וואָס דרייען זיך אַרום דעם ליכט, פון וואַנען עס זאָל נישט קומען.

וווהין זאָל ער גיין? ער האָט נישט געוווסט. נאָר זיינע אויגן האָבן אינסטינקטיוו געקוקט צום לאַטייניש[ן] דרום. און קודם־כּל קיין פראַנקרייך. פראַנקרייך, די אייביקע שוץ פאַר די דייטשן אין זייער פּלאָג. וויפל מאָל האָט דער דייטשער געדאַנק געווענדט זיך צו איר, נישט אויפהערנדיק אויסצורעדן אויף איר אַלדאָס ביין! אפילו נאָך די זיבעציקער יאָרן, — ווי גרויס איז געווען די צוציונגס־קראַפט פון דער שטאָט, וואָס איז חרוב געוואָרן דורך די דייטשע האַרמאַטן! די פאָרמען פונם געדאַנק און פון דער קונסט, די רעוואָלוציאָנערסטע און רעאַקציאָנערסטע, האָבן איינע נאָך דער אַנדערער, און טיילמאָל אין דער זעלבער צייט, געפונען דאָרט מוסטערן און אינספּיראַציעס.

קריסטאָף, ווי פיל אַנדערע גרויסע דייטשע מוזיקער אין אַ עת-צרה, האָט זיך אויך געווענדט צו פּאַריז... וואָס האָט ער געוווּסט וועגן די פראַנצויזן? — צוויי פרויען-פּנימער און עטלעכע צופעליקע ביכער. דאָס האָט אים געקלעקט זיך פאָרצושטעלן אַ לאַנד פון ליכט, פון פרייד און גבורה, כאָטש מיט אַביסל גאַלישער גאווהדיקייט, וואָס איז נישט דערווידער דער מוטיקער יוגנט. ער האָט געגלויבט דערין, ווייל ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש צו גלויבן, ווייל פונם גאַנצן הארצן האָט ער געוואָלט, עס זאָל אַזוי זיין.

ער האָט באַשלאָסן אַוועקצופאָרן. ער האָט אָבער נישט געקאָנט פאָרן צוליב דער מאַמען.

לואיזע האָט זיך געעלטערט. דער זון איז ביי איר געווען הע-כער, ווי אַלץ אין דער וועלט; ער איז געווען איר גאַנצע פרייד, און זי איז געווען די, וועלכע ער האָט צום שטאַרקסטן ליב געהאַט אויף דער וועלט. און דאָך פלעגן זיי איינער דעם צווייטן פאַרשאַפן צער. זי האָט קריסטאָפן כמעט נישט פאַרשטאַנען און נישט באַמיט זיך צו פאַרשטיין אים: זי האָט נאָר געוואָלט אים ליב האָבן, זי איז געווען גייסטיק באַגרענעצט, שרעקעוודיק, פינסטער; אָבער אונטער דער מאַס-קע האָט זי פאַרמאָגט אַ ווונדערלעך האַרץ, אַ מעכטיקע באַדאַרפעניש ליב צו האָבן און געליבט צו זיין, — און אין דעם איז געווען עפּעס ריירנדיקס און גלייכצייטיק עפּעס דערשלאָגנדיקס. זי האָט געהאַט רעספּעקט פאַר איר זון, ווייל זי האָט אים געהאַלטן פאַר זייער אַ גע-לערנטן; אָבער זי האָט געטון אַלץ אין דער וועלט צו דערשטיקן זיין קינסטלער-טאַלאַנט. זי האָט געמיינט, אַז זיין גאַנץ לעבן וועט ער בלייבן צוזאַמען מיט איר אינם שטעטל. שוין אַזוי פיל יאָרן אָפּגע-לעבט צוזאַמען, און זי האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז נישט אייביק דאַרף אַזוי בלייבן. אָט אַזוי איז זי געווען גליקלעך; און פאַר-וואָס זאָל זי נישט זיין גליקלעך? אַלע חלומות, וואָס זי האָט פאַר אים אויסגעטרוימט, זענען נישט אַוועק ווייטער, ווי צו זען איר זון חתונה האָבן מיט אַ טאָכטער פון אַ רייכן בירגער אין שטאָט, צו הערן ווי עס

שפּילט יעדן זונטיק דער אָרגל אין זייער קירך און זיך קיינמאָל מיט אים נישט צו צעשיידן. זי האָט געקוקט אויף איר זון, ווי ער וואָלט נאָך אַלט געווען צוועלף יאָר. זי האָט געוואָלט, ער זאָל נישט עלטער ווערן. נישט־וויסנדיק האָט זי פֿאַרשאַפֿט צער דעם אומגליקלעכן יונגן מענטשן, וואָס האָט זיך געשטיקט אינם דאָזיקן ענגן האָריזאָנט.

און דאָך איז געווען אַ סך אמת, אַ סך זיטלעכע גרויסקייט אין דער אומבאַוווסטער פֿילאָסאָפֿיע פֿון דער מוטער, וואָס האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין דאָס יאָגן זיך נאָך כּבֿוד, און וואָס האָט דאָס גאַנצע גליק פֿון לעבן געזען אין פֿאַמיליען־לעבן און אין דערפֿילן די באַשיידענע פֿליכטן. זי איז געווען אַ נשמה, וואָס האָט געוואָלט ליב האָבן, קיין זאַך נישט נאָר ליב האָבן. מ׳קאָן מוותּר זיין אויפֿן לעבן, שכל, לאָגיק, ווירקלעכער וועלט, — אויף אַלץ, אָבער נישט אויף דער ליבע! און די דאָזיקע ליבע איז געווען אָן אַ גרענעץ, אַ בעטנדיקע און אַ מאָנענדיקע; זי האָט אָפּגעגעבן אַלץ און געפֿאָדערט, מ׳זאָל איר אָפּגעבן אַלץ; זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿונם לעבן פֿאַר דער ליבע און געפֿאָדערט איבערגעגעבנקייט פֿון די מענטשן, וואָס זי האָט געליבט. די ליבע־קראַפֿט פֿון אַן איינפֿאַכער נשמה! מיט איין מאָל גערינגט זי אויס דאָס, וואָס די פֿאַרטונקלטע, רירנדיקע פּראָבלעמען פֿון אַזאַ צווייפֿלענדיקן גאון, ווי טאָלסטאָי — אָדער די איבערפֿיינע קונסט פֿון אַן אויסגייענדיקער קולטור — דעקן אויף ערשט נאָך אַ לעבן פֿון דורות און לאַנגע מלחמות און נאָך אַ געראַנגל, וואָס זויגט אויס די כּוחות! אָבער די אומגעצוימטע קראַפֿט, וואָס האָט געלעבט אין קריסטאָפֿן, האָט פֿאַרמאָגט אַנדערע געזעצן און געפֿאָדערט אַן אַנדער קלוגשאַפֿט.

ער האָט שוין לאַנג געוואָלט זאָגן דער מאַמען וועגן זיין באַשלוס. נאָר ער האָט געציטערט, טראַכטנדיק, וויפֿל עגמת־נפֿש ער וועט איר גורם זיין; און ווען ער האָט איר שוין געוואָלט זאָגן, פֿלעגט ער ווערן שוואַך און אָפּלעגן דעם ענין אויף אַן אַנדער צייט. דאָך האָט ער אַ צוויי־דריי מאָל אַ זאָג געטון דורך אַן אומקלאָרער אָנצוהערעניש, אַז ער וועט אָפּפֿאָרן, אָבער לואיזע האָט זיך דערצו נישט באַצויגן ערנסט: — אפֿשר האָט זי עס געטון, כּדי זיך אַ״ין איינצורעדן, אַז ער האָט עס געמיינט אין שפּאַס. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט ווייטער צו רעדן, נאָר ער איז געבליבן פֿינסטער און צעטראָגן; ס׳האָט זיך געפֿילט, אַז עפּעס אַ שטיין ליגט אים אויפֿן האַרצן. און

די אָרעמע פרוי, וואָס האָט געפילט דעם סוד, האָט זיך מיט שרעק באַמיט אָפּצושלעפּן די מינוט פון זיין אַנטפּלעקונג. אין מינוטן פון שווייגן, פאַרנאַכט, ווען זיי זענען ביידע געזעסן ביי דער שיין פון לאָמפּ, פלעגט זי פלוצלונג דערפילן, אַז ער וויל רעדן; דעמאָלט פלעגט זי, אַ דערשראָקענע, אָנהויבן זייער גיך צו רעדן, נישט געטראַכט לחלוטין, וואָס זי זאָגט: זי האָט כמעט נישט געוווּסט, וואָס זי רעדט; ווי עס זאָל נישט זיין, האָט זי אים געמוזט אָפּהאַלטן פון רעדן. ס'רוב פלעגט איר דער אינסטינקט אויסגעפינען דאָס בעסטע מיטל, ווי אים צו מאַכן שווייגנדיק: זי פלעגט זיך באַקלאָגן אויף איר געזונט, אויף אירע געשוואָלענע הענט און פיס, אויף אירע שוואַכע, געבויגענע קני: זי האָט איבערגעטריבן איר קראַנקהייט, גערופן זיך אַליין אַלטע קאַליקע, וואָס טויג שוין צו גאָרנישט. ער פלעגט זיך נישט נאַרן בנוגע צו די דאָזיקע נאַיווע ליגנס; ער האָט אויף איר געקוקט מיט טרויער און שטומען פאָרוואורף; און אין אַ ווײַלע אַרום פלעגט ער אויפשטיין, מיטן אויסרייד, אַז ער איז מיד און געגאַנגען שלאָפן.

אָבער די אַלע אויסוועגן האָבן לאַנג נישט געקאָנט העלפן. איינמאָל אין אָוונט, ווען זי האָט אים ווידער געוואָלט פאַררעדן, האָט זיך קריסטאָף געמאַכט אַ האַרץ, אַוועקגעלעגט זיין האַנט אויף דער האַנט פון דער אַלטער פרוי און געזאָגט איר:

— מאַמע, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן.

לואיזע איז געווען איבערראַשט, נאָר זי האָט געפּרוּווט מאַכן אַ פריילעך פּנים און געפרעגט אים מיט אַ פאַרשטיקטן האַלז:

— וואָס איז, מיין קלייניקער?

שטאַמלענדיק, האָט איר קריסטאָף דערציילט וועגן זיין באַשלוס אָפּצופאָרן. זי האָט אפילו געפּרוּווט באַציען זיך צו זיינע רייד מיט שפּאַס און אַרויפצופירן, ווי שטענדיק, דעם שמועס אויף אַן אַנדער זאַך; אָבער די קנייטשן אויף זיין שטערן האָבן זיך נישט אויסגעגלייכט; ער האָט ווייטער גערעדט מיט אַ פּנים, וואָס האָט אַזוי שטאַרק אויסגעדריקט שטאַרקן ווילן און ערנסטקייט, אַז מ'האָט שוין לחלוטין אין דעם נישט געקאָנט צווייפלען. דעמאָלט איז זי אַנטשוויגן געוואָרן; דאָס גאַנצע בלוט איז איר פאַרגליווערט געוואָרן, און זי איז געבליבן זיצן שטום און פאַרשטאַרט מיט שרעקלעך־אַרויסגעשטאַרטע אויגן. בעת ער האָט גערעדט, זענען אירע אויגן פול גע־

וואָרן מיט אַזוי פיל ווייטיק, אַז ער איז אויך אַנטשוויגן געוואָרן; און אָט אַזוי זענען זיי ביידע געבליבן זיצן, נישט אַרויסלאָזנדיק קיין קלאַנג פון מויל. ווען זי האָט לסוף אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט זי מיט ציטערנדיקע ליפּן געזאָגט:

— ס'איז אוממעגלעך... ס'איז אוממעגלעך...

צוויי גרויסע טרערן זענען איר אַראָפּגעשווומען אויף די באַקן. ער האָט פאַרצווייפלט אָפּגעקערט דעם קאָפּ און באַהאַלטן אים אין זיינע הענט. ביידע האָבן געוויינט. אין אַ געוויסע צייט אַרום איז ער אַוועק צו זיך אין צימער און ביז צומאָרגנס פאַרשפּאַרט זיך. דערנאָך האָבן זיי אפילו מיט קיין רמז נישט דערמאָנט דאָס, וואָס צווישן זיי איז פּאָרגעקומען; און אַזוי ווי ער האָט עס מער נישט דערמאָנט, האָט זי זיך געוואָלט איינרעדן, אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פּלאַן. זי האָט אָבער איבערגעלעבט אמתן טויט־שרעק.

ס'איז געקומען אָבער אַ מינוט, ווען ער האָט מער נישט גע־קאָנט פאַרטראָגן דאָס שווייגן. ער האָט געמוזט רעדן, אפילו אויב זיינע ווערטער האָבן געזאָלט פאַרווונדן איר האַרץ: ער האָט שוין צופיל געליטן. דער עגאָיזם פון זיינע יסורים האָט גובר געווען דעם געדאַנק וועגן צער, וואָס ער וועט איר פאַרשאַפן. ער האָט גערעדט. ער האָט זיך דעררעדט ביזן סוף; און רעדנדיק, האָט ער נישט גע־קוקט אויף דער מאַמען, מורא האָבנדיק, טאָמער וועט ער צעטומלט ווערן. (ער האָט נישט געוווסט, צי וועט ער געפינען אין זיך נאָך אַמאָל דעם דאָזיקן טרויעריקן מוט, ווי היינט). לואיזע האָט געשריגן:

— ניין, ניין, שווייג!..

אָבער ער האָט זיך צוזאַמענגענומען און מיט אַ שטאַרקער אַנטשלאָסנקייט גערעדט ווייטער. ווען ער האָט געענדיקט רעדן (זי האָט געכליפּעט), האָט ער זי אָנגענומען פאַר די הענט און געפּרוווט איר געבן צו פאַרשטיין, ווי וויכטיק די זאַך איז פאַר זיין קונסט, פאַר זיין לעבן, — אַז ער וועט אָפּפאָרן אויף אַ געוויסער צייט. זי האָט נישט געוואָלט הערן, נאָר געוויינט און געענטפערט:

— ניין, ניין... איך וויל נישט...

נאָכדעם ווי ער האָט אומזיסט געפּרוווט זי איבעררעדן, האָט ער זי איבערגעלאָזן אַליין, טראַכטנדיק, אַז איבער נאַכט וועט זי אפשר ענדערן איר מיינונג. ווען זיי האָבן זיך צומאָרגנס געטראָפן

ביים טיש, האָט ווידער ער אָן רחמנות געגומען רעדן וועגן זיין באַגער. דאָס שטיקל ברויט, וואָס זי האָט אויפגעהויבן צו די ליפּן, איז איר אַרויס־געפאַלן פון האַנט, און זי האָט מיט ווייטיקלעכער טענה געזאָגט:

— אויב אַזוי, ווילסטו מיך מאַטערן?

ער איז געוואָרן געריירט און געענטפערט:

— מאַמע, טייערע, אַזוי מוז זיין.

— ניין, ניין, — האָט זי געענטפערט, — מ׳דאַרף נישט. דו ווילסט מיר נאָר אָנטון צער... ס׳איז אַ משוגעת...

זיי האָבן איינער דעם צווייטן געוואָלט איינרעדן, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געהערט דעם אַנדערנס רייד. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיינע אַרגומענטן וועלן גאָרנישט העלפן: דאָס וועט נאָר פאַרשאַפן איבעריקע יסורים; און ער האָט אויף אַן אָפענעם אופן גענומען מאַכן הכנות צו דער רייזע.

ווען לואיזע האָט דערזען, אַז אַלע אירע תחנונים קאָנען אים נישט אָפּהאַלטן, איז זי פאַרזונקען געוואָרן אין אַ צושטאַנד פון טויבן טרויער. גאַנצע טעג האָט זי פאַרבראַכט אין צימער און אפילו אין אָוונט האָט זי נישט אָנגעצונדן קיין ליכט, זי האָט נישט גערעדט, נישט געגעסן; ביינאַכט האָט ער געהערט איר געוויין. די יסורים זענען געווען פאַר אים צו שטאַרק. ער איז גרייט געווען אויפן געלעגער צו שרייען פון ווייטיק, ער האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער, נישט געקאָנט איינשלאָפן, און דאָס געוויסן האָט אים געמאַטערט. ער האָט זי אַזוי ליב געהאַט! צו וואָס זאָל ער איר אָנטון צער?... אָ, זי וועט נישט בלייבן די איינציקע — דאָס האָט ער קלאָר געזען. אָבער צו וואָס האָט דער גורל אַרויפגעלעגט אויף אים דעם פאַרלאַנג און די קראַפט צו אַ שליחות, וואָס איז גורם צער אַלע זיינע געליבטע?

— אָ, — האָט ער געטראַכט, — ווען איך וואָלט געווען פריי, ווען איך וואָלט געצוווּנגען געווען דורכן דאָזיקן אכזריותדיקן כּוח צו זיין דאָס, וואָס איך מוז זיין, אָדער צו שטאַרבן אין חרפּה און אין עקל צו זיך אַליין, ווי וואָלט איך אייך געוואָלט מאַכן גליקלעך — אייך, מיינע ליבסטע! לאָזט מיר פריער לעבן, טון, קעמפן, ליידן; שפּעטער וועל איך זיך אומקערן צו אייך מיט מער ליבשאַפט. ווי וואָלט איך געוואָלט קיין זאַך נישט טון, ווי נאָר ליבן, ליבן, ליבן!...

ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט קעגנשטעלן די אייביקע

תביעות פון דער דאָזיקער פאַרצווייפלטער נשמה, בעת די דאָזיקע תביעות האָט ער נישט געהאַט קיין כוח צו בלייבן שטום. און די שוואַכע און אַביסל פלוידערנדיקע לואיזע האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן אין זיך די יסורים, וואָס האָבן זי געדריקט. זי האָט דערציילט דער־פון אירע שכנות. זי האָט איבערגערעדט מיט די צוויי איבעריקע זין. זיי האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט אויסצורעדן אויף קריסטאָפן אַלדאָס בייז. דער עיקר רודאָלף, וואָס האָט נישט אויפגעהערט מקנא צו זיין דעם עלטערן ברודער, הגם ביז דעמאָלט האָט ער נאָך נישט געהאַט קיין באַזונדערע סיבות אים מקנא צו זיין. רודאָלף, וואָס יעדער לויבן פאַר קריסטאָפן האָט אים געשטאָכן, ווי אַ נאָדל אויפן לייב, און וועלכער האָט שטילערהייט מורא געהאַט, — נישט האָבנדיק דעם מוט זיך אַליין אויפצודעקן די דאָזיקע נידעריקע מחשבה, — פאַר זיין צוקונפטיקער הצלחה (ער איז געווען גענוג קלוג צו פילן דעם ברודערס כוח און מורא צו האָבן, טאָמער דערפילן עס אויך אַנדערע)—רודאָלף איז געווע־גליקלעך, וואָס ער קאָן טרעטן קריסטאָפן מיט זיין עטישער איבער, וואָג. ער האָט קיינמאָל איבעריק פיל נישט געזאָרגט פאַר זיין מאַמען וואָס איר צער איז אים געווען באַקאַנט; הגם ער האָט געהאַט פיל מאָל די מעגלעכקייט צו קומען איר צו הילף, האָט ער דעם גאַנצן עול פון די דאגות אַרויפגעלעגט אויף קריסטאָפן. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך דערוווסט וועגן קריסטאָפס פלענער, איז תיכף זיין האַרץ פול געוואָרן מיט ליבשאַפט. ער איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט דערויף, וואָס קריסטאָף האָט בדעה צו פאַרלאָזן די מוטער, און ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ מיאוסן עגאָיזם. ער האָט געהאַט אפילו די חוצפה צו גיין איבערחזרן עס קריסטאָפן אַליין. ער האָט אים אין אַ הויכן טאָן געגעבן אַ לעקציע, ווי מען מוסרט אַ קינד, וואָס האָט פאַרדינט דע־רויף; מיט אַ גרויסמוטיקער מינע האָט ער אים דערמאָנט זיינע חובות לגבי דער מאַמען, וואָס האָט געבראַכט פאַר אים אַזוי פיל קרבנות. קריסטאָף האָט שיר נישט געפלאַצט פון כעס. ער האָט רודאָלפן אַ שטויס געטון פון הינטן און אַרויסגעוואָרפן הינטער דער טיר, רופנדיק אים צבועק און מנוול. רודאָלף האָט זיך נוקם געווען אָן אים, איינ־פלאַנצנדיק אין דער מאַמען זיין אָנשויונג אויף קריסטאָפס האַנדלונג. לואיזע, צערייצט געגן קריסטאָפן, האָט גענומען גלויבן, אַז קריסטאָף איז אַ שלעכטער זון אין דער באַציונג צו איר. זי האָט געהערט אַנ־דערע מענטשן רעדן, אַז ער האָט נישט קיין רעכט אַוועקצופאָרן, און

זי האָט מיטן גאַנצן האַרצן אין דעם געגלויבט. אָנשטאָט צו באַנוצן דעם שטאַרקסטן כלי־זין, טרערן, האָט זי גענומען מאַכן קריסטאָפן ביטערע און אומגערעכטע פאָרווורפן, וואָס האָבן אים אויפגעבראַכט. זיי האָבן איינער דעם צווייטן געזאָגט ביטערע ווערטער; און דער פועל־יוצא איז געווען, אַז קריסטאָף, וואָס האָט זיך נאָך ביז איצט געוואַקלט, האָט נישט געטראַכט וועגן קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר וועגן צואײַלן די הכנות צו דער רייזע. ער האָט געוווּסט, אַז די רחמנותדיקע שכנים באַדויערן זיין מאַמע, ווי אַ קרבן, און אים האַלטן זיי פאַר אַן אויסוווּרף. ער האָט פאַרביסן די ציין, אָבער נישט אָפּגעטרעטן פון זיין באַשלוס.

די טעג האָבן זיך געצויגן. קריסטאָף און לואיזע האָבן אויפגעהערט כמעט צו רעדן צווישן זיך. אַנשטאָט אויסצוטרינקען יעדן טראָפּן פון זייערע לעצטע צוזאַמען פאַרבראַכטע טעג, האָבן זיי דאָזיקע צוויי מענטשן, וואָס האָבן איינער דעם צווייטן ליב געהאַט, פאַרשווענדט די איבערגעבליבענע צייט — ווי ס׳טרעפט גאַנץ אָפּט — אויף איבעריקער אויפרעגונג, וואָס אין איר יסוד ליגן באַהאַלטן טיפע ליבע־געפילן. זיי האָבן זיך געזען נאָר ביי מיטאָג, זיצנדיק ביים טיש איינער קעגן אַנדערן, נישט רעדנדיק קיין וואָרט און באַמיענדיק זיך אַראָפּצושלינגען עטלעכע ביסן נישט צוליב עסן גופא, נאָר כדי ס׳זאָל זיך יענעם דאַכטן, אַז זיי עסן. מיט גרויס מי האָט זיך קריסטאָפן איינגעגעבן אַרויסצוקריגן עטלעכע ווערטער פון זיין האַלז; אָבער לואיזע האָט נישט געענטפערט; און ווען זי האָט געוואָלט רעדן, האָט ער געשוויגן. דער דאָזיקער מצב איז געוואָרן פאַר ביידן אומדערטרעגלעך; וואָס מער דער צושטאַנד האָט געדויערט, אַלץ שווערער איז געווען פון אים פּטור צו ווערן. צי וועלן זיי זיך אויף אַזאַ אופן צעשיידן? לואיזען איז איצט קלאָר געווען, אַז זי איז געווען אומגעשיקט און אומגערעכט. אָבער זי האָט צופיל געליטן זי זאָל וויסן, ווי אַזוי ווידער צו געווינען דאָס האַרץ פון איר זון, וועלכן זי האָט שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם; זי האָט אים שוין איצט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון דער רייזע, מיט וועלכער זי האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן. קריסטאָף האָט פון דער זייט געוואָרפן בליקן אויפן בלאַסן, געשוואָלענעם פּנים פון זיין מאַמען. און דאָס געוויסן האָט אים געפּייניקט; נאָר אַזוי־ווי ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן און געוווּסט, אַז זיין גאַנץ לעבן

איז אָפּהענגיק דערפון, האָט ער צוליב ווייכהאַרציקייט געוואָלט וואָס גיכער פאַרלאָזן די שטוב און ראַטעווען זיך פון די גייסטיקע יסורים.

זיין אָפּפאָרן איז באַשטימט געוואָרן אויף איבערמאָרגן. זיי זענען זיך נאָכאַמאָל צעגאַנגען אָנגעבלאָזענע און פאַרטרויערטע נאָכן עסן. זיי האָבן געגעסן אָוונט-ברויט, נישט רעדנדיק קיין איין וואָרט. קריסטאָף האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו זיך אין צימער, און אומפּעיק צו וועלכער עס איז אַרבעט, האָט ער זיך געזעצט ביים טיש מיט דעם קאָפּ צווישן די הענט און געמאַטערט דעם מוח. די נאַכט איז געגאַנגען פאָרויס; ס'איז שוין געווען איינס נאָך האַלבע נאַכט. פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ גערויש; אַ שטול איז אומגעפאַלן אין נאָענטן צימער. ס'האָט זיך געעפנט די טיר, און זיין מאַמע, באָרוועס און אין איין העמד, האָט זיך אים ווייענדיק אַ וואָרף געטון אויפן האַלז. זי האָט געברענט פון היץ, אַרומגענומען איר זון און אַרויסגעזיפצט שטראָמען פאַרצווייפלטע טרערן:

— פאָר נישט! פאָר נישט! איך בעט דיך! איך בעט דיך! קינד מיינס, פאָר נישט! איך וועל שוין אינגיכן שטאַרבן... כ'וועל עס נישט איבערטראָגן!...

דערשראָקן און איבערראַשט האָט ער זי אַרומגענומען:

— מאַמעלע, טייערע, באַרויק זיך, באַרויק זיך, איך בעט דיך!

אָבער זי האָט ווייטער גערעדט:

— איך קאָן עס מער נישט אויסהאַלטן... כ'האָב אויסער דיר קיינעם נישט. אויב דו וועסט אַוועקפאָרן, וואָס וועט זיין מיט מיר?... איך וועל שטאַרבן, אויב דו וועסט אַוועקפאָרן. איך וויל נישט שטאַרבן ווייט פון דיר. איך וויל נישט שטאַרבן איינזאַם. וואַרט ביז מיין טויט!

אירע ווערטער האָבן אים געשניטן אין האַרצן. ער האָט נישט געוווסט, ווי צו טרייסטן זי. וואָסערע ווערטער קאָן מען געפינען צו באַרויקן דעם דאָזיקן אויסברוך פון ליבע און יסורים! ער האָט זי געזעצט צו זיך אויף די קני, געפּרוווט זי איינצונעמען מיט קושן און צערטלעכע ווערטער. ביסלעכווייז האָט זיך די אַלטע פרוי באַרויקט און שטיל געוויינט. ווען זי איז אַ ביסל געקומען צו זיך, האָט ער איר געזאָגט:

— גיי, לעג זיך, קאָנסט זיך נאָך פאַרקילן.

זי איז צוגעשטאַנען:

— זאָלסט נישט פאָרן!

ער האָט שטיל געענטפערט:

— כ׳וועל נישט פאָרן.

זי האָט אַ ציטער געטון און אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

— באמת? באמת נישט?

ער האָט פאַרצווייפלט אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

— מאָרגן — האָט ער געזאָגט — מאָרגן וועל איך דיר זאָגן... לאָז מיך, איך בעט דיך!...

זי איז הכנעהדיק אויפגעשטאַנען און אַוועק צו זיך אין צימער.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט זי זיך געשעמט פאַרן אויסברוך פון יאוש, וואָס האָט זי אינמיטן נאַכט אָנגעכאַפּט, ווי אַ שגעון, און זי האָט געציטערט פאַר די רייד פון איר זון. זיצנדיק אין ווינקל פון צימער, האָט זי אויף אים געוואַרט; כדי מיט עפּעס צו באַשעפטיקן איר געדאַנק, האָט זי גענומען שטריקן; אָבער די הענט האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט: זי האָט אויפגעהערט. קריסטאָף איז אַריינגעקומען. נישט קוקנדיק איינער אויפן צווייטן, האָבן זיי זיך באַגריסט. אין צימער האָט געהערשט אַ האַלבע פינסטערניש; ער איז געשטאַנען ביים פענסטער, אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דער מוטער און געבליבן אַזוי שטיין אָן איין וואָרט. אַן אינערלעכער קאַמף איז פאָרגעקומען אין אים. דעם אויסגאַנג האָט ער געוווסט פאָרויס, און דאָך האָט ער זיך באַמיט אָפּצושלעפּן זיין רייזע. לואיזע האָט קיין מוט נישט געהאַט צו רעדן צו אים אַ וואָרט און צו הערן פון אים די תשובה, אויף וועלכער זי האָט געוואַרט און פאַר וועלכער זי האָט מורא געהאַט. זי האָט זיך באַמיט צו נעמען זיך ווידער צו דער אַרבעט; אָבער זי האָט נישט געזען, וואָס זי טוט, און די געשטריקטע אויגלעך האָבן זיך אָפּגעטיילט און זענען צעפאַלן. אין דרויסן איז געגאַנגען אַ רעגן. נאָך אַ לענגערער שטילקייט איז קריסטאָף צוגעגאַנגען צו איר, זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, אָבער ס׳האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט ביי איר. קריסטאָף האָט אומבאַוועגלעך אויף איר געקוקט; פּלוצלינג איז ער געפאַלן אויף די קני, באַהאַלטן זיין פּנים אין דער מאַמעס קלייד און, נישט רעדנדיק קיין וואָרט, האָט ער זיך צעוויינט. דעמאָלט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער בלייבט, און דאָס האַרץ האָט איר אַ דריק געטון פון טויט-שרעק; — אָבער באַלד איז געקומען די חרטה. זי האָט געפילט, ווי גרויס עס איז דער קרבן, וואָס

דער זון האָט פּאַר אירטוועגן געבראַכט, און זי האָט גענומען פילן די אַלע יסורים, וואָס קריסטאָף האָט דורכגעמאַכט און געטראָגן אין זיך די גאַנצע צייט פון זיין באַשלוס. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו אים און מיט קושן באַדעקט זיין שטערן און זיינע האָר. אין דער שטילקייט האָבן זיך זיינע טרערן און יסורים צונויפגעגאָסן און צונויפגעמישט. לסוף האָט קריסטאָף אויפגעהויבן זיין בליק; לואיזע האָט גענומען זיין קאָפּ מיט אירע הענט און פאַרטיפט איר בליק אין זיינע אויגן, ווי זי וואָלט חשק געהאַט אים צו זאָגן

— פאָר!

און נישט געקאָנט.

ער האָט איר געוואָלט זאָגן:

— איך בלייב מיטן גאַנצן האַרצן.

און נישט געקאָנט.

די לאַגע איז געוואָרן זייער אַ שווערע. זיי האָבן ביידע גאָר נישט געקאָנט ענדערן. זי האָט געקרעכצט פון צעווייטיקטער ליבע.

— אוי, ווען מ׳וואָלט געקאָנט צוזאַמען געבוירן ווערן, כדי צוזאַמען צו שטאַרבן!

דער דאָזיקער תמימותדיקער באַגער האָט אים אָנגעפילט מיט צאַרטקייט; ער האָט אויסגעווישט זיינע טרערן, געפּרוווט אַ שמייכל טון און געזאָגט:

— מיר וועלן צוזאַמען שטאַרבן.

זי איז צוגעשטאַנען:

— באמת? פאָרסט טאַקע נישט?

ער האָט זיך אויפגעהויבן:

— יאָ, לאָמיר מער נישט שמועסן דערפון. נישטאָ וועגן דעם וואָס צו רעדן.

קריסטאָף האָט געהאַלטן וואָרט: ער האָט מער וועגן דער רייזע נישט גערעדט; אָבער דאָס טראַכטן וועגן דער נסיעה איז שוין נישט געווען אָפּהענגיק פון זיין ווילן. ער איז טאַקע געבליבן, אָבער די מוטער האָט זייער טייער באַצאָלט פאַרן קרבן, וואָס ער האָט געבראַכט: ער איז כסדר געווען טרויעריק און שלעכט געשטימט. און די אומגעשיקטע לואיזע, — נאָכמער אומגעשיקט דערפאַר, ווייל זי האָט געוווסט, אַז שטענדיק טוט זי פונקט קאַפּויר, ווי זי דאַרף טון, — איז צוגעשטאַנען, ער זאָל איר זאָגן די סיבה פון זיין צער, הגם זי האָט עס

אַליין גוט געוווּסט. זי האָט אים געמאַטערט מיט איר באַזונדערער גוטסקייט, וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט זאָרג און שרעק און פיין מאָס רייד, און אים יעדע ווײַלע דערמאָנט, ווי אַנדערש זיי זע־נען איינער פונם אַנדערן — דאָס, וואָס ער האָט מיטן גאַנצן האַרצן געוואָלט פאַרגעסן. וויפל מאָל האָט זיך אים געוואָלט עפענען פאַר איר זיין האַרץ! אָבער אין דעם זעלבן אויגנבליק פלעגט זיך שטעלן צווישן זיי אַ כינעזישע וואַנט, און ער האָט זיך געמוזט צוריקציען. זי האָט עס פאַרשטאַנען, נאָר נישט געהאַט קיין מוט צו ווירקן, ער זאָל פאַר איר אַראָפּרעדן פון האַרצן, אָבער זי האָט נישט געוווּסט, ווי מ׳טוט עס. ווען זי פלעגט עס יאָ פּרוּוון טון, פלעגט זי ברענגען דערצו, אַז ער האָט נאָך טיפער אין זיך באַהאַלטן דעם סוד, וואָס האָט אים אַזוי געדריקט און וועלכן ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט אויס־דריקן אין ווערטער.

טויזנטער נישטיקע קלייניקייטן און נאַרישע געוווינהייטן האָבן זי אָפּגעשיידט פון קריסטאָפן און געוועקט אין אים פאַרדרוס. די גוטע אַלטיטשקע איז געווען אַ פלוידערזאַק און אַ שטיקל ליגנערין. זי האָט אומבאַדינגט געמוזט רעדן וועגן די שכנות; אויסערדעם האָט זי פאַר־מאָגט די צערטלעכקייט פון אַן אַם, וואָס דערמאָנט דיר אָן אויפהער די שטותערייען פון דיינע ערשטע יאָרן, אַלץ, וואָס בינדט דיך מיט דער וויג. מיט אַזוי פיל מי ביסטו אויפגעוואַקסן און אַרויס פון די קינדער־יאָרן און געוואָרן אַ מענטש! און אָט קומט דיין אַם און שפּרייט אויס פאַר דיר די שמוציקע ווינדעלעך, די נאַרישע געדאַנקען, כדי אַרויסצוברענגען פון דער פאַרגעסנהייט דעם נעבעכדיקן פּעריאָד, ווען אַ נשמה, וואָס שאַפט זיך, האַלט זיך אין ראַנגלען מיטן דרוק פונם חומר און מיט דער שטיקנדיקער סביבה.

און צווישן דעם אַלעם קומט פלוצלינג אַ רירנדיקער אויסברוך פון צערטלעכקייט, ווי צו אַ קליין קינד; זיי האָבן אים גערירט, און ער האָט זיך זיי אונטערגעגעבן, ווי אַ קליין קינד.

צום ערגסטן איז געווען, וואָס זיי האָבן פון פרי ביז נאַכט גע־לעבט צוזאַמען, שטענדיק צוזאַמען, אָפּגעטיילט פון די איבעריקע מענטשן. בעת צוויי מענטשן ליידן און זיי האָבן נישט די מעגלעכ־קייט צו לינדערן דעם צער פונם צווייטן, דעמאָלט לעבן זיי איבער אמתע מאַטערנישן, און ביידע ווערן אויסער זיך: לסוף מאַכט איינער דעם צווייטן שולדיק פאַר זיין צער, און ענדלעך גלויבט יעדער איי־

בער אין זיין אייגענער שולד. דערפאַר איז בעסער פאַרן מענטשן צו זיין אַליין, צו ליידן אַליין.

יעדער טאָג איז געווען פאַר ביידן אַ קוואַל פון צער. און זיי וואלטן קיינמאל נישט פטור געוואָרן דערפון, ווען נישט אַ צופאַל, — ווי ס'טרעפט אָפט, — וואָס האָט צעריסן,—אויסערלעך גאַנץ אכזריות־דיק און באמת אין אַ גליקלעכער, מזלדיקער שעה, — די נעץ, ווו זיי האָבן ביידע געצאַפּלט.

דאָס איז געווען אין אַ זונטאָגדיקן טאָג אין אקטאָבער. פיר אַזייגער נאכמיטאָג. דאָס וועטער — שטראַלנדיק. קריסטאָף איז אַ גאַנצן טאג געווען פאַרשפּאַרט אין צימער, פאַרמאַכט אין זיך און „געזויגן זיין מרה־שחורה".

ער האָט שוין מער נישט געקאָנט ליידן: ס'האָט אים אנגע־פאַפּט אַ ווילדער חשק אַרויסצוגיין, אַוועקצוגיין, צו פאַרוואַנדלען זיינע כּוחות, צו פאַרמאַטערן זיך ביז טויט, אַבי גארנישט צו טראַכטן.

פונם פאָריקן טאג אָן איז קריסטאָף געווען אין גאַנץ־קאַלטע באַציונגען מיט זיין מוטער. ער איז גרייט געווען אָפּצופארן פון דאַנען אָן אַ זיי־געזונט. אָבער שטייענדיק אויף דער שוועל, האָט ער זיך דערמאנט, וויפל צער זי וועט ליידן, ווען זי וועט אין אָוונט בלייבן אַליין. ער איז אַריין צוריק אין שטוב, זיך אַליין גע־געבן אַן אויסרייד, אַז ער האָט עפּעס פאַרגעסן אין צימער. די טיר פון זיין מאַמעס צימער איז געווען האַלב־אָפן. ער האָט אַריינגע־שטעקט זיין קאָפּ אין דער שפּאַרע. עטלעכע מינוט האָט ער געקוקט אויף זיין מוטער... (ס'אַראַ גרויסן אָרט די דאזיקע געציילטע רגעס האבן געזאָלט פאַרנעמען אין זיין לעבן!)

לואיזע האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פון דער אָוונט־תּפילה. זי איז געזעסן אויף איר באַליבטן אָרט, אינם ווינקל ביים פענסטער. די מויער, וואָס אַנטקעגן די פענסטער, באַדעקט מיט ברודיקן און אָפּגעקראָכענעם קאַלך, האָט פאַרדעקט דעם דרויסן. אָבער פונם ווינקל, ווו זי איז געזעסן, האָט מען געקאנט זען

רעכטס, איבער די צוויי הויפּן פון די שכנותדיקע הייזער, אַ קליין פאַרפּלאָנצט גערטנדל, גרויס ווי אַ נאָז-טיכל. פון פענסטער-ברעט האָט געקלעטערט אַ קלעטער פלאַנץ אויף אַ לאַנגן פאָדים, און איבערן רעגן-בויגן האָט אַ זון-שטראַל געקושט זיין דינע נעץ. לואיזע איז מיט אַ געבויגענעם קאָפּ געזעסן אויף אַ נידעריקן בענקל, און פאַר איר איז געלעגן אָפּן די גרויסע ביבל, וועלכע זי האָט אָבער נישט געלייענט. אירעביידע הענט זענען געלעגן אויפן בוך — הענט, וואָס זייערע אָדערן זענען געווען געשוואָלן און די נעגל — פּירקאַנטיק און אויסגעבויגן, ווי די נעגל פון אַן אַרבעטאָרין; אירע אויגן האָבן מיט גרויס ליבשאַפט געקוקט צום גערטנדל און צום שטיקל דורכזיכטיק הימל. אַ זון-רעפלעקס אויף גרין-גאָלדערנע בלעטער האָט באַשטראַלט איר מידן, ווי פון קופער אויסגעאַרבעטן פּנים, אירע ווייסע, זייער שיינע און דינע האָר און איר שמייכלענדיק, האַלב-אָפן מויל. זי האָט הנאה געהאַט פון דער רו-שעה. דאָס איז געווען איר בעסטע שעה אין דער וואָך. זי פלעגט די דאָזיקע שעה אויסנוצן, כדי זיך איבערצוגעבן אירע געדאַנקען, וואָס זענען אַזוי אַנגענעם פאַר די אָנגעווייטיקטע מענטשן, פאַרזונקען צו ווערן אין דער דינער שטילקייט פון דעם צושטאַנד, וואָס נאָר דאָס האַלב-דרימלענדיק האַרץ רעדט פון אים אַרויס.

— מאַמע, — האָט קריסטאָף געזאָגט, — איך וויל אַביסל אַרויסגיין. כ׳וועל גיין שפּאַצירן אין דער ריכטונג צו בויר; אפשר, כ׳וועל אפשר שפּעט קומען.

לואיזע, וואָס איז אַנטדרימלט געוואָרן, האָט לייכט אַ ציטער געטון. דערנאָך האָט זי אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ און אים אָנגעקוקט מיט אירע גוטע, רויקע אויגן.

— גיי, קינד מיינס, — האָט זי געזאָגט, — ביסט געראַטן, נוץ אויס דעם שיינעם וועטער.

זי האָט צו אים אַ שמייכל געטון. ער האָט אויך געשמייכלט צו איר. אַזוי זענען זיי געשטאַנען אַ לאַנגע צייט און זיך אָנגעקוקט; שפּעטער האָבן זיי זיך געזאָגט אַ „גוטן אָוונט״, שאָקלענדיק צערטלעך מיט די קעפּ און געזעגענענדיק זיך מיט די אויגן.

ער האָט שטיל פאַרמאַכט די טיר. זי האָט זיך פּאַמעלעך אומגעקערט צו איר טרוימעריי. דעם זונס שמייכל האָט איר צוגעוואָרפן

אַ העלע שיין, ווי דער זון־שטראַל אויף די בלאַסע בלעטער פון דער קלעטער־פלאַנץ.

אָט אַזוי האָט ער זי פאַרלאָזן — אויף אייביק.

אַן אָקטאבער־פאַרנאַכט. די זון איז בלייך און גוססדיק. די מידע ערד דרימלט איין. די קליינע דאָרף־גלעקלעך קלינגען רויק אין דער שטילקייט פון די פעלדער. פון די צעאַקערטע פעלדער שטייגן אַרויף רויך־זייקן. אין דער ווייטן שוועבט דער רויקער נעפּל־שלייער. ווייסע וואָלקנס לעגן זיך אויף דער פייכטער ערד און וואַרטן אויפן אָוונט, כּדי זיך אויפצוהויבן אין דער הויך... אַ יאַגד־הונט, וואָס זיין נאָז איז געבויגן צו דר׳ערד, דרייט זיך אַרום אין אַ קרייז אויף אַ גרינס־פעלד. מחנות קראָען קרייזן אַרום אונטערן גרויען הימל.

נישט אויפהערנדיק צו טרוימען, איז קריסטאָף געגאַנגען אָן אַ באַשטימטן ציל; פונדעסטוועגן האָבן אים די פיס, ווי דורך אַן אינסטינקטיווער אַנונג, געפירט צו אַ באַשטימטן ציל. זינט עטלעכע וואָכן פלעגן זיך זיינע שפּאַצירן ס׳רוב ענדיקן הינטערן שטאָט, אין אַ נאָענטן דאָרף, וואָס דאָרט האָט ער געדאַרפט טרעפן אַ שיין מיידל. דאָס מיידל האט אים געצויגן אַהין סתם אַזוי, אָן אַ באַזונדערער סבה, און דאָך האָט עס אים געצויגן שטאַרק און אפילו געבראכט אין אַ פאַרלעגנהייט. קריסטאָף האָט נישט געקאָנט לעבן, ער זאל וועמען־עס־איז נישט ליב האָבן; נאָר זעלטן־ווען איז זיין האַרץ געווען פוסט: שטענדיק האָט געוווינט אין אים עפּעט אַ שיין בילד, וואָס איז געווען זיין אָפּגאָט. אַלץ איינס, צי ווייס דער אָפּגאָט, אַז ער האָט אים ליב אָדער נישט; דער עיקר איז ביי אים געווען — די באַדערפעניש ליב צו האָבן; ס׳איז נויטיק געווען, דאָס פייער זאל נישט אויסגעלאָשן ווערן, און די נאַכט זאָל נישט פאַרפינסטערן זיין האַרץ.

די, וואָס האָט אין אים אנגעצונדן דאָס נייע פייער, איז געווען אַ פויערס אַ טאָכטער, וועלכע ער האָט באַגעגנט, ווי אליעזר רבקהן, ביים ברונעם; זי אָבער האט אים נישט דערלאַנגט קיין וואַ־

סער צו טרינקען — זי האָט אים נאָר אַ שפּריץ געטון אין פּנים.
קניענדיק אויפן ברעג פון טייכל צווישן צוויי ווערבעס, וואָס זייערע
וואָרצלען האבן געשאַפן אַ מין נעסט, האָט זי מיט אימפּעט געוואַשן
וועש. איר צונג איז געווען טעטיק נישט ערגער, ווי אירע אָרעמס:
זי האָט געפּלוידערט און געלאַכט אויפן קול צוזאַמען מיט די איבע־
ריקע דאָרפס־מיידלעך, וואָס האָבן געוואַשן קעגנאיבער, אויף יענעם
ברעג. קריסטאף האָט זיך געלעגט אויפן גראָז, עטלעכע טריט פון
איר, און מיטן קין אָנגעשפּאַרט אָן דער האַנט, האָט ער זיי אָנגע־
קוקט. דאָס האָט זיי נישט צעטומלט: זיי האָבן נישט אויפגעהערט צו
פּלוידערן. און טיילמאָל — גאַנץ שאַרפזיניק. ער האָט כמעט נישט
געהערט זייערע רייד: ער האָט זיך נאָר צוגעהערט צום קלאַנג פון
זייערע לאַכנדיקע שטימען, וואָס האָט זיך צונויפגעמישט מיטן שאָרך
פון דער וועש און מיט דער מעקעריי פון די קי, וואָס האָבן זיך גע־
פּאַשעט אויף דער לאָנקע; ער פלעגט אַזוי לאַנג טרוימען, נישט
אַראָפּלאָזנדיק קיין אויג פון דער שיינער וועשערין. דאָס פריילעכע
פּנים פונם מיידל פלעגט אים אָנטרינקען מיט פרייד אויף אַ גאַנצן
טאָג. די מיידן האָבן באַלד דערזען, ווער עס ציט־צו זיין אויפמערק־
זאַמקייט: זיי פלעגן זיך כיטרע איבערקוקן. זיין אויסדערוויילטע
פלעגט אים צווואַרפן שטעך־ווערטלעך אָן שום רחמנות. און אַזוי־ווי
ער פלעגט זיך נישט רירן פון אָרט, פלעגט זי נעמען דאָס פּעקל
אויסגעוואַשענע און אויסגעדרייטע וועש, אויסציען זיי אויף ד' קוס־
טעס און צוגיין נעענטער צו אים, כדי צו האָבן אַן אויסרייד אים
אָנצוקוקן. אַדורכגייענדיק, פלעגט זי זיך בפיוון באַמיען אַ שפּריץ צו
טון מיט דער נאַסער וועש, און בעת־מעשה געקוקט אויף אים מיט
חוצפּה און געלעכטער. זי איז געווען מאָגער און שלאַנק, איר קין
איז געווען דיק, אַביסל אַרונטערגעבויגן, איר נאָז קורץ, די אויגן־
ברעמען אויסגעצויגן, ווי ביקסן, די אויגן — אַ טיפע בלויקייט,
שטאַרק, גלאַנצנדיק און האַרב, אַ שיין מויל, שטאַרקע ליפּן, אַביסל
געבויגן פאָרויס, ווי די ליפּן אויף אַ גריכישן בילד, שווערע בלאָנ־
דע האָר זענען געווען אויסגעלעגט אויף איר קאָפּ, און די הויט
פון איר פּנים איז געווען אָפּגעברענט פון דער זון. דעם קאָפּ האָט
זי געהאַלטן זייער גלייך, ביי יעדן אַרויסגערעדטן וואָרט געלאַכט
און געגאַנגען, ווי אַ מאַן, מאַכנדיק מיט די אָפּגעברענטע הענט. זי
האָט ווייטער געהאָנגען איר וועש, געקוקט אויף קריסטאָפן מיט אַן

אַרויספאָדערנדיקן בליק און געוואַרט ער זאָל אָנהויבן צו רעדן. קרי־סטאָף האָט זי אויך אָנגעקוקט; נאָר ער האָט קיין שום חשק נישט געהאַט צו שמועסן מיט איר. לסוף האָט זי אים אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין און זיך אומגעקערט צו אירע חברטעס. ער איז געבליבן אויף זיין אָרט, אויסגעצויגן, ביז ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט און ער האָט געזען, ווי זי גייט אַוועק מיטן פּעקל אויפן אַקסל, מיט פאַרלעגטע נאַקעטע אָרעמס, אַ געבויגענעם קאָפּ, פלוידערנדיק און לאַכנדיק אָן אויפהער.

ער האָט זי ווידער געזען אין אַ צוויי־דריי טאָג אַרום אויפן שטאָט־מאַרק, צווישן פיל קאַראָטן, פּאָמעראַנצן, אוגערקעס און קרויט. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט, געקוקט אויפן המון סוחרטעס, וואָס זענען געשטאַנען ביי זייערע קוישן, ווי שקלאַפינס, וואָס דאַרפן פאַרקויפט ווערן. דער פּאָליציאַנט איז פאַרבייגעגאַנגען יעדע איינע פון זיי מיט זיין געלט־בייטל און בּיכל, נעמענדיק ביי יעדערער אַ קליינע מטבע און אַרויסגעבנדיק דערפאַר אַ קוויטל. די קאַווע־פאַרקויפערין איז אַרום־געגאַנגען פון שורה צו שורה, מיט אַ קויש, פול מיט קאַווע־טע־פּעלעך. אַן אַלטע פייערלעכע און דיקע פרומע שלעפּערין האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן מאַרק מיט צוויי קוישן אויף די הענט און גע־בעטן, אָן אַ סימן פון חרפּה, מ׳זאָל אין נאָמען פון גאָט געבן איר אַ נדבה אַביסל גרינוואַרג. מ׳האָט אַרום אים געשריען; אַלטע וואָג־שאָלן מיט גרין־געפאַרבטע שאָלן האָבן געגרילצט און געשאָקלט זיך אויף די קייטן; גרויסע הינט, איינגעשפּאַנט אין קליינע וועגעלעך, האָבן פריי־לעך געבילט, שטאָלץ פון זייער חשיבות. אינמיטן טומל האָט קריסטאָף דערזען זיין רבקהן — איר אמתער נאָמען איז געווען לאָרכען (על־אָנאָרע). — אויף אירע בלאָנדע האָר האָט זי אָנגעטון אַ שיינעם, ווייס־גרינעם קרויט־בלאַט, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ געלעכטער קאַש־קעט. זיצנדיק ביים קויש, פאַר אַ הויפן באַגילדעטע ציבעלעס, ראָזע ריבעלעך, גרינע אַרבעס און רויטע עפּל, האָט זי געקייט עפּל און נישט געזאָרגט זיי צו פאַרקויפן. זי האָט אָן אויפהער געגעסן. פון צייט צו צייט האָט זי זיך מיטן פאַרטוך געווישט דעם קין און האַלז, אַ שאַר געטון מיטן אָרעם די האָר, אַ רייב געטון זיך די באַק מיטן אַקסל אָדער די נאָז אָפּגעווישט מיט דער האַנט. אָדער זי האָט אַוועק־געלעגט די הענט אויף די קני און געזיפּט דורך די הענט אַ הויפן אַרבעס. זי האָט געקוקט אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי אַ מענטש,

וואָס איז אַ קנאַפּער מבין אויף די זאַכן, און גאָרנישט ניט געטון. זי האָט נישט פאַרלוירן די מינדסטע קלייניקייט, וואָס איז פאָרגעקומען אַרום איר און איינגעזאַפּט, אַז קיינער זאָל עס נישט באַמערקן, די בליקן, וואָס מ׳האָט צו איר געוואָרפן. זי האָט גוט באַמערקט קרי-סטאָפן. בעת זי האָט געשמועסט מיט די קונים, האָט זי געהאַט אַ באַזונדערן אופן צו קנייטשן אירע אויגן-ברעמען און צו קוקן איבער די קעפּ פון די מענטשן אויף קריסטאָפן. זי האָט געמאַכט אַ ווילטיקע מינע פון אַן ערנסטן גלח; אָבער אין האַרצן האָט זי געלאַכט פון קריסטאָפן. ער האָט עס פאַרדינט; ער איז געשטאַנען עטלעכע טריט פון איר, און געשלונגען זי מיט די אויגן; און דערנאָך איז ער אַוועק, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט נישט געהאַט קיין שום חשק צו רעדן.

נישט איינמאָל פלעגט ער זיך אַרומשלעפן איבערן מאַרק אָדער אַרום דעם דאָרף, ווו זי האָט געוווינט. זי פלעגט אַרומגיין הין און צוריק איבערן הויף: ער פלעגט בלייבן שטיין אין וועג און זי אָנ-קוקן. ער האָט זיך פאַר זיך אַליין נישט מודה געווען, אַז ער איז געקומען צוליב איר; און באמת, דאָס פלעגט געשען אָן אַ דורכגע-טראַכטער כוונה. ווען ער איז געווען פאַרזונקען אין אַ נייער שאַפונג, איז ער געווען כמעט אין אַ שלאָף-וואַנדלערישן צושטאַנד: און בעת זיין באַ-וווסטזיניקע נשמה האָט זיך איבערגעגעבן די מוזיקאַלישע געדאַנקען, פלעגט זיין גאַנץ איבעריק ווען זיך איבערגעבן אַן אַנדער נשמה, אַן אומבאַוווסטער, וואָס האָט געלויערט אויף זיין איינזאַמקייט, כדי אויפצוזוכן דאָס ווייטע פון אים. אָפט פלעגט אים די געזשומעריי פון די מוזיקאַלישע געדאַנקען פאַרשיכורן, בעת ער איז פלוצלינג שטיין געבליבן פאַר איר; און קוקנדיק אויף איר, האָט ער נישט אויפגע-הערט צו חלומען. מ׳האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט זי ליב, ער האָט דערפון נישט געטראַכט; ער האָט נאָר הנאה געהאַט זי צו זען: מער גאָרנישט. ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דעם באַגער, וואָס פלעגט אים שטענדיק צו איר פירן.

אָט דאָס פירעכץ זיינס האָט אַרויסגערופן לשון-הרע אין דאָרף. אין דער פערמע האָט מען אָפּגעלאַכט פון אים, נאָכדעם ווי מ׳האָט זיך דערוווסט, ווער קריסטאָף איז. נאָר מ׳האָט אים צו רו געלאָזן, ווייל פון זיין זייט האָט נישט געדראָט קיין שום סכנה. בכלל האָט

ער געהאַט ביי זיי אַ צורה פון אַ שוטה: אים אָבער איז עס ווייניק אָנ-
געגאַנגען.

אין דאָרף איז געווען יום-טוב. די גאַסן-יינגלעך האָבן מיט שטיינער געקנאַקט אַרבעס און געשריען: „זאָל לעבן דער קייזער!" מ'האָט גע-הערט דאָס מעקן פון אַ קאַלב אין שטאַל און דאָס געזאַנג פון שיכּורים אין דער קרעטשמע. פּאַפּיר-שלאַנגען מיט ווײדלען ווי קאָמעטן זענען אַרומגעפלויגן אין דער לופטן איבער די פעלדער. די הינער האָבן פלייסיק גענישטערט אינם באַגילדעטן מיסט; דער ווינט האָט זיך פאַרקריבן אין זייערע פעדערן, ווי אין דעם קלייד פון אַן אַל-טער דאַמע. אַ ראָזער חזיר איז געשמאַק געשלאָפן אויף דער זון.

קריסטאָף האָט זיך געלאָזט גיין צו דער קרעטשמע פון די „דריי מלכים", וואָס אויף איר רויטן דאַך האָט געפלאַטערט אַ קליין פענדל. קרענצלעך ציבעלעס זענען געהאָנגען ביים שפּיץ, די פענסטער זענען געווען באַפּוצט מיט רויטע און געלע בלומען-טעפּ. ער איז אַריין אין זאַל, וואָס איז פול געווען מיט טאַבאַק-רויך; אויף די ווענט זענען גע-האָנגען געלע בילדער, און אויפן חשובסטן אָרט — דער פאַרבליקער פּאָרטרעט פונם קייזער, געקרוינט מיט אַ קראַנץ פון סאָסנע-נאָדלען. מ'האָט געטאַנצט. קריסטאָף איז געווען זיכער, אַז אויך זיין שיינע באַקאַנטע וועט דאָרט זיין. ער האָט זי ווירקלעך באַלד דערזען. ער איז געזעסן אין אַ ווינקל פון צימער, פון וואַנען ער האָט געקאָנט רויק זען די טענץ. אָבער נישט געקוקט אויף זיין פּאָרזיכטיקייט, מ'זאָל אים נישט באַמערקן, האָט אים לאָרכען תּיכּף באַמערקט אינם ווינקל. דרייענדיק זיך אינם לאַנג-דויערנדיקן טאַנץ, האָט זי אים אי-בערן אַקסל פון איר באַגלייטער געוואָרפן גיכע בליקן, כּדי צו זען, צי ער קוקט אויף איר; אַ צופרידענע האָט זי בעת-מעשה גערייצט: זי האָט קאָקעטירט מיט די דאָרפס-יונגען און געלאַכט מיט איר גרויסן, שיינעם מויל. זי האָט גערעדט הויך, אָפט געפּלוידערט נאַ-רישקייטן, און ס'איז נישט געווען קיין שום חילוק צווישן איר מיט די איבעריקע מיני מיידלעך, וואָס בעת מען קוקט זיי אָן, האַלטן זיי פאַר נויטיק צו לאַכן, צו באַוועגן זיך און זיך אויפצופירן נאַריש

אַלעמען אין די אויגן,—אָנשטאָט צו האַלטן זיך פּשוט ווי זיי זענען באמת זענען זיי גאָר נישט נאַריש: זיי ווייסן גוט, אַז די מענער זעען זיי, אָבער הערן זיי נישט. קריסטאָף איז געזעסן מיט אָנגע־שפּאַרטע אָרעמס, מיטן קין צווישן די פויסטן און מיט ברענענדיקע, בייזע אויגן געקוקט אויף די באַוועגונגען פונם מיידל. זיין גייסט איז געווען געגוג פריי, אַז ער זאָל זיך נישט לאָזן אַריינציען אין דער נעץ, — אָבער נישט גענוג פריי, עס זאָל אים בכלל נישט אַרן; און אָט אַזוי האָט ער געברומט פון צאָרן, און באַלד אין דער שטיל זיך צעלאַכט און געהויבן מיט די אַקסלען, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אַריינשלעפּן אין דער דאָזיקער נעץ.

אויסערן מיידל האָט אויף אים געקוקט נאָך אַ מענטש: לאָר־כענס פאָטער. ער איז געווען קליין, קרעפּטיק, מיט אַ פּליך, אַ גרויסן קאָפּ און אַ קורץ נעזל; זיין אָפּגעבערענטן שאַרבן האָט אַרומ־גענומען פון אַלע זייטן אַ האָר־קראַנץ, וואָס איז אַמאָל געווען בלאָנד און געקרייזט זיך אין גרויסע לאָקן, ווי ביי דירערס הייליקן יאָהאַן; ער איז געווען ראַזירט, מיט אַ רויקן פּנים און אַ לאַנגער ליולקע אין מויל־ווינקל, — און מיט הנאה האָט ער פאַרבראַכט מיט די אַי־בעריקע פויערן, קוקנדיק פון דער זייט אויף קריסטאָפס פאַרקרימט פּנים; ער האָט אין האַרצן געלאַכט. אַ ווייַלע האָט ער אונטערגע־הוסט, און אַ כיטרער בליק האָט אַ גלאַנץ געטון אין זיינע גרויע אויגן; דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען און זיך געזעצט ביי קריסטאָפס טיש. קריסטאָף האָט זיך געוועגדט צו אים נישט גערן און מיט אַן אָנגע־בלאָזענעם פּנים, און האָט אָנגעטראָפן אויף דעם אַלטנס כיטרען בליק; נישט אַרויסנעמענדיק די ליולקע פון מויל, האָט דער אַלטער מיט אים גערעדט אָפּנהאַרציק. קריסטאָף האָט באַלד דערקענט, אַז ער איז אַן אַלטער אויסוווּרף; נאָר די שוואַכקייט, וואָס ער האָט געפּילט צו זיין טאָכטער, האָט אים געגעבן געדולד צו פּלוידערן מיט איר פאָטער און אפילו דערוועקט אין אים אַ מאָדנע הנאה זיך צו באַפריינדן מיט אים: דער כיטרער אַלטיטשקער האָט עס געפּילט. נאָכדעם ווי ער האָט גערעדט וועגן רעגן, וועגן שיינעם וועטער און חוזקדיק געגעבן אַן אָנצוהערעניש וועגן די שיינע מיידלעך, וואָס זענען געקומען אַהער, און וועגן דעם, וואָס קריסטאָף באַטייליקט זיך נישט אין די טענץ, — האָט ער געענדיקט מיט די ווערטער, אַז קריסטאָף טוט זייער שיין, וואָס ער מאַטערט זיך נישט מיט זיי און

אַז ס׳איז בעסער צו זיצןביים טיש, ביי אַ גלעזל משקה; אָן שום קונצן האָט דער אַלטער אים איינגעלאַדן אויסצוטרינקען מיט אים אַ גלעזל. טרינקענדיק, האָט דער אַלטער נישט אויפגעהערט צו רעדן, ווי זיין שטייגער איז, גאַנץ פּאַמעלעך. ער האָט אים דערציילט וועגן זיינע קליינע עסקים, וועגן די שווערע לעבנס־באַדינגונגען, וועגן שלעכטע צייטן און דעם גרויסן יקרות. קריסטאָף האָט קוים געהערט און געענטפערט אַ פּאָר מאָל מיט אַ ברום: די גאַנצע געשיכטע איז אים ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען; ער האָט אַלץ געקוקט אויף לאָרכען. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ שטילקייט: דער פויער האָט געוואַרט אויף אַ וואָרט; ער האָט קיין תשובה נישט געקראָגן; דעמאָלט האָט ער ווידער גענומען רעדן געלאַסן. קריסטאָף האָט געפרעגט ביי זיך, מיט וואָס האָט ער זוכה געווען צו האָבן דעם כבוד — צו זיין אינם אַלטנס געזעלשאַפט און צו געווינען זיין צוטרוי. לסוף האָט ער עס פאַרשטאַנען. דער אַלטער האָט געענדיקט זיינע קלאָגענישן און איז אַריבער צו אַן אַנדער ענין: ער האָט געלויבט זיינע אויסגעצייכנטע פּירות, זיין גרינס, זיינע עופות, אייער און מילך; און פּלוצלינג האָט ער אַ פרעג געטון קריסטאָפן, צי ער וואָלט אים נישט געקאָנט צושטעלן קיין קונים אין שלאָס.

קריסטאָף האָט אַ שפּרונג געטון פון אָרט:

— פון וואַנען ווייסט איר עס, צום טייוול?... צי קענט איר מיך?...

— אוודאי, — האָט דער אַלטער געזאָגט. — מ׳ווייס אַלץ...

ער האָט נישט צוגעגעבן:

— ...ווען מ׳איז זיך מטריח אַליין צו ווערן אַ קליינער שפּיאָן.

אָבער קריסטאָף האָט אין האַרצן אַליין צוגעגעבן די ווערטער. ער האָט מיט אַ באַזונדערער הנאה אים צו וויסן געטון, אַז הגם „אַלץ ווייס מען", דאָך ווייסט ער נישט, ווייזט אויס, וועגן דעם קריג צווישן אים מיטן הויף; און אויב ער האָט זיך געקאָנט באַרימען אַמאָל מיט וועלכער עס איז השפּעה צווישן די דינער און קוכער פונם שלאָס (אין וואָס ער צווייפלט גאַנץ שטאַרק), איז איצט די דאָזיקע השפּעה אינגאַנצן בטל געוואָרן. דער אַלטער האָט אומבאַמערקט פאַרקרימט דאָס מויל. דאָך האָט ער זיך נישט מיאש געווען פון זיין האָפענונג; אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געפרעגט, צי וואָלט

קריסטאָף נישט געקאָנט לפּחות רעקאָמענדירן אים צו דער אָדער יע־נער פאַמיליע. ער האָט אָנגערופן טאַקע אַלע משפּחות, מיט וועלכע קריסטאָף האָט געהאַט באַציונגען; ער האָט עס חוקר ודורש געווען אין מאַרק, און ס׳איז נישט געווען קיין געפאַר, ער זאָל פאַרגעסן וועלכן עס איז פּרט, וואָס קאָן אים צונוץ קומען. קריסטאָף וואָלט זיכער שטאַרק ברוגז געוואָרן פאַר אַזאַ מין שפּיאָנאַזש, ווען ער וואָלט נישט געמוזט לאַכן ביים געדאַנק, אַז דער אַלטער, כאָטש אַזוי כיט־רע, נאַרט זיך אַליין אָפּ, און ס׳קומט אים גאָר אויפן זינען נישט אַרויף, אַז די רעקאָמענדאַציע, וועלכע ער בעט, קאָן גיכער פאַר־טרייבן פון אים די אַלטע קונדן, איידער שאַפן אים נייע. ער האָט אים דעריבער געלאָזט אַרויסברענגען דעם גאַנצן אוצר פון זיינע גראָבע שפּיצלעך און נישט געענטפערט נישט יאָ, נישט ניין. דער פויער אָבער איז צוגעשטאַנען, און ענדלעך אָנגרייפנדיק אים און לו־איזען, וואָס ער האָט אָפּגעשלעפּט ביז צום סוף, האָט ער אים גע־וואָלט מיט אַלע כּוחות מזכּה זיין מיט זיין מילך, פּוטער און סמע־טענע. ער האָט צוגעגעבן, אַז היות קריסטאָף איז אַ מוזיקער, איז קיין זאַך נישט אַזוי גוט פאַר דער שטים, ווי אַ פרישׁ איי אינדער־פרי און אין אָוונט; ער האָט צוגעזאָגט צוצושטעלן זיי נאָך וואַרעמע אייער גלייך פון דער הון. דער געדאַנק, אַז דער אַלטער האַלט אים פאַר אַ זינגער, האָט דערוועקט אין קריסטאָפן אַ גרויס געלעכ־טער. דער פויער האָט עס אויסגענוצט און איינגעלאַדן קריסטאָפן אויף נאָך אַ גלעזל. דערנאָך האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט שוין אַרויסגעצויגן פון קריסטאָפן אַלץ, וואָס איז מעגלעך געווען אין משך פון אַ שעה, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען אָן שום צערעמאָניעס.

ס׳איז געוואָרן נאַכט. די טענץ זענען אַוועק אַלץ מיט מער ברען. לאָרכען האָט שוין מער קיין אַכט נישט געלייגט אויף קרי־סטאָפן: זי איז צו שטאַרק געווען פאַרנומען מיט אַ יונגן פויער, אַ חברה־מאַן, אַ רייכער, אַ גוטבאַזיצערס אַ זון, וואָס אַלע דאָרפישע מיידלעך זענען געווען פאַר אים די כּפּרה, און לאָרכען האָט אים געוואָלט פאַרדרייען דעם קאָפּ. קריסטאָף האָט זיך אינטערעסירט מיטן דאָזיקן קאַמף: די מיידלעך האָבן איינע צו דער אַנדערער גע־שמייכלט, און דאָך גרייט געווען איינע די אַנדערע די אויגן אויס־צודראַפּען. קריסטאָף האָט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט און אין האַרצן

האָט זיך אים געוואָלט, אַז לאָרכע זאָל זיגן. נאָר ווען דער זיג איז געקומען, האָט ער זיך דערפילט אַביסל דערשלאָגן. ער האָט זיך עס אַליין פאָרגעוואָרפן. ער האָט לאָרכען נישט ליב געהאַט און נישט געוואָלט ווערן איר געליבטער: ס'איז דעריבער געווען זייער נאַטירלעך, אַז זי זאָל ליב האָבן וועמען זי וויל. — אין דעם איז קיין שום ספק נישט געווען. אָבער אַ מענטשן איז קאַרג אַזוי ווייניק ליבשאַפט, בעת ער פילט אַ באַדערפעניש ליב צו האָבן און געליבט צו זיין, אויך דאָ איז ער געווען איינזאַם, ווי אין שטאָט. אָט די אַלע מענטשן האָבן זיך אינטערעסירט מיט אים, כּדי אים אויסצונוצן און שפּעטער צו חוזקן. ער האָט אַ זיפץ געטון, געשמייכלט צו לאָר־כען, — וואָס די פרייד פון איר נצחון איבער די אַנדערע מיידלעך האָט געמאַכט זי צען מאָל שענער, ווי שטענדיק, — און געוואָלט זיך לאָזן אין וועג אַריין. ס'איז שוין געווען כּמעט ביין דער זיי־גער, און ער האָט נאָך געדאַרפט דורכמאַכן צוויי וויאָרסט צוריק אין שטאָט אַריין.

ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, האָט זיך געעפנט די טיר און ס'זענען מיט אַ טומל אַריין צען זעלנער. זייער אַריינרייסן זיך האָט ווי אַריינגעבראַכט אַ קאַלטן ווינט אין זאַל. די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן שושקען. עטלעכע טאנצנדיקע פּאָרלעך זענען געבליבן שטיין, און מיט פאַרזאָרגטע בליקן גענומען אָנקוקן די נייע געסט. די פּויערן, וואָס זענען געשטאַנען ביי דער טיר, האָבן זיך מיט די רוקנס אויסגעדרייט צו די זעלנער און זיך געמאַכט ווי זיי שמועסן נאָר צווישן זיך; דאָך האָבן זיי, — קיינער זאָל נישט באַ־מערקן, — גאַנץ פאָרזיכטיק זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, צו מאַכן פּאַר די זעלנער אַ דורכגאַנג. שוין אַ צייט, ווי ס'איז געווען אַן איינגע־האַלטענער קריג צווישן דער באַפעלקערונג פון דער געגנט און דעם גאַרניזאָן פון די פאָרטן, וואָס אַרום דער שטאָט. די זעלנער האָבן זיך שרעקלעך געלאַנגווייליקט און דערפאַר זיך נוקם געווען אין די פּויערן. זיי האָבן גראָב זיי אויסגעלאַכט, דערגאַנגען זיי די יאָרן מיט זייער באַציִיגן צו זייערע טעכטער, ווי אין אַן אָקופּירט לאַנד. די פאָריקע וואָך האָבן עטלעכע שכּורע זעלנער צעשטערט אַ יום־טוב אין אַ נאָענטן דאָרף און שיר נישט דערהרגעט קיין פּויער. קרי־סטאָף איז געווען באַוואוסט אין דעם אַלעם, ער האָט אין האַרצן

געטגעפילט די פויערן; ער האָט זיך געזעצט צוריק אויף זיין אָרט און געוואַרט, וואָס דאָ וועט פאָרקומען.

די זעלנער האָבן נישט געלעגט קיין אַכט אויף די בייזע פנימער, וואָס זיי האָבן געטראָפן, און מיט אַ טומל זיך צעזעצט ביי די פולע טישן, אָפגעשטויסן די מענטשן, און געמאַכט פאַר זיך אָרט; דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין איין אויגנבליק. ס'רוב מענטשן האָבן זיך ברומענדיק אַליין אָפגערוקט. איין אַלטיטשקער, וואָס איז געזעסן אויפן שפּיץ באַנק, האָט זיך נישט אויפגעהויבן מיט דער נויטיקער שנעל־קייט; דעמאָלט האָבן זיי אַליין אויפגעהויבן די באַנק און דער אַל־טער איז אַראָפּגעפאַלן. זיי האָבן דערביי הויך און ווילד געלאַכט. קריסטאָף האָט געפילט, ווי דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטון אין קאָפּ: אַן אויפגערעגטער האָט ער זיך אויפגעהויבן; נאָר אינם מאָ־מענט, ווען ער איז גרייט געווען זיך אַריינצומישן אינם ענין, האָט ער דערזען, ווי דער אַלטער הויבט זיך קוים מיט צרות אויף, און אָנשטאָט זיי צו זידלען, האָט ער גאָר אָנגעהויבן זיך אַנטשולדיקן פאַר זיי. צוויי זעלנער זענען צוגעקומען צו קריסטאָפס טיש. ווען ער האָט עס באַמערקט, האָט ער צוזאַמענגעדריקט די פויסטן, ס'איז אָבער געווען איבעריק. זיי זענען געווען שלאַנקע יונגען, אָבער גוטמוטיקע, וואָס האָבן, ווי די שעפּסן, געהאָרכט דעם איינעם אָדער צוויי אויס־וואורפן צווישן דער קאָמפּאַניע זעלנער, און געפּרוווט זיי נאָכצומאַכן. קריסטאָפס שטאָלץ פּנים האָט זיי צעטומלט, און ווען ער האָט זיי טרוקן דערקלערט:

— ס'אָרט איז פאַרנומען.

האָבן זיי זיך גיך אַנטשולדיקט און זיך צוריקגעצויגן צום ברעג באַנק, כדי אים נישט צו שטערן. זיין שטים האָט געקלונגען באַפעלעריש: די נאַטירלעכע קנעכטשאַפט האָט גובר געווען. זיי האָבן באַלד דערפילט, אַז קריסטאָף געהערט נישט צו די פויערים.

זייער הכנעה האָט קריסטאָפן אַביסל באַרויקט, און ער האָט געגומען זיך אַרומצוקוקן מיט מער קאַלטבלוטיקייט. ער האָט גלייך באַמערקט, אַז די גאַנצע כנופיא ווערט אָנגעפירט פון איינעם אַן אונטעראָפיציר. אַ קליינער הונט מיט שלעכטע אויגן און אַ פּנים פון אַ קנעכטישן ביטרען צביעק; ער איז געווען איינער פון די העלדן אין די ווילדע געשעענישן פונם פאַבריקן זונטיק זיצנדיק, ביי אַ טיש, נאָענט צו קריסטאָפן, האָט ער שיכורערהייט געקוקט אויף דעם עולם

און געוואָרפן מיט גראָבע ווייצן, — דער עולם האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. דער עיקר האָט ער אָנגעגריפן די טאַנצנדיקע פּאָר־לעך און געשילדערט זייערע קערפּערלעכע מעלות און חסרונות מיט עקלהאַפטע אויסדריקן, וואָס האָבן ביי זיינע חברים אַרויסגערופן אַ געלעכטער. די מיידלעך זענען רויט געוואָרן, און טרערן זענען זיי געשטאַנען אין די אויגן; די בחורים האָבן געקריצט מיט די ציין און מיט אַ שטומען כּעס געקוקט. דער בליק פונם דאָזיקן טייוול איז פריילעך אַדורכגעגאַנגען דעם זאַל אַרום און אַרום, און קיינעם נישט געשוינט. קריסטאף האָט געזען, אַז דער בליק גייט צו אויך צו אים. ער האָט גענומען אין האַנט דאָס גלאָז, און גרייט געווען ביי דער ערשטער באַליידיקונג אַ וואָרף צו טון דאָס גלאָז דעם זעלנער אין קאָפּ אַריין. ער האָט בשעת מעשה געטראַכט:

— כ'בין פון זין אַראָפּ. גלייכער, כ'זאָל אַוועקגיין. זיי וועלן מיר דאָך שפּאַלטן דעם קאָפּ, און אויב איך וועל אַרויס גאַנץ, וועט מען מיך שיקן אין תּפיסה אַריין: דאָס איז באמת נישט ווערט די מי. לאָמיר גיין, איידער ער האָט מיך צערייצט.

אָבער זיין שטאָלץ האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט: ער האָט נישט געוואָלט אויסזען, אַז ער אַנטלויפט פאַר די חברה־לייט. דער פּרעכער, כיטרער בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אים. קריסטאפס פּנים האָט אויסגעדריקט צאָרן. דער אונטעראָפיציר האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט: קריסטאפס אויסזען האָט אים האָפערדיק געמאַכט. ער האָט אַ שטויס געטון זיין שכן מיטן עלנבויגן, אַ ווונק געטון אויף קריסטאפן, אַ שמייכל געטון און שוין געעפנט דאָס מויל, כּדי אים צו זידלען. קריסטאף איז שוין גרייט געווען מיטן גאַנצן אימ־פּעט אַ שליידער צו טון אין אים דאָס גלאָז. ס'האָט אים אָבער אַ צופאַל געראַטעוועט. אין דעם אויגנבליק, ווען דער שיכּורער אויס־וווּרף האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט זיך אַן אומגעשיקט פּאָרל איב־מיטן טאַנצן אויסגעגליטשט און אַרויסגעוואָרפן פון אים פון האַנט זיין גלעזל. ער האָט מיט צאָרן אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָנגע־הויבן זיך שטאַרק צו זידלען. זיין אויפמערקזאַמקייט האָט זיך אָפּגע־ווענדט אין אַ זייט, און ער האָט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן קריסטאפן. יענער האָט געוואַרט אויף אים עטלעכע מינוט, נאָר שפּעטער, זעענדיק, אַז זיין שונא האָט נישט בדעה אָנצוהויבן קיין שמועס, איז ער אויפגעשטאַנען, גענומען זיין הוט און פּאַ־

מעלעך געגאַנגען צו דער טיר. ער האָט קיין אויג נישט אַראָפּגענו־מען פון דער באַנק, ווו דער אונטעראָפיציר איז געזעסן, כּדי אים צו ווייזן, אַז ער אַנטלויפט נישט פאַר אים. אָבער יענער האָט אים אינגאַנצן פאַרגעסן: קיינער האָט זיך מיט אים נישט אינטערעסירט.

קריסטאָף האָט אַ דריק געטון דאָס הענטל פון טיר; נאָך אַ פּאָר רגעס — און ער וואָלט שוין געווען אין דרויסן. אָבער ס'איז שוין מסתמא באַשערט געווען, ער זאָל אַזוי גלאַטיק נישט אַרויס פון דאַנען. טיף אין זאַל האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. די זעלנער זענען געווען אָנגעטרונקען און געוואָלט כאַפּן אַ טענצל. און אַזוי־ווי אַלע מיידלעך זענען געווען פאַרנומען מיט זייערע בחורים, האָבן די זעלנער אפּגעטריבן די טענצער פון די מיידלעך, וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעקליבן. נאָר לאָרכען איז זייער שווער געווען צו כאַפּן. נישט אומזיסט האָט זי געהאַט שטאַרקע אויגן און אַ קין, וואָס האָט אויסגעדריקט ווילן און דערפאַר אַזוי געפעלן געוואָרן קרי־סטאָפן. זי האָט געטאַנצט, ווי משוגע, בעת דער אונטעראָפיציר, וואָס האָט געוואָרפן אויף איר אַן אויג, איז געקומען זי אַרויסצורייסן פון איר באַגלייטער. זי האָט געטופּעט מיטן פוס, געשריגן, אפּגעשטופּט דעם זעלנער און געזאָגט, אַז זי וועט בשום אופן נישט טאַנצן מיט אַזאַ מנוול, ווי ער. יענער האָט איר נאָכגעיאָגט. ער האָט מיט דער פויסט געשלאָגן אַלע מענטשן, וואָס הינטער זיי האָט זי זיך באַ־האַלטן, לסוף האָט זי זיך באַהאַלטן הינטערן טיש און געזידלט איר פאַרפאָלגער; זי האָט געזען, אַז איר ווידערשטאַנד וועט נישט העלפן, האָט זי פון כּעס געטופּעט מיט די פיס, געזוכט די סאַמע שאַרפסטע ווערטער אים צו באַליידיקן און פאַרגלייכן זיין קאָפּ צו די קעפּ פון די בהמות, וואָס אין הויף. ער האָט זיך אַריבערגעבויגן צו איר אי־בערן טיש, אַ בייזער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פּנים, און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט פון צערייצטן כּעס. פּלוצלינג האָט ער זיך אַ לאָז געטון, אַריבערגעשפּרונגען איבערן טיש און זי אָנגעכאַפּט. זי האָט זיך געראַנגלט, ווי אַן אמתע פויערטע, מיט די פויסטן און מיט די פיס. אַזוי־ווי ער איז געווען בגילופינדיק, איז ער שיר נישט אומ־געפאַלן. אויסער זיך פאַר כּעס, האָט ער זי אַ שטויס געטון צו דער וואַנט און זי אַ פּאַטש געטון אין באַק. ער האָט נישט באַוויזן אי־בערצוחזרן נאָכאַמאָל זיין העלדישע טאַט: איז אים עמעצער אַרויף אויפן קאַרק, געפּאַטשט מיטביידע הענט און מיטן פוס אַ שליידער־

געטון צו די טרינקער. דאָס איז געווען קריסטאָף, וואָס נישט טראַכטנדיק, וואָס ער טוט, האָט ער איבערגעקערט מענטשן און טיש און אָנגעפּאַלן אויפֿן אונטעראָפּיציר. משוגע פֿון כּעס האָט דער זעלנער זיך אַ קער געטון צו אים און אַרויסגעכאַפּט די שווערד. נאָר אייִדער ער האָט באַוויזן צו באַנוצן זיך מיט זיין כּלי־זין, האָט אים קריסטאָף צעדאַמט מיט אַ באַנק און אומגעוואָרפֿן אויף דר׳ערד. אַלץ איז פֿאָרגעקומען אַזוי שנעל, אַז קיינעם צו די צוקוקער איז נישט איינגעפֿאַלן זיך אַריינצומישן, נאָר ווען זיי האָבן דערזען, ווי דער זעלנער פֿאַלט אום, ווי אַ געשאָכטענער אָקס, איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע מהומה. די איבעריקע זעלנער האָבן זיך אַ לאָז געטון מיט די הוילע שווערדן צו קריסטאָפֿן. די פּויערן זענען זיי באַפֿאַלן. אַלע האָבן זיך געראַנגלט, ווי אין אַ קנויל. איבערן צימער זענען געפֿלויגן פֿלעשער, טישן האָבן זיך איבערגעקערט, די פּויערן זענען לעבעדיק געוואָרן: ס׳האָט זיך דערוועקט אין זיי דער חשק זיך נוקם צו זיין און צו שטילן זייער פֿאַרשטיקטן האַס. מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אויף דר׳ערד און פֿאַר כּעס זיך געביסן איינער דעם צווייטן. לאָרכענס פֿאַרטריבענער טענצער, אַ געזונטער פּאַראָבעק, האָט אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָפּ דעם זעלנער, וואָס האָט אים מיט אַ ווילדע צוריק געזידלט, און געקלאַפּט מיט אים אָן אויפֿהער אין וואַנט. לאָרכען באַוואָפֿנט מיט אַ שטיק האָלץ, האָט געשלאָגן אין אַלע זייטן, ווי אַ משוגענע. די איבעריקע מיידלעך האָבן מיט אַ געשריי געמאַכט פּליטה, אויסער אַ צוויי־דריי, וואָס האָבן זיך מיט הנאה צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל. איינע, אַ געלע, אַ נידעריקע און אַ דיקע, דערזעענדיק אַ ריזיקן זעלנער — דעם, וואָס איז געזעסן ביי קריסטאָפֿס טיש — ווי ער דריקט צווישן זיינע קני די ברוסט פֿון אַ פֿאַלנדיקן פּויער, איז צוגעלאָפֿן צום פֿייער, באַלד געקומען צוריק, אַ כאַפּ געטון דעם זעלנערס קאָפּ אויף הינטן און אים אָנגעשאָטן אין די אויגן אַריין אַ הויפֿן גליענדיקן אַש. יענער האָט זיך געריסן פֿון ווייטיק. דאָס מיידל האָט זיך געפֿרייט און געזידלט דעם אַנטוואָפֿנטן זעלנער און זיינע חברים, וואָס די פּויערן האָבן איצט געקאָנט טון מיט זיי, וואָס זייער האַרץ האָט געגלוסט. לסוף האָבן זיך די זעלנער צוריקגעצויגן פֿאַר זייער שטאַרקערע קעגנער, אין דרויסן, איבערלאָזנדיק צוויי חברים אויף דר׳ערד. די מלחמה האָט

זיך ווייטער געצויגן אין גאַס פונם דאָרף. מיט שרעקלעכע געשרייען האָבן די זעלנער זיך אַריינגעריסן אין די הייזער, גרייט אַלץ חרוב צו מאַכן. די פויערן זענען זיי נאָכגעלאָפן מיט ווידלעס און אָנגע-רייצט אויף זיי די בייזע הינט. אַ דריטער זעלנער איז געפאַלן מיט אַ ווידלע אין בויך. די איבעריקע האָבן געמוזט אַנטלויפן, פאַרפאָלגט ביז הינטערן דאָרף. פון ווייטן, לויפנדיק איבער די פעלדער, האָבן זיי געשריען, אַז זיי גייען רופן חברים און אַז באַלד קומען זיי צוריק.

די פויערן, וואָס זענען געבליבן די זיגער אויפן שלאַכט-פעלד, האָבן זיך אומגעקערט אין קרעטשמע; זיי האָבן געיובלט. דאָס איז געווען אַ נקמה, אויף וועלכער זיי האָבן שוין לאַנג געוואַרט, פאַר די אַלע בזיונות, וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען פון די סאָלדאַטן. זיי האָבן נאָך נישט געטראַכט וועגן דעם אויסגאַנג פון דעם ווילדן קריג. אַלע האָבן גערעדט מיטאַמאָל, און יעדער איינער האָט זיך גערימט מיט זיינע גבורות. אַלע האָבן זיך פריילעך געחברט מיט קריסטאָפן, דערפאַר, וואָס ער איז געווען מיט זיי. לאָרכען האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט, און לאַכנדיק זי געהאַלטן מיט אירע גראָבע הענט, זי האָט איצט אין אים נישט געזען קיין שום לעכערלעכס.

זיי האָבן זיך גענומען צו די פאַרווונדעטע. די פויערן האָבן נאָר געהאַט אַביסל אויסגעהאַקטע ציין, אונטערגעהאַקטע זייטן און ביילן, — קיין ערנסטע פאָלגן זענען נישט געווען. אַנדערש איז גע-ווען מיט די זעלנער. דריי זענען געווען שווער פאַרווונדעט: דער ריז מיט אָפּגעבריטע אויגן און מיט איין אַקסל — צעקלאַפּט מיט אַן אייזן; דער מענטש מיטן דורכגעלעכערטן בויך, וואָס איז געלעגן אין גסיסה, און דער אונטעראָפיציר, וועלכן קריסטאָף האָט פאַרדאַמט, — זיי אַלעמען האָט מען אַוועקגעלעגט ביים פייער. דער אונטעראָפיציר, וואָס זיינע וואונדן זענען נישט געווען קיין געפערלעכע, האָט אויפגעעפנט די אויגן. ער האָט מיט אַ לאַנגן, בייזן בליק אָנגעקוקט דעם קרייז פויערן, וואָס איז געשטאַנען געבויגן איבער אים. ווי נאָר ער איז גע-קומען צו זיך און זיך דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען, — האָט ער זיך גענומען זידלען. ער האָט זיך געשוווירן, אַז ער וועט זיך נוקם זיין אָן זיי, אַז ער וועט אָן אַלע נקמה נעמען; ער האָט זיך כמעט געשטיקט פון צאָרן. מ'האָט געפילט, אַז ווען ער איז ביכולת, מאַכט ער פון אַלעמען אַ תל. זיי האָבן געפרווט לאַכן, אָבער

ס'איז געווען אַ געמאַכט געלעכטער. אַ יונגער פויער האָט געשריען צום פאַרוואונדעטן:

— מאַך צו דיין פּיסק, וואָרום איך דערהרגע דיך!

דער אונטער-אָפיציר האָט געפּרוווט אויפשטיין; ער האָט אַ קוק געטון אויפן פויער מיט אַ פּאָר פאַרבלוטיקטע אויגן און געזאָגט:

— מנוול! הרגע מיך! מ'וועט דיר דעם קאָפּ אַראָפּנעמען.

ער האָט נישט אויפגעהערט צו שעלטן. דער מענטש מיטן געשפּאָלטענעם בויך האָט האַרצרייסנדיק געשריען, ווי אַ געשטאָכענער חזיר. דער דריטער איז געלעגן אומבאַוועגלעך און שטייף, ווי אַ טויטער. אַ דערשלאָגנדיקער פּחד האָט באַפאַלן די פויערן. לאָרכען און עטלעכע פרויען האָבן אַריינגעטראָגן די פאַרוואונדעטע אין אַ צווייטן צימער. די קללות פונם אונטער-אָפיציר און די יללות פונם גוסס זענען ביסלעכווייז אַנטשוויגן געוואָרן. די פויערן האָבן געשטומט; זיי זענען געשטאַנען אין אַ קרייז אומבאַוועגלעך, פּונקט ווי די דריי קערפּער וואָלטן זיי געלעגן צופוסנס; זיי האָבן נישט געהאַט קיין מוט זיך אַ ריר צו טון פון אָרט, זיי האָבן זיך אָנגעקוקט מיט שרעק. לסוף האָט זיך אָנגערופן לאָרכענס פאָטער:

— אַ שיין שטיקל אַרבעט האָט איר אָפּגעטון.

ס'האָט זיך דערהערט אַ געברום פון פּחדנים: זיי האָבן געשלונגען זייער גאַווער פון שרעק. שפּעטער האָבן זיי גענומען רעדן אַלע מיטאַמאָל. פריער האָבן זיי זיך געשושקעט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, טאָמער דערהערט מען זיי הינטער דער טיר; אָבער באַלד האָבן זיך געשטאַרקט זייערע קולות און געוואָרן שאַרפער: זיי האָבן איינער דעם צווייטן באַשולדיקט. זיי האָבן פאָרגעוואָרפן איינער דעם אַנדערן, פאַרוואָס מ'האָט זיך געשלאָגן. דער וויכוח האָט זיך צעפלאַקערט; ס'איז געווען קענטיק, אַז אָט-אָט וועלן זיי זיך וואַרפן איינער דעם צווייטן אין די האָר. לאָרכענס פאָטער האָט צווישן זיי שלום געמאַכט. מיט פאַרלעגטע הענט האָט ער זיך אויסגעדרייט צו קריסטאָפן און אָנגעוויזן אויף אים מיטן קין:

— און דער — וואָס טוט ער דאָ?

דער גאַנצער כעס פון המון האָט זיך איצט געווענדט צו קריסטאָפן:

— אמת, אמת! — האָבן זיי געשריען — ער האָט אָנגעהויבן דער ערשטער. ווען נישט ער, וואָלט גאָרנישט ניט געשען.

קריסטאָף איז געווען איבערראַשט און געפּרוּווט ענטפערן:

— כ'האָב דאָך עס נישט געטון צוליב זיך, נאָר צוליב אייך, ווי איר ווייסט.

זיי אָבער האָבן געענטפערט מיט כּעס:

— צי זענען מיר נישט בכוח זיך אַליין צו פּאַרטיידיקן? צי דאַרפן מיר האָבן, אַז דווקא אַ הער פון שטאָט זאָל צו אונז קומען און ווייזן, וואָס מיר האָבן צו טון? ווער האָט אייך געבעטן אַן עצה? און ווער האָט אייך אַהער גערופן? איר האָט נישט געקאָנט, צו אַלדי רוחות, בלייבן שטעקן ביי זיך אין דער היים?

קריסטאָף האָט געהויבן מיט די אַקסלען און זיך געלאָזט צו דער טיר. אָבער לאָרכענס פאָטער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג און זיך געריסן אויף די ציין:

— יאָ, יאָ! איצט וויל ער זיך אַרויסדרייען, ווען ער האָט אונז אַלעמען אַריינגעשלעפּט אין אַזאַ עסק. ער טאָר פון דאַנען נישט אַרויס.

די פּויערן האָבן געשריען:

— זאָל ער נישט גיין פון דאַנען! ער איז אין אַלץ שולדיק. ער מוז טראָגן די אחריות פאַר אַלץ!

זיי האָבן אים אַרומגערינגלט און געדריקט די פויסטן. קריסטאָף האָט זיך דערזען אַרומגענומען אין אַ קרייז פון בייזע פּנימער: דער שרעק האָט אים אַריינגעבראַכט אין כּעס, ער האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט, ער האָט זיך אַ קרום געטון מיט עקל, אַוועקגעלעגט זיין הוט אויפן טיש, זיך געזעצט טיף אין זאַל און אויסגעדרייט זיך צום עולם מיטן רוקן.

אָבער לאָרכען איז מיט כּעס אַ שפּרונג געטון צו די פּויערן. איר שיין פּנים איז געווען רויט און געקנייטשט פון צאָרן. זי האָט אָפּגעשטויסן גראָב די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום קריסטאָפן:

— פּחדנים! ווילדע חיות! — האָט זי געשריען — ווי שעמט איר זיך נישט! איר ווילט אונז איינרעדן, אַז ער האָט עס אַלץ געמאַכט! פּונקט ווי מיר וואָלטן אַליין נישט געזען! פּונקט ווי ס'וואָלט געווען כאָטש איינער צווישן אייך, וואָס האָט נישט געקלאַפּט און געביילט, וויפל זיין האַרץ האָט געגלוסט!... און ווען ס'זאָל זיך געפינען צווישן אייך איין און איינציקער, וואָס איז געשטאַנען מיט פאַרלעגטע

הענט אין אַ זייט, בעת די חברים האָבן זיך געראַנגלט — וואָלט איך אים אָנגעשפּיגן אַ פולן פּנים און גערופן: פּחדן! פּחדן!

די פויערן, איבערראַשט פון דעם דאָזיקן אומגעריכטן אויסבדוך, זענען אַ ווײַלע געבליבן שטיל, אָבער באַלד האָבן זיי ווידער גענומען שרייען:

— ער האָט אָנגעהויבן דער ערשטער! ווען נישט ער, וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען.

אומזיסט האָט לאָרכענס פאָטער געוווּנקען צו איר. זי האָט גע-שריען:

— אוודאי האָט ער אָנגעהויבן דער ערשטער! דערמיט זאָלט איר זיך נישט רימען. ווען נישט ער, וואָלט איר זיך געלאָזט באַליי-דיקן, באַליידיקן אָן אַ סוף, האָזן! פּחדנים!

זי האָט זיך געבייזערט אויף איר פרײַנד:

— און דו! האָסט אפילו קיין וואָרט נישט געזאָגט; האָסט גע-טון בעסער, ווען דו האָסט אויסגעדרייט דעם הינטן צו די קנאַפּל; ס'האָט קיין סך נישט געפעלט, זאָלסט נאָך דאַנקען דערפאַר. ווי שעמ-טטו זיך נישט?... און איר, אַלע, ווי שעמט איר זיך נישט? איר זענט קיין מענטשן נישט! האָזן זענט איר, קינדער, וואָס האַלטן זיך אָן דער מאַמעס פאַרטוך, צבועקעס! ס'איז געווען נויטיק יענער זאָל אײַך ווייזן — און איצט ווילט איר די גאַנצע שולד אַרויפוואַרפן אויף אים? ניין, דאָס וועט נישט זיין, איך זאָג אייך! ער האָט פאַר אונז גע-קעמפט. אָדער איר וועט אים ראַטעווען אָדער איר וועט אויסטרינקען דעם כּוס צוזאַמען מיט אים. איך גיב אייך דערויף מיין ערן-וואָרט!

לאָרכענס פאָטער האָט זי אַ קניפּ געטון אין האַנט; ער האָט זיך געקאָכט און געשריען:

— שאַ, שטיל, פאַרשאָלטענע צויג.

זי אָבער האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך און ווייטער געשאָטן איר מוסר. די פויערן האָבן זיך געשאָלטן. זי האָט אויפגעהויבן איר קול נאָך העכער, אַ שאַרפן, דורכדרינגלעכן קול, וואָס פון אים האָט ביי אַ מענטשן די פויק-פעל פון אויער געקאָנט פּלאַצן:

— ראשית, דו — וואָס פאַר אַ דעה האָסטו? מיינסט, איך האָב נישט געזען, ווי דו ביסט געלאָפן מיטן רידעל קעגן יענעם מאַן, וואָס ליגט איצט ווי אַ טויטער אין צווייטן צימער? און דו — ווייז נאָר דיינע הענט!... זיי זענען דאָך נאָך באַפלעקט מיט בלוט. מיינסט,

כ'האָב דיך נישט געזען מיטן מעסער? איך וועל אויסזאָגן אַלץ, וואָס כ'האָב געזען, אַלץ, אויב איר וועט אים טון עפּעס שלעכטס. כ'וועל אייך אַלעמען פירן אין קרימינאַל.

די אויפגעבראַכטע פויערן האָבן זיך מיט בייזע פּנימער געשטופּט צו לאָרכען און געפייפט איר אין פּנים אַריין. איינער האָט, דאַכט זיך, חשק געהאַט אַראָפּצולאָזן איר אַ פּאַטש, נאָר לאָרכענס פריינד האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַלז, זיי האָבן זיך ביידע גע-ראַנגלט און גרייט געווען איינער דעם צווייטן צו שלאָגן. איין זקן האָט זיך אָנגערופן צו לאָרכען:

— אויב ער וועט קריגן אין געריכט אַ פּסק, וועסטו אויך קריגן.

— טאַקע איך אויך — האָט זי געענטפערט—איך ציטער נישט אַזוי, ווי איר.

און זי האָט ווידער גענומען טענהן.

זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו טון און זיך געווענדט צו איר פאָטער:

— קאָנסט זי נישט איינשטילן?

דער אַלטער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אַ קנאַפּע חכמה צו רייצן איצט לאָרכען און צו דערפירן זי ביז פאַרצווייפלונג. ער האָט זיי אַ ווונק געטון, זיי זאָלן זיך באַרויקן. ס'איז געוואָרן שטיל, און נאָר לאָרכען האָט ווייטער גערעדט; דערנאָך, נישט באַקומענדיק פון קיינעם קיין ענטפער, האָט זי אויפגעהערט צו רעדן, ווי פייער אָן ברען-שטאָף. אין אַ ווײַלע אַרום האָט איר פאָטער אַ הוסט געטון און געזאָגט:

— אויב אַזוי, וואָס ווילסטו? ווילסט דאָך נישט אונז אַלעמען אומברענגען?

זי האָט פעסט געענטפערט:

— כ'וויל, איר זאָלט אים באַשיצן.

זיי האָבן אָנגעהויבן נאָכקלערן. קריסטאָף האָט זיך נישט גע-רירט פון אָרט; ער איז געזעסן שטאָלץ און אויסגעגלייכט, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט נישט; אַז די זאַך איז אים נישט נוגע. ער איז געווען גערירט פון לאָרכענס מיטלייד. לאָרכען האָט זיך גע-מאַכט, ווי זי וואָלט נישט געזען, אַז ער איז דאָ. זי האָט זיך אָנגע-שפּאַרט אָן טיש, וווּ ער איז געזעסן, און מיט אַ מאָנענדיקן בליק,

נעקוקט אויף די פֿויערן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום, רויכֿערנדיק און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. ענדלעך האָט זיך איר פֿאָטער, בײַסנדיק זײַן ליולקע, אָנגערופֿן:

— צי מיר וועלן זאָגן אָדער נישט, — אַלץ אײנס: וועט ער דאָ בלײַבן, איז זײַן ענין קלאָר. דער אונטעראָפֿיציר האָט אים דערקענט, — ער וועט אים נישט שוינען. נישטאָ פֿאַר אים קײן אַנדער עצה, ווי צו אַנטלויפֿן איבער דער גרענעץ.

ער האָט זיך מײַשב געווען, אַז סוף־כּל־סוף איז פֿאַר זײ גלײַכער, קריסטאָף זאָל אַנטלויפֿן: אַזוי אַרום וועט ער זיך אַלײן מסרן; און אַז ער וועט דאָ נישט זײַן און וועט זיך נישט קאָנען פֿאַרטײדיקן, וועט זײַן נישט שווער אַרויפֿצווואַרפֿן אויף אים די גאַנצע שולד. די אַנדערע האָבן מסכּים געווען. זײ האָבן אײנער דעם צווײטן אויסגעצײכֿנט פֿאַרשטאַנען. — איצט, ווען די זאַך איז געווען בײַ זײ אַן אָפּגעמאַכֿטע, האָבן אַלע געזען, וואָס גיכֿער פּטור צו ווערן פֿון קריסטאָפֿן. נישט שעמענדיק זיך, וואָס זײ האָבן מיט אַ ווײַלע צוריק באַצויגן זיך צו אים אַזוי גראָב, האָבן זײ זיך דערנענטערט צו אים און זיך גענומען אינטערעסירן מיט זײַן גורל.

— איר טאָרט נישט פֿאַרבלײַבן קײן אײן רגע, מײַן הער, — האָט לאָרכֿענס טאַטע געזאָגט, — זײ וועלן קומען צוריק. ס'איז נאָר אַ האַלבע שעה גאַנג צו דער פֿעסטונג. אַ האַלבע שעה צוריק... און איצט איז נאָך דאָ צײַט צו מאַכֿן פּליטה.

קריסטאָף איז אויפֿגעשטאַנען. ער האָט געהאַט אַ ישוב. ער האָט געוווסט, אַז קוים בלײַבט ער, איז ער פֿאַרלוירן אויף אײביק. אָבער אַוועקגײן פֿון דאַנען, אַוועקגײן, אײדער ער זעט זײַן מוטער?... נײן, ס'איז אוממעגלעך. ער האָט דערקלערט, אַז ער וויל פֿריער גײן אין שטאָט, אַז ער האָט צײַט צו אַנטלויפֿן בײַנאַכֿט איבער דער גרענעץ. נאָר זײ האָבן אויפֿגעהויבן אַ שרעקלעכן ליאַרם. מיט אַ ווײַלע פֿריער האָבן זײ פֿאַר אים פֿאַרשפּאַרט די טיר, ער זאָל נישט קאָנען אַנטלויפֿן; איצט האָבן זײ זיך געוואָרט קעגן פֿאַרציען די פּליטה. גײן צוריק אין שטאָט — הײסט עס, אַז ער וויל זיך איבערגעבן בידים דער מאַכֿט: אײדער ער וועט אַהין אָנקומען, וועלן זײ שוין אַלץ וויסן און מ'וועט אים אין שטוב אַרעסטירן. ער אָבער האָט זיך אײנגעעקשנט, לאָרכֿען האָט אים פֿאַרשטאַנען:

— איר ווילט זען די מאַמע? איך וועל גײן אָנשטאָט אײַך.

— ווען?

— היינט ביינאַכט.

— באמת? איר וועט עס טון?

— איך גיי אַהין.

זי האָט גענומען איר טוך און זיך איינגעוויקלט.

— שרייבט אָן עפּעס, איך וועל עס אַוועקטראָגן. קומט אַריין, כ'וועל אייך געבן טינט.

זי האָט אים געפירט אין אַ צימער, טיף אינם הויז. אויף דער שוועל האָט זי זיך געווענדט צו איר פריינד און געזאָגט:

— און דו גרייט זיך אין וועג אַריין, וועסט אונז פירן. וועסט אונז פריער נישט פאַרלאָזן, איידער דו וועסט אונז נישט זען אויף יענער זייט גרענעץ.

— גוט, גוט, — האָט יענער געענטפערט.

ער האָט זיך אויך געאײַלט, נישט ווייניקער פון אַנדערע, צו דערוויטערן וואָס גיכער קריסטאָפן — קיין פראַנקרייך און אפילו, אויב מעגלעך, נאָך ווייטער.

לאָרכען איז אַריין מיט קריסטאָפן אין צווייטן צימער. קריסטאָף האָט זיך נאָך געקווענקלט. אַ ווייטיק האָט אים געשטאָכן אין האַרצן, ווען ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז ער וועט שוין מער נישט קושן זיין מאַמע. ווען וועט ער זי ווידער זען? זי איז אַזוי אַלט, אַזוי שוואַך, אַזוי עלנט. די פרישע צרה וועט דערנענטערן איר סוף. וואָס וועט מיט איר זיין אָן אים? אָבער וואָס וועט זיין, אויב ער בלייבט, אויב ער אַנטשליכט זיך צו שטעלן זיך פאַרן געריכט און צו גיין אויף כ'וויס וויפל יאָר אין תפיסה? צי וועט זי דעמאָלט נישט זיין פאַרלוירן און איינזאַם? אויב ער וועט, לפחות, זיין פריי, כאָטש ווייט פון איר, וועט ער איר קאָנען העלפן, זי וועט קאָנען קומען צו אים.—ער האָט אָבער נישט באַוויזן פאַר זיך אַליין קלאָר צו מאַכן אָט די געדאַנקען. לאָרכען האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט; אָן אויסגעגלייכטע איז זי געשטאַנען נעבן אים און אים אָנגעקוקט; זייערע פנימער האָבן כמעט אָנגערירט איינס דאָס אַנדערע; זי האָט אַרומגענומען זיין האַלז מיט די הענט און געקושט אים אין מויל:

— שנעל, שנעל! — האָט זי שטיל געזאָגט, און געוויזן אויפן טיש.

ער האָט שוין נישט געפּרוּווט נאָכצוקלערן. ער האָט זיך געזעצט.

זי האָט אַרויסגעריסן פון אַ רעכענונג־בוך אַ בויגן פּאַפּיר אין ליניעס מיט רויטע קווער־ווירעס.

ער האָט געשריבן:

„טייערע מאַמע, זיי מוחל! איך וועל דיר גורם זיין אַסאַך עגמת־נפש. אַנדערש טון אָבער קאָן איך נישט, כ׳האָב קיין שום עוולה נישט געטון. נאָר איצט מוז איך אַנטלויפן און פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דאָס מיידל, וואָס וועט דיר ברענגען דעם דאָזיקן בריוו, וועט דיר אַלץ דערציילן. כ׳האָב דיר געוואָלט זאָגן אַ „זיי געזונט“. נאָר מ׳לאָזט נישט. זיי זאָגן, אַז מ׳וועט מיך פריער אַרעסטירן. איך בין אַזוי אומגליקלעך, אַז מיר ווילט זיך קיין זאַך נישט. איך וועל אַריבער די גרענעץ, און בלייבן נאָענט וואַרטן, ביז דו וועסט מיר שרייבן; די, וואָס וועט דיר ברענגען דעם בריוו, וועט מיר ברענגען דיין תשובה. זאָג מיר, וואָס צו טון. וואָס דו וועסט זאָגן, וועל איך טון. ווילסט, כ׳זאָל קומען אַהיים? הייס מיר קומען. איך קען נישט פאַרטראָגן דעם געדאַנק, אַז איך לאָז דיך איבער אַליין. וואָס וועסטו אָן מיר טון? זיי מיר מוחל! זיי מוחל! איך ליב דיך און קוש דיך...“

— לאָמיר זיך צואיילן, מיין הער, וואָרום מיר וועלן פאַר־שפּעטיקן, — האָט געזאָגט לאָרכענס פריינד, האַלב־עפענענדיק די טיר.

קריסטאָף האָט גיך אונטערגעשריבן דעם בריוו און אים אי־בערגעגעבן לאָרכען.

— וועסט אים אַליין איבערגעבן?

— זיכער, — האָט זי געענטפערט.

זי איז שוין גרייט געווען אַרויסצוגיין.

— מאָרגן, — האָט זי צוגעגעבן, — וועל איך אייך ברענגען די תשובה. וואַרט אויף מיר אין ליידען (די ערשטע סטאַציע אויסער דער דייטשער גרענעץ) ביים ראַנד פון וועג.

(דאָס נייגעריקע מיידל האָט איבערגעלייענט קריסטאָפס בריוו איבער זיין אַקסל, בעת ער האָט געשריבן).

— איר זאָלט מיר אַלץ דערציילן, אפילו ווי זי האָט אָנגענו־מען דאָס אומגליק, און אַלץ, וואָס זי האָט געזאָגט! איר זאָלט גאָר־נישט באַהאַלטן פון מיר! — האָט זיך קריסטאָף געבעטן.

— כ׳וועל אייך אַלץ זאָגן.

זיי זענען שוין נישט געווען פריי, צו קענען רעדן צווישן זיך;

אויף דער שוועל איז געשטאַנען און געקוקט אויף זיי דער בחור.

— און אויסערדעם, הער קריסטאָף, — האָט לאָרכען געזאָגט, — וועל איך זי אָפּט באַזוכן און איבערגעבן אייך, וואָס איך וועל וויסן. זאָרגט נישט!

זי האָט אים געדריקט די האַנט מיט אַ מענערישער פעסטקייט.

— לאָמיר גיין! — האָט דער מענטש געזאָגט.

— לאָמיר גיין! — האָט געזאָגט קריסטאָף.

זיי זענען אַלע דריי אַרויס. אין וועג האָבן זיי זיך צעשיידט. לאָרכען איז אַוועק אין איין זייט, און קריסטאָף מיט זיין פירער — אין אַ צווייטער. זיי האָבן צווישן זיך נישט גערעדט. די אויפגייענדיקע לבנה איז פאַרשווונדן געוואָרן, טונקל-פאַרהילט הינטער די וועלדער. אַ בלייך ליכט איז געלעגן איבער די פעלדער. אין די טיפן זענען געשוועומען נעפּלען, געדיכטע און ווייסע, ווי מילך. אין דער פייכטער לופט האָבן געשאָרכט די בוימער. — זיי זענען קוים געווען עטלעכע מינוט גאַנג פון דאָרף, ווען דער פויער האָט זיך פּלוצלינג איינגעקאָרטשעט און געוווּנקען צו קריסטאָפן, ער זאָל בלייבן שטיין. אויפן וועג, פאַר זיי, האָבן זיך דערנענטערט די געמאָסטענע טריט פון אַ סאָלדאַטן-אָפּטיילונג. דער פויער האָט אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט און איז אַריין אין פעלד. קריסטאָף האָט אים נאָכגעטון. זיי האָבן געהערט, ווי די זעלנער גייען אַדורך דעם וועג. דער פויער האָט אין דער פינסטער געהויבן צו זיי אַ פויסט. קריסטאָפס האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט, ווי ס'האַרץ פון אַ געפּלאָגטער חיה, בעת יאַגד-הינט יאָגן זי אָן. זיי זענען ווייטער געגאַנגען, דערווייטערנדיק זיך פון די דערפער און פון די איינזאַמע הויפן, ווו דאָס בילן פון די הינט האָט געקאָנט אויפדעקן, אַז זיי געפינען זיך אין דער געגנט. ווען זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען פון אַ באַוועלדעטע בערגל, האָבן זיי געזען אין דער ווייטנס די רויטע פלאַמען פון דער באַן-ליניע. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צו די סיגנאַל-לאַמטערנעס און באַשלאָסן צו גיין ביז דער ערשטער סטאַציע. דאָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן אַזוי גרינג. וואָס-מער זיי זענען אַראָפּ אין טאָל, אַלץ מער זענען זיי פאַרזונקען געוואָרן אין נעפּל. זיי האָבן דורכגעשפּרונגען צוויי-דריי שמאָלע טייכלעך. שפּעטער האָבן זיי זיך געפונען צווישן ברייטע גרינס-פעלדער און צעאַקערטער ערד. ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי וועלן

קיינמאָל פון דאַנען נישט אַרויס. דער פּלאַץ איז געווען באַדעקט מיט שטרויכלונגען: בערגלעך מיט גריבער — און שטענדיק האָט געדראָט אַ געפאַר אַריינצופאַלן אין זיי. ענדלעך, נאָכדעם ווי זיי האָבן, טאַפּנדיק אין דער פינסטער, געבלאָנדזעט און פייכט געוואָרן פונם נעפל, האָבן זיי פלוצלינג דערזען עטלעכע טריט פון זיך די לאַמטערנעס פון דער באַן-ליניע אויף אַ בערגל. זיי זענען אַרויף אויפן באַרג-שיפּוע. הגם ס'האָט געדראָט אַ סכנה, טאָמער פאָרט דורך אַ צוג, זענען זיי דאָך געגאַנגען לענג-אויס די באַן-רעלסן, ביז זיי זענען געבליבן שטיין אַ הונדערט מעטער פאַר דער סטאַציע און זענען צוריק אַרויף אויפן וועג. זיי זענען אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל צוואַנציק מינוט פאַרן אָפּגיין פון צוג. נישט געקוקט אויף לאָרכענס אָנזאָג, האָט דער פויער איצט פאַרלאָזן קריסטאָפן: ער האָט זיך געאיילט צו גיין אַהיים און צו זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט מיט זיין אייגענעם און פרעמדן האָב און גוטס.

קריסטאָף האָט געקויפט אַ בילעט קיין ליידען און זיך אַוועקגעזעצט אין פוסטן זאַל פון דריטן קלאַס. אַ באַאַמטער, וואָס האָט גע-דרימלט אויף דער באַנק, האָט געעפנט פאַר קריסטאָפן די טיר צום צוג. אַלע זענען געשלאָפן. אַלץ אַרום איז געשלאָפן. נאָר איין קרי-סטאָף איז נישט געשלאָפן, הגם ער איז געווען מיד. וואָס-מער די איי-זערנע רעדער האָבן אים דערנענטערט צום גרענעץ, אַלץ מער האָט קריסטאָף געפילט אין זיך דעם ברענענדיקן ווילן צו זיין אויסער דער סכנה. אין אַ שעה אַרום וועט ער זיין פריי. אָבער ביז דעמאָלט איז גענוג איין וואָרט, ער זאָל גיין אין תפיסה. תפיסה! ביי דעם געדאַנק האָט זיך זיין גאַנץ וועזן אַנטקעגנגעשטעלט: זיין געשטיקט פון אַ עקלדיקער קראַפט!... ס'האָט אים פאַרהאַקט דער אָטעם. זיין מאַמע און זיין פאָטערלאַנד, וואָס ער האָט פאַרלאָזן, זענען פאַרשוווּנדן פאַר זיין געדאַנק. אינם עגאָיזם פון זיין פרייהייט, וואָס איז געווען אין געפאַר, האָט ער געטראַכט נאָר וועגן דער דאָזיקער פרייהייט, וועגן זיין לעבן, וואָס ער האָט געוואָלט ראַטעווען פאַר יעדן פּרייז! יאָ, אפילו פאַרן פּרייז פון אַ פאַרברעכן... ער האָט זיך אַליין ביטער פאָרגעוואָרפן, וואָס ער זיצט דאָ אין צוג, אָנשטאָט צו גיין צו פוס ביזן גרענעץ. ער האָט געוואָלט איינשפּאָרן עטלעכע שעה. אַ שיינער שפּרונג; ער איז אַליין געגאַנגען צום וואָלף אין די ציין אַריין. אוודאי וואַרט מען אויף אים אויפן נאָענטן וואָקזאַל; אוודאי איז שוין אַרויס אַ באַפעל,

מ'זאָל אים אַרעסטירן... איין ווײַלע האָט ער גערעכנט אַרויסצושפּרינגען פון צוג פאַר דער סטאַנציע; ער האָט אפילו געעפנט די טיר פון וואַגאָן; אָבער פאַרשפּעטיקט: דער צוג איז שוין געשטאַנען. פינף מינוט. אַ גאַנצע אייביקייט. קריסטאָף האָט זיך איינגעקאָרטשעט אין ווינקל פון קופּע, באַהאַלטן הינטערן פאָרהאַנג, און מיט אַנגסט געקוקט אויפן באַן-וועג, וווּ ס'איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך אַ זשאַנדאַר. דער באַן-שעף איז אַרויס פון זיין ביוראָ מיט אַ טעלעגראַמע אין דער האַנט און זיך געווענדט צום זשאַנדאַר. קריסטאָף איז געווען זיכער, אַז מ'רעדט וועגן אים. ער האָט געזוכט געווער. אָבער קיין אַנדער געווער האָט ער נישט געהאַט, ווי אַ מעסערל. ער האָט עס געעפנט אין טאַש. אַ באַאַמטער מיט אַ לאַמטערן אויף דער ברוסט, איז צוגעגאַנגען צום שעף און שפּעטער געלאָפן לענג אויס דעם צוג. קריסטאָף האָט אים געזען אָנקומען. ער האָט צונויפגעדריקט אין טאַש זיין פויסט אַרום מעסער און געטראַכט:

— כ'בין פאַרלוירן!

ער איז געווען אין אַ צושטאַנד פון אַזאַ שרעקלעכער אויפרעגונג, אַז ער איז מסוגל געווען אַריינצושטעכן דאָס מעסער אין האַרצן יענעם מענטש, ווען זיין שלעכטער מזל וואָלט אים געהייסן אַריינגיין גלייך אין זיין קופּע. אָבער דער באַאַמטער איז געבליבן שטיין אין שכנותדיקן קופּע, צו זען דעם בילעט פון אַ מענטשן, וואָס איז נאָרוואָס אַריין אין וואַגאָן. דער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט. קריסטאָף האָט דערשטיקט אין זיך דאָס האַרץ-קלאַפּעניש. ער האָט זיך קיין ריר נישט געטון. ער האָט כמעט קיין מוט נישט געהאַט מודה צו זיין, אַז ער איז געראַטעוועט. ער האָט נישט געוואָלט גלויבן אין דעם, כּל-זמן ער האָט נישט די גרענעץ הינטער זיך... ס'האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. די געשטאַלטן פון די ביימער האָבן אַרויסגעטויכט פון דער נאַכט. אויפן וועג איז, ווי אַ פאַנטאַסטישער שאָטן, פאַרביי אַ פור מיט אַ געקלאַנג און אַ מיגנענדיקן לאַמטערן-אויג. מיטן פּנים צוגעדריקט צו דער שויב פון פענסטער, האָט קריסטאָף זיך אָנגעשטרענגט צו זען דעם זייל מיטן קייזערלעכן צייכן, וואָס האָט באַצייכנט די גרענעץ און דעם סוף פון זיינע אייגענע צרות. ער האָט אים אָן אויפהער געזוכט אינם אויפגייענדיקן ליכט, ווען דער צוג האָט אַ פייף געטון, אָנזאָגנדיק, אַז זיי זענען אָנגעקומען צו דער ערשטער בעלגישער סטאַנציע.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, געעפנט ברייט די טיר און געטרונ־קען די אייז־קאַלטע לופט. פריי! דאָס גאַנצע לעבן איז פאַר אים! פרייד פון לעבן! — אָבער באַלד איז אַראָפּ אויף אים, מיט איין מאָל, דער טרויער פון דעם, וואָס ער האָט געלאָזן ה־נטער זיך, און דער טרויער פון דעם, וואָס ער גייט איצט געפינען; און די מידקייט פון דער דאָזיקער איבערלעבונגען־נאַכט האָט אים צעבראָכן. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער באַנק. נאָר איין רגע איז גע־בליבן ביזן אָנקומען צו דער צווייטער סטאַציע. און ווען אַ באַן־באַ־אַמטער האָט אין אַ ווײַלע אַרום געעפנט די טיר פון וואַגאָן, האָט ער געפונען קריסטאָפן אַ שלאָפנדיקן. ער האָט אים געטרייסלט מיטן אָרעם; קריסטאָף האָט זיך אַ צעטומלטער אויפגעכאַפּט, גלויבנדיק, אַז ער איז געשלאָפן אַ גאַנצע שעה. ער איז שווער אַראָפּגעקראָכן און זיך צוגעשלעפּט צו דער צאָל־רעוויזיע; און איצט, ווען מ׳האָט אים אַרײַנגעלאָזן אין אַ פרעמד לאַנד, ווען ער האָט זיך שוין געהאַט קענען וואָס צו פאַרטיידיקן, האָט ער זיך מיט זיין גאַנצער לענג אויסגעצויגן אויף אַ באַנק אין וואַרט־זאַל און, ווי אַ שווערע מאַסע, איז ער פאַרזונקען געוואָרן אין שלאָף.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פונם שלאָף ערשט בייטאָג. לאָרכען האָט נישט געקענט קומען פריער, ווי צוויי אָדער דריי אַ זייגער. ער האָט אַרומגעשפּרייזט אַהין און צוריק איבער דער קליינער סטאַציע און געקוקט אויף די דורכפאָרנדיקע צוגן. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט גלייך צו די פעלדער. ס׳איז געווען אַן אומעטיקער רעגן־טאָג, ווען מ׳פילט שוין ווינטער. די שיין האָט אויסגעזען שלעפּעריק. נאָר דאָס קלינגנדיקע פייפעריי פון אַ מאַנעווורירנדיקן צוג האָט איבערגעריסן די שטילקייט. קריסטאָף איז געבליבן שטיין עט־לעכע טריט פון דער גרענעץ, אויף אַ פוסטן פלאַכלאַנד. פאַר אים האָט זיך געצויגן אַ גאַנץ קליין טייכל, אַ קליינער שטח פון קריס־טאָל־ריינעם וואַסער, אין וועלכן ס׳האָט זיך געשפּיגלט דער טרויערי־קער הימל. דאָס טייכל איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּלויט, און צוויי בוימער זענען געשטאַנען בײַ זיין ברעג. רעכטס — אַ הימל־

בוים, וואָס זיין הוילער שפּיץ האָט זיך געוויגט אינם פרימאָרגן־ווינט. הינטער אים איז, ווי אַ ריזיקער פּאַליפּ, געשטאַנען אַ גרויסער נוסבוים, מיט שוואַרצע, באַקעטע צווייגן. מחנות קראָען האָבן זיך איף אים שווער געוויגט. די לעצטע טרוקענע בלעטער האָבן זיך אָפּגעריסן פון די בוימער, און זענען איינע נאָך דער צווייטער אַראָפּגעפאַלן אינם טויט־רויקן טייך...

קריסטאָפן האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט עס שוין געזען: די צוויי בוימער, דעם טייך... און פלוצלינג האָט ער דורכגעלעבט איינע פון יענע שווינדלענדיקע מינוטן, וואָס טרעפן פון צייט צו צייט אין לעבן. אַ קליינער חלל אין דער צייט. דו ווייסט נאָך נישט, ווו דו ביסט, ווער דו ביסט, אין וועלכן דור דו לעבסט, וויפל דורות זענען איבער דיר דאָ אַריבער. קריסטאָף האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאס אַלץ איז שוין אַמאָל געווען, אַז דאָס, וואָס קומט איצט פאָר, קומט נישט פאָר איצט, נאָר עפּעס אין אַן אַנדער צייט, און ער איז נישט ער. ער האָט זיך דערזען פון דרויסן, פון זייער ווייט, ווי אַן אַנדער מענטש, וואָס איז דאָ שוין אַמאָל געשטאַנען. אויף אָט דעם אָרט. אַ געווימל פון אַמאָליקע זכרונות, פון פאַרשווונדענע נשמות, האָט גערוישט אין אים; זיינע אָדערן האָבן גערוישט:

— אַזוי... אַזוי... אַזוי...

איבער אים איז אַדורך דער גערויש פון דורות.

וויפל פון די קראַפטס זענען פאַר אים אויסגעשטאַנען אַזעלכע נסיונות, ווי ער האָט היינט דורכגעמאַכט, און געפּרוווט געוואָרן פון די מאַטערנישן פון זייער לעצטער שעה אין זייער פאָטער־לאַנד. זיי זענען געווען אַ וואַנדער־שטאַם, נע־ונדניקעס איבער דער וועלט צוליב זייער שטרעבונג צו פרייהייט. זיי זענען שטענדיק געווען געטריבן פון אַן אינערלעכן דעמאָן, וואָס האָט זיי קיין רו נישט געלאָזן. און דאָך זענען זיי צוגעבונדן געווען צו דער ערד, פון וועלכער זיי זענען אויסגעריסן געוואָרן, און האָבן זי נישט אויף ליב צו האָבן.

איצט איז געקומען קריסטאָפס ריי אַדורכצומאַכן די זעלבע שווערע עטאַפּן. אויפן וועג האָט ער געפונען די שפּורן פון די, וואָס זענען געווען פאַר אים. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער דורכן נעפל געזען, ווי ס׳ווערט נעלם דאָס פאָטערלאַנד, מיט וועלכן ער איז געצוווּנגען געווען זיך צו שיידן... צי האָט ער נישט געשטרעבט

מיט אַלע כּוחות צו פֿאַרלאָזן עס? — יאָ, אָבער איצט, ווען ער האָט עס באמת פֿאַרלאָזט, איז זיין הארץ פֿול געווען מיט זאָרג. נאָר אַ שטיינערן הארץ קאָן זיך אָן צער שיידן מיט זיין פֿאָטערלאַנד. צי גליקלעך, צי אומגליקלעך — דער מענטש לעבט דערמיט; עס איז געווען זיין מוטער, זיין באַגלייטערין. דאָרט איז דער מענטש גע־שלאָפֿן זיין שלאָף און אַריינגעזאַפּט דאָס לאַנד אין זיינע איבערים; דאָס פֿאָטערלאַנד באַהאַלט אין זיין שויס דעם אוצר פֿון אונזערע טרוימען, אונזער באַנק פֿאַרגאַנגען לעבן און די הייליקע ביינער פֿון די, וועלכע מיר האָבן ליב געהאַט. פֿאַר קריסטאָפֿס אויגן איז אַדורך זיין גאַנצע יוגנט, די געליבטע בילדער, וואָס ער האָט געלאָזן אויף דער ערד אָדער אין איר. זיינע יסורים זענען אים איצט געווען נישט ווייניקער טייער, ווי זיין פֿרייד. מינאַ, סאַבינאַ, אַדאַ, דער זיידע, דער פֿעטער גאָטפֿריד, דער אַלטער שולץ — אַלע זענען אויפֿ־געקומען פֿאַר זיינע אויגן אין משך פֿון עטלעכע מינוט. ער האָט זיך נישט געקאָנט שיידן מיט די טויטע (אויך אַדאַן האָט ער פֿאַר־רעכנט צו די טויטע). דער געדאַנק וועגן דער מאַמע, — דעם איינ־ציק־לעבעדיקן מענטשן פֿון די אַלע, וואָס ער האָט ליב געהאַט, וואָס ער האָט געלאָזן צווישן די דאָזיקע שאָטנס, — איז געווען פֿאַר אים אומדערטרעגלעך. ער איז ווי גרייט געווען זיך צוריקצוקערן צום גרענעץ; זיין אַנטלויפֿן האָט אים פּלוצלינג אויסגעוויזן, ווי אַ פּחדנות. ער האָט באַשלאָסן ביי זיך צו גיין צוריק, — אויב אין דער תשובה, וואָס לאָרכען וועט אים ברענגען, וועט זיין צופֿיל צער, — צוריק צו גיין פֿאַר יעדן פּרייז. און אויב ער וועט קיין שום תשובה נישט קריגן? אויב לאָרכען האָט זיך נישט איינגעגעבן צו קומען צו לואיזען אָדער צו ברענגען אים איר תשובה? ער וועט סיי־ווי־סיי זיך אומקערן, אַזוי צי אַזוי.

ער האָט זיך אומגעקערט צום וואָקזאַל. נאָך אַ לאַנגן, אומעטיקן וואַרטן איז לסוף געקומען דער צוג. קריסטאָף איז געשטאַנען אין איינער פֿון די טירן און געוואַרט אויף לאָרכענס שלאַנקער געשטאַלט; ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט האַלטן וואָרט. אָבער מ׳האָט זי נישט געזען. פֿאַרדאַגהט איז ער געלאָפֿן פֿון קופּע צו קופּע. ער האָט געטראַכט, אַז ווען זי זאָל קומען מיט דעם צוג, וואָלט זי געוויס אַרויס פֿון די ערשטע. ווען ער האָט זיך דורכגעשטופּט דורכן שטראָם רייזנדע, וואָס זענען געגאַנגען אַנטקעגן אים, האָט צוגעצויגן זיין

אויפמערקזאַמקייט אַ פּנים, וואָס איז אים אויסגעקומען באַקאַנט. דאָס איז געווען אַ דרייצן אָדער פערצניעריק מיידל, מיט דיקע בעקלעך, שלאַנק, רויט ווי אַן עפּל, מיט אַ ברייטער נאָז, אַ גרויס מויל און אַ דיקן צאָפּ, וואָס האָט אַרומגענומען איר קאָפּ. ווען ער האָט זי שטאַרק אָנגעקוקט, האָט ער באַמערקט, אַז אין האַנט האַלט זי אַ רענצל, וואָס איז ענלעך צו זיינעם. זי האָט אים אויך באַטראַכט פון דער זייט, און זעענדיק, אַז ער קוקט אויף איר, האָט זי געמאַכט עטלעכע שפּרייזן פאָרויס און געבליבן שטיין פאַר אים, ווי צוגעשמידט צום אָרט. געקוקט אים אין פּנים אַריין מיט אַ פּאָר קליינע מייזל־אויגן און נישט גערעדט קיין וואָרט. קריסטאָף האָט זי דערקענט: זי איז געווען די פּאַסטושקע פון לאָרכענס הויף. ער האָט אַ ווונק געטון אויף זיין רענצל און געזאָגט:

— ס׳איז מיינס, ניין?

די קליינע האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און געענטפערט איינפאַך:

— פריער דאַרף איך וויסן, פון וואַנען איר קומט?

— פון בויר.

— און ווער שיקט עס אייך...

— לאָרכען. אָבער קום אַהער, ווייז.

דאָס מיידל האָט אים דערלאַנגט זיין רענצל.

— נאַט אייך!

און זי האָט צוגעגעבן:

— כ׳האָב אייך באַלד דערקענט.

— טאָ וואָס־זשע האָסטו געוואַרט?

— כ׳האָב געוואַרט, איר זאָלט מיר זאָגן, אַז איר זענט עס.

— און לאָרכען? — האָט קריסטאָף געפרעגט. — פאַרוואָס איז זי נישט געקומען?

ס׳מיידל האָט נישט געענטפערט. קריסטאָף האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ צווישן דעם עולם איז זי פאָרזיכטיק מיט אַ וואָרט. זיי האָבן געמוזט פריער דורכגיין דורך דער צאָל־רעוויזיע. ווען ס׳האָט זיך געענדיקט, האָט קריסטאָף אַוועקגעפירט דאָס מיידל אין צווישן עק פון וואָקזאַל.

— פּאָליציי איז געקומען, — האָט דערציילט דאָס פּויערן־מיידל, וואָס איז איצט גראָד שטאַרק געווען באַרעדעוודיק. — זיי זענען

אַריין כמעט באַלד נאָך אייער אַוועקגיין. זיי זענען אַריין אין די שטיבער, נאָכגעפאָרשט, אַרעסטירט דעם גרויסן סאַמי און קריסטינע און דעם פּאָטער קאַספּאַר, אויך מעלאַניען מיט גערטרודען, כאָטש זיי האָבן געשריגן, אַז זיי האָבן גאָרנישט געטון; און זיי האָבן געוויינט. גערטרודע האָט געדראַפּעט מיט די נעגל די זשאַנדאַרמען. אומזיסט האָט מען זיי געזאָגט, אַז אַלץ האָט איר געטון.

— וואָס הייסט — איך? — האָט קריסטאָף אויסגערופן.

— אַוודאי, — האָט די קליינע רויק געענטפערט, — וואָס אַרט עס אייך? איר זענט דאָך שוין אָפּגעפאָרן. דערנאָך האָבן זיי אייך אומעטום געזוכט און צעשיקט מענטשן אין אַלע זייטן.

— און לאָרכען?

— לאָרכען איז דאָרט נישט געווען. זי איז געקומען שפּעטער, פון שטאָט.

— האָט זי געזען מיין מאַמע?

— יאָ, אָט איז דער בריוו. זי האָט געוואָלט קומען אַליין, נאָר מ'האָט זי אויך אַרעסטירט.

— טאָ ווי־זשע האָסטו געקאָנט קומען?

— ס'איז געווען אַזוי: זי איז געקומען אין דאָרף, נישט באַמערקט פון דער פּאָליציי, זי איז שוין גרייט געווען צו גיין ווייטער; נאָר אירמאַ, גערטרודעס שוועסטער, האָט אָנגעוויזן אויף איר. דעמאָלט איז מען געקומען זי נעמען. ווען זי האָט געזען, אַז עס גייען די זשאַנדאַרמען, איז זי אַרויף צו זיך אין צימער און אַראָפּגעשריגן צו זיי, אַז זי גייט באַלד אַראָפּ, ווייל זי טוט זיך אָן. איך בין צופעליק געווען אונטן, אין גאָרטן. זי האָט מיך שטיל אַ רוף געטון דורכן פענסטער: „לידיאַ! לידיאַ!" איך בין צוגעגאַנגען. האָט זי מיר איבערגעגעבן דאָס רענצל מיטן בריוו פון אייער מאַמען און מיר געגעבן צו פאַרשטיין, ווו כ'וועל אייך געפינען; זי האָט מיר געהייסן לויפן און נישט לאָזן זיך כאַפּן. בין איך געלאָפן — און אָט בין איך.

— מער האָט זי גאָרנישט געזאָגט?

— יאָ. זי האָט געהייסן אייך איבערגעבן אָט דאָס טיכל, אַלס סימן, אַז זי האָט מיך געשיקט.

קריסטאָף האָט באַלד דערקענט דאָס ווייסע טיכל מיט די רויטע פלעקן און געשטיקטע בלומען, וואָס לאָרכען האָט אָנגעטון אויפן

קאָפּ, בעת זיי האָבן זיך צעשיידט. ער האָט קיין שמייכל נישט גע־טון אויפן נאַיוון, נישט־באַקלערטן אויסרייד, מיט וועלכן זי האָט זיך באַנוצט צו שיקן אים דעם דאָזיקן ליבע־אָנדענק.

— און איצט, — האָט די קליינע געזאָגט, — אָט איז אַ צווייטער צוג, וואָס גייט צוריק. איך מוז פאָרן אַהיים. אַדיע!

— וואַרט, — האָט קריסטאָף געזאָגט, — און פון וואַנען האָסטו גענומען געלט צו פאָרן?

— לאָרכען האָט מיר געגעבן.

— פונדעסטוועגן נעם, — האָט קריסטאָף געזאָגט, אַריינשטעקנדיק איר אין האַנט עטלעכע מטבעות.

ער האָט אָנגעכאַפּט דאָס אַנטלויפנדיקע מיידל פאַרן האַנט און געזאָגט:

— און אויסער דעם...

ער האָט זיך איינגעבויגן און זי אַ קוש געטון אין ביידע בעקלעך. דאָס מיידל האָט זיך געמאַכט, ווי זי וואָלט פּראָטעסטירט.

— ווער זיך נישט, — האָט קריסטאָף געזאָגט אין שפּאַס, — ס'איז נישט פאַר דיר.

— יאָ, איך ווייס, — האָט דאָס מיידל געענטפערט, — ס'איז פאַר לאָרכען.

(נישט נאָר לאָרכען האָט קריסטאָף איצט אַ קוש געטון אין די קיילעכדיקע באַקן פון דער קליינער פּאַסטושקע: גאַנץ דייטשלאַנד האָט ער געקושט).

די קליינע האָט זיך אַרויסגעדרייט און איז אַוועקגעלאָפן צום אַפּפאָרנדיקן צוג. זי איז געבליבן שטיין בײַם פענסטער און געפאָכעט צו אים מיט איר טיכעלע, ביז זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט באַגלייט מיט די אויגן די קליינע שליחטע, וואָס האָט אים צום לעצטן מאָל געבראַכט דעם אָטעם פון זיין לאַנד און פון זיינע געליבטע מענטשן.

ווען זי איז פאַרשוואונדן, האָט ער זיך דערפילט איינזאַם און זייער עלנט, אַ פרעמדער אויף דער פרעמדער ערד. אין האַנט האָט ער געהאַלטן דער מאַמעס בריוו און דאָס טיכל, וואָס האָט געאָטעמט מיט ליבע. ער האָט עס, ווי אַ קמיע געדריקט צום האַרצן און געוואָלט עפענען דעם בריוו. נאָר זיין האַנט האָט געציטערט. וואָס וועט ער איבערלייענען? וואָסערע יסורים וועט ער

אין אים געפינען?... ניין, ער וועט נישט איבערטראָגן די ווײַ-
טיקלעכע טענות, וואָס האָבן שוין געקלונגען אין זיינע אויערן; ער
וועט פאָרן צוריק.

לסוף האָט ער געעפנט דעם בריוו און איבערגעלייענט:

„מיין אָרעם קינד, פּייניק זיך נישט וועגן מיר, איך וועל זיין
מוטיק. גאָט האָט מיך געשטראָפט. כ'האָב נישט געדאַרפט זיין קיין
עגאָיסטין און נישט פאַרהאַלטן דיך דאָ. פאָר קיין פּאַריז. אפשר
איז עס בעסער פאַר דיר. זאָרג נישט וועגן מיר. איך וועל זיך אַן
עצה געבן. דער עיקר, דו זאָלסט זיין גליקלעך. איך קוש דיך, דיין
מאַמע

שרייב מיר, אויב דו וועסט קאָנען".

קריסטאָף האָט זיך געזעצט אויף זייז רענצל און ביטער גע-
וויינט.

דער באַן-באַדינער האָט גערופן די רייזנדע, וואָס פאָרן קיין
פּאַריז. דער שווערער צוג איז צוגעקומען מיט אַ טומל. קריסטאָף האָט
אויסגעווישט די טרערן, זיך אויפגעהויבן און געזאָגט צו זיך:

— אַזוי מוז עס זיין!

ער האָט געקוקט צום הימל, אין יענער זייט, ווו עס געפינט
זיך פּאַריז. דער הימל, וואָס איז אומעטום געווען טונקל, איז דאָרט
געווען נאָך טונקעלער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ גענעצדיקער שוואַר-
צער תהום. קריסטאָפן האָט אַ דריק געטון אין האַרצן; נאָר ער האָט
איבערגעחזרט:

— אַזוי מוז עס זיין!

ער איז אַריין אין צוג און, אָנגעשפּאַרט אָן פענסטער, ווייטער
געקוקט צום דראָענדיקן האָריזאָנט:

— אָ, פּאַריז! — האָט ער געטראַכט, — פּאַריז! קום מיר צו
הילף! ראַטעווע מיך! ראַטעווע מיינע געדאַנקען!

טונקעלער און געדיכטער איז געוואָרן דער נעפּל. הינטער קרי-
סטאָפן, איבערן לאַנד, וואָס ער האָט פאַרלאָזט, האָט אַ קליין שטיקל

העל-בלויער הימל, גרויס ווי צוויי אויגן — ווי סאַביִנעס אויגן — געשמייכלט טרויעריק אינמיטן דעם שווערן וואָלקן־שלייער און אויסגעגאַנגען. דער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט. ס'האָט זיך געלאָזט גיין אַ רעגן. ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט.